# פֿ. וואַלד

# אַרגענטינע

## פון מיינע רייזעס





ביי דער

„געזעלשאַפֿט פֿאַר יידיש-וועלטלעכע שולן אין אַרגענטינע"

בוענאָס-איירעס

1966


הונדערט פופציק יאָר פון אַרגענטינער אומאָפּהענגיקייט

# אינהאַלט פון ערשטן באַנד:


זייט

וואָרט וועגן „אַרגענטינע" — 5
ויטאָביאָגראַפישע דאַטן — 7

I

## די שטאָט בוענאָס איירעס

י שפּאַניש-קאָלאָניאַלע שטאָט — 13
י שטאָט פון דער מאַי-רעוואָלוציע — 17

II

## פּראָווינץ בוענאָס איירעס

אַ פּלאַטאַ — 39
שיווילקאָי — 44
אַרלאָס קאַסאַרעס (קאָלאָניע מאַורי-ציאָ) — 48
ישאַסקאַמוס - דאָלאָרעס — 54
טאַנדיל — 61
באַלקאַרסע — 75
מאַר דעל פּלאַטאַ — 80
באַהיאַ בלאַנקאַ — 95
אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל — 103
קאַרהוע - עפּעקועו — 109
ריוועראַ — 122
ביי די ברעגן פון אַטלאַנטיק — 136
מאַר דע אַבאָ — 139
מאַדאַריאַגאָ — 144
נעקאָטשעאַ — 149
די צויבער פון די זומערטעג — 157

III

## ע נ ט ר ע ר י אָ ס

פּאַנאַראַמע — 169
לוקאַס גאַנזאַלעס — 175
אין די יידישע קאָלאָניעס — 177
פּאַראַנאַ — 181

IV

## א ו י פ ן פּ א ר א נ א

1943 — 189
פּאַסאַזשירן — 193
רואיקייט — 198
פּאַרטן — 203
אין וואַלד — 208
חיות — 212
טאַקוואַראַ — 217

V

## ק אָ ר י ע נ ט ע ס

זשאַפּעזשו — 225
אין דער הויכער שטאָט — 231
יידן — 237

## ר ו י ט ע ע ר ד

פּאָסאַדאַס — 247
ביי די רואינען — 260
גוואַראַניער — 265
יעזואיטן — 269
זשערבע-מאַטע — 274
דער מענסו — 278

VI

## ס אַ נ ט אַ פּ ע

פּראָווינץ און הויפּטשטאָט — 285
מאָזעסוויל און אומגעגנט — 291
מאָנטעפּיאָרע — 298
עספּעראַנסאַ — 301
ראָזאַריע — 304

VII

## ק אָ ר ד אָ ב אַ

פון רעטירא ביז לאַ פּאַלדאַ — 309
אין דער שטאָט פון די געלערנטע — 322
פון זונאויפגאַנג ביז זונאונטערגאַנג — 328
אַ סאַנאַטאָריע פון אַ קראַנקער וועלט — 332
טייכן און טאָלן — 337
צווישן פּאַן דע אַסוקאַר און אורי-טאַרקאָ — 346
אויף די בערג — 356
מאַר טשיקיטאַ — 366
מיט אַרגענטינער יידן אין לאַס קאָקאָס — 373

# אַ וואָרט וועגן בוך: „אַרגענטינע"

דאָס בוך אויפן נאָמען: „אַרגענטינע", באַשטייט פון 3 בענד. איצט איז דערשינען דער ערשטער. די אַנדערע וועלן נאָכקומען. עס איז אַ זאַמלונג פון שריפטן, וואָס זענען געשריבן געוואָרן אין פאַרלויף פון 60 יאָר, זינט דער שרייבער פון דעם בוך געפינט זיך דאָ אין אַרגענטינע.

עס זענען רייזע-באַשרייבונגען פון דעם גרויסן לאַנד אַרגענטינע. זיי זענען געשריבן געאָגראַפיש, דעמאָגראַפיש, געשיכטלעך, פאָלקס-טימלעך, שילדעריש און אונטער די איינדרוקן פון לעבן.

אין דעם אַלגעמיינעם, וואָס באַשטייט פון די אייגנאַרטיקייטן, געפינט זיך דאָס יידישע זיין דאָ אין אַרגענטינע, דאָס צעזייט און צעשפּרייט זיין איבער דער גאַנצער רעפּובליק און דאָס פאַרוואָרצלט ווערן און אויסגעוואַקסן.

דאָס יידישע געפינט זיך אין דעם געמיינזאַמען לעבן פון אַרגענ-טינע, וואָס איז דאָס דרומדיקסטע לאַנד פון דרום-אַמעריקע, לאַטיין-אַמעריקע — אַ טייל פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט און פון מערב-העמיספער פון דער וועלט.

אַרגענטינע איז, טראָץ געוואַלדיקע, אָבער נאָר מאָמענטאַלע קענגזאַצן, אַמעריקאַניסטיש-דעמאָקראַטיש און פרייהייטלעך. דאָס אַרגענטינע לאָזט זיך זען אין דעם בוך.

עס גייט אַריין די שטאָט בוענאָס איירעס, וואו עס האָט זיך, גע-שיכטלעך, אָנגעהויבן אַרגענטינע און איז דער קאָפּ און דאָס האַרץ פון דער רעפּובליק; עס גייען אַריין די אויטאָנאָמישע פּראָווינצן פון דער פעדעראַלער רעפּובליק, וואָס זענען ווי פאַראייניקטע שטאַטן און עס ווערן באַשריבן שטעט און שטעטלעך פון יעדער פּראָווינץ; פעל-

דער און וועלדער, טייכן און ימים, בערג און טאָלן, וואו איך בין געווען, געזען, געהערט און זיך אינספּירירט.

אַרגענטינע איז אַ באַשטאַנד־טייל פון דער נייער וועלט, וואָס האַלט זיך אין שאַפן. מיט איר טעריטאָריאַלער גרויס; פאַרשידנקייט פון אירע נאַטור־פאַרמעגנס; איר קלימאַט־פאַרשידנקייט; איר באַפעל־קערן זיך אין גייסט פון פּראָגרעסיווע אידעאָלאָגיעס — איז אַרגענ־טינע אַן אַקטיווע מיטשאַפערן פון דער נייער וועלט, אין וועמענס שעפערישקייט מיר יידן זענען באַטייליקט מיט אונדזערע אייגנאַרטן, וואָס זענען הומאַניש און מיט אונדזערע פעאיקייטן מיטצואַרבעטן פאַר אַ ניי, פריי און פרידלעך לעבן.

1966 — פּ. וואַלד

# פ. וואַלד

(אויטאָביאָגראַפיע)

צו מיינע 80 יאָר לעבן
און 60 יאָר זיין אין לאַנד.

איך בין געבוירן געוואָרן דעם 15טן יולי פון 1886, אין טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק — דעמאָלט: רוסיש־פּוילן — אונטער דעם צאַרישן רעזשים, מיט רעכטלאָזיקייט מער פאַר יידן ווי פאַר אַנדערע.

מיין ערשטע רייזע איז געווען אין יאָר 1898 קיין בעלכאַטאָוו, פּיאָטערקאָווער גובערניע, פּוילן, אויף דער לער פאַר אַ בלעכער.

אין 1899 געפאָרן קיין לאָדזש — אַ פאַבריק־שטאָט מיט אַ גרויסער יידישער באַפעלקערונג, מיט אַן אייגן יידיש לעבן.

באַלד אין ערשטן יאָר זיך אַריינגעקראָגן אין דער געהיימער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון „בונד”. אין לאָדזש: אחדות.

אין יוני 1905, נאָך אַ באַריקאַדן־קאַמף, געוואָרן אַרעסטירט, דעפּאָרטירט קיין טאָמאַשאָוו, וואו מיטגעאַרבעט אין אַ איניציאַטיוו פאַר דער אָרטיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

אין אויגוסט האָב איך געמאַכט אַ געהיימע רייזע קיין אויסלאַנד. איך בין געפאָרן קיין ווין, עסטרייך.

אין אָקטאָבער, אין ווין, אויף גרויסע סאָציאַליסטישע עפנטלעכע מאַניפעסטאַציעס מיטגעפייערט דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד.

8 חדשים געלעבט אין ווין. זיך באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־באַוועגונג. געגרינדעט אַ יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע אויפן נאָמען פון „פערדינאַנד לאַסאַל”.

סוף אַפּריל 1906 אויסגעוואַנדערט, מיט דער הילף פון דער „איזראַע־ליטישער אַליאַנץ", קיין אַרגענטינע.

געקומען אין בוענאָס איירעס סוף מערץ פון 1906. דאָ געפין איך זיך היינט אין מערץ פון 1966 און שרייב די דאָזיקע ביאָגראַפישע דאַטעם מיינע.

די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, וואָס איך האָב אָנגעהויבן צו בר־מצווה דאָרט אויף דער אַנדערער זייט אָקעאַן, האָב איך פאָרגעזעצט דאָ אין אַרגענטינע פון ערשטן טאָג זיין אין לאַנד.

איך האָב זיך צוגעשטעלט צו די פּיאָנערן און שאַפער פון יידישן געזעלשאַפטלעכן קולטורעלן זיין.

אין יאַנואַר פון 1907 בין איך געווען פון די גרינדער פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע „אַוואַנגאַרד". אין גייסט — אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע.

איך בין געווען אין דער יידישער קולטורעלער, סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג אין אַלע אירע צייטן.

אין 1919 איז מיר אויסגעקומען צו זיין דער העלד פון דער „טראַגישער וואָך", וואָס איך באַשרייב אין מיין בוך „קאָשמאַר". עס איז געקומען צום אויסדרוק די מורא און דער טעראָר פון דער רעאַקציע פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אין דעם יאָרצענדליק צווישן 1920 און 1930 בין איך געווען אַ פאָרגייער, אָרגאַניזאַטאָר און טוער אין פאַרלויף פון די ערשטע און שווערסטע יאָרן פון אַ יידיש־וועלטלעכער קולטור־באַוועגונג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, בעת די פּאָליטישע און סאָציאַלע איבערקערענישן אין דער אַלטער וועלט און נאָך דער סאָציאַל־פּאָליטישער טראַגעדיע אין אַרגענטינע. עס איז אויפגעקומען דער יידיש־וועלטלעכער שולוועזן, די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע שרייבער; עס האָבן אָנגעהויבן צו דערשיינען יידישע ביכער; עס איז געגרינדעט געוואָרן דער יידיש־וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, וואָס האָט געפירט זיין ספּעציעלע טעטיקייט, איינשליסלעך אַ קאָנגרעס וועגן יידישן אויסלייג.

אָרגאַניזאַציעס זענען אויפגעקומען, אונטערגעגאַנגען און ווידער אויפגעקומען מיט די אייגענע נעמען, אָדער אַנדערע, מיט דער אייגענער טאַקטיק אָדער אַן אַנדערער, אָבער שטענדיק מיט די גרונט־אידעען און אידעאַלן פאַר אַ שענער און בעסער לעבן. איך האָב זיך געפונען און געפין זיך אין די דאָזיקע כוואַליעס פון לעבן.

מיינע שולן זענען דאָס לעבן. אין זיי האָב איך אויך געלערנט שרייבן. מיין ערשטע שריפט איז געווען אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן יידישן זיין אין אַרגענטינע. זי האָט זיך געדרוקט אין 1907 אין זשורנאַל „דער צייטגייסט", וואָס איז דערשינען אין ניו־יאָרק, אַרויסגעגעבן פון „פאָרווערטס" און וואָס איז איבערגעדרוקט געוואָרן פון דער יידישער צייטונג „דער פריינד", וואָס איז דערשינען אין ווארשע.

איך האָב געשריבן אין זשורנאַל „דער אוואַנגאַרד", וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין בוענאָס איירעס אין אויגוסט 1908. אין „די פּרעסע", וועלכע האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין יאַנואַר 1918, שרייב איך שוין 48 יאָר. עס האָבן זיך געדרוקט מיינע שריפטן אין דער גרויסער צאָל יידישע זשורנאַלן, צייטשריפטן, זאַמלביכער, יאָרביכער, יובילײ־אויסגאַבן און אַנדערע, וואָס זענען דאָ אין אַרגענטינע דערשינען אין פאַרלויף פון מיינע 60 יאָר לעבן אין לאַנד און זיי האָבן זיך אויך געדרוקט אין יידישע אויסגאַבעס אין אַנדערע לענדער, ווי אין דער „פאָלקסצייטונג" אין ווארשע ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה און אין „אונזער צייט" אין ניו־יאָרק, וואָס פייערט היינט, אין 1966, זיינע 25 יאָר עקזיסטענץ.

רעדאַקטער און מיטרעדאַקטער בין איך געווען פון „אוואַנגאַרד", „אונזער וואָרט", „די פּרעסע", „סאָציאַליסטישע בלעטער", „אַרגענטינער לעבן".

אין 1936 איז — אָרגאַניזירט פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד — געפייערט געוואָרן מיינע 50 יאָר לעבן — פון זיי 35 יאָר אין דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין 1961 איז — אָרגאַניזירט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז די פאָרזעצונג פון סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד — געפייערט געוואָרן מיינע 75 יאָר לעבן און 60 יאָר פון זיי אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

און אין 1963 האָט דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט פון דער קהילה אין בוענאָס איירעס — צום 65סטן אַניווערסאַר פון יידישן געדרוקטן וואָרט אין אַרגענטינע — דורכגעפירט אַ פייערלעכן אַקט און מיך אָנערקענט און באַערט ווי איינעם פון די וועטעראַנער. (יוסף מענדלסאָן און לעאָן קיבריק זענען די אַנדערע צוויי).

אין 1929 האָט דער יידישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פאַראיין אַרויסגעגעבן מיין בוך: „בלעטלעך". דאָס איז געווען אין צוזאַמענהאַנג מיטן פייערן אויף גאָר אַ ברייטן אופן דעם 20־יאָריקן יובילײ פון געדרוקטן

יידישן וואָרט אין אַרגענטינע בראש מיט דריי „עלצטע": פּ. כ״ץ, י. העלפּמאַן און פּ. וואַלד.

„בלעטלעך" איז געווען מיין ערשטער בוך. איצט האַלט עס ביים 6טן.

אין מיין לעבן פאַרנעמען מיינע רייזעס אַ גרויסן אָרט, אָדער אין די רייזעס געפינט זיך אויך מיין לעבן.

אין פאַרלויף פון מיינע 60 יאָר דאָ־זיין אין לאַנד פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, האָב איך אַ סך געררייזט. איך האָב אויסגערייזט אַרגענטינע אין דער לענג און אין דער ברייט. פון אַטלאַנטיק און מיסיאָנעס ביז סאַלטאַ און די אַנדן און פון לאַ קיאַקאַ אויפן וויטן צפון ביז אושהואַיאַ אין טיערא דעל פועגאָ אויפן ווייטן דרום — אין „עק־וועלט".

הימל און ערד, נאַטור און מענטש, לעבן אין ליידן און אין פריידן, וואָס איך האָב געזען און מיטגעלעבט אין דעם גרויסן לאַנד און — ווי אַזוי איך האָב דאָס געזען און איבערגעלעבט — גייט אַריין אין דעם בוך „אַרגענטינע".

# די שטאָט בוענאָס־איירעס

## אין אירע שפּאַניש - קאָלאָניאַלע
## און אין אירע אַרגענטינישע צייטן

# די שפּאַניש־קאָלאָניאַלע שטאָט

טאָג און נאַכט האָט זיך געשניטן אין די כוואַליעס פון אַטלאַנטישן אָקעאַן די גרויסע דייטשע „קאַפּ"־שיף: „קאַפּ ווערדע", וואָס איז געגאַנגען צווישן הימל און וואַסער 21 מעת־לעת, פון האַמבורג ביז בוענאָס־איירעס און געפירט מער עמיגראַנטן וויפל איינוואוינער עס זענען אַמאָל געווען אין בוענאָס־איירעס — אין די ערשטע פון אירע שפּאַניש־קאָלאָניאַלע יאָרן.

די מענטשן אויף דער „קאַפּ ווערדע" זענען איינגעטיילט געווען אין צוויי קלאַסן: עמיגראַנטן־קלאַס און פּאַסאַזשירן־קלאַס.

דער „פּאַסאַזשירן"־קלאַס איז באַשטאַנען פון דער קליינער צאָל מענטשן, וואָס זענען געפאָרן מיט גרויסע באַקוועמלעכקייטן אין 1טן און אין 2טן שיף־קלאַס. און דער „עמיגראַנטן"־קלאַס איז באַשטאַנען פון דער גרויסער מאַסע מענטשן, וואָס זענען אומבאַקוועם געפאָרן אין 3טן שיף־קלאַס און אין „צווישן־דעק".

די עמיגראַנטן זענען געווען פון פאַרשידענע לענדער, פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן. יידן זענען געווען די מערהייט ביז שפּאַניע, וואו עס זענען אַרויף אויף דער שיף אַ מאַסע שפּאַנישע עמיגראַנטן און דאָס שפּעטערע צו־זאַמענלעבן אין אַרגענטינע פון יידן מיט שפּאַניער, מיט איטאַליענער און מיט מענטשן פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער שיף.

די יידישע עמיגראַנטן זענען געווען פון רוסלאַנד; פון דעם צאַרישן רוסלאַנד אָן פרייהייט, אָן רעכטן און צום גרויסן טייל — אָן ברויט, צו וועלכן עס האָט געהערט פּוילן, ליטע, לעטלאַנד, אוקראַינע און בעסאַראַביע, פון וואַנען מען איז אַוועק איבער עקאָנאָמישע און פּאָליטישע סיבות; אַוועק אויס נויט און פאַרפאָלגונגען און געוואַנדערט אין דעם ווייטן לאַנד פון דרום־אַמעריקע, וואָס מען האָט נישט געקענט — צו זוכן אַ בעסער לעבן דורך ערלעכער מי, קענטשאַפט און אַרבעט.

דער שרייבער פון די שורות איז געווען איינער פון יענע יידישע עמי־גראַנטן פון דעם „קאַפּ ווערדע" — די שיף, וואָס איז אַריין אין פּאָרט פון בוענאָס־איירעס אין מערץ פון 1906.

אזוי זענען טאָג־טעגלעך געגאַנגען הונדערטער שיפן איבער די ימים

און אָקעאַנען, וואָס האָבן געפירט די עמיגראַציע־שטראָמען פון אייראָפּע קיין אַמעריקע.

„אַמעריקע", האָט מען געמיינט די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון־אַמעריקע, און ביי אַ סך איז אַמעריקע געווען נאָר ניו־יאָרק. אָבער אַמעריקע, וואָס פאַרנעמט אַ האַלבע וועלט, דעם גאַנצן מערב־העמיספער, פון צפון־פּאָל ביזן דרום־פּאָל — באַשטייט פון 21 אומאָפּהענגיקע לענדער (חוץ אָפּ־הענגיקע), צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך אַרגענטינע. זי געפינט זיך אויפן דרום־עק פון אַמעריקע און פון דער וועלט און גרייכט אַהין, וואו עס גיסן זיך צונויפן די צוויי אָקעאַנען, דער אַטלאַנטיק און דער פּאַציפיק, אַרום טיעראַ דעל פועגאָ און נאָך ווייטער, גייט אַריין אין דער ווייטקייט דער אַנטאַרטיק און דער דרום־פּאָל.

בוענאָס־איירעס — די פּאָרט־שטאָט, וואָס איז אויך די הויפּטשטאָט און די פעדעראַלע שטאָט פון אַרגענטינע — האָט זיך געפונען, וואו זי גע־פינט זיך פון אירע ערשטע יאָרן אָן כמעט אויף אַ מיטלפּונקט פונעם לאַנגן אַרגענטינער מזרח־ברעג, ביים גרויסן טייך „ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ", וואָס גייט אַריין אין דרום־אַטלאַנטיק ביים פּאַראַלעל 40 אין דער ברייט און האָט געדרן אויפגענומען די אימיגראַנטן פון „קאַפּ ווערדע", וואָס זענען אַוועק פון זייע־רע אַלטע היימלענדער און געקומען אין אַרגענטינע — אַלצאַיינס צי זיי האָבן געהערט, אָדער נישט געהערט דעם אַרגענטינער רוף „צו אַלע פרייע פון דער וועלט, וואָס ווילן קומען זיך באַזעצן אין דעם לאַנד", וואָס האָט זיך געוואָלט באַפעלקערן.

***

אַרגענטינע, ווי אַ באַשטאַנדטייל פון אַמעריקע, האָט צו דערציילן פון צוויי לעבנס־פּעריאָדן: דער ערשטער איז געווען דער שפּאַניש־קאָלאָניאַלער, וואָס האָט געלעבט 400 יאָרן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דער אַנט־דעקונג פון אַמעריקע דורך דער שפּאַניש־קאָלומביאַנישער עקספּעדיציע אין 1492 און וואָס האָט זיך געענדיקט ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַר־גענטיניש־אומאָפּהענגיקע לעבן דורך דער באַפרייערישער מאַי־רעוואָלוציע אין 1810 און וואָס האַלט אָן טעריטאָריאַל נישט געענדערט (אין יאַנואַר פון 1964), ווען די שורות ווערן געשריבן.

צו רעאַליזירן די אַנטדעקונג פון אַמעריקע דורך זי פאַרנעמען, זי אָקו־פּירן, עקספּלואַטירן, אָדער אימפּעריאַליזירן און קאָלאָניאַליזירן — האָט שפּאַניע געשיקט באַוואָפנטע און מיליטערישע עקספּעדיציעס אין דער אַנט־דעקטער נייער וועלט. די עקספּעדיציעס — אויף זעגלשיפן — האָבן געהאַט אַ לאַנגן און שווערן וועג אויפן צעכוואַליעטן אַטלאַנטיק אין דער ריכטונג

צום דרום, און אַזאַ רייזע, פון שפּאַניע ביז אַרגענטינע, האָט געדויערט 4 חדשים.

איינע פון די ערשטע עקספּעדיציעס צום דרום פון אַמעריקע איז געווען די אָנגעפירטע פון כואַן דיאַז דע סאָליס. זי איז אומגעקומען אויף די ברעגעס פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ אין 1515 פון די אוראייינוואוינער — די אינדיאַנער.

עס זענען געקומען די ווייטערע עקספּעדיציעס און עקספּלאָראַציעס פון מאַגאַזשאַנעס, גאַבאָטאָ און עס איז אויסגעפאַלן דער גורל אויף דער עקספּעדיציע פון פּעדראָ דע מענדאָזאַ צום ערשטן מאָל צו גרינדן די שטאָט בוענאָס-איירעס. אין 1535 איז דאָס געווען.

צום ערשטן מאָל, ווייל זי איז אין 1580 געגרינדעט געוואָרן אַ צווייט מאָל פון כואַן דע גאַראַי. די „שטאָט" פון פּעדראָ דע מענדאָזאַ, וואָס איז אייגנטלעך באַשטאַנען אין אַ מיליטערישן לאַגער (אין לאַ באָקאַ), האָט געהאַט צו פירן אַ שווערן קאַמף מיט די אורמענטשן, די אינדיאַנער, אין משך פון 40 יאָר, ביז זי האָט אויפגעהערט צו זיין.

די צווייטע גרינדונג פון בוענאָס-איירעס (אויף דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך איצט, אין 1964, דער פּאַרקע לעזאַמאַ) איז געווען די דעפיניטיווע, און אויב זי איז אין איר לעבן נישט שטענדיק געווען די הויפּטשטאָט (קאַפּיטאַל פעדעראַל), איז זי שטענדיק געווען די פּאָרטשטאָט; די שטאָט פון אַרבעט, פון קאַמף און אינטעליגענץ; דאָס האַרץ און דער קאָפּ פון לאַנד.

אַרגענטינע, וואָס איז נאָר געווען אַ טייל פון די אַמעריקאַנישע לענדער, וועלכע זענען פאַרנומען געוואָרן פון דער גרויסער אייראָפּעאישער, אימפּעריאַליסטישער און מיליטאַריסטישער שפּאַניע — איז געווען אָן אָפּהענגיקע, רעכטלאָזע שפּאַנישע קאָלאָניע אונטערוואָרפן דער שפּאַניש-מעטראָפּאָלישער, מאָנאַרכיסטישער, פעאָדאַלער, מיטלאַלטערלעך-קירכלעכער און אינקוויזיטאָרישער הערשאַפט — אַזוי ביז דער היסטאָרישער רעוואָלוציע אין אַרגענטינע, וועלכע איז פאָרגעקומען אין מאַי 1810.

***

בוענאָס-איירעס איז צום צווייטן מאָל געגרינדעט געוואָרן אויפן שטח, וואָס איז צווישן לאַ פּלאַטאַ-טייך און די גאַסן סאַלטאַ-ליבערטאַד און צווישן לעזאַמאַ-פּאַרק און רעטיראָ; אַ שטח פון 1440 העקטאַר, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפונען נישט מער ווי 66 איינוואוינער. די פעלדער זענען אַריין אין דער שטאָט נאָך אַ פּאָר הונדערט שפּאַניש-קאָלאָניאַלע יאָרן נאָך דער גרינדונג.

אין דער קאָלאָניאַלער צייט איז די איינוואַנדערונג געווען פאַרבאָטן. די

באפעלקערונג האט זיך פארמירט פון דריי „ריינע״ ראסן: ווייסע (שפא־ניער), טונקל־ברוינע (אינדיאנער) און שווארצע (נעגער).

די ווייסע זענען געקומען פון שפאניע, די אינדיאנער זענען געווען די אוראיינוואוינער פון לאנד און די שווארצע האט מען אימפארטירט, ווי א לעבעדיקע סחורה, פון אפריקע — ווי שקלאפן.

אין צוזאמענהאנג מיט דער דאזיקער באפעלקערונג איז אויפגעקומען דער „קריאזשע״־עלעמענט, וועלכער איז באשטאנען פון די אין ארגענטינע געבוירענע ביי איינגעוואנדערטע עלטערן. זיי זענען אויך געווען ווייסע, אבער דאך נישט גלייכבארעכטיקטע. דאס האט זיי אידעאליזירט פאר אן אנדערע פאליטישע און סאציאלע ארדענונג.

און עס איז געווען דער אויסגעוואקסענער „קריאזשע״־עלעמענט (אויס־געוואקסן און רייף געווארן נומעריש, גייסטיק) דער עלעמענט, וועלכער האט דורכגעפירט די ארגענטינער היסטארישע רעוואלו־ציע אין מאי 1810, וואס האט געשאפן דאס אומאפהענגיקע, פרייע און דע־מאקראטישע ארגענטינע און האט פארענדיקט דא מיטן שפאנישן קאלא־ניאליזם.

***

אין דער קאלאניאלער שטאט בוענאס־איירעס איז די באפעלקערונג זייער לאנגזאם געוואקסן. אין 22 יאר, פון 1580, ווען די שטאט איז צום צווייטן מאל געגרינדעט געווארן ביי א באפעלקערונג פון 66 איינוואוינער, ביז 1602, ווען עס איז געמאכט געווארן א ציילונג, איז די איינוואוינער־שאפט אויסגעוואקסן צו 500. לויט נאך א ציילונג אין 1774, ד״ה אין פאר־לויף פון נאך 172 יאר, איז די איינוואוינערשאפט פון בוענאס־איירעס אויס־געוואקסן צו דער צאל פון 22.000. און לויט א רעגיסטראציע אין 1801, ד״ה נאך 27 יאר זינט 1774, איז די באפעלקערונג אויסגעוואקסן צו דער צאל פון 40.000 איינוואוינער.

די באפרייערישע רעוואלוציע איז שוין געווען אין גאנג. עס האבן זיך געהערט אירע טריט — דאס האט באלעבט די דא אויסגעוואקסענע באפעל־קערונג, וואס האט זיך פראגרעסיוו פארמערט.

בוענאס־איירעס איז אבער נאך אלץ געווען געווארן ווי א „גרויסער דארף״ ביז אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יארהונדערט, ווען די שטאט, וואס האט זיך כסדר אויסגעברייטערט, פארגרעסערט, שטאטישער געווארן און דאס באפעלקערן זיך פון דער שטאט איז מיט שוואונג אריין אין טראנס פון גרויס ווערן.

# די שטאָט פון דער מאַי־רעוואָלוציע

אַ שטאַרקן שטויס צו דער גרויסשטאָטישקייט פון בוענאָס־איירעס האָט איר געגעבן די באַפרייערישע מאַי־רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין איר, דורך דער רעוואָלוציאָנערער אַקציע אין דעם קאַבילדאָ (שטאָט־ראַט) ביי דער פּלאַסע „מאַזשאָ", וואָס האָט געהייסן „פּלאַסאַ מאַזשאָר" און איז געבליבן איר פּערמאַנענטער צענטער. אָבער עס האָט געדויערט העכער אַ האַלבן יאָרהונדערט באַוואָפנטער קאַמף, ביז דאָס רעוואָלוציאָנערע אַר־גענטינע איז געקומען צו זיך.

צען יאָר האָט געדויערט דער קאַמף מיטן אימפּעריאַליסטישן שפּאַניע, וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געוואָלט אויפגעבן איר קאָלאָניאַלן אַמע־ריקע און האָט מיט איר גאַנצער דעסטרוקטיווער מיליטערישער קראַפט גע־פירט אַ מלחמה מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַרגענטינע — אַזוי ווי זי האָט עס געטאָן אין די אַנדערע טיילן פונעם זיך־באַפרייענדיקן אַמעריקע. און ווען די דאָזיקע מלחמה האָט זיך געענדיקט מיטן זיג פון די באַפרייטע און אומ־אָפּהענגיק־געוואָרענע לענדער, איז אויסגעבראָכן דער בירגער־קריג אין אַר־גענטינע און עס האָט פאַרכאַפּט די מאַכט די טעראָריסטישע דיקטאַטור פון ראָסאַס, וועלכע האָט אָנגעהאַלטן 20 יאָר. און ערשט דאַן ווען דאָס לאַנד האָט זיך באַפרייט פון דער דיקטאַטור און האָט זיך קאָנסטיטוציאָנעל אָר־גאַניזירט, סטאַביליזירט, קאָנסאָלידירט און געעפנט די טירן פאַר דער איינ־וואַנדערונג פון אַלע פרייע מענטשן פון דער גאַנצער וועלט, וואָס ווילן קו־מען זיך באַזעצן אין לאַנד, עס באַפעלקערן, עס אידעאַליזירן און טאָן נוצ־לעכע אַרבעט.

דאָס איז געשען אין סוף פון די 1860ער יאָרן, מער־ווייניקער מיט הונ־דערט יאָר צוריק, ווען די באַפעלקערונג אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס איז אויסגעוואַקסן — לויט אַ פאָלקסציילונג פון 1869 — צו דער צאָל פון 177.000 איינוואוינער און זיך אויסגעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט אויף 4.000 העקטאַר.

וואָס מער די שטאָט האָט זיך באַפעלקערט, אַלץ מער און גיכער איז געוואַקסן איר באַפעלקערונג, און אַלץ מער האָט זי זיך אויסגעשפּרייט, אַזוי

אז אין 1895 האט זי שוין געציילט, לויט א פאלקסציילונג, 667.000 איינוואוינער און האט זיך אויסגעשפרייט אויף א שטח פון 19.000 העקטאר.

לויט שפעטערע פאלקסציילונגען האט זיך די באפעלקערונג פון דער שטאט בוענאס־איירעס אין 1914 געציילט 1.576.000 איינוואוינער; אין 1947 איז שוין די איינוואוינערשאפט אויסגעוואקסן צו דער צאל פון 2 מיליאן מיט 982 טויזנט און דערגרייכט צו דער צאל 3.141.000 (דריי מיליאן הונדערט איין און פערציק טויזנט) אין 1962 און פארנעמט א שטח פון צוויי הונדערט קוואדראט קילאמעטער.

***

אין דער העכער דריי־מיליאנעדיקער בוענאס־איירעסער באפעלקערונג, צווישן וועלכער עס זאלן לעבן 300.000 יידן — ווי מען רעכנט (קיין באזונדערע יידישע סטאטיסטיק איז דערווייל נישטא און אין דער אלגעמיינער זענען יידן נישט אנערקענט ווי א נאציאנאלע גרופע און ווערן אויסגעמישט מיט אנדערע נאציאנאליטעטן) — געפינען זיך ביי א מיליאן 600 טויזנט פרויען און ביי א מיליאן 400 טויזנט מענער. (דער אונטערשייד איז ווארשיינלעך ביי יידן דער זעלביקער, אויב נישט א ביסל א גרעסערער). עס ווערט אויך אנגעוויזן (לויט א צענז אין 1960), אז אין דער באפעלקערונג פון דער שטאט בוענאס־איירעס געפינען זיך ביי די 670.000 אויסלענדער.

## ארגענטינער און אויסלענדער

אויסלענדער, וואס מיינט: נישט דא געבוירענע, נאר איינגעוואנדערטע, אימיגראנטן, איז דא נישט קיין מינדערוויכטיקייט. אויב אין דער גאנצער באפעלקערונג פון בוענאס־איירעס איז אויך דא א פיזיאנאמיש ארגענטינישער טיפ, זעט ער זיך כמעט נישט ארויס פון דער אייראפעאישער געשטאלט פון דער בוענאס־איירעסער באפעלקערונג, וואס שטאמט פון אויסלענדער.

פארמעל, אפיציעל און פאקטיש זענען די דא־געבוירענע אין ארגענטינע — ארגענטינער, נישט קיין אויסלענדער, אבער די דא אין בוענאס־איירעס — ווי אין גאנץ ארגענטינע — געבוירענע, זענען דאך די קינדער פון אויסלענדער, אדער איינגעוואנדערטע, אימיגראנטן. און די קינדער זענען אויך די קינדער פון קינדער, וואס זענען די קינדער פון איינגעוואנדערטע — אזוי ביז אין די דורות אריין און זינט דעם אנהייב פון די קאלאניאלע צייטן. עס זענען דאך די גרינדער פון בוענאס־איירעס אין 16טן יארהונדערט, מענדאסא און גאראי, אויך געווען אויסלענדער — שפאניער.

א יאָרבוך: „עסטאַדיסטיקאַ אַרכענטינאַ" האָט אין 1930 פּובליקירט אַ סך טאַבעלעס און צווישן זיי אויך וועגן איינוואַנדערונג און אויסוואַנדערונג. לויט די ידיעות און דאַטעס, וואָס נעמען זיך פון פאַלקסציילונגען, קאַלקולאַציעס אויף זייער באַזיס אאַז"וו, האָבן אין יאָר 1857 איינגעוואַנדערט 4951 אימיגראַנטן און קיין אויסוואַנדערונג איז נישט געווען, אַזוי יאָר־איין, יאָר־אויס ביז 1870, ווען די אַלע וואַקסנדיקע איינוואַנדערונג האָט דערגרייכט צו דער צאָל פון 39.967 (אין דעם יאָר). אין יאָר 1871 איז געפאַלן די איינוואַנדערונג צו דער צאָל פון 21 טויזנט און ביי די 11 טויזנט האָבן אויסגעוואַנדערט. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אַ ירידה אין דער איינוואַנדערונג און צום ערשטן מאָל אין דעם איינוואַנדערונגס־לאַנד — אַן אויסוואַנדערונג.

די דערשיינונג ווערט דערקלערט מיט אַן עפּידעמיע פון געלן פיבער. אָבער מער ווי דער פיבער, וואָס איז אַ פאַרבייגייענדיקע זאַך, דאַרף מען אוודאי זען די עמיגראַציע, וואָס האָט אָנגענומען אַ פּערמאַנענטן כאַראַקטער. דאָס איז געווען אַ יאָר־יערלעכע שפּאַנישע עמיגראַציע, פון דער אַזוי גערופענער „שוואַלבן"־אימיגראַציע, וואָס האָט זיך גענומען פון אַ ספּעציעלער שפּאַנישער זומער־אימיגראַציע צו דער פעלדאַרבעט, אַראָפּצונעמען די גערעטעניש פון די פעלדער, און אַזוי — באַלד ווי די אַרבעט איז געוואָרן פאַרענדיקט —נאָך עטלעכע חדשים אינטענסיווער אַרבעט— זענען די ספּעציעלע „שוואַלבן"־אימיגראַנטן צוריקגעפאָרן קיין שפּאַניע. (די שיף־רייזע פון אַרגענטינע קיין שפּאַניע האָט געקאָסט אַ 3־4 צענדליק אַרגענטינער פּאַפּיר־פּעזאָס).

אָבער די איינוואַנדערונג איז קאָנסטאַנט געוואַקסן. זי דערגרייכט אין יאָר 1889 (גראָד ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די יידישע מאַסן־איינוואַנדערונג אין אַרגענטינע) צו דער צאָל פון 261 טויזנט. אין דעם אייגענעם יאָר האָבן עמיגרירט ביי די 47 טויזנט פּערזאָן, אַזוי אַז צווישן דער איינוואַנדערונג און אויסוואַנדערונג אין דעם איינעם יאָר האָבן זיך אין לאַנד אָפּגעשטעלט העכער 220 טויזנט פּערזאָן.

עס וואַקסט די איינוואַנדערונג פון יאָר צו יאָר מיט אירע פּאָזיטיווע פאַקטאָרן און דערגרייכט אין 1913 צו דער צאָל פון 365 טויזנט. עס אַקצענטירט זיך די דאָזיקע איינוואַנדערונג אין יאָר 1905 מיט אַן איינוואַנדערונג פון 222 טויזנט פּערזאָן;

| | |
|---|---|
| 1906 — — — — — — — — | 202 טויזנט |
| 1907 — — — — — — — — | 258 " |
| 1908 — — — — — — — — | 303 " |
| 1909 — — — — — — — — | 278 " |

| | | |
|---|---|---|
| 1910 | — — — — — — — | 345 טויזנט |
| 1911 | — — — — — — — | 283 " |
| 1912 | — — — — — — — | 379 " |
| 1913 | — — — — — — — | 365 " |

דאָס זענען יאָרן פון די גרויסע יידישע וואַנדערונגען און ספּעציעלע יידישע אויסוואַנדערונגען פון צאַרישן רוסלאַנד, פון פּוילן, ליטע, לעטלאַנד, ווייסרוסלאַנד, אוקראַינע, בעסאַראַביע און בכלל פון די אונטערוואָרפענע לענדער אין דער רוסישער אימפּעריע, וואו יידן האָבן געלעבט אין געטאָ, אין רעכטלאָזיקייט, אין פאַרפאָלגונג און אונטער פּאָגראָמען. ס'איז אויך געגאַנגען אין יענע יאָרן אַ יידישע מאַסן־אויסוואַנדערונג פון רומעניע און פון עסטרייכישן גאַליציע.

אין 1914, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך רעדוצירט די איינוואַנדערונג צו אַן אַכטל און ווי קליין עס איז געווען די אויסוואַנדערונג, האָט זי איבערגעשטיגן די איינוואַנדערונג. אַזוי, למשל, איז די איינוואַנדערונג (פון נייטראַלע לענדער; קיין יידישע איז כמעט נישט געווען) אין מלחמה־יאָר 1917 באַשטאַנען פון 52 טויזנט פּערזאָן, בעת די אויסוואַנדערונג איז אין זעלביקן יאָר באַשטאַנען פון 84 טויזנט מיט אַ נע־גאַטיוון פאַקטאָר פון העכער 32 טויזנט פּערזאָן.

נאָך דער מלחמה, ווען די איינוואַנדערונג האָט זיך ווידער באַנייט, האָט זי אָנגעהויבן מיט 115 טויזנט אין יאָר 1920 און דערגרייכט צו 437 טויזנט אין 1929.

די איינוואַנדערונג האָט אָנגעהאַלטן ביי באַשווערונגען און שטערונגען (איבער די פּאָליטישע און סאָציאַלע רעוואָלוציעס אין אייראָפּע) ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין 1939.

פון 1939 ביז 1945 איז דורך דער מלחמה אין גאַנצן אָפּגעשטעלט גע־וואָרן די מיגראַציע. זי האָט זיך נאָך דער מלחמה באַנייט, אָבער שטאַרק רעדוצירט, און וואָס שייך יידישע איינוואַנדערונג אין אַרגענטינע, האָט זי כמעט אויפגעהערט צו זיין.

ווי לאַנג עס איז געגאַנגען די איינוואַנדערונג אין לאַנד, איז זי געגאַנ־גען דורך דער פּאָרטשטאָט בוענאָס־איירעס, וואו עס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַלע, וועלכע זענען באַלד נישט געפאָרן צו קרובים אָדער אויף באַשטימטע ערטער אין אינערן פון לאַנד.

בוענאָס־איירעס האָט זיך אַזוי פון אָנהייב אָן באַפעלקערט פון אויס־לענדער, צאָלרייך באַהערשט פון אייראָפּעער, זייערע קינדער דאָ געבוירענע און די קינדער פון זייערע קינדער און זיי האָבן געבויט און אַנטוויקלט די

שטאָט אין זייער גייסט, אויף זייער אופן און אין זייער געשטאַלט. איז בוע־נאָס־איירעס דעריבער געבויט געוואָרן, געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט אין אַן אויסלענדישער געשטאַלט, אין דער געשטאַלט פון אַן אייראָפּעאישער שטאָט.

ווי עס איז שוין דאָ באַמערקט געוואָרן, הייסן נאַטירלעך אַרגענטינער די אַלע וואָס ווערן אין אַרגענטינע געבוירן, אָבער די אַרגענטינער, באַזונדערס די בוענאָס־איירעסער, שטאַמען פון אויסלענדער און האָבנדיק אין זין דעם דאָזיקן היסטאָרישן דעמאָגראַפישן פאַקט, איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן דעם צוזאַמענשטעל פון דער בוענאָס־איירעסער באַפעלקערונג מיט 70 יאָר צוריק, אָדער גענויער: אין 1895, ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ מוני־ציפּאַלע פאָלקסציילונג אין בוענאָס־איירעס.

די גאַנצע באַפעלקערונג, וואָס איז באַשטאַנען פון 664 טויזנט איינ־וואוינער, האָט זיך געטיילט אויף 345 טויזנט אויסלענדער און 318 טויזנט אַרגענטינער, ד"ה אַז חוץ דעם וואָס די אַרגענטינער געבוירענע זענען קינ־דער פון אויסלענדער, זענען די אויסלענדישע אויסלענדער געווען די מערהייט פון דער בוענאָס־איירעסער באַפעלקערונג.

פון וועמען זענען געווען די אויסלענדער? זיי האָבן זיך געטיילט לויט נאַציאָנאַלע גרופּירונגען. אַ נאַציע איז נאָך געווען אַ מלוכה. לויט אַ צייי־לונג אין 1904 האָבן זיך אין יענעם יאָר אין בוענאָס־איירעס געפונען 951 טויזנט איינוואוינער. זיי האָבן זיך געטיילט אויף 523 טויזנט אַרגענטינער און 428 טויזנט אויסלענדער. די אויסלענדער האָבן זיך געטיילט אויף:

| | | |
|---|---|---|
| איטאַליענער — — — — — — | 229 | טויזנט |
| שפּאַניער — — — — — — | 105 | " |
| פראַנצויזן — — — — — — | 29 | " |
| „אָריענטאַלער" — — — — — | 29 | " |
| ענגלענדער — — — — — — | 5.400 | |
| דייטשן — — — — — — — | 5.169 | |
| „רוסן" — — — — — — — | 3.208 | |
| עסטרייכער — — — — — — | 3.385 | |
| שווייצאַריער — — — — — | 2.578 | |
| בעלגיער — — — — — — | 1.456 | |
| בראַזיליענער — — — — — | 2.767 | |
| פּאַראַגווייער — — — — — | 1.306 | |

עס איז געווען אין די יאָרן פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, קישי־נעווער פּאָגראָם, ווילנער טעראָר, און ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסנ־

האפטע יידישע אויסוואנדערונג פון רוסלאנד. אמת, אז די אויסוואנדערונג איז געגאנגען קיין פאראייניקטע שטאטן פון צפון־אמעריקע און קאנאדע, אבער טיילווייז איז זי אויך געגאנגען אין אנדערע לענדער און איז אויך געגאנגען קיין ארגענטינע.

צי זענען אויך געווען אייניקע רוסישע רוסן צווישן די „רוסן", וואס ווערן אנגערופן אין דעם געבראכטן צעטל אויסלענדער אין בוענאס־איירעס? קאן זיין. אבער אז די דאזיקע „רוסן" מיינען יידן, איז אן יעדן ספק. דאס נישט זען קיין יידן ווען מען קוקט מיט מלוכהשע אויגן, שטערט דאך נישט דאס יידישע זיין — פאקטיש, ווירקלעך און ווירקנדיק און עס זענען אוודאי אויך געווען יידן, אפשר נישט קיין סך, אבער געווען אין די אלע דערמאנטע נאציאנאלע גרופירונגען.

דאס באפעלקערן זיך פון בוענאס־איירעס וואקסט קאנסטאנט און פראגרעסיוו דורך דעם געבורט פון קינדער פון אויסלענדישע עלטערן, וואס ווערן אין דער ווירקלעכקייט ארגענטינער דורך זייער לעבן אין ארגענטינע און דורך זייער איינלעבן זיך אין דעם לאנד, וואס איז זייער נייע היים, און וואקסט אין דער אייגענער צייט דורך דער אנהאלטנדיקער איינוואנדערונג.

דער וועגעטאטיווער וואוקס, דער וואוקס דורך געבורט, וועלכער האט זיך אנגעהויבן אין די ערשטע יארן פון די שפאניש־קאלאניאלע צייטן, האט געמאכט אז דער קוואנטיטאטיווער וואוקס פון די ארגענטינער האט שוין אנגעהויבן איבערצושטייגן דעם קוואנטום פון די אויסלענדער אין בוענאס־איירעס (און אין גאנצן לאנד) אין דערמאנטן יאר 1904. דער איבערשטייג פון ארגענטינער (צוגערעכנט די נאטוראליזירטע) קומט צום אויסדרוק פון א בוענאס־איירעסער מוניציפאלער ציילונג אין 1909, ווען עס שטעלט זיך ארויס, אז די גאנצע באפעלקערונג פון שטאט ציילט שוין א מיליאן 231 טויזנט 668 איינוואוינער, פון וועלכע 670 טויזנט זענען ארגענטינער און 544 טויזנט זענען אויסלענדער.

צווישן די אויסלענדער, ווי צווישן די ארגענטינער איז לויט דעם מלוכהשן באגריף נישטא קיין יידן, די „רוסן", וואס זענען אין דער ציילונג די איינגעוואנדערטע פון דער רוסישער מלוכה, אדער געבוירענע אין רוסלאנד און וואס זענען אייגנטלעך יידן, זענען געשטיגן צו דער צאל 13.714.

עס גייט ווייטער אן פראגרעסיוו דער מערוואוקס פון די ארגענטינער. אין 1914, ווען ס'איז אויסגעבראכן די ערשטע וועלט־מלחמה, וואס האט אויף 6 יאר כמעט אפגעשטעלט די איינוואנדערונג און וואס האט אויך ווייטער איבערגעהאקט די פרייע, די געשיצטע און די געשטיצטע איינוואנדערונג אין לאנד; אין 1914, ווען ס'איז דורכגעפירט געווארן די 3טע אלגעמיינע פאלקסציילונג, האט זיך ארויסגעשטעלט, אז די שטאט בוענאס־איי־

דעם האָט שוין דערגרייכט צו אַ באַפעלקערונג פון אַ מיליאָן 575 טויזנט 800 איינוואוינער, וואָס פון זיי זענען 798.000 אַרגענטינער און 778.000 אויסלענדער.

צווישן די אויסלענדער האָבן די איטאַליענער פאַרנומען דעם 1טן פּלאַץ; דעם 2טן פּלאַץ האָבן פאַרנומען די שפּאַניער און דעם 3טן פּלאַץ האָבן פאַרנומען די „רוסן״. זייער צאָל האָט זיך דערהויבן צו 29.000.

אָבער האָבנדיק אין זין, אַז „רוסן״ אין דעם פאַל מיינט יידן און אַז יידן געפינען זיך אויך צווישן די אויסלענדער פון דרייצן פאַרשידענע נאַציאָנאַלע גרופּעס, וואָס זענען דאָן אָנגעגעבן געוואָרן אין די צענזן־רעזולטאַטן, אָדער לענדער פון וואַנען די אויסלענדער זענען געקומען, דערלויבט דאָס צו רעכענען אויף אַ גרעסערער צאָל יידן צווישן די אויסלענדער, חוץ די יידן צווישן די אַרגענטינער.

צווישן דער ערשטער וועלט־מלחמה און דער צווייטער איז ווידער געגאַנגען אַן אַלגעמיינע איינוואַנדערונג, אַ באַשווערטע, אַ באַגרענעצטע און אַ געשטערטע, אָבער עס איז געגאַנגען אַן איינוואַנדערונג, אין איר אויך אַ יידישע.

די איינוואַנדערונג אין לאַנד, וואָס איז געגאַנגען דורך דער פּאָרט־שטאָט בוענאָס־איירעס און וואָס האָט זיך דאָ כמעט אָפּגעשטעלט, האָט זיך געוויזן דורך די ווייטערדיקע דאַטן און ציפערן:

| אין יאָר | איינגעוואַנדערט | אויסגעוואַנדערט | געבליבן |
|---|---|---|---|
| 1920 | 115.302 | 80.268 | 35.034 |
| 1921 | 122.367 | 62.900 | 59.467 |
| 1922 | 161.009 | 72.759 | 88.250 |
| 1923 | 232.501 | 76.520 | 153.981 |
| 1924 | 191.169 | 75.562 | 115.067 |
| 1925 | 209.873 | 131.668 | 115.205 |
| 1926 | 337.710 | 247.248 | 90.462 |
| 1927 | 388.863 | 276.989 | 111.878 |
| 1928 | 374.764 | 288.582 | 86.182 |
| 1929 | 437.455 | 348.234 | 89.221 |

די צווייטע וועלט־מלחמה האָט ווידער אָפּגעשטעלט די איינוואַנדערונג און וואָס איז שייך דער יידישער איינוואַנדערונג, האָט זי אַזוי ווי אויפגעהערט צו זיין אויך נאָך דער מלחמה. אויב עס זאָל אַזוי אָנהאַלטן (ביי די געשאַפענע באַדינגונגען, איז נישט צו דערוואַרטן קיין יידישע איינוואַנדע־

רונג) וועט מען די יידן אין אַרגענטינע אין דער נאָענטער צוקונפט געפינען נאָר צווישן די אַרגענטינער.

לויט דער פאָלקסציילונג פון 1960, האָט זיך די גאַנצע באַפעלקערונג אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס געציילט אין 2 מיליאָן 299 טויזנט 148 אַרגענטינער און 667 טויזנט 668 אויסלענדער.

די אַזוי רעדוצירטע אויסלענדערשאַפט באַשטייט פון מענטשן, וועלכע לעבן אין אַרגענטינע מער יאָרן וויפל זיי האָבן געלעבט אין זייערע געבורט־לענדער. אַ סך, אויב נישט די גרעסטע טייל פון די „אויסלענדער", באַזונדערס יידן, לעבן אין אַרגענטינע פון 40 ביז 60 יאָר; זיי זענען עלטערן און אורעלטערן פון אַרגענטינער. זיי האָבן זיך דאָ איינגעלעבט, זיך פאַרוואָרצלט אין אַרגענטינע, זיך צעוואַקסן, אויסגעוואַקסן און זיך פאַרצווייגט; זיי האָבן דאָ פּראָדוצירט, דאָ קאָנסומירט, ציוויליזירט, קולטיווירט, באַפעלקערט, אינדוסטריאַליזירט און מיטגעשאַפן דאָס היינטיקע אַרגענטינע — איז וואָס זענען זיי אין דערווירקלעכקייט מער: אויסלענדער צי אַרגענטינער?

און אַזוי, האָט שוין די באַפעלקערונג אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס זיך געציילט אין דעצעמבער 1961 אין 3.090.000 און אין דעצעמבער 1962 אין 3.141.000, רעכענענדיק אַז אין יאַנואַר 1964, ווען די שורות ווערן געשריבן, האָט שוין בוענאָס־איירעס דערגרייכט צו אַ באַפעלקערונג פון 3 מיליאָן מיט 200 טויזנט, צווישן וועלכע די „אויסלענדער", אויך וויפל זיי זענען נאָך דאָ אין דעם לאַנד פון איינוואַנדערונג, זענען זיי אין זייער אַ באַגרענעצטער צאָל.

אין אינערן פון לאַנד איז די אויסלענדערלאָזיקייט נאָך מער אָנזעעוודיקער.

אַזוי ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי יידלט זיך. די יידישע באַפעלקערונג איז פּראָפּאָרציאָנעל מיטגעוואַקסן מיט דער גויאישער, זי האָט זיך אַרגענטיניזירט און מיט אירע דריי הונדערט טויזנט נפשות, אָדער מער, פאַרנעמט זי איר אָרט אין דער העכער דריי־מיליאָנעדיקער באַפעלקערונג פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס.

איך שרייב „שטאָט בוענאָס־איירעס", מחמת דער עקזיסטענץ פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס. עס פאַרבינדט זיי דאָס לאַנד, די פעדעראַטיווע רעפּובליק און אַזוי ווייטער, אָבער די שטאָט בוענאָס־איירעס געהערט נישט צו דער פּראָווינץ מיטן אייגענעם נאָמען, איז אויך נישט איר הויפּטשטאָט, — דאָס איז לאַ פּלאַטאַ. בוענאָס־איירעס איז די הויפּטשטאָט פון לאַנד, די פעדעראַל־שטאָט, די „קאַפּיטאַל פעדעראַל", ווי זי הייסט אָפיציעל, איז פּאָליטיש אַ „נאַציאָנאַלע טעריטאָריע" מיט אייגענע דעפּוטאַטן און סענאַטאָרן אין נאַציאָנאַלן פּאַרלאַמענט; מיט אַן אייגענער אַדמיניסטראַציע און אַן איי־

גענער שטאַט־רעגירונג. זי איז מיט איר גרויסן פאַרמעגן די קאַמונע פון אי־רע מיליאַנען איינוואוינער און איז דער קאָפּ און דאָס האַרץ פון דער רע־פּובליק דורך דער קאַנצענטראַציע אין איר פון אַרבעט און קאַפּיטאַל; פון דערציאונג און פון בילדונג; פון עקאָנאָמיע און פון פּאָליטיק; פון קונסט און פון וויסנשאַפט; פון לעבן און פון שטערבן און פון אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט געפיל און געדאַנק.

***

וואָס ס'איז שייך פרויען און מענער, האָט די שטאָט בוענאָס־איירעס מער פרויען ווי מענער. לויט דער ציילונג אין 1960, איז די באַפעלקערונג פון שטאָט אין יענעם יאָר באַשטאַנען פון 1.571.003 פרויען און 1.395.813 מענער. פריער, ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די באַפעלקערונג איז געווען אַ קליינע אין גרויס, אומבאַגרענעצט און פריי איז געווען די איינ־וואַנדערונג, איז געווען פאַרקערט: מער, און אַ סך מער מענער ווי פרויען.

די פרויען, ווי פרויען, זענען געווען רעכטלאָז, נישט פריי און אומצו־טרויַלעך. אַן אויסנאַם איז געווען אין די קרייזן פון פאָרגעשריטענע אידעען און פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז געווען ברייט פאַרשפּרייט דער אָפענער מאַרק פון פּראָסטיטוציע און פרויען־האַנדל, וואָס איז געפירט און עקספּלואַטירט געוואָרן קאַפּיטאַליסטיש, אָרגאַניזירט מיט פאַרצווייגטע אונ־טערנעמונגען אין לאַנד און אויף דער וועלט.

אין לויף פון יאָרן איז געשען די גרויסע ענדערונג: די פרוי האָט פאַר־נומען איר אָרט ביי דער אַרבעט אין דער אינדוסטריע, אין דער קאָמערץ, אין דער ביוראָ, אין דער דערציאונג, בילדונג, אינטעלעקטועלע פּראָפעסיעס; זי האָט זיך אָנגעהויבן צו באַטייליקן אין דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג און איז דורך איינוואַנדערונג און אָרטיקן געבורט קוואַנטיטאַטיוו אויסגעוואַקסן און אַריבערגעוואַקסן דעם קוואַנטום פון די מענער. פאָלגלעך האָט זי דער־גרייכט גלייכע בירגער־רעכט, דאָס רעכט צו וויילן און געוויילט צו ווערן און באַווייזט אויף דעם געביט בירגערישע דיסציפּלין, אינטערעס און אַקטי־וויטעט. עס באַטייליקן זיך אין וואַלן מער פרויען ווי מענער און פרויען פירן די וואַלטישן אויסגעצייכנט.

***

אין 1906, ווען דער שרייבער פון די שורות איז ווי אַן עמיגראַנט אָנ־געקומען אין בוענאָס־איירעס, איז די שטאָט זינט איר ערשטער גרינדונג פון פּעדראָ דע מענדאָסאַ, אַלט געווען 370 יאָר. זי איז שוין געווען אַ וועלט־שטאָט, די שטאָט בוענאָס־איירעס. זי האָט שוין געהאַט די טענדענץ, דורך

איר פילפּאַכן און אַלזייטיקן פּאַרנעם, צו ווערן די גרעסטע פון די גרויסע שטעט פון לאַטיין־אַמעריקע.

בוענאָס־איירעס האָט שוין געהאַט מיט זיך פאָרגעשטעלט די וועלט. אירע איינוואוינער, וואָס — אויפן פּאַפּיר מער ווי אין לעבן — האָבן זיך געטיילט אין „אַרגענטינער" און „אויסלענדער", פריער מער אויסלענדער, דערנאָך מער אַרגענטינער, זענען געווען פון דער גאַנצער וועלט: פון די פאַרשידנסטע לענדער און קאָנטינענטן; פון די פאַרשידנסטע נאַציעס און ראַסן; פון די פאַרשידנסטע קולטורן און קולטן מיט אַ גערייד פון די פאַרשידנסטע שפּראַכן; מיט אַ לעבן פון פאַרשידענע אייגנאַרטן, געוואוינ־הייטן, טראַדיציעס; מיט אַ געמיש און אַ צוזאַמענלעבן אויף די פאַרשידע־נע געביטן פון לעבן, ווי דאָס איז אייגנאַרטיק און כאַראַקטעריסטיש אין דער אַמעריקאַנער שטאָט; אין דער שטאָט פון דער נייער וועלט, וואָס פאָר־מירט זיך און שאַפט זיך פון דער איינוואַנדערונג פון מענטשן פון אַלע נאַ־ציעס, פון אַלע ראַסן, טרעגער און פאַרמעגער פון אַלע פאַרשיידנסטע קול־טורן און טראַדיציעס; מענטשן וואָס זענען געקומען און קומען פון אַלע לענ־דער, פון אַלע קאָנטינענטן און קומען זיך דאָ — אין דער אַמעריקאַנער שטאָט — צוזאַמען.

דער פרייער געמיש און דער גוטוויליקער צוזאַמענלעבן איז נישט קיין אומבּרענגערישער. קיינער זוכט נישט אומצוברענגען דעם צווייטן. דאָס וואָלט גאָר נישט געווען קיין געמיש און אוודאי נישט קיין צוזאַמענלעבן. פון אַ געמיש פון ווייס מיט שוואַרץ, קומט אַרויס אַ דריטע קאָליר — אַ טונקעלע, אין וועלכער עס געפינען זיך בײדע קאָלירן. און נישט אַלץ מישט זיך. און וואָס ס׳איז שייך צוזאַמענלעבן, קענען נאָר צוזאַמענלעבן צוויי אָדער מער אייגנאַרטיקע מענטשן, אָדער נאַציאָנאַל־עטנישע גרופּעס פון מענטשן. קעגנאיבער די באַדינגונגען פון צוזאַמענלעבן אין דער נייער וועלט, אין דער אַמעריקאַנער שטאָט — אין בוענאָס־איירעס, שטעלט זיך אַרויס דאָס זיין, די עקזיסטענץ פון דער אייגנאַרט און דער אינטערעס און דער ווילן די אייגנאַרטיקייט אָפּצוהיטן, זי קולטיווירן, באַפעסטיקן, אַנטוויקלען; זי פאַרטיידיקן און באַשיצן.

די לאַנדשפּראַך (אין אונדזער פאַל: שפּאַניש) איז די זאַך פון אַלעמען; די אָבליגירטע פאָלקשול פאַר קינדער, ווי די נישט אָבליגירטע, אָבער מלו־כהשע מיטלשול, הויכשול און ספּעציעלע בילדונג, איז אויך פון אַלעמען, אָבער עס ווערט נישט געשטערט אויף אייגענעם חשבון אָפּצוהיטן די אייגע־נע שפּראַך, אייגענע שול, אייגענע פּרעסע, אייגענע פּובליקאַציע — אייגענע קולטור און אַלע אַנדערע ווערטיקע אייגנאַרטיקייטן.

***

אין 1906 האָט מען נאָך געזען שוואַרצע אין בוענאָס־איירעס. מען האָט זיי געזען ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין קרייז פון יידישן טעאַטער אין בוענאָס־איירעס איז געווען אַ שוואַרצער וואָס האָט גערעדט יידיש. זיי זענען געווען געציילטע און זענען אויסגעגאַנגען אונטער דער טונקעלער הויט פון די געמישטע, די מולאַטן.

קיין פרייע מאַסן־איינוואַנדערונג פון שוואַרצע איז דאָ נישט געווען. די וואָס זענען געווען, ווי שוואַרצע חן־פּינטעלעך אויף די ווייסע געשטאַלטן, האָבן געשטאַמט פון די שפּאַניש־קאָלאָניאַלע צייטן, אין וועלכע עס איז נישט געווען קיין פרייע איינוואַנדערונג פון שוואַרצע, נאָר עס איז געווען אַ אימפּאָרט פון שוואַרצע, וועלכע מען האָט געפירט ווי לעבעדיקע סחורה, וואָס מען האָט געקויפט אין אַפריקע צום פאַרקויפן זיי אין בוענאָס־איירעס פאַר שקלאַפן און צו באַנוצן זיך מיט זיי ווי מיט אַ פּריוואַט־אייגנטום, צי וואָס דעם שוואַרצנס ווייסער אייגנטימער האָט געוואָלט.

אין דער איצטיקער צייט, ווען די שורות ווערן געשריבן, אין די 60ער יאָרן פון 20סטן יאָרהונדערט, 150 יאָר נאָך דעם ווי די קאָנסטיטואירנדיקע פאַרזאַמלונג פון 1913 האָט דערקלערט פאַר אָפּגעשאַפט שקלאַפעריי אין אַרגענטינע און באַפרייט די שוואַרצע — זעט מען מער נישט קיין שוואַרצע אין די לופטיקע, זוניקע און באַגרינטע גאַסן פון בוענאָס־איירעס.

***

אין די קוואַדראַטן, וואָס פאָרמירן די גאַסן פון בוענאָס־איירעס, אין די ערשטע יאָרן פון 20סטן יאָרהונדערט, מיט דער ברייטער אַוועניִדאַ דע מאַזשאָ, צווישן דער היסטאָרישער פּלאַסע מאַזשאָ און דער פּלאַסע לאָרעאַ (היינט: קאָנגרעסאָ) און מיט דער גאַס ריוואַדאַוויאַ, וואָס איז אַוודאי מיט אירע צענדליקער קילאָמעטער די לענגסטע גאַס פון דער וועלט, האָבן זיך די הייזער געוויזן אין זייערע פאַרשידנסטע סטילן, וויפל זיי זענען ביז יענער צייט געווען אויף דער וועלט. אַזוי ווי די אייראָפּעאישע מענטשן האָבן באַהערשט דאָס באַפעלקערן זיך פון בוענאָס־איירעס, אַזוי האָבן אויך די בוי־סטילן פון אייראָפּע באַהערשט די הייזער־סטילן פון בוענאָס־איירעס און דאָס שפּאַנישע האָט באַהערשט דאָס אייראָפּעאישע. די פענצטער פון די הייזער, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט אין די גאַסן, האָבן געקוקט דורך אייזערנע גראַטן. דאָס פאַרגראַטן די פענצטער האָט געשטאַמט פון דער שפּאַניש־קאָלאָניאַלער צייט. פון די 82.500 הייזער אין בוענאָס־איירעס אין 1904, זענען 52.000 געווען נידעריקע. די העכסטע הייזער אין צענטער פון שטאָט האָבן געגרייכט צו 6 שטאָק און זיי האָבן געציילט נישט מער ווי ביז 38. די וואוינונגען מיט די שויבן־טירן אין הויף אַריין האָבן נישט געהאַט קיין

פענצטער. די הייזער זענען געווען קליינע. מיט איין פאמיליע, צוויי פאמיליעס, אדער דריי פאמיליעס אין א הויז. אנדערש און זייער כאראקטעריסטיש בוענאס־איירעסדיק זענען געווען די „קאנווענטיזשעס“ און די „קאראלאנען“. דער נאמען „קאנווענטיזשא“ נעמט זיך אוודאי פון זייער ענלעכקייט צו א קאנווענט. עס איז א גרעסערער פירקאנטיקער הויף, ארומגעשטעלט מיט איינצל־צימערן פון הויז, וואס זעט אויס ווי די ווענט פון א קאסטן. אין א „קאנווענטיזשא“, וועמענס קאטעגאריע עס איז געווען צווישן א „פארטיקולאר“־הויז און א „קאראלאן“, האבן געוואוינט א 10 ביז 15 משפחות. דער „קאראלאן“ האט געהאט די פארעם פון א קארידאר — א לאנגער און שמאלער הויף מיט ענלעכע, נאר מער צימערן ווי אין א „קאנווענטיזשע“ און מיט מער איינוואוינער. אויף דער גאס סארמיענטא, וואס האט געהייסן „קוזשא“, זענען געווען א סך „קאראלאנען“, ווי אויף אלע גאסן, נאר איינער פון זיי איז געווען א יידישער, מחמת ער איז באוואוינט געווארן פון יידן. דאס איז געווען דער „קאראלאן“ אויף קוזשא 1419 — א וואוינארט פון יידישן צענטער אין בוענאס־איירעס אין יענע יארן; דער יידישער צענטער, וואס איז געווען אין די גאסן ארום דער פלאסע לאוואזשע.

די פלאסע לאוואזשע — אן אפענער און עפנטלעכער גארטן מיט אלייען צווישן לאנגיאריקע גיגאנטישע און פאנטאסטיש־צעצווייגטעביימער — וואס איז נאר געווען איינע פון הונדערט און צען קלענערע און גרעסערע פלאסעס אין גרינעם בוענאס־איירעס, חוץ די גערטנער און וועלדער פון פאלערמא, באצירט מיט א 120 אלעגארישע מארמאר און בראנדז מאנומענטן און סטאטועס פון היסטארישע און אנדערע פערזענלעכקייטן; די פלאסע לאוואזשע האט געהאט צו דערציילן ווי ביי איר איז געווען די סטאנציע פון דער ערשטער באן אין לאנד — א באן, וואס האט אנגעהויבן צו גיין פון איר און איז געגאנגען ביז פלאסע אנסע, וואס איז אויך געווען באוואקסן מיט ריזיקע ביימער; אויף דער פלאסע לאוואזשע האט זיך אפגעשפילט דער רעוואלוציאנערער קאמף פון די ראדיקאלן אין 1890 און איז געווען דער זאמלפונקט פון די סאציאליסטן אין פארלויף פון יארן. עס האט זיך געבויט ביי דער פלאסע לאוואזשע דער מוניציפאלער אפערע־טעאטער „קאלאן“; עס האט זיך אויך געבויט ביי איר דער יוסטיץ־פאלאץ און עס איז שוין געשטאנען ביי איר די שיל אדער דער יידישער טעמפל פון דער „קאנגרעגאסיאן איזראעליטא“. אויף דער אייגענער פלאסע לאוואזשע איז אין די „גרינע“ יארן פון די יידן אין בוענאס־איירעס געווען דער יידישער זאמלפונקט און

עס פֿלעגן אויך גיין אויף איר די טאָג־טעגלעך יידישע איינגעוואַנדערטע, וואָס זענען נאָך איינגעשטאַנען אין דעם מלוכהשן „אימיגראַנטן־האָטעל".

***

דער שרייבער פֿון די שורות, וואָס איז, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע, געקו־מען צו קיינעם נישט און פּשוט אָן אַ סענט, איז איינגעשטאַנען 5 טעג אין אימיגראַנטן־האָטעל, אין וועלכן עס האָבן נאָר געקאָנט אַריינקומען די נאָר־וואָס איינגעוואַנדערטע, וועלכע האָבן דאָס געוואָלט און וועלכע זענען מיט זייערע פּעקלעך אויף די פּלייצעס געגאַנגען באַלד פֿון דער שיף אַראָפּ. דער אימיגראַנטן־האָטעל איז געשטאַנען אויף דעם אָרט, אין רעטיראָ, וואו עס איז דער וואָקזאַל פֿון דער באַן „גענעראַל בעלגראַנאָ", איז געווען אַ מין פֿרייער און וואוילטעטיקער קאָנצענטראַציע־לאַגער, אין וועלכן עס האָבן זיך קאָנצענטרירט מענטשן פֿון אַלע לענדער, פֿון אַלע נאַציעס, פֿון אַלע ראַסן, פֿון אַלע גלויבנס, פֿון אַלע קולטורן, שפּראַכן און וואו יעדערער האָט געהאַט דאָס רעכט צו זיין נאָר 5 טעג. דער אימיגראַנטן־האָטעל איז געווען אַ פֿאַק־טאָר פֿון דער מלוכהש געשטיצטער און געשיצטער איינוואַנדערונג אין הסכם מיט דער אַרגענטינער לטובתדיקער איינוואַנדערונג־פּאָליטיק.

יידישע איינשטייער אין אימיגראַנטן־האָטעל האָבן זיך באַלד באַקענט מיט דעם וועג, וואָס האָט געפֿירט צו פּלאַסע לאַוואַזשע. אויף דער פּלאַסע, אויף וועלכער מען איז געגאַנגען (געגאַנגען און נישט געפֿאָרן) צוויי מאָל יעדן טאָג, פֿאַר און נאָך מיטאָג און אויף וועלכער מען האָט זיך מיט אַלע־מען געטראָפֿן, פֿון אַלץ געוואויר געוואָרן; דאָ האָט מען געפֿונען די ערשטע וואוינונג אין שטאָט ביי אַ געטראָפֿענעם חבר, אַ פֿריינד, אַ באַקענטער, אַ לאַנדסמאַן, אַ שטאָטסמאַן און דאָ האָט מען באַלד געפֿונען דעם ערשטן אַר־בעטספּלאַץ.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן די נייע נאָענטקייט אין דעם וויטן לאַנד, אין דער זיך בויענדיקער נייער היים.

***

די גרויסע שטאָט איז געוואָרן אַלץ גרעסער דורך דעם פּראָגרעסיוון באַפֿעלקערן זיך און דורך דעם אויסשפּרייטן זיך פֿון וואוינונגען, געשעפֿטן, וואַרשטאַטן און פֿאַבריקן, דערציאונג און בילדונג־הייזער, קולטור און קונסט־הייזער; מוניציפּאַלע און נאַציאָנאַלע הייזער פֿאַר אַדמיניסטראַציע און פֿאַר עפֿנטלעכער באַדינונג; הייזער פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט און הייזער פֿון אָן אַ צאָל אינסטיטוציעס אין בוענאָס־איירעס פֿון די פֿאַר־

שיידענע און צאָלרייכע עטנישע איינהייטן, אָדער נאַציאָנאַלע קאָלעקטיווי־טעטן.

פון ציילונגען און רעגיסטראַציעס וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין די יאָרן 1909 און 1914 האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין 1909 זענען גע־ווען 111 טויזנט 135 הייזער אין שטאָט בוענאָס־איירעס, פון זיי 91.300 נידעריקע; 16.580 איינשטאָקיקע; 2.350 צוויי־שטאָקיקע; 600 דריי־שטאָ־קיקע; 150 פיר־שטאָקיקע; 92 פינף־שטאָקיקע און 70 זעקס־שטאָקיקע. און אין 5 יאָר צייט האָט זיך די ציפער געהויבן אַזוי: 131.740 הייזער, פון זיי: 105.570 נידעריקע; 20.750 איין־שטאָקיקע; 3.740 צוויי־שטאָקיקע; 900 דריי־שטאָקיקע; 370 פיר־שטאָקיקע; 225 פינף־שטאָקיקע און 140 זעקס־שטאָקיקע.

וויפל הייזער זענען היינט, אין 1964, דאָ אין דער שטאָט בוענאָס־איי־רעס? אויב אין 5 יאָר זענען צוגעקומען 20.600 הייזער, איז לויטן חשבון, אין 50 יאָר צוגעקומען 206 טויזנט, וואָס צוזאַמען מיט די פריערדיקע איז עס אַ צאָל פון 338 טויזנט הייזער און אויפן געביט פון הייזער איז אין לויף פון די יאָרן פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג

עס זענען נאָך דאָ פון פריער אַ סך נידעריקע הייזער און אויף די ברע־געס פון דער שטאָט זענען נאָך דאָ לוידיקע אָדער גרינע פּלעצער. דאָס הייסט, אַז אין בוענאָס־איירעס איז נאָך דאָ וואו צו בויען. און די טענדענץ פון בויען אין איינקלאַנג מיט די באַדערפעונישן, איז צו בויען אין דער הויך. עס ווערן נישט מער געבויט קיין נידעריקע הייזער אין בוענאָס־איירעס. די פּאַראַנענע ווערן צו ביסלעך דעמאָלירט און עס וואַקסן אויס אויף זייער אָרט ריזיקע געביידעס פון 10 ביז 20 שטאָק און נאָך העכער. די נייע היי־זער, וואָס זענען שוין דאָ אַסך, זענען פון דעפּאַרטאַמענטן, באַקוועם, שיין און מיט פענצטער אין אַלע צימערן און זיי קומען נאָך די וואוינונג־באַדער־פעניש פון דער וואַקסנדיקער באַפעלקערונג מיט אַ העכערן לעבנס־ניוואָ. די־נייע דעפּאַרטאַמענט־הייזער, וואָס הייסן „האָריזאָנטאַלע", זענען צום מייג־סטן קאָלעקטיווע, אָדער געמיינזאַמע הייזער. יעדער דעפּאַרטאַמענט אין אַזאַ הויז האָט זיך זיין באַלעבאָס, אָבער עס געהערן צו אַלעמען די געמיינזאַמע זאַכן פונעם הויז: די געמיינזאַמע באַדינונג און די קאָסטן.

דער „קאָראַלאָן" און די „קאָנווענטיזשע" זענען פאַרשוואונדן פון בוע־נאָס־איירעס. עס זענען אָבער נאָך דאָ די אַזוי גערופענע „ווידזשאַ מיסע־ריאַ" (נויט־ווילע). לוידיקע, נישט באַבויטע ווינקלען אויף די ראַנדן פון שטאָט, וואָס זענען פאַרנומען געוואָרן פון די אָרעמסטע, דאַכלאָזע מענטשן, יונגע פּאָרלעך, משפחות, וועלכע וואוינען אין די ביידלעך, וואָס זיי האָבן דאָ זיך אויפגעשטעלט פון שמאַטעס און מיסט־זאַכן.

די „ווזשאַ מיסעריאַס" זענען נישט קיין סך, אָבער זיי זענען דאָ און די וואָס זענען דאָ, זענען אַן עקזאָטיש־טראַגישער אויסדרוק פונעם וואוינונג־פּראָבלעם, וואָס האַלט אָן ביי אַלע שאַרפקייטן שוין צענדליקער יאָרן — ווי לאַנג עס עקזיסטירן די דאָזיקע „פּראָוויזאָרישע ווילעס".

***

אין 1906, ווען דער שרייבער פון די שורות איז ווי אַ יידישער עמי־גראַנט אָנגעקומען אין בוענאָס־איירעס, זענען טראַמווייען נאָך געשלעפּט געוואָרן פון פערד און דער טראַמוויי־פירער האָט מיט אַ האָרן, אָדער אַזאַ שופר געבלאָזט הערן דאָס גיין פונעם טראַמוויי.

פון דאָזיקן „פערדישן" טראַמוויי איז שפּעטער ארויסגעקומען די נעץ פון „לאַקראָסע", אָדער פון „גרינעס" עלעקטרישן טראַמוויי — ווי דער יידישער עולם האָט אים גערופן, ווייל ער איז געווען גרין געפאַרבט. עס האָט אָבער שוין אָנגעהויבן גיין דער ברוינער עלעקטרישער טראַמוויי „אַנגלאָ־אַר־כענטינאַ", מיט וועלכן „גרינע" יידן פלעגן שפּאַצירן, מחמת פאַר 10 סענט האָט מען געמאַכט אַ רונדרייזע, וואָס האָט געדויערט אַ פּאָר שעה.

די ערשטע ליניע פון דער עלעקטרישער אונטערגרונט־באַן אין בוענאָס־איירעס — אונטער דער גאַס ריוואַדאַוויאַ — צווישן פּלאַסאַ דע מאַזשאַ און פּרימעראַ כונטאַ — האָט מען אָנגעהויבן בויען פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. היי־יאָר, אין 1964, זענען דאָ און עס פונקציאָנירן 5 אונטערגרונט עלעקטרישע באַן־ליניעס: די דערמאָנטע, די צווישן אַלעם און פּעדעריקאָ לאַקראָסע (אונטער דער גאַס קאָריענטעס); די צווישן רעטיראָ און קאָנסטי־טוסיאָן; די צווישן פּאַלערמאָ און פלאָרידאַ און די נייסטע ליניע — צווישן קאָנסטיטוסיאָן און באָעדאָ.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן אויך אָנגעהויבן צו גיין אָמני־בוסן און „קאָלעקטיוועס". די ערשטע „קאָלעקטיוועס" זענען געווען פּריוואַ־טע טאַקסי־אויטאָמאָבילן, וועלכע האָבן באַקומען קאָנצעסיעס פון פאַר־לי־ניעס און האָבן אויפגענומען פּאַסאַזשירן פאַר 10 סענט אַ רייזע.

איצט, אין 1964, גייען מער נישט קיין טראַמווייען. מ'האָט זיי אָפּגע־שאַפט און מען נעמט אַרויס די טראַמוויי־שינעס פון די גאַסן, די טראַמ־ווייען זאָלן זיך נישט אומקערן. אויף זייער אָרט גייען אָמניבוסן, זיי האָבן פאַרמערט די אָמניבוס־ליניעס, אָדער נומערן ביז דער צאָל 82. חוץ דעם פונקציאָנירן 67 ליניעס „קאָלעקטיוון" און 16 ליניעס טראָלעבוסן. עס גייען אויך צו פירן פּאַסאַזשירן טאַקסי־אויטאָמאָבילן און זייער אַ סך פּריוואַטע אויטאָמאָבילן פאַרן אייגענעם געברויך.

צווישן דעם פאַרשפּרייטן און אימפּעטדיקן מאָטאָריזירטן פאַרקער און

טראַנספּאָרט — זעט זיך זעלטן אַ דראָזשקע אין פערד־געשפּאַן, די וואָס לאָזט זיך זען איז אַן איבערבלייב פון ראָמאַנטישע צייטן.

***

די אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע פון 1810, ווי אַ קאָנסטרוקטיווע דער־שיינונג, האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַרן אויפבוי פון בוענאָס־איירעס, ווי אַ וועלט־שטאָט אויפן וויייטסטן לאַנד פון דרום־אַמעריקע, וואָס גרענעצט מיטן דרום־פּאָל. דער באַוואָפנטער קאַמף מיט דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער מאַכט, — צוערשט דער בירגערקריג, דערנאָך די ראָסיסטישע דיקטאַטור, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר צענדליק יאָר, האָבן אָפּגעהאַלטן די אַנטוויק־לונג פון דער שטאָט ביז מיט הונדערט יאָר צוריק, ביז דאָס לאַנד איז באַ־פרייט געוואָרן פון קאָלאָניאַליזם; באַפרייט געוואָרן פון דער דיקטאַטור, וועלכע איז געוואָרן באַקעמפט. און נאָך דעם ווי עס איז געשאַפן געוואָרן די לאַנד־קאָנסטיטוציע אין גייסט פון מענטשנרעכט, דעמאָקראַטיע און פרייהייט און דאָס לאַנד איז, אין פרידן, קאָנסטיטוציאָנעל געשטאַלטיקט געוואָרן.

און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אויפבוי און די אַנטוויקלונג מיט דער גרויסער פּראָדוקטיווער קאָאָפּעראַציע פון די פרייע מענטשן פון דער וועלט, וואָס האָבן מאַסנווייז איינגעוואַנדערט, איז זי געגאַנגען וואונדערלעך פּראָ־גרעסיוו אויף אַלע וועגן פון לעבן.

די אומאָפּהענגיקייט פון לאַנד איז באַשטימט געוואָרן אין טוקומאַן; די לאַנד־קאָנסטיטוציע פאַר אַ פרייער און דעמאָקראַטישער רעפּובליק איז אָנ־גענומען געוואָרן אין סאַנטאַ־פע; דער פעדעראַלער פּאַרלאַמענט, וואָס דאַרף זיין אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד, איז געווען אין בעלגראַנאָ, וואו עס איז היינט דער סאַרמיענטאָ־מוזיי. בוענאָס־איירעס איז נאָך נישט געווען די דע־צידירטע הויפּטשטאָט פון דער רעפּובליק, כאָטש זי איז דאָס פּאַקטיש שטענ־דיק געווען. זי איז געווען און איז דער צענטער און די קאָנצענטראַציע פון אַלץ: פון באַפעלקערן זיך און פון אַנטוויקלען זיך; פון ציוויליזאַציע און פון קולטור; פון אַרבעט און פון פּראָדוקציע; פון אינדוסטריע און פון האַנדל; פון גע־זעלשאַפטלעכע שטרעבונגען און פון סאָציאַלע באַוועגונגען; פון קלאַסיסטי־שע אָרגאַניזאַציעס און פון פּאָליטישע פּאַרטייען; פון נאַציאָנאַליזם און פון אינטערנאַציאָנאַליזם; פון עוואָלוציע און פון רעוואָלוציע; פון אידעאַליזם און פון סאָציאַליזם; פון אַקציע און פון רעאַקציע; פון קונסט און פון וויסנ־שאַפט; פון עטיק און פון עסטעטיק; פון אינספּיראַציע און פון אָריענטאַציע; פון מאַטעריעלער רייכקייט און פון גייסטיקער אָרעמקייט און פון גייסטי־

קער רייכקייט און מאַטעריעלער אָרעמקייט — דער צענטער און די קאָנ־צענטראַציע פון אַלץ, און דאָס אַלץ — אַזוי ביי יידן ווי ביי גויים.

***

עס לעבן היינט, אין 1964, אַ סך מער יידן אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס וויפל עס האָבן אַ מאָל געוואוינט גויים אין דער שטאָט. דער געוועזענער מיניסטער פעדעריקאָ פינעדאָ, וועלכער קומט אַרויס פון דער סמע־טענע פון דער אַרגענטינער יחוסדיקער געזעלשאַפט, שטאַמט פון יידן, וואָס פון דעם איז געדרונגען, אַז אין אַלע צייטן זענען געווען יידן אין בוענאָס־איירעס. דאָס זענען געווען אַנדערע יידן, פאַרשטעלטע פאַר קריסטן, מאַראַ־נען, „פּאָרטוגעזער“, אָבער — יידן. נאָר אונדזערע יידן, יידישע יידן, איינ־געוואַנדערטע פון אייראָפּע, דער עיקר פון פּוילן, ליטע און רוסלאַנד, לאָזן זיך ערשט הערן אין בוענאָס־איירעס צום סוף פון ניינצעטן יאָרהונדערט און גייען אַריין אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג־סטאַטיסטיק ווי „רוסן“.

לויט דער אָפיציעלער סטאַטיסטיק זענען אויך היינט נישטאָ קיין יידן אין בוענאָס־איירעס. ס'איז אויך נישטאָ נאָך קיין ספּעציעל יידישע באַזונ־טע סטאַטיסטיק. מען רעכנט ביז אַ האַלבן מיליאָן יידן אין גאַנצן לאַנד אַר־גענטינע און פון דער צאָל בלויז אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס זענען פאַ־ראַן 300.000. זיי וואוינען וואו זיי ווילן, לויט זייערע באַדערפענישן און מעגלעכקייטן און זיי וואוינען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָט מיט יידישע צענטערן, אין צענטער „אָנסע“. פון אַמאָליקן איינציקן יידישן צענ־טער אַרום פּלאַסע לאַוואַזשע איז נאָך געבליבן אַ זכר. עס וואוינען דאָ יידן איצט מער ווי אַמאָל, אָבער קיין יידישער צענטער איז עס מער נישט; אין ווילשאַ־קרעספּאָ, אין פּאַטערנאַל, אין פלאָרעס און פלאָרעסטאַ; אין ווילשאַ־דעוואָטאָ און אין באָקאַ־באַראַקאַס און אין נאָך שטאָטישע און אַרומשטאָ־טישע געגנטן — זענען דאָ יידישע צענטערן.

נישטאָ קיין אויסנאַמען קעגן יידן (אַז עס זענען נישטאָ קיין יידן!...). זיי זענען גלייכבאַרעכטיקט און גלייכפאַרפליכטיקט. זענען נישטאָ קיין יידן דאָרט וואו זיי זענען נישטאָ, וואו עס ציט זיי נישט צו זיין און זיי זענען דאָ אומעטום, וואו אין אַ גרעסערער פּראָפּאָרץ און וואו אין אַ קלענערער. אַזוי זענען יידן דאָ אין דער קאָמערץ און אין דער אינדוסטריע; אין טראַנס־פּאָרט און אין דער קאָמוניקאַציע; אין דער האַנטווערקעריי און אין דער מאַ־שין־ווערקעריי; אין דער דערציאונג און אין דער בילדונג; אין די אינטע־לעקטועלע פּראָפעסיעס און אין דער קולטור; אין דער פּרעסע און אין דער ליטעראַטור; אין דער קונסט און אין דער וויסנשאַפט; ביי דער האַנטאַרבעט און ביי דער קאָפּאַרבעט; אין דער מעדיצין און אין דער יוסטיץ; אין דער

מוניציפּאַלער אַדמיניסטראַציע און אין דער מלוכהשער; אין פּאַרלאַמענט און אין דער רעגירונג, אין וועלכע די שטאָט בוענאָס־איירעס איז קאָנסטי־טוציאָנעל באַזונדער רעפּרעזענטירט.

דאָס איז גערעדט געוואָרן פון א זיין אומעטום, גלייכבאַרעכטיקט, נישט געשטערט, נישט פאַרוועדט — נישט ווייל מען איז א ייד, נאָר ווייל מען איז אַן אַרגענטינער געבוירענער אָדער נאַטוראַליזירטער, אָדער איינ־וואוינער, טעכניקער, פאַך־קענער.

דער אָנטייל פון יידן אין אַלץ, וואָס צוזאַמען שטעלט עס מיט זיך פאָר די אַרגענטינער וועלט־שטאָט בוענאָס־איירעס, שטערט נישט די אייגענע אָדער אייגנאַרטיקע יידישע טעטיקייט, וואָס איז רעליגיעז און וועלטלעך (מער וועלטלעך ווי רעליגיעז), וואָס איז יידיש־קולטורעל, טראַדיציאָנעל און פּראָגרעסיוו; קאָנסערוואַטיוו, רעפאָרמיסטיש, סאָציאַליסטיש; פאַלקסטימ־לעך־יידיש, קאָלעקטיוו־יידיש, יחידיש־יידיש און געזעלשאַפטלעך־יידיש.

אָנגעהויבן מיט דער שיל פון דער „קאָנגרעגאַסיאָן איסראַעליטאַ", גע־גרינדעט אין 1868; די שיל וואָס שטייט ביי פּלאַסע לאַוואַזשע און וואָס יידן רופן: „טעמפּל פון ליבערטאַד", מחמת די שיל שטייט אויף דער גאַס, וואָס הייסט ליבערטאַד (פרייהייט); דער „יידישער אַרבעטער פאַרבאַנד", געגרינדעט אין 1896, וועלכער האָט אויפגעשריבן אויף זיין רויטער פאָן, אַז „די באַפרייאונג פון די אַרבעטער איז די זאַך פון די אַרבעטער אַליין" און וועלכער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דעם איצטיקן גרויסן קראַנקהילף אָרגאַ־ניזם, וואָס הייסט „ביקור חולים". און בלויז אָנצורופן נאָך אַן אָרגאַניזאַציע וועלן מיר אָנרופן די „ביבליאָטעקאַ רוסאַ", געגרינדעט אין 1906 פון יונגע אימיגראַנטן — יידן־סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער אונ־טערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין צאַרישן רוסלאַנד, — אָנגע־הויבן אַן אייגענע און אייגנאַרטיקע יידישע טעטיקייט דורך די דערמאָנטע און אייניקע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס — ציוניסטישע, אַנאַרכיסטישע, סאָ־ציאַליסטיש־בונדיסטישע, פילאַנטראָפּישע — וואָס זענען אין לויף פון די יאָרן אויפגעקומען, אונטערגעגאַנגען און ווידער אויפגעקומען, שטענדיק אין אַ גרעסערער צאָל, אויסגעוואַקסן, זיך איינגעוואָרצלט, פאַרצווייגט און זיך אַנטוויקלט, ספּעציאַליזירט און דערגאַנגען ביז 1964, ווען די שורות ווערן געשריבן, צו הונדערטער און הונדערטער יידישע פאַראיינען אין בוענאָס־איירעס; יידישע אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס פון אַ סך מינים, מיט יידי־שע, אָבער פאַרשיידנאַרטיקסטע אידעען און אידעאַלן, מיט טאָוונגען, שאַ־פונגען און דערגרייכונגען פון אַ יידישן, פאָלקסטימלעכן, ווערטפולן קולטור־רעלן לעבן מיט אַן אַ צאָל יידישע קולטור־פונקטן און געזעלשאַפטלעכע טע־טיקייטן; אַן אָרגאַניזירטע און אָרגאַנישע אייגנאַרטיקע יידישע געזעל־

שאַפטלעכקייט, אַ זעלבסטשטענדיקע, אַ פרייהייטלעכע, אַ וואָלונטאַרישע אויף דער באַזע פון אַ מיטגלידערשאַפט וואָס ציילט זיך אין די צענדליקער טויזנטער און אויף דער באַזע פון אַ סימפּאַטיזירערשאַפט און אָנהענגער־שאַפט, וואָס לאָזן זיך ציילן אין די הונדערטער טויזנטער. אַן אייגענע יידיש־קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, אין וועלכער עס גייט אַריין אַ גאָר וויכטיקער פּרעסע־וועזן, ביבליאָטעק און בוך־וועזן; אַ גרויסער שולוועזן אין אייגענע ריזיקע געביידעס מיט אייגענע קאָלאָניעס; אַ טעאַטער־וועזן; אַ באַנקאַרישער און קאָאָפּעראַטיווער קרעדיט־וועזן; אַ סאַניטאַרישער און קראַנקנהילפס־וועזן; פּאָליטישע, סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און אידעאָלאָגישע אָרגאַניזאַציעס; אַקציעס און באַוועגונגען; הילפס־אָרגאַניזאַציעס, קעגנזייטיקער הילף און קהילה; רעפּרעזענטאַטיווע אָרגאַניזאַציעס און נאָך מינים יידישע אָרגאַניזאַציעס, וועזנס און געביטן, וואָס זענען דאָ נישט דערמאָנט געוואָרן און וואָס צוזאַמענגענומען שאַפט עס די געזעלשאַפטלעכע, די גייסטיקע און די קולטורעלע קאָאָרדינאַציע אין דער קאָסמאָפּאָליטיש אַרגענטינער הויפּטשטאָט בוענאָס־איירעס ביי אַן אַלגעמיינעם, פרידלעכן צוזאַמענלעבן מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

# פּראָווינץ בוענאָס־איירעס

## שטעט, שטעטלעך און פעלדער

# לאַ פּלאַטאַ

אויב פּראָווינץ מיינט די אומגעגנט פון דער גרויסער שטאָט, פון דער הויפּטשטאָט, אָדער דער אינערן פון לאַנד אויסער דער הויפּטשטאָט — שטימט דאָס נישט מיט דעם, וואָס עס מיינט און וואָס עס איז די אַרגענטינער פּראָווינץ. אין אַרגענטינע איז פּראָווינץ אַ לאַנד־שטאָט, אָדער מלוכה־שטאָט מיט אויטאָנאָמיע: מיט אַן אייגענער הויפּטשטאָט, מיט אַן אייגענער קאָנסטיטוציע, אייגענע געזעצן, אַן אייגענעם פּאַרלאַמענט, אַן אייגענע רעגירונג, אַן אייגן געריכטסוועזן, אַן אייגן שולוועזן און אַזוי ווייטער.

די פּראָווינץ בוענאָס־איירעס איז איינע פון 22 אַרגענטינער פּראָווינצן, וואָס צוזאַמען מיט די אַזוי גערופענע נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס פאָרמירן זיי דאָס לאַנד, וואָס איז אַ פעדעראַטיווע רעפּובליק מיט אַ פעדעראַלע, אָדער נאַציאָנאַלע קאָנסטיטוציע, פּאַרלאַמענט, רעגירונג, געזעצן, געריכטסוועזן, שולוועזן און אַזוי ווייטער — פעדעראַלע, אָדער נאַציאָנאַלע פאַקטאָרן, וואָס זענען פון און פאַר אַלע פּראָווינצן, אָדער שטאָטן — פּאַראייניקט, רעפּרעזענטירט, אָריענטירט און געפירט פון די געמיינזאַמע פאַקטאָרן, וואָס צוזאַמענגענומען קאָנטראָלירן זיי אויך די פּראָווינציעלע אויטאָנאָמיע.

די פּראָווינץ בוענאָס־איירעס איז טעריטאָריאַל, געאָגראַפיש און דעמאָגראַפיש די גרעסטע פון לאַנד. זי אַליין פאַרנעמט אַ שטח פון 307.571 קוואַדראַט־קילאָמעטער מיט אַ באַפעלקערונג פון 7.257.000 נפשות. (די דאַטעס און ציפערן זענען אָפיציעלע, סטאַטיסטישע און פּובליקירטע אין „לאַ־פּרענסאַ" פון 23סטן דעצעמבער 1962).

די פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, מיט אַ פּרוכטיקער ערד און אַ פּרוכטיקן הימל, קומט זיך צוזאַמען אויף איר צפון־זייט מיט די פּראָווינצן קאָרדאָבאַ, סאַנטאַ־פע און ענטרע־ריאָס. אויף איר מזרח־זייט גייט זי אַריין אין דעם גרויסן טייך, וואָס הייסט ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ — היסטאָריש פאַרבונדן מיטן נאָמען אַרגענטינע — עס פאַרנעמט איר אָרט די שטאָט בוענאָס־איירעס מיט אירע פּאָרטן און פּלאַזשעס ביים לאַ פּלאַטאַ־טייך צווישן די פּראָווינץ־שטעט אוועזשאַנעדאַ און וויסענטע לאָפּעס. עס גייט דער זיסער לאַ פּלאַטאַ־טייך ביי דער מזרח־זייט פון דער רייכער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס ביז ער

גייט אַריין אין די זאַלציקע כוואַליעס פון דרומדיקן אַטלאַנטישן אָקעאַן, וואָס וואַרפט זיך אַן אויפהער אויף דער ברייטער דרום־זייט פון דער אייגענער פּראָווינץ, וועלכע האָט לעבן זיך אויף איר מערב־זייט אירע שוועסטער־פּראָווינצן — פּאַמפּאַ און ריאָ־נעגראָ, וואָס זענען געווען רעכטלאָזע „נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס" און וועלכע האָבן ערשט נישט לאַנג דערגרייכט זייערע פּראָווינציעלע, אָדער שטאַטלעכע רעכטן, אַזוי ווי די יונגע פּראָווינצן נעוקען, טשובוט סאַנטאַ־קרוס — אויפן דרום פון לאַנד און מיסיאָנעס, פאָרמאָסאַ און טשאַקאָ — אויפן צפון.

לאַ פּלאַטאַ, וואָס געפינט זיך כמעט ביים לאַ פּלאַטאַ־טייך, אויף אַ מהלך פון אַ 70 קילאָמעטער פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס, איז די הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס. אירע גאַסן, אויפגערוימטע, רייִנע, באַביימטע, געפלאַסטערטע, רופן זיך לויט נומערן, ווי די 6סטע גאַס נומער 736, וואו עס געפינט זיך אין זיי יידישע אינסטיטוציעס, שניידן זיך גלייך און דיאַגאָנאַל אַרום גרינע און באַבלומטע פּלאַצעס (אָפענע גערטנער, פּאַרקן, אויף וועלכע עס פעלט נישט קיין בראָנדזענע און שטיינערנע קונסטווערק).

אין לאַ פּלאַטאַ געפינט זיך די פּראָווינציעלע רעגירונג, דער פּראָווינציעלער פּאַרלאַמענט, דאָס פּראָווינציעלע געריכט — אַזוי ווי אין די הויפּטשטעט פון אַלע פּראָווינצן, אָבער לאַ פּלאַטאַ איז אויך אַן אוניווערזיטעטשטאָט.

דער לאַ פּלאַטער אוניווערזיטעט איז מיט זיין פאַרנעם דער צווייטער פון לאַנד, ער האָט אויך אַן אַסטראָנאָמישע אָבסערוואַטאָריע און אַזאַ נאַטור־היסטאָרישן מוזיי, וואָס אַנדערע אוניווערזיטעטן אין לאַנד האָבן נישט. אין דעם לאַ פּלאַטער אוניווערזיטעט, וואָס איז אַ שטאַטלעכער, אַ נאַציאָנאַלער, ד"ה אַן אַללענדישער, לערנען סטודענטן און סטודענטקעס, צווישן זיי יידן, נישט נאָר פון לאַ פּלאַטאַ, נישט נאָר פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, נאָר אויך פון די אַנדערע פּראָווינצן, פון נאָענטע און ווייטע, ווי פון מענדאָסאַ און קאָריענטעס, פון סאַלטאַ און סאַנטיאַגאָ־דעל־עסטעראָ און אַפילו אויך פון דער נאָענטער שטאָט בוענאָס־איירעס, וואו עס געפינט זיך דער גרעסטער נאַציאָנאַלער אוניווערזיטעט. די סטודענטן פון די ווייטערע פּראָווינצן לעבן אויך אין לאַ פּלאַטאַ און דאָס באַטאָנט לאַ פּלאַטאַ ווי אַן אוניווערזיטעט־שטאָט מיט אַן אַפּקלאַנג איבערן לאַנד.

די איינוואוינערשאַפט פון לאַ פּלאַטאַ איז אַ געמישטע, אַזוי ווי זי איז דאָס אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין אַרגענטינע. די געבוירענע אין לאַ פּלאַטאַ זענען פון איינגעוואַנדערטע אויסלענדישע עלטערן אָדער אור־עלטערן: שפּאַניער, איטאַליענער, יידן און אַזוי ווייטער.

דער שרייבער פון די שורות איז געווען ביי יידן אין לא פלאטא אין א טאג פון 1907. דאס איז געווען מיין ערשטע רייזע אין ארגענטינע — ארויס פון דער שטאט בוענאס־איירעס.

ווי אזוי קום איך, כמעט נאך א „גרינער", צו מאכן אזא רייזע אויף קיין לא פלאטא?

פארטאן ווי איך בין געווען ביי דער גרינדונג און אנטוויקלונג פון יידישן קולטור־צענטער אין בוענאס־איירעס, ווי דאס איז געווען די אזוי גערופענע „ביבליאטעקא רוסא" און די „יידישע סאציאל־דעמאקראטישע ארבעטער־ארגאניזאציע אין ארגענטינע „אוואנגארד", האב איך באקומען אן אנבאט צו האלטן א רעפעראט אין לא פלאטא. א רייזע־ליבהאבער, האט ביי מיר נישט געקענט זיין קיין ניין, כאטש איך האב געהאט א סך וואס צו טאן און גאר נישט קיין צייט צוצוגרייטן זיך צו אזא פארמעלן עפנטלעכן רעפעראט.

וואס איז געווען די מעשה?

אין לא פלאטא האבן שוין געוואוינט א באדייטנדיקע צאל יידן־ארבעטער, אונטערנעמער, סוחרים — וואס האבן אנגעהויבן זיך שאפן זייער געזעלשאפטלעכע ארגאניזאציע.

די פיאנערן — צווישן וועלכע עס האט זיך געפונען דער פריידענקער קארימאן, וואס האט זיך אויסגעצייכנט ווי א געזעלשאפטלעכער טוער — האבן אנגענומען, ווי א באשטאנדטייל פון זייער בוי־פלאן דורכצופירן א ציקל רעפעראטן מיט רעפערענטן פון פארשידענע אידעאלאגיעס, זיי זאלן ביים אויסוואל פון פרייע טעמעס עקספאנירן פארשידענע סאציאלע אידעאלאגיעס.

עס איז געווען ארום מעריץ, ווען אין די סאציאליסטישע קרייזן פון דער אלטער היים האט מען, שוין טראדיציאנעל, געפייערט דעם יארטאג פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע. האב איך אנגעשריבן און געלייענט פאר די פארזאמלטע יידן פון לא פלאטא א רעפעראט וועגן דער פראנצויזישער רעוואלוציע און דערביי אין זינען געהאט סאציאליזם.

עס איז געווען א שטילע, א ים־בלויע, אן אויסגעשטערנטע זומער־נאכט אין לא פלאטא. אין דעם ליכטיק־באלויכטענעם לאקאל פון עטלעכע צימערן האבן זיך פארזאמלט צום רעפעראט, אויב נישט אלע, איז אוודאי די מערהייט יידישע איינוואוינער אין לא פלאטא. יונגע מענער און פרויען, יומטובדיק אויסגעפוצט. עס האט געשפריצט מיט קאלירן פונעם צירונג אונטער די עלעקטרישע ליכטער.

אונטערן פארזיץ פון קארימאנען האב איך געלייענט מיין רעפעראט וועגן דער פראנצויזישער רעוואלוציע. איך האב נישט אויפגעהויבן די אויגן

אויף דער שטילקייט פון פאַרזאַמלטן עולם. שלאָפט מען? ניין, אַזוי שטיל שלאָפט מען נישט. איך האָב געפילט אַ שטילקייט אַרום מיר.

נאָך דעם רעפעראַט האָבן די פּיאָנערן געהאַט אַ זיצונג. איך בין בייגעווען. איך האָב זיך אַרומגעקוקט: די ווענט זענען נאָך געווען ליידיקע, עס האָט נישט געהאַנגען קיין פאָן און קיין בילד, וואָס זאָל עפּעס זאָגן. די אויגן זענען געפאַלן אויף אַ פאַרהאַנגענעם קאַסטן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל.

— אַן אָרון־קודש, — האָט זיך קאָרימאַן אָפּגערופן. — אויף די ימים־טובים אָרדנט מען איין אַ דאַווענען צוליב איינקונפטן. עס איז אַ מיטל פאַרן געזעלשאַפטלעכן צוועק, וואָס איז נישט רעליגיעז.

***

דאָס איז געווען מיין ערשט מאָל זיין אין לאַ פּלאַטאַ. אין לויף פון די יאָרן בין איך אַ סך מאָל געווען אין דער אַלגעמיינער לאַ פּלאַטאַ און אין דער יידישער. איך בין געווען געזעלשאַפטלעך און פּריוואַט; בין געווען מיט עקסקורסיעס פון קולטור־פאַראיין „לוז" (ליכט) אין דער אוניווערזיטעט־שטאָט, געזען עקסהיביציעס פון פיזישע וואונדער אין זיינע זאַלן; געזען נאַטור־זאַכן אין זיין מוזיי, אַלץ פון אַרגענטינע מיט טויזנטער יאָרן צוריק; געקוקט אין זיין אַסטראָנאָמישן אָבסערוואַטאָריום, אויף דער לבנה און אויפן סאַטורנאָ מיט זיין רינג אַרום זיך און בין געווען צו גאַסט ביי חברים — איינוואוינער פון לאַ פּלאַטאַ; איך בין געווען אין געריכט צוליב אַ פּראָצעס, וואָס האָט געדויערט פיר יאָר און בין געווען אין דער צעבליטער יידישער קולטור און געזעלשאַפטלעכקייט אין דער געמיטלעכער הויפּטשטאָט פון דער רייכער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, וואָס ציילט אין די הונדערטער שטעט און שטעטלעך.

אין וואַקסנדיקן צוזאַמענלעבן מיט דער אַלגעמיינער, נאַציאָנאַל־פאַרשיידנאַרטיקער באַפעלקערונג אין לאַ פּלאַטאַ איז געוואַקסן אין צאָל, געזעלשאַפטלעך און קולטורעל דאָס יידישע לאַ פּלאַטאַ און איז געוואַקסן אין פּראָגרעסיוון גייסט. דערמיט דערקלערט זיך דער ערשטער ייִדיש־אַרגענטינישער קולטור־צוזאַמענפאָר אין לאַ פּלאַטאַ, וועלכער איז פאָרגעקומען אין 1915 — אין דער שווערער צייט, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט זיך דאָ אין אַרגענטינע געלאָזט פילן.

דער דאָזיקער ערשטער ייִדיש־אַרגענטינער קולטור־צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן איך האָב זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט פון „אַוואַנגאַרד", איז געווען איניציאירט, אָרגאַניזירט און דורכגעפירט פון לאַ פּלאַטער ייִדישן קולטור־צענטער און ביבליאָטעק „מאַקס נאָרדוי", ווען קאָרימאַן, אַ מלוכה־אַנ־

געשטעלטער, איז געווען איר פּאַרזיצער. חוץ דער קולטור־צענטער „מאַקס נאָרדוי" — דער אָרגאַניזאַטאָר פון צוזאַמענפאָר, מיט קאָרימאַן און גרינ־בערג אַלס זיינע דעלעגאַטן, — זענען אין אים געווען באַטייליקט דורך דע־לעגאַטן: די ביבליאָטעק „פּאָרווערטס" (דעלעגאַט — מעדוועדעוו) פון קאָ־לאָניע דאָראַ (סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ); די פאָלקס־ביבליאָטעק פון טוקומאַן (מיט ל. שוגערענסקי), די פאָלקס־ביבליאָטעק פון בערנאַסקאָני (פּאַמפּאַ) מיט בערדיטשעווסקי — דעלעגאַט; דער קולטור־פאַראיין פון סאַנ־טאַ־פע (הויפּטשטאָט פון דער פּראָווינץ סאַנטאַ־פע) מיט טראַסקונאָוו אַלס דעלעגאַט; די אַרבעטער־ביבליאָטעק פון ראָזאַריאָ (די גרעסטע שטאָט נאָך בוענאָס־איירעס) מיט א. פּינסקער אַלס דעלעגאַט און פון דער שטאָט בוע־נאָס־איירעס: דער אַרבעטער־פאַרבאַנד (שטערן און וועבער — דעלעגאַטן); „אַוואַנגאַרד" — פּ. וואַלד און מ. ראָזען; גרופּע „זוכער פון אמת" — נאָ־וויק און י. גאָראָדיצקי; די ביבליאָטעק „וויזשאַ קרעספּאָ" — ראָזנבלום און בלאָשטיין; דער דראַמאַטישער פאַראיין „יעקב גאָרדין" — פּיאַנקאָ; די ביבליאָטעק „פּראָגרעס" — קאָמעץ און בראָסלאַווסקי; דער פאַראיין יידישע אַרבעטער־יוגנט — פּאָדים און גאַבים.

דער נאָמען „מאַקס נאָרדוי" זאָל דאָ נישט אַריינפירן אין אַן אידעאָ־לאָגישן טעות. דער פאַראיין, וואָס האָט קאָנצענטרירט און אָנגעפירט מיט דער דאָיקער, אָדער אָרטיקער יידיש־וועלטלעכער קולטור און געזעלשאַפט־לעכקייט, איז קיין מאָל נישט געווען ציוניסטיש; ער איז שטענדיק געווען אומפּאַרטייאיש, אָבער סאָציאַליסטיש אינספּירירט, פרייהייטלעך און דעמאָ־קראַטיש־סאָציאַליסטיש. אין דער ערשטער העלפט פון 1917, אין דעם מאָ־מענט פון דער פרייער און באַפרייערישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער רעוואָ־לוציע אין רוסלאַנד, צען יאָר נאָך מיין ערשטן רעפעראַט אין לאַ פּלאַטאַ וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָב איך אין אייגענעם לאַ פּלאַטאַ און אין קולטור־צענטער „מאַקס נאָרדוי", וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער מאָנטן יידיש־קולטורעלן אָנהייב — געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער רוס־לענדישער רעוואָלוציע, וואָס איז געווען די גרעסטע היסטאָרישע סאָציאַלע געשעעניש פון וועלט־באַדייט אין אונדזער רעוואָלוציאָנערער צייט.

אין דער פּאָרוואָרצלטער, אויסגעוואַקסענער און זיך צעוואַקסנדיקער יידיש־וועלטלעכער קולטורוועזן און די אַקטיוויטעט אונטערן נאָמען פון „מאַקס נאָרדוי", וואָס געפינט זיך זינט יאָרן אין דער אָנפירערשאַפט פון די „פּראָגרעסיווע", איז נאָר אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון דעם זיך צע־וואַקסענעם פילפאַרביקן און פילטאָניקן יידיש־קולטורעלן און געזעלשאַפט־לעכן לעבן אין לאַ פּלאַטאַ.

# טשיווילקאי

מיין צווייטער ארויספאר אין לאנד אריין איז געווען א צוגאסט־רייזע קיין טשיווילקאי. דאס איז געווען אין 1910, נאך דעם ווי די רעאקציע קעגן „פראגרעסיווע אידעען״ האט אויף א פאגראמישן אופן „געפייערט״ דעם ערשטן יארהונדערט פון דער ארגענטינער היסטארישער מאי־רעוואלוציע...

די ארבעטער־באוועגונג איז געווארן אפגעשטעלט. דאס אייגענע — די סאציאליסטישע און אנארכיסטישע פרעסע און די קולטור. מאסן ארעסטן וואס האבן נישט אויסגעמיטן דעם „אוואנגארד״־רעדאקטאר ש. קאפלאנסקי, האבן אנגעפאקט די תפיסות און דורכגעפירט דעפארטאציעס. די יידישע גאס איז נישט געווארן איגנארירט... די „ביבליאטעקא רוסא״ איז געווארן פאגראמירט. אירע ביכער זענען פון א נאכט־מאניפעסטאציע געטראגן געווארן איבער די גאסן פון בוענאס־איירעס און האבן נאך דעם געפלאקערט אין פייער פון א שייטערהויפן אין פראנט פון נאציאנאלן פארלאמענט אויף פלאסע קאנגרעסא, אויף דעם ארט וואו עס שטייט דער אלעגארישער מאנומענט און פאנטאן. דער יידישער סאציאליסטישער חודשלעכער זשורנאל „דער אוואנגארד״, וועלכער האט אנגעהויבן דערשיינען אין אויגוסט 1908 און ביי וועלכן דער שרייבער פון די שורות איז געווען פארנומען, איז געווען אפגעשטעלט. אין די ארעסטן האט מען נישט געמאכט קיין אויסנאם קעגן יידן; דאס אייגענע אין דער דעפארטאציע (דער פועלי־ציוניסטישער פירער לעאן כאזאנאוויטש און דער אוואנגארדיסט מאשעוויטש זענען געווען צווישן די דעפארטירטע). אוודאי איז די סיטואציע געווען א מאמענטאלע. אלץ איז ווידער ארויף אויף די נארמאלע קאנסטיטוציאנעלע וועגן, אבער באלד איז נישט געווען וואס צו טאן און א רייזע אין אינערן פון לאנד איז געווען אן אפרו פארן פארוואונדעטן געמיט און א מחיה. בין איך געפארן קיין טשיווילקאי.

דאס איז געווען א רייזע אין דער פראווינץ, וואס האט געלאקט. טשיווילקאי איז א פעלדישע שטאט, וואס איז 160 קילאמעטער פון דער שטאט בוענאס־איירעס און מען פארט מיט דער באן ביי די 4 שעה — אויב זי קומט אן צו דער צייט. אויב ס'איז נישט קיין שנעלצוג, שטעלט מען

זיך אָפּ אויף 20 באַן־סטאַנציעס, חוץ די סטאַנציעס פון לאָקאַלע באַנען, פאַר־וועלכע די ווייט־וועגיקע באַן לויפט פאַרביי. און זיצנדיק ביי אַן אָפן פענצ־טער נעמט מען זיך אַן מיט דער לופט פון די אומענדלעכע גרינע פעלדער און געלע און מען נעמט זיך אַן מיט שטויב פון די גרויע פעלדער. מיין רייזע ציט זיך איבער פעלדער פון וואַקסנדיקן ווייץ און האָבער, ליאַן און גערשטן, מאַיס און זונקערן, קאַרטאָפל און אַלפאַלפאַ (פּאַשע); און עס דרייען זיך פעלדער מיט קי, קי און קי, וואָס מרוטשען קעגן דער באַן. אין בהמשך כאָר־לאָזן זיך הערן די שטימען פון קעלבלעך און קעלבער, פון פערד און פערדלעך, פון הינער־האַרמס און הענער, וואָס שפּרינגען איינער קעגן אַנדערן און צע־בלוטיקן זיך מיט זייערע שנאָבלען. צווישן זיי און אַרום די פויערישע „טשאַקרעס" און פריצישע „עסטאַנסיאַס", ווייזן זיך פעלדמענטשן — גאַו־טשעס, — פערדרייטער און פוסגייער אין זייער געוויינלעכן אָנגעטועכץ: אַלפּאַרגאַטן, באָמבאַטשעס, אויך טשעריפּאַס — אויף די באָקעס; אַ ברייט־טער לעדערנער גאַרטל אויפן בויך מיט אַ גרויס מעסער פאַר פילפאַכיקן באַ־נוץ: ווי אַ צירונג, געצייג צו שניידן ברויט, פלייש און צום שטעכן זיך; אַ „קאַמפּערא", אָדער אַ העמד אויף די פּלייצעס; אַ טיכל אויפן האַלדז מיטן שפּיץ אויפן אַקסל און אַ ווייכער פון פאַרנט אַרויפגעשאַרטער קאַפּעליוש אויפן קאָפּ.

עס שפּרייטן זיך אויס אַרום און אַרום אין די האָריזאָנטן — די פעל־דער פון מי און אַרבעט, פון גראָטעניש און געראָטעניש, פון ברויט און פּי, פון מילך און האָניק.

און אין טשיוווילקאָי — די שטאָט, וואָס איז אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין דער פעלדישער לאַנדשאַפט — האָט מיך דערוואַרט מיין בונדישער חבר און גוטער ברודער מוניע ברודניק און זיין פרוי שיינדל, אָדער עוכעניאַ, ווי זי האָט זיך אָנגעהויבן רופן אויף שפּאַניש אין טשיוווילקאָי.

מוניע, וועלכער האָט זיך אויך שוין גערופן אויף דעם רוסיש־קלינגעוו־דיקן נאָמען יעפים, איז געווען אַ יידיש־רוסישער יונגערמאַן פון אוקראַינע. מיר האָבן זיך געטראָפן אין בוענאָס־איירעס אין די ערשטע טעג פון מיין אָנקומען אין מערץ 1906; געטראָפן זיך ביים אויפשטעלן דעם יידישן קול־טור־צענטער אין סאָציאַליסטישן גייסט, — דאָס איז געווען די „ביבליאָ־טעקאַ רוסאַ" אין אַ מילכהויז אויף לאַ פּאַז 43, אין אַ ווינקל פון קאַזשאַאָ און טוקומאַן.

ברודניק האָט אַזוי גערעדט רוסיש ווי יידיש. דער קרייז פון „ביבליאָ־טעקאַ רוסאַ" איז געווען אין אַנהייב אַ רוסיש־רײדנדיקער. האָט ברודניק ביי דער קולטורעלער, געזעלשאַפטלעכער און סאָציאַליסטישער אַרבעט גערעדט אויף ביידע שפּראַכן און אויף ביידע שפּראַכן אויך געשפּילט טעאַטער, זיי־

ענדיק א וויכטיקע פיגור פון זייער טעטיקן דראמאטישן קרייז פון דער „ביב־ליאטעקא רוסא”. וואס איז שייך ארבעט, ווי א לעבנסמיטל, האט ברודניק געארבעט ביי שווארצער ארבעט, ווי א פעאן. מען האט דעמאלט געבויט די נאציאנאלע פארלאמענט־געביידע און ברודניק האט געארבעט ביי איר פאר א לוין פון אנדערהאלבן פעזעס א טאג. פון אזא לוין האט ער געלעבט און נאך אפגעשפארט אויף א שיפסקארטע פאר זיין „שוועסטער”, וועלכע איז געקומען צו אים פון דער אלטער היים. די „שוועסטער” איז געווען ברודניקס כלה, שיינדל־עוכעניא, וואס וואלט אלס כלה נישט אריינגעלאזט געווארן. אין דעם אויבערשטן צימערל, וואו ער האט געוואוינט, אויף ענט־רע־ריאס, און וואו מען האט נישט פארדונגען מיט קינדער. זיי האבן זיך טאקע באלד געמוזט ארויסציען, ווי נאר שיינדל האט דערפילט, אז זי טראגט.

ביי דעם יונגן פארפאלק איז געבוירן א שיין מיידעלע, וואס זיי האבן א נאמען געגעבן סאפיא, אויפן נאמען פון דער העלדישער רוסישער רעוואָ־לוציאנערין סאפיא פעראווסקאיא. די לעבנס־קאסטן האבן זיך פארגרעסערט און כדי צו פארדינען מער, האט זיך ברודניק אריינגעקראגן אין א מעטאל־פאבריק אלס פיילער, וואס איז א העכערע מדרגה פון שווארצארבעט. די פאבריק איז געווען פון ציוניסטישן פירער יאסעלעוויטש. דאס האט נישט אויסגעמיטן א שטרייק, וואס האט לאנג געדויערט און איז פארשפילט גע־ווארן. די געשאפענע סיטואציע, וואס האט זיך צוגעשטעלט צו דער וואקסנ־דיקער באדערפעניש צו פארדינען מער; מער נאך ווי דריטהאלבן פעזעס א טאג ביי יאסעלעוויטשן, האט ברודניקן אריבערגעפירט צו דער קאמערץ, ביי וואס ער האט געקענט זיין א גאנצער מענטש און... אפשר זיך שאפן א מעג־לעכקייט צו ווערן א סוחר. אין בוענאס־איירעס איז דאס מאראליש זייער שווער געווען. איבער דעם האט ער זיך מיט דער פאמיליע אריבערגעצויגן קיין טשיווילקאי. פאר וואס טשיווילקאי? — ווייל דארט האט ער געהאט וואו אנצושטעלן זיך. דאס איז געווען א מעבל־געשעפט פון א ייד פון דער דעמאלט אין בוענאס־איירעס באקאנטער פאמיליע קורלאט. ברודניק איז באלד אריין אין דעם קורלאט־געשעפט פון טשיווילקאי, ווי א גאנצער מענטש, מיט פעאיקייטן און מיט צוטרוי. ער האט זיך עקאנאמיש איינגע־ארדנט און שפעטער אליין געעפנט דארט א מעבל־געשעפט.

זיינע בענקשאפטן צו בוענאס־איירעס האט ער אנגעהאלטן שריפטלעך צו מיר.

איך האב דא געשילדערט א שטיק לעבן פון מיין חבר ברודניק, ווייל ער איז געווען איינער פון א סך, וואס האבן געלעבט אזא לעבן; ווייל זיין

לעבן איז געווען סימבאָליש, ווייל אַזוי האָט אויסגעזען די יידישע אימי־גראַציע.

אין טשיוווילקאָי איז קיין מאָל נישט געווען קיין יידישע באַפעלקערונג, ביי וועלכער מען זאָל פירן אַ יידישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. עס זענען געווען אייניקע יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן נישט געפירט קיין יידיש לעבן. ברודניק האָט געאָטעמט געזעלשאַפטלעך און ער איז אין לויף פון די יאָרן געזעלשאַפטלעך און פאָליטיש טעטיק געווען אויף דער אַלגעמיינער גאַס אין טשיוווילקאָי, וואו ער איז געוואָרן אַן אָרגאַניזאַטאָר, אַ רעדנער אין שפּאַניש, אַ שטאָטישער וואָרטזאָגער, אַ ראַטמאַן אין טשיוווילקאָיער שטאָט־ראַט, אַ פירער פון דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, זייענדיק אַ מיטגרינדער אין 1914 פון טשיוווילקאָיער סאָציאַליסטישן צענטער און אַזוי זיך איינגעלעבט און זיך אויסגעלעבט אין טשיוווילקאָי.

ביי ברודניקן אין טשיוווילקאָי בין איך געווען צו גאַסט אַ סך מאָל. דאָס ערשטע מאָל האָב איך אים באַגלייט אויף זיינע געשעפטלעכע רייזעס אין דער לאַנדשאַפטלעכער טשיוווילקאָיער עכטער, אַרגענטינער לאַנדשאַפטלעכער געגנט און אומגעגנט, וואו ער, ווי אַן אָנגעשטעלטער ביי קורלאַטן, איז געפאָרן אויף אַ „סולקי" (אַ בריטשקע אויף צוויי הויכע רעדער, געשלעפּט פון אַ פערד) און דאָס לעצטע מאָל, סוף 1919, אין מיין האָניק־וואָך, האָב איך באַגלייט מיין חבר און גוטער ברודער — אויף זיינע אייגענע געשעפט־לעכע רייזעס אין דער פאַרשטאָטישסטער טשיוווילקאָיער אומגעגנט, וואו די שטאָט שפּרייט זיך אויס אויף די פעלדער און וואו ער, אַליין דער באַלעבאָס פון זיין מעבל־געשעפט און פון הייזער אין דער פּראָגרעסירטער טשיוויל־קאָי, איז געפאָרן אויף אַ שיינעם און לעצט־מאָדישן אויטאָמאָביל.

# קאַרלאָס קאַסאַרעס

## קאָלאָניע מאָוריציאָ

ווען איך זאָל אָנהאַלטן אַ סדר אין די ווייטערדיקע באַשרייבונגען פון אַרגענטינע, וואָס קאָנען אויך זיין רייזע־באַשרייבונגען, וואָלט מיין איצטיקע רייזע געווען קיין מענדאָסאַ, אָבער איך וועל אָנהאַלטן אַ סדר פון אַ פּראָווינציעלע איינהייט, באַשרייבן שטעט, שטעטלעך, פעלדער, סעדער און אַנדערע זאַכן פון יעדער פּראָווינץ, וועל איך נאָך האַלטן שבת אין דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס.

מיין איצטיקע רייזע איז קיין קאַרלאָס קאַסאַרעס — אַ שטעטל טיף אין דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, 150 קילאָמעטער ווייטער פון טשיוויל־קאָי, 300 קילאָמעטער פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס — אויף די פעלדער וואָס שפּרייטן זיך אויס ביז דער פּאַמפּאַ און אויף וועלכע עס לאָזן זיך הערן פון צייט צו צייט די פּאַמפּער ווינטן; אַ שטעטל, וואָס איר אַן איינוואוינער, קלמן פאַרבער — אַ פאַרבער און אַ שרייבער — קאָרעספּאָנדענט אין דער בוענאָס־איירעסער צייטונג „די פּרעסע" — האָט אָנגערופן שלום־עליכמדיק „קאַסרילעווקע", מיט וואָס ער האָט באַטיטלט זיינע שריפטן און זיך אונטערגעשריבן: „אַ קאַסרילעווקער"; אַ געווען קאָלאָניסטיש שטעטל מיט 85 פּראָצענט יידישע איינוואוינער, אין איר בליענדיקער צייט, פון יידישע אַרבעטס־מענטשן, שטעטלדיקע פּאַבליים, קרעמער, גערטנער, גרינ־צייג און פרוכטהענדלער, סוחרים און גוטבאַזיצערס, קאָלאָניסטן, וואָס זיצן נישט אויף זייערע פעלדער פון דער באַוואוסטער קאָלאָניע מאָוריציאָ; זיצן אויך נישט אין אַלגאַראָבאָ — אין צענטער פון די יידישע ייקאַ־פעלדער, וואו עס האָט זיך געפונען די ייקאַ־אַדמיניסטראַציע; אַפילו אויך נישט אין דעם פעלדישן באַן־סטאַנציע־שטעטלע הירש, אויף דער פּראָווינציעלער באַן ליניע, וואו עס האָט געוואוינט דער יידישער קאָלאָניסטישער שרייבער מ. אַלפּערזאָן, נאָר אין קאַרלאָס קאַסאַרעס מיט אירע זאַמדיקע גאַסן; אַ יונג יידיש שטעטל קאַרלאָס קאַסאַרעס, מיט אַ יונגן חן, אַ יונגן אומרו, מיט אַ פּראָגרעסיוו יידיש־וועלטלעך, אויפגייעריש, יחידיש, פאַמיליאַר און געזעל־

שאפטלעך יידיש לעבן, מיט אייגענע יידישע אינסטיטוציעס פאר יידישער קולטור און קולט, ווי א קולטור־צענטער, א ביבליאטעק, א דראמאטישער קרייז, א ליבהאבער־טעאטער און אפילו אויך שוין מיט אן אייגענער צייטשריפט „דער פארטיידיקער", ארויסגעגעבן פון דרוקער ה. קראסילאווסקי און רעדאקטירט פון אים און פון צ. שקאלניק.

דער אין שפאנישן מאוריסיא, וואס פון יידישן מויל איז עס ארויסגעקומען „מאוריציא", נעמט זיך פון נאמען מאריץ (הירש), ווי עס האט זיך גערופן דער אסימילירטער יידישער פילאנטראפ, אינספיראטאר און געלטגעבער פאר דער יידישער קאלאניזאציע אין ארגענטינע: באראן הירש. ער האט די זאך איבערגעגעבן צו דער ייקא — א געזעלשאפט פאר יידישער קאלאניזאציע אין אמעריקע — און זי האט פאר דעם צוועק געקויפט אין ארגענטינע ביי די זעקס הונדערט צוואנציק טויזנט העקטאר ערד פאר אגריקולטור. פון דער געקויפטער ערד אין די פראווינצן בוענאס־איירעס, סאנטאפע, ענטרע־ריאס, סאנטיאגא־דעל־עסטערא און פאמפא, איז די בוענאס־איירעסער די בעסטע, ווי דאס איז פעסטגעשטעלט, און פון דער בוענאס־איירעסער איז די בעסטע די פון דער יידישער קאלאניע מאוריציא, וואס איז אין דער געגנט פון קארלאס קאסארעס. און דאך האט מען שוין אין 1913 — פופצן יאר, נישט מער, זינט דעם אנהייב פון דער יידישער קאלאניזאציע, אדער קאלאניזאציע פון יידן — גערעדט פון דער קאלאניע מאוריציא... אין ירידה.

עס האבן אוודאי נישט געפעלט קיין סיבות. מען האט אפשר אויך איבערגעטריבן דעם יידישן קאלאניזאציע דורכפאל פון דער קאלאניע מאוריציא, אבער קיינער און קיין זאך האט נישט אפגעלייקנט דעם פאקט פונעם פארקלענערן זיך פון דער יידישער באפעלקערונג אויף די פעלדער פון מאוריציא און עס האט אפגעקלונגען איבערן גאנצן יידישן ארגענטינע דער קלאנג פונעם דורכפאל פון דער יידישער קאלאניזאציע פון דער ייקא־קאלאניע מאוריציא; א קלאנג, וואס האט געקלונגען סימבאליש פאר דער גאנצער יידישער ייקא־קאלאניזאציע אין ארגענטינע, וועלכע האט, אומדירעקט דורכגעמאכט אן עקספערימענט און די קאלאניע מאוריציא האט זיך געפונען אין בעסערע באדינגונגען פון הימל און ערד, ווי אלע אנדערע יידישע ייקאקאלאניעס.

דער הימל האט געגעבן זון און רעגן, טוי און לופט פאר די גרינע פעלדער, וואס האבן געשפראצט און געבליט און זיי זענען געווען פרוכטיק, זיי האבן ליב געהאט צו ווערן באארבעט און באוואוינט און האבן געטראגן גערעטענישן.

דער שרייבער פון די שורות איז געווען אין א טאג אויף די מאוריצער

פעלדער. דווקא א יידישן גאוטש האב איך געזען אַקערן די פּרוכטיקע ערד. ער האָט בריהש געפירט דעם אַקעראייזן, געשפּאַנט מיט אַ פּאָר קרעפטיקע אַרבעטס־פערד און פון דער אויפגעאַקערטער ערד האָט זיך אויפגעהויבן אַ שמעקעוודיקער ריח, וואָס האָט צוגעצויגן אַ מאַסע פאַרביקע פייגל און זיי — זינגענדיק און פליענדיק איבערן קאָפּ פונעם אַקערער — האָבן אים באַגלייט אין זיין פעלדישער אַרבעט. און דאָס דאָזיקע איז נאָר איין בילד פון אַ סך, וואָס האָבן זיך געלאָזט זען אויף די פאַרביקע פעלדער און אין די כישופדיקע וועלדער פון קאָלאָניע מאַוריציאָ.

די באַפרוכטיקטע פעלדער מיט זייער לאַנדווירטשאַפט פון די יידן זענען געבליבן און זיך ווייטער אַנטוויקלט, נאָר מיט אויסנאַמען, זענען די יידן פון זיי אַראָפּ; זייער יוגנט איז אַוועק אין שטאָט לערנען און לעבן אין שטאָט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אייגענעם קאַרלאָס קאַסאַרעס און איז דערגאַנגען ביז בוענאָס־איירעס, האָבן זיך אויך געלאָזט אַריינציען די עלטערן.

ווער פון די וואָס האָבן אידעאַליזירט די יידישע קאָלאָניזאַציע, דאָס יידישע „אומקערן זיך צו דער נאַטור", צו פעלדישער אַרבעט און פעלדיש לעבן, האָט זיך פאַרעקשנט און איז נישט אַראָפּ פון פעלד; ווער פון די האָט נאָר פאַרדונגען זיין פעלד, אויף וועלכן ער האָט נאָך געוואוינט, אָדער זיך איבערגעצויגן אין נאָענטסטן שטעטל. ווער עס האָט זיך פאַרנומען מיט גאָרטנוואַרג און געשטאַנען אין קאַרלאָס קאַסאַרעס און אין די אַנדערע נאָענטע שטעטלעך מיט אַ קראָם פון גרינצייג, אָבער די אָרעמע מערהייט איז צוריק אַוועק פון דער נאַטור; איז אַוועק פון פעלד אין שטאָט אַריין.

ווען דאָס איז פאָרגעקומען, אין אָפּקלאַנג פון דער יידישער און נישט־יידישער עפנטלעכער מיינונג, האָבן זיך געשאַפן נייע איניציאַטיוועס און פּלענער אָנצוהאַלטן אַ יידישע קאָלאָניזאַציע. מען איז דעמאָלט אַרויסגעקומען מיט אַ איניציאַטיוו צו שאַפן אַ נייע קאָלאָניע אין דער אומגעגנט פון קאַרלאָס קאַסאַרעס. עס איז שוין געווען אַ נאָמען פאַר דער נייער קאָלאָניע: „עספּעראַנסאַ" — „האָפענונג" אויף יידיש.

****

עס איז געווען אין סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועלכע האָט זיך דאָ זייער געלאָזט פילן, ווען אין אַ זונטיקדיקן זומערדיקן באַגינען, זענען מיר אָנגעקומען אין קאַרלאָס קאַסאַרעס, כדי פון דאַנען צו פאָרן צו דער געפּלאַנטער קאָלאָניע „עספּעראַנסאַ". „מיר", זענען באַשטאַנען פון יידישן אַגראָנאָם קאַושאַנער, אַ פילם־אָפּעראַטאָר אַ גוי, און איך ווי אַ שרייבער.

קאושאנער, א בוענאס־איירעסער, איז שוין געווען דער פאבריקאנט פון דעם פוך־פולווער „פולאיל״, אבער ער האט געהאט פארוועבט זיינע אגראנאמישע אינזשינערישע וויזיעס מיט דער „עספעראנסא״־באוועגונג און צוליב דערקלערן פאר די אספיראנטן פון „עספעראנסא״ זיינע וויזיעס און פלענער, האט ער געהאט ארגאניזירט א צוזאמענקום פון די יידישע פויערים אויף די רעזערווירטע ייקא־פעלדער פון דער געפלאנטער קאלאניע.

קאושאנערס פלאן, וועלכער איז אידעאיש אנגענומען געווארן פון די קאלאניסטן, איז באשטאנען פון אן עקספערימענט באלד איינצושטעלן די קאלאניע „עספעראנסא״ ווי א שטאטישן דארף מיט א קאאפעראטיווער אינדוסטריע פון די ארטיקע אגרארישע און נאטור־פראדוקטן און איינפירן א מאטאריזאציע פאר דער ארבעט, אן עלעקטריפיקאציע פאר ליכט און קראפט און א קולטור־געזעלשאפטלעך לעבן מיט א מאדערנע דערציאונג און פארוויילונג פאר גרויס און קליין. עס איז געווען א יום־טוב דער טאג פאר דער נייער קאלאניע „עספעראנסא״. דער פילם־אפעראטאר מיט א פולשטענדיקן עקיפ, האט געדרייט א פילם־באנד, וואס האט זיך אנגעהויבן ביי דער באן־סטאנציע פון קארלאס קאסארעס און עס האט זיך ארייגעדרייט אין דעם פילם די יום־טובדיקע געשטאלט פונעם שטעטל, די געאגראפיע און די געשיכטע פון דער קאלאניע מאוריציא, די פייערונג פון טאג אויפן יידישן פעלד פון דער נייער קאלאניע „עספעראנסא״, וואו יידישע גאוטשאס מיט זייערע פאמיליעס זענען זיך צוזאמענגעקומען — ווער רייטנדיק אויף רייטפערד און ווער פארנדיק אויף לייכטע צוויי רעדערדיקע „סולקים״, געשפאנטע מיט פערד; יונגע שעפעלעך האבן זיך געבראטן אויף די צעגליטע פייערן פון האלצקוילן אויסגעלייגטע אויף א דארפישן הויף און די גרויסע יידישע פעלד־פאמיליע האט מיט אפעטיט געגעסן די „אסאדע״, צובייסנדיק איינגעזאלצן גרינס און צוגעטרונקען רויטן וויין. נאך דער אסאדע האבן די מיידלעך מיט די בחורים זיך צעהוליעט. מ׳האט געטאנצט „טאנגא״ און „קאזאטשאק״, „פעריקאן״ און „שער״. און נאך דעם האט מען אין שאטן פון די ביימער געשמועסט וועגן דער ווירטשאפט דא אין דער צוקונפטיקער קאלאניע. שפעטער, ווען די זון אין מערב האט זיך פאררויטלט און דער בלויער הימל פון עספעראנסא איז געווען ריין און רואיק, האט זיך דער אינזשעניער קאושאנער ארויפגעשטעלט אויף א טיש און געהאלטן א רעדע וועגן דער קאלאניע עספעראנסא אין דער פאנטאזיע, און דער עולם איז געשטאנען א פארכישופטער און זיך צוגעהערט.

דער קאלאניסט און שרייבער מרדכי אלפערזאן איז דא פערזענלעך

נישט געווען; ס׳איז דא געווען זיין רעבעלישער גייסט. ער האט געזאגט, אז דא, ביי עספעראנסא, הייבט זיך אן דער סוף פון מאוריציא.

****

עס זענען אוועק זיבן יאר זינט דעם יום־טוב פאר דער קאלאניע עספעראנסא. איך בין ווידער געווען אין קארלאס קאסארעס און אין איר פעלדערשער אומגעגנט. אלפערסאנס נביאות זענען מקוים געווארן. עס שפרייטן זיך אויס די גרינע פעלדער פון עספעראנסא און זיי שפרייטן זיך אויס אויפן גאנצן שטח פון מאוריציא, אבער זיי זענען נישט קיין יידישע פעלדער. איך געפין זיך אין דעם „גן־עדן" פון קאלאניעס, וואס זענען געווען יידישע. מיין פעלד־פירער ווייזט מיר אן אויף א פעלד, וואס איז נאך א יידיש פעלד, עס געהערט נאך, מיינט ער, צו יידן; דא און דארט שטעלן מיר זיך אפ ביי א יידיש־דארפישן הויף. דאס זענען אויסנאמען — די לעצטע פון דער רייכסטער יידישער קאלאניע אין לאנד. איינער פון די לעצטע, וועלכע האבן זיך פארעקשנט קיין מאל נישט אוועקצוגיין פון פעלד, איז געווען מרדכי אלפערזאן, צו וועמען מיר פארן אין דעם פעלדישן שטעטעלע מיט א באן־סטאנציע אויפן נאמען פון בעראן הירש — דעם פילאנטראפ פון דער יידישער קאלאניזאציע אין ארגענטינע, וועלכער האט נאר אין דער וויזיע געזען די יידישע קאלאניזאציע אין דער פרייער אמעריקאנישער רעפובליק.

און אט זענען מיר אין גארטן־הויז פון יידיש־קאלאניסטישן וועטעראן מרדכי אלפערזאן, וועלכער האט שוין געהאט געשטעלט א ליטעראַרישן מאָנומענט דער יידישער קאלאניע מאוריציא. מיר מאכן א „לחיים" און הערן דאס קול און דעם טיפן אטעם פונעם מחבר פון „מעמוארן פון א יידישן קאָלאָניסט אין ארגענטינע". ער לייענט הארציק באשריבענע בלעטלעך, וואס ער האט ארויסגענומען פון א פעקל מאנוסקריפטן. ער האט געשריבן א בוך, וואס איז אין יארן ארום דערשינען אונטערן נאמען „אויף ארגענטינער ערד".

קארלאס קאסארעס, דאס ארגענטינישע „קאסרילעווקע", מיט אירע זאמדיקע גאסן אונטער א העל־בלויען הימל, באשטראלט פון א גאלדענע זון בייטאג און א פארחלומטע זילבערנע לבנה אויף דער נאכט, וואס איז געווען א לעבהאפטיק, יידיש־שפרודלדיק שטעטל פון דער אויפקומענדיקער יידישער קאלאניע מאוריציא מיט אלע יידישע טעמ׳ען און חנען, האט נאך אנגעהאלטן יידישקייט, בעת יציאת מאוריציא. דאס שטעטל פון דער אזוי גערופענער „ליבער (יידישער) פראווינץ", וואס האט איבערפלעכלעך גענאסן פון דער איבערוואנדערונג פון פעלד אין שטאט אריין, אדער פונעם צוריק פון דער נאטור, וואס האט אזוי אויפגעשטורעמט דאס געמיט פון לעאן קאזאנאוויטש — דער פריידיקער פון „צוריק צו דער נאטור", האט זיך נאך

מער באַפעלקערט מיט יידישע־יידן און האָט זיך נאָך מער באַרייכערט מיט יידישן לעבן, אָבער די מערסטע באַפעלקערונג האָט זיך נישט פאַרוואָרצלט אין קאַרלאָס קאַסאַרעס. דער אומפּעטיקער צופלוס פון יידישקייט האָט גע־טראָגן מיט זיך נעגאַציע, „קאַסרילעווקער" טומל, שרייערישקייט און דעם אָנהייב פון סוף פון יידישן שטעטל, מחמת עס האָט געצויגן אין דער שטאָט אַריין, אין דער גרויסשטאָטישקייט — צוליב די קינדער, די יוגנטלעכקייט, די יוגנט און די עלטער, צו לערנען, צו בילדונג, צו דאָקטאָריע, וואָס איז אין דער פרייער אַרגענטינע נישט געשטערט פאַר קיינעם נישט און איז אָפן און מעגלעך פאַר עלעמען. און עס האָט געצויגן אין דער גרויסער שטאָט אַריין די בעסערע אַרבעטס און לעבנס־באַדינגונגען, די באַקוועמלעכקייט און די אויסזיכטן פון אַ בעסער און אינטערעסאַנטער לעבן ביי די קוואַלן פון אינ־דוסטריע און קאָמערץ; אַפילו דאָס יידישע אינסטיטוציאָנעלע, קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער גרויסער שטאָט האָט געצויגן. און עס האָבן זיך געצויגן יידישע עמיגראַציע־שטראָמלעך פון קאַרלאָס קאַסאַרעס אין דער גרויסער שטאָט אַריין. און די דאָזיקע עמיגראַציע האָט געפירט מיט זיך דאָס יידישקייט, דאָס פאָלקסטימלעכקייט, די יידישע פעאיקייט און טעטיקייט — אַזוי, ביז קאַרלאָס קאַסאַרעס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן פון אַ יידיש שטעטל מיט אַ גויאישער מינדערהייט אין אַ גויאיש שטעטל מיט אַ יידישער אויסגעגאַנגענער מינדערהייט.

# טשאַסקאָמוס און דאָלאָרעס

## די „פּרייע פון דרום״

אויף דער מזרח־זייט פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, דאָרט וואו דער ריאָ־דע־לאַ־פּלאַטאַ פאַלט אַריין אין אַטלאַנטישן אָקעאַן דורך דער בוכטע פון סאַמבאָראָמבאָם און וואו עס מישן זיך אויס די זיסע וואַסערן פונעם פּלאַטאַ־טייך מיט די זאַלציקע וואַסערן פון אַטלאַנטיק, איבער הונדערט מיט צען קילאָמעטער פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס, געפינט זיך דאָס היסטאָרישע שטעטל טשאַסקאָמוס, וואו אַהין עס איז געגאַנגען אַ מאָטאָריזירטער אָמניבוס מיט טוריסטן, רייזנדער און אַנדערע. דאָס איז געווען אין 40סטן יאָר פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען די מאַסן פון די בוענאָס־איירעסער גאַסן האָבן נאָך נישט געהאַט פאַרנומען די פּלאַזשע פון מאַר־דעל־פּלאַטאַ און די פּלאַזשעס פון איר אומגעגנט אויף דער דרום־זייט פון דער פּראָווינץ און מען איז געפאָרן זומער־צייט אין נאָענטע ערטער ביי טייכן און אָזיערעס, איז מען אויך געפאָרן קיין טשאַסקאָמוס, וואָס האָט אַ זיסע פּלאַזשע. די טשאַסקאָמוסער וואַסערן צייכענען זיך אויך אויס מיט דעם, וואָס עס האָדעווען זיך אין זיי און עס פּרוכפּערן זיך די ווייסע און שלאַנקע „פּעכעריי״־פיש. — פאָרן מיר און זעען ווי פון דער ווייטנס אין האָריזאָנט צייכנט זיך אַ שטעטל, וועמענס קאָנטורן עס ווערן אַלץ בולטער. עס גריסן אונדז די שפּיצן פון אירע ביימער, צווישן וועלכע עס ליגן פלאַכע און נאַקעטע דעבער וואָס האַרמאָניזירן מיט די פעלדער. צווישן אַ גרופּע נידעריקע, קובישע הייזער הייבן זיך אַרויס די שפּיצן פון אַ קירכע און די פליגל־רעדער פון וואַסערמילן, וואָס ווערן געדרייט פונעם ווינט.

דער פּולמאַן איז אַריין אין טשאַסקאָמוס, זיך אָפּגעשטעלט אין רעכטן צענטער, אונטער דעם קילן שאָטן פון פּאַראַיסן־ביימער ביי אַ גאַסטהויז און אַראָפּגעלאָזט אויף אַ ווייל די טוריסטן.

אַ שטעטל ווי אַ סך, אפשר ווי אַלע אַרגענטינער שטעטלעך, מיט אַ ברייטער, ברוקירטער, לאַנגער גאַס — אינמיטן. שמעלערע און קירצערע קווערגאַסן און ביי די זייטן — פּירקאַנטיקע הייזער מיט פּירקאַנטיקע הייפן, וואָס

דערמאָנען אין די אַנדאַלוסישע פּאַטיעס, מיט מאָסאַיקעס אויף דער ערד, פּאַראַלן מיט צייטיק־ווערנדיקע, אַראָפּהענגענדיקע בינטלעך וויינטרויבן אין דער הייך, מיט באַבלומטע הויך־צעוואַקסענע גערעאַנדיעס אונטן אין די ווינק־לען, מאַלבאָמען ביי די זייטן און זשאַסמינען אַרום דעם ברונעם אין מיטן. עס לאָזט זיך אויך זען אַ סייבאָ מיט זיינע רויט־וויאָלעטע בלומען־קרעלן, אַ בוים מיט גרין־געלע לימענעס, אַ מאַראַנצן־בוים, אַ באַרנע־בוים; ווי אַ סך, אפשר ווי אַלע, האָט אויך דאָס שטעטל אין רעכטן מיטן צענטער אַ פּלאַסע, אַ באַבלומטע, אַ גרויסע, אַרומגערינגלט פון די שטעטלשע גאַסן, סעניאָריאַ־לע הייזער, נאַציאָנאַלע און פּראָווינציעלע בענק; די פּאָסט, אַ סאָציאַלער קלוב, מעטראָפּאָלישע פּיליאַלן און לאָקאַלע געשעפטלעך. איך האָב באַזוכט אַ סך שטעטלעך אין אַרגענטינע. אין יעדן שטעטל איז פאַראַן צום ווינציקס־טנס 1 פּלאַסע און אויף יעדער פּלאַסע — אַ מאָנומענט פאַר סאַן מאַרטין, דעם באַפרייער, אָדער אַן אַנדערן פּראָסער, אָדער פאַר דעם אומבאַקאַנטן פאַרזייער, אָדער אַ פאָנטאַן, אָדער אַן עסטראַדע פאַר אַ מוזיק־קאַפּעליע; אויף דער פּלאַסע פון טשאַסקאָמוס זענען פאַראייביקט אין אַ פּרעכטיקן שטיינערנעם דענקמאָל „די פרייע פון דרום".

אין אָנבליק פון „די פרייע פון דרום" מאַך איך געדאַנקלעך אַן עקסקור־סיע אין די עמאָציאָנעלע אַלייען פון אַ הונדערט־יאָריקער געשיכטע, צו די צייטן פון ראָסאַס, אַ פּירער פון די גאַוטשאָס פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, פון וואַנען עס איז אַרויס דער טיראַן אויף די פליגלען פון דער „היי־ליקער פעדעראַציע" און געפאַרבט אין רויטן האָט ער אויסגעשפּרייט זיין דיקטאַטור איבער די „ווילדע אוניטאַריער" און איבער דער פרייהייט און איבער דעם לעבן פון פאָלק. אָבער די פרייע מענטשן פון דרום, אַזוי ווי די פרייע פון צפון, פון מזרח און פון מערב קוקן מוטיק דעם טויט אין די אויגן, באַלייכטן מיט דעם ליכט פון זייערע אידעאַלן די אונטערערדישע וועגן פון די פאַרפאָלגטע און פון דער פרייהייטס־באַוועגונג, זאַמלען די רעוואָלוציאָ־נערע כוחות אין פאָלק און אין דער אַרמיי, קאָנספּירירן און מאַרשירן אין די אַלייען פון פאַרפּייניקטע, פאַרשמיסענע, געשאָכטענע און געהאַנגענע אין קאַמף צו באַפרייען זיך און דאָס גאַנצע לאַנד פון דער פינצטערער מאַכט.

קאַסטעלי, קראַמער, קאַלוועטי, מענדיאָלאַ און דער אומבאַקאַנטער רע־וואָלוציאָנער פון דרום גייען אין 1839 פאַרויס פון אַ רעדוצירטער פרייהייט־אַרמיי, באַוואָפנט מער מיט אידעאַל און מוט צו פאַלן אין קאַמף פאַר פריי־הייט, איידער מיט שאַרף און שיס־געווער; זיי האָבן זיך געזאַמלט ווייטער אויפן דרום, אין און אַרום דאָלאָרעס. דאָס זענען פאָלקסמענטשן, שטאָטישע און דאָרפישע; אינטעליגענטן וואָס האָבן אויסגעטאָן דעם זשאַקעט, דעם צי־לינדער און די לאַקירטע שיך און האָבן זיך אָנגעטאָן אין אַלפּאַרגאַטן, באָמ־

באַטשעס אָדער אַ טשיריפּאַ און אַ טשאַמבערגאַ — צו געווינען דעם צוטרוי פונעם פאָלק און פעלדמענטש; ציווילע און מיליטאַרן, וואָס האָבן אויך אין דער אַרמיי קאָנספּירירט קעגן דער טיראַניע; זיי גייען אויף די דערנערדיקע ווענן פון דאָלאָרעס קעגן דער מאַכט פון דער פּאַרטשטאַט און קעגן דער טי־ראַנישער אַרמיי בראש פון פּרודענסיאָ ראָסאַס, דעם דיקטאַטאָרס אַ ברודער און דעם קאָראָנעל גראַנאַדאַ, אויף וועמען די רעוואָלוציאָנערן פון דרום האָבן גערעכנט אין אַ פּריערדיקן מאָמענט; ראָסאַס אַרמיי ברענט שוין די רעוואָלוציאָנערן די אויגן, מ׳זעט שוין איר ווילדן אָנגעלויף אין דער נאָענט פון טשאַסקאָמוס; די רעוואָלוציאָנערן פון דרום גייען אַנטקעגן און ווערן פּי־זיש באַקעמפט אין דער שלאַכט צווישן אומגלייכע כוחות, די קעפּ פון די פּי־רער ווערן אָראָפּגעהאַקט, כדי זיי אויסצושטעלן אויף סלופּעס אויפן וועג צווישן טשאַסקאָמוס און דאָלאָרעס, פון וואַנען דער מאַרש פון די פרייע פון דרום איז אַרויס. ראָסאַס האָט געפייערט דעם זיג איבער דער דרום־רעוואָלו־ציע, ער האָט געמיינט איר צו האָבן באַזיגט. די געשיכטע ווייזט אַז ער האָט אַ טעות געהאַט. נישט פאַר ראָסאַסן, נאָר פאַר די פרייע פון דרום איז דער פּרעכטיקער דענקמאָל אויף דער שיינער פּלאַסע פונעם היסטאָרישן שטעטל טשאַסקאָמוס.

***

דער פּולמאַן רופט צוזאַמען די טוריסטן פאַרצוזעצן זיין רייזע. פאָרן מיר ווייטער, אָבער דאָס האַרץ און דער געדאַנק בלייבט ביי די פרייע פון דרום, זיי האָבן אויפגעלעבט מיט זייער גאַנצער העראָישקייט און גייען נישט אַרויס פון קאָפּ, אַזוי ביז דאָלאָרעס, וואו מען האָט זיך ווידער אָפּ־געשטעלט אָפּצוכאַפּן אַ מיטיק, וואָס איז שוין צוגעגרייט געווען פון אַ דאָלאָרעסער האָטעל־רעסטאָראַנט און אַ קוק צו טון אויפן שטעטל.

און אַלץ מיט די דערוואַכטע פרייע פון דרום אין געדאַנק גיי איך איבער דער הויפּט־גאַס פונעם שטעטל, וועמענס איינוואוינער פון הונדערט יאָר צוריק עס האָבן זיך אויפגעהויבן אין קאַמף קעגן דער הערשאַפט פון ראָסאַס און דערקלערט די דרום־רעוואָלוציע. די גאַס אַזוי ווי אַלע גאַסן פון שטעטל פירט צו דער פּלאַסע אויף וועלכער עס הייבט זיך אויף אַ ווייסער דענקמאָל דער פרייהייט אין דער פאָרעם פון אַ פּיראַמידע אָדער אָבעליסק. עס איז די פּלאַסע אויף וועלכער עס האָט זיך פאַרזאַמלט אין אַ טאָג פון הונדערט יאָר צוריק דאָס פאָלק אויפן רוף פון די רעוואָלוציאָנערע פּירער און פּראָקלאַמירט דעם דרום־אויפשטאַנד, דאָס איז געשען ווי דאָס געשעט געשיכטלעך פאַר דער פאַרגעזענער צייט, מחמת די אונטערערדישע קאָנספּיראַטיווע צוגרייטונג איז צופעליק דורכגעפאַלן איבער אַ רעוואָלוציאַ־

נערן אויפֿרוף וואָס אַ לאָקאַלער באַנדיט, וועלכער איז אַריין אין דער אַר־
גענטינער ליטעראַטור און טעאַטער מיטן נאָמען כואַן קועזשאַ האָט געפֿונען
אויף דער שוועל פֿון דער שטעטלדיקער קירכע. ער האָט דעם אויפֿרוף גע־
בראַכט צום אָרטיקן ריכטער סאַנטשעז, וואָס געהערנדיק אַליין צו דער אונ־
טערערדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָט ער פֿאַרבירט אײַנצוזײַדן כואַן
קועזשאַן, אַז דער אויפֿרוף איז אַ ווערטלאָז שטיקל פּאַפּיר וואָס דאַרף
פֿאַרברענט ווערן, ווײַל עס זידלט דעם גובערנאַטאָר דעם רעסטאַוראַטאָר.
כואַן קועזשאַ, אַ געגנוג כיטרער, האָט דעם ריכטער געזאָגט, אַז עס וועט
גיין אַ דענונציע צום גובערנאַטאָר. אין דעם פֿאַל און כדי אויסצומײַדן גרע־
סערע געפֿאַרן, האָט דער ריכטער אַליין געמאַכט די דענונציע און געשיקט
ראָסאַסן דעם אויפֿרוף אַלס דאָקומענט, אויף וואָס עס איז פֿונעם דיקטאַטאָר
באַלד געקומען אַזאַ ענטפֿער: „פּאַקן פֿיר פֿון די אָנגעזעענסטע ווילדע
אוניטאַריער פֿון דאָלאָרעס און זיי שיקן קיין בוענאָס אײַרעס אין קייטן".
אָט די פּראָוואָקאַציע האָט אונטערגעאײַלט דעם אויפֿשטאַנד און דעם רע־
וואָלוציאָנערן מאַרש, וואָס איז אַרויס פֿון דאָלאָרעס און איז צעשלאָגן גע־
וואָרן ביי טשאַסקאָמוס און פֿון וואַנען ראָסאַס מאָמענטאַלע זיגער האָבן
געבראַכט דעם אָראָפּגעהאַקטן פֿאַרבלוטיקטן קאָפּ פֿון קאַסטעלי און אים
צוגענאָגלט אויף אַ סלופּ אינמיטן דער פּלאַסע פֿון דאָלאָרעס אויף דעם אָרט
וואו עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן די דרום־רעוואָלוציע וואו עס שטייט
היינט די פֿרייהייט־פּיראַמידע.

***

די אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע, וועלכע איז אינספּירירט געווען פֿון
יענע סאָציאַליסטישע אידעאַלן, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבער דער וועלט
סוף אַכצענטן און אָנהייב נײַנצענטן יאָרהונדערט און פֿון וועלכע עס איז
אויך אינספּירירט געוואָרן די אינספּירירנדיקע פֿראַנצויזישע רעוואָלוציע,
איז, אין איר גאַנג, צייטווייליק, געשטערט געוואָרן פֿון אַ טאָטאַליטאַרישער
דיקטאַטור. עס איז געווען די ראָסיסטישע דיקטאַטור, וואָס איז אַרויסגע־
קומען פֿון אַ בירגער־קאַמף מיט אַ סאָציאַלן הינטערגרונט, וועלכער האָט
זיך געפֿירט צווישן שטאָט און דאָרף; צווישן דער שטאָטישער אַריסטאָ־
קראַטיע ביי דער מלוכה־מאַכט און דער פֿעלדישער גאַוטשאָקראַטיע, וואָס
האָט פֿאַרנומען די מאַכט; צווישן דעם „פּראַק", ווי מען האָט דאָס גערופֿן,
און דעם „פּאָנטשאָ"; צווישן די „אוניטאַריער" און די פֿעדעראַליסטן. צוויי
קעגנזאַצן אין שייכות דער נייער מלוכה אין ווערן: די אוניטאַרישע פּאַרטיי
און די פֿעדעראַליסטישע. די ערשטע — לויט איר עלעמענט אַ אַריסטאָ־
קראַטישע, די צווייטע — אַ דעמאָקראַטישע; די ערשטע — לויטער אײַנ־

טעליגענץ, די צווייטע — אַ אַנאַלפאַבעטישע מאַסע. די ערשטע — אַ קאָפּ כמעט אָן אַ קערפּער, די צווייטע — אַ קערפּער כמעט אָן אַ קאָפּ, וואָס ווערט געזוכט אין דער געשטאַלט פון אַ פירער אַ דיקטאַטער — אַן אַליץ־ווייסער, אַן אַליץ־קענער — אַן אַלמעכטיקער. דאָס איז געווען דער פירער פון דער פעדעראַליסטישער באַוועגונג: כואַן מאַנועל ראָסאַס, וועלכן מען האָט איבערגעגעבן די מאַכט — צוערשט אין דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס אַלס גובערנאַטאָר און נאָכדעם — דיקטאַטער איבערן גאַנצן לאַנד מיט דער „סומע פון די עפנטלעכע מאַכטן" אין זיינע הענט.

די אַרגענטינער פעדעראַציע, ווי די אָרגאַניזאַציע פון די כמעט פּראָ־לעטאַרישע פאָלקסמאַסן, איז געווען אַ פאָלקיסטישע, כמעט אַ פּראָלעטאַ־רישע, לויט איר מענטשן־עלעמענט און לויט אירע רעוואָלוציאָנערע אידעען מיט דער רויטער פאָן און אַנדערע רויטע אָפּצייכענישן, ווי אַ סימבאָל, אָבער נישט נאָר די אַריסטאָקראַטישע, כמעט בורזשואַזע „אוניטאַרישע" פּאַרטיי איז צעמאָלן געוואָרן אונטער דעם רודער פון דער דיקטאַטור מיט דער טאָטאַליטאַרישער מאַכט אין אירע הענט, נאָר דאָס איז אויך געשען מיט דער אייגענער פעדעראַליסטישער פּאַרטיי, אויף וויפיל זי האָט געוואָלט אָפּהיטן אירע דעמאָקראַטישע פּרינציפּן און אירע סאָציאַלע אידעען. אויפן אָרט פון דער „פעדעראַציע" האָט זיך די ראָסיסטישע דיקטאַטור געשאַפן אַ טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געהייסן „מאַזאָרקאַ" און וועלכע האָט דורכגעפירט די באַנדיטישע און מערדערישע אַקטן.

פון דער דאָזיקער סיטואַציע איז אַרויסגעקומען אַ פאַרשווערערישע באַוועגונג אין גייסט פון דער באַפרייערישער מאַי־רעוואָלוציע. די באַווע־גונג און איר קאַמף איז געווען אַ ציווילע און אַ מיליטערישע. אַ טייל פון איר זענען געווען אַ גרופּע אָנפירער אין דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס, וועלכע האָבן זיך גערופן: „די פרייע פונעם דרום" (דרום פון לאַנד) און ווען אויפשטאַנד עס איז דערשטיקט געוואָרן פון דער ראָסיסטי־שער מאַכט.

דאָ ווערן דערמאָנט די מאַרטירער אין קאַמף פאַר פרייהייט, וועמענס קעפּ אויף טיראַנישע שפּיזן עס זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אויף די פּלאַצעס פון דאָלאָרעס און טשאַרקאָמוס, ווי טראָפייען פון זיג.

דאָ ווערט דערמאָנט דער דרומדיקער רעוואָלוציאָנערער אויפשטאַנד קעגן דער טאָטאַליטאַרישער רעגירונג, אין צווייטן פערטל פון נייינצענטן יאָרהונדערט, וואָס האָט פּרעטענדירט — מיסברויכנדיק אַ פרייהייטלעכע און דעמאָקראַטישע באַוועגונג — צו דערשטיקן די דערגרייכטע פרייהייט און מענטשנרעכט אין לאַנד און פון דער אייגענער באַוועגונג.

און ביי אַזוינע אומשטענדן האָט אַ גרופּע פון אַכט מענטשן אין דאָ־

לאַרעס גענומען אויף זיך די אָנפירונג פון אויספירן דעם פּלאַן פון דער דרום־רעוואָלוציע. דאָס זענען געווען דריי מיליטאַרן און פינף ציווילע; די ערשטע זענען געווען דער סערזשאַנט מאַיאָר פּעדראָ קאַסטעלי, אַ זון פון היסטאָרישן קאַסטעלי פון דער מאַי־רעוואָלוציע; דער קאָראָנעל מאַנועל ריקאָ און דער קאָראָנעל אַמבראָסיאָ קראַמער, וועלכער האָט געקעמפט צו־זאַמען מיט סאַן מאַרטינען פאַר דער באַפרייאונג פון אַרגענטינע און פון דרום־אַמעריקע; די ציווילע זענען געווען די ברידער כואַן ראַמאָן און וואַ־לענטין אַזעזאַ; די ברידער ראַמאָס מעכיאַ, פראַנציסקאָ מאַדעראַ און מאַר־טינעז קאַסטראָ און מיט זיי זענען געווען פון דריי ביז פיר טויזנט מענטשן גרייט צום אויפשטאַנד אויפן ערשטן סיגנאַל. דער פּלאַן איז געווען צום גרעסטן טייל געשטיצט אויף דעם „באַפרייאונגס־לעגיאָן" אונטער דער פּי־רערשאַפט פון גענעראַל לאַוואַזשע, וועלכער איז געשטאַנען אויף דעם אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ און ס'איז געווען אָפּגערעדט, אַז לאַוואַזשע מיט זיין לעגיאָן זאָל זיך דערנענטערן צום פונקט פון אויפשטאַנד. קומען אויפן ברעג פון טוזשו און ביי אַ געהעריקן סיגנאַל אונטערקומען. האָט אָבער לאַוואַזשע געענדערט זיין פּלאַן, וואַרשיינלעך איבער דער שווערקייט צוצוקומען צו דרום און אפשר אויך סטראַטעגיש אַרויסצוטרעטן אויף אַ צווייטער זייט אַ נאָענטע פון דעם אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ און ער איז אַריבער קיין ענטרע ריאָס צו שטעלן זיך דאָ אין פראָנט פון דער באַוועגונג.

דאָס איז געשען מיט זונאויפגאַנג אין טאָג פון 29סטן אָקטאָבער 1839, ווען מאַנועל ריקאָ אין באַגלייטונג פון אַ הונדערט רעוואָלוציאָנערן איז גע־קומען אויף דער פּלאַסע פון דאָלאָרעס און פּראָקלאַמירט דעם פאָלקס־אויפ־שטאַנד, קעגן טיראַן כואַן מאַנועל ראָסאַס אין נאָמען פון פרייהייט. אַלע איינוואוינער האָבן זיך אונטער אַלאַרמען פאַרזאַמלט אויף דער פּלאַסע, וואו עס איז אויפגעהויבן געוואָרן די בלוי־ווייסע אַרגענטינער פרייהייטס־פאָן, וועלכע איז אָפּגעשאַפט געווען פון ראָסאַסעס רעגירונג. דער אויפשטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן אין דער זעלביקער צייט אין טשאַסקאָמוס און אין מאָנ־סעלוואָ מיט פּעדראָ קאַסטעלי און אַמבראָסיאָ קראַמער בראַש. אונטער די פענער פונעם אויפשטאַנד האָבן זיך געזאַמלט טויזנטער מענטשן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעוואָלוציאָנערער מאַרש אויף בוענאָס איירעס. אָבער דער מאַרש איז צוריקגעשטויסן געוואָרן. דער דרום־אויפשטאַנד איז געוואָרן באַקעמפט.

צו די פריער שוין דערמאָנטע פאַטאַלע קלעפּ פאַר די רעוואָלוציאָנערן, זענען ביי דער געצוואונגענער אייליקייט צו דערקלערן דעם אויפשטאַנד צוגעקומען נאָך אַ טויט־קלאַפּ: די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך געשטיצט אין האָבן געהאַט די פאַרזיכערונג פון אָפיצירן פונעם קאַוואַלעריע־רעגימענט,

וואָס איז געשטאַנען אין אַסך און פון נאָך אַנדערע רעגימענטן אין דער פּראָווינץ, אַז זיי וועלן צושטיין, אָבער נישט זעענדיק דעם גענעראַל לאַוואַזשע בראש פון אויפשטאַנד, האָבן זיי זיך נישט נאָר נישט צוגעשטעלט, נאָר האָבן זיך געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון טיראַן און זיי זענען פאַראייניקט געוואָרן מיט די גרופּן אונטער דער קאָמאַנדע פון פּרודענסיאָ ראָסאַס, דעם טיראַנס ברודער און צוזאַמען אַטאַקירט דעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד און אים באַקעמפט מיט אומבאַשרייבלעכער ברוטאַליטעט. ווער פון די רעוואָלוציאָנערן עס איז אַריינגעפאַלן אַ לעבעדיקער אין די הענט פון די ראָסיסטן איז זיין קאָפּ געוואָרן אָפּגעהאַקט און די אָפּגעהאַקטע קעפּ זענען אויפגעשטאָכן געוואָרן אויף שפּיזן און זיי אויסגעשטעלט אויף די וועגן פון רעוואָלוציאָנערן מאַרש. די קעפּ פון קאַסטעלי און קראַמער, אויפגעשטאָכענע אויף שפּיזן זענען אַ סך טעג אויסגעשטעלט געווען אויף די פּלאַצעס פון דאָלאָרעס און טשאַסקאָמוס.

אָבער דער דרום־אויפשטאַנד איז אין יענע טעג נאָר פיזיש געוואָרן באַקעמפט. דער פיזישער כוח איז אָבער נישט מער ווי דאָס געצייג פון מאָראַלישן כוח און מאָראַליש איז דער דרום־אויפשטאַנד נישט געוואָרן באַזיגט, נאָר באַקרעפטיקט, פאַרשטאַרקט און איז געגאַנגען בראש פון דער פונאַנדערגעוואַקסענער באַפרייאונגס־באַוועגונג פון גאַנצן לאַנד, וואָס האָט זיגרייך פאַרענדיקט מיט דעם אָנגעהויבענעם קאַמף פון דער דרום־רעוואָלוציע און באַפרייט דאָס לאַנד פון דער ראָסיסטישער דיקטאַטור.

דער אויפשטאַנד פון „די פרייע פון דרום" דערציילט פון נאָך איינעם פון יענע היסטאָרישע העראָישע עפּיזאָדן, וואָס האָבן געשאַפן דורך קאַמף און דורך דערהויבנדיקער מסירת נפש דאָס ליבעראַלע, דאָס דעמאָקראַטישע, דאָס פרייע אַרגענטינע — גרינטלעכע, אומבאַגרענעצטע און אייביקע מענטשלעכע ווערטן, וואָס האָבן געעפנט די טירן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ פאַר אַלע פרייע מענטשן פון דער וועלט און מעגלעך געמאַכט דאָס צוזאַמענלעבן פון מענטש און מענטש, פון פאָלק און פאָלק פון וואָס אויך מיר יידן האָבן גענאָסן און גענוסן.

# טאַנדיל

## מילך, באַרגלופּט און לעגענדעס

אינמיטן, נאָר געגוויגט צו דרום־צו פון דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס, דריי הונדערט דרייסיק קילאָמעטער פון דער שטאָט בוענאָס איירעס, געפינט זיך דאָס גרויסע שטעטל טאַנדיל מיט איר באַרגיקער און טאַליקער אומגעגנט, וואוהין עס פירט אַ וועג.

ס'האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די זון דאָרט צווישן די טאַנדילער בערג אויף מערב און פון דער צוגעפאַלענער, אויסגעשטערנטער נאַכט איז אַרויסגעקומען די לבנה אויף דער אַנטקעגנדיקער זייט, ווען דעם פולמאַנס ביידע שאָפערן האָבן פילאָזאָפירט אויפן קול מיט אַ פּאָר טוריסטנס פון ליבע.

די ליבע־דיסקוסיע וואָס האָט אָנגעהאַלטן אויפן גאַנצן געשלענגלטן וועג צווישן די פאַלדנדיקע גרינע און בלאָנדע פעלדער, האָט זיך ערשט איבערגעהאַקט ווען דער פולמאַן האָט זיך אַריינגעפּלאָנטערט צווישן די בערג ווי אין אַ פאַרכישופטן קרייז, וואו אָט איז די לבנה פון פאָרנט און אָט איז זי פון הינטן און אָט איז זי ווידער פון פאָרנט, און אין איין אויגנבליק שטייט זי אויף איין זייט און באַלד אויף דער צווייטער זייט און דערנאָך ווידער אויף דער ערשטער ביז עס האָבן פון ווייטן אָנגעהויבן פינקלען און בלישטשען ליכטער, וואָס האָבן זיך אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט און זיך ווידער אויפגעהויבן, ווי צו באַגריסן די אָנקומענדיקע אין דער באַרג־שטאָט.

***

זיי זענען דאָ נישט צוזאַמענגעשלאָסן די בערג און נישט אונטערגעוואָרפן איינע די אַנדערע. יעדער באַרג איז אַ באַרג פאַר זיך, זעלבסטשטענדיק, מיט אַן אייגענער געשיכטע, מיט אייגענע לעגענדעס, מיט אייגענע אוצרות און מיט אַן אייגן לעבן; זיי לעבן צווישן זיך, די טאַנדילישע בערג, אין גוטער שכינהשאַפט, פרידלעך; זוכן נישט איינער ביים אַנדערן אוועקצונעמען פאַר זיך דעם לעבנסרוים. אויף די דיסטאַנצן אינדערנידער צווישן

בארג און בארג זענען אויסגעשפרייט גרינע פעלדער, פארקן, גערטנער, פארמס, און עס פאשען זיך קעלבער און מעקען, און עס פאשען זיך קי, וואס טראגן פולע אייטערס מיט מילך, און עס פירן די וועגן צו די בערג; אויף די בערג, וואס האבן צעעפנט זייערע טירן פאר אלעמען, פאר געזונטע און פאר קראנקע, פאר מענטשן מיט שוואכע לונגען און פאר מענטשן מיט שטארקע לונגען; פאר מענטשן וואס אטעמען לייכט און פאר מענטשן וואס אטעמען שווער; זיי קוקן אויס, די בערג, מ'זאל קומען אויף זיי, מען זאל זיך אויפהויבן, גיין בארג ארויף און שטייגן און גענעסן פון זייער ריינער, טרוקענער און פרייער לופט; זיי פילן אוודאי די בערג ווי מען קיצלט זיי אין די זייטן און מען נעמט ארויס שטיינער פון זיי, דאס ארט זיי אפשר, אבער זיי נעמען זיך דאס נישט צום הארצן, זיי האבן שוין פון יארן לאנג שלום געמאכט מיט זייער גורל. אזוי לאנג זינט מען ארבעט ארויס פון זיי שטיין צו בויען וועגן, צו ברוקירן גאסן, צו מאכן פארקנס, צו בויען הייזער, בריקן, און זיי זענען שוין אויך מיט דעם פראדוקטיוון גורל צופרידן, די בערג, צופרידן פון זייער פראדוקטיוויטעט, פון באזארגן מענטשלעכע באַ-דערפעניש און אפנים אז די פראדוקציע שעדיקט זיי נישט, שוין אזוי פיל יארן אז מען נעמט פון זיי שטיין און זיי זענען נישט אומגעקומען, נישט פארשוואונדן, אפילו נישט קלענער געווארן; זיי זענען ווי בוימער, וואס קומען נישט אום פון דעם וואס מען שניידט ארום זייערע צווייגן, דאס מאכט זיי קרעפטיקער, שטארקער, צעוואקסענער.

***

יעדער טאנדילער בארג האט זיינע געשיכטעס, זיינע לעגענדעס. אט איז דער ערשטער פון זיי, לאמיר אים רופן דער שטאטישער, מחמת ער איז דער נאענטסטער און שטייט כמעט אין שטאט. עס פירט צו אים א ברייטער בולוואר, וועלכער ענדיקט זיך אין געקרייזלטע וועגן, דארט וואו די שוים פונעם בארג איז באקליידט מיט א ברייטן פארביקן פארקן און וואו עס איז אויסגעבויט א קאלאסאלע געביידע פון שטיין אין דער פארעם פון א גיגאנטישן טויער, וואס דערמאנט אין א פעסטונג, מיט פענצטער אויף זיינע אויבערשטע שטאקן, וואס זענען געעפנט צו דער בארגיקער פאַ-נאראמע פון דעם מיילן ווייטן ארום. דורך דעם טויער קומט מען אריין אין דער סביבה פונעם בארג מיט זיינע געדרייטע און זיגזאגישע וועגן און שטעגן, שטיינערדיקע, וואס הויבן זיך ארויף צווישן די צעוואקסענע בוימער פון בארגיקן וואלד; בוימער וואס לאזן זיך באוואונדערן מיט זייער וואקסן ווי פון שטיין ארויס. איידער מען דערגייט צום שפיץ בארג קומט מען אריין אין אן אויסהיילונג מיט גאלעריען, וואס האבן אוודאי אמאל געדינט

פאַר אַ שוץ און פאַר אַ קוק־פּלאַץ אין דער הויך פונעם באַרג אין צייטן פון קאַמף, און אויפן סאַמע שפּיץ באַרג, באַוואַקסן מיט ביימער און שטיינער שטייען, ווי איינגעוואַקסן אין שטיין, אַלטפרענקישע קאַנאָנען מיט זייערע אַרויסגעשטעקטע מיילער אויף דעם אַרום און צווישן זיי איז אַרויסגעהויבן די בראָנזענע פיגור פון גענעראַל מאַרטין ראָדריגעז.

און עס דערציילט זיך אַזוי די געשיכטלעכע לעגענדע, אַז אַמאָל מיט הונדערט און אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק, נאָך דריי הונדערט יאָר „ציוויליזאַציע” פון דער שפּאַנישער הערשאַפט, האָט די פרייהייט־אַרמיי, וועלכע איז אַרויסגעקומען פון פייער פון דער מאַי־רעוואָלוציע, געשיקט אירע עקספּעדיציעס אין דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס צו בויען באַפעסטיקטע אַוואַנס־ליניעס צו פאַרנעמען לאַנד און דאָס באַשיצן פון די כסדרדיקע אינדיאַנישע אינוואַזיעס.

אפנים אַז די אינדיאַנער וואָס האָבן אָנגעהויבן זייער קאַמף קעגן דער שפּאַנישער מאַכט פון אירע ערשטע פאַרכאַפּערישע עקספּעדיציעס אָן און אין וועמען די אינדיאַנער האָבן געזען די אויסראָטער פון דער אינדיאַנישער ראַסע, האָבן דעם קאַמף נישט אויפגעגעבן אין משך פון יאָרהונדערטער און זיי האָבן אים אויך פאָרגעזעצט בעת דער מאַי־רעוואָלוציע, וואָס איז געווען די זאַך פון דער בוענאָס איירעסער פּאָרט־שטאָט און וועלכע איז צו דער מענטאַליטעט פון די אינדיאַנער, אין דער טיפער פּראָווינץ, נישט דערגאַנגען; זיי האָבן פון דער מאַי־רעוואָלוציע נישט געהאַט קיין ידיעה, קיין אַנונג און זיי האָבן אָנגעהאַלטן זייער קאַמף דורך אינוואַזיעס און אַטאַקעס אויף זייער שטייגער און מיט זייערע פּרימיטיווע מיטלען קעגן די ווייסע, וועלכע זיי האָבן געזען זינט דעם ערשטן טאָג פון דער שפּאַנישער אינוואַזיע אויף זייער לאַנד אין דער געשטאַלט פון רויבער, מערדער, פאַרכאַפּער, פאַרשקלאַפער און אויסראָטער.

איז געקומען אויפן צווייטן יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע דער גענעראַל מאַרטין ראָדריגעז, מיט אַ צאָל מענטשן פון דער פרייהייט־אַרמיי, מיט אַ קאַראַוואַנע וועגענער, וואָס האָבן געפירט קאַמף־ און לעבנס־מיטלען און האָבן געפירט זיבן קאַנאָנען, און ער האָט אויפגעשטעלט אַ לאַגער אויפן באַרג און ער האָט דעם באַרג פאַרוואַנדלט אין אַ פעסטונג, וואָס איז געבויט געוואָרן דרייצן יאָר אַלס אַן אַוואַנס־ליניע, מיטן צוועק אַריינצוקריגן זיך אין די ווילדע פּאַמפּעס, און מיטן צוועק צו באַשיצן די אָקופּאַציעס און דאָס אויסברייטערן איבערן לאַנד די הערשאַפט פון באַפרייטן און זיך בויענדיקן אָבער נאָך נישט פאַרזיכערטן אַרגענטינע, אין פלאַמענדיקן קאַמף קעגן דער באַוואוסטזיניקער און אַמביציעזער שפּאַנישער מאַכט פון איין

זייט, און מיט די אומבאוואוסטזיניקע טיף־לענדישע אינדיאַנער פון דער צווייטער זייט.

און נאָכדעם ווי די פעסטונג אויפן באַרג איז שוין געווען אויסגעבויט און קיין מיליטערישע שלאַכטן מיט אינדיאַנישע אינוואַזיעס איז נישט גע־ווען צו פירן, איז דער גענעראַל ראָדריגעז אראָפּ פון באַרג, וועלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן „פעסטונג פון דער אומאָפּהענגיקייט", וואָס דאָס איז געווען אין גייסט פון דער מאַי־רעוואָלוציע און ער האָט אונטן אויסגע־צייכנט אַ פּלאַן און אין איינעם אַ שיינעם טאָג, זעקס אַזייגער אינדערפרי, האָט ער פאַרזאַמלט די שעפען און די אָפיצירן פון זיין אַרמיי, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון 260 מענטשן באַוואָפנטע מיט אַרבעט־געצייג צו בויען די באַרג־פעסטונג און וואָס איז צום סוף פון דער אַרבעט געווען אויסגע־וואַקסן צו אַן אַרמיי פון 2.500 מענטשן, וועלכע זענען אויך געוואָרן פאַר־זאַמלט אין יענעם טאָג און ער האָט געהייסן אויפשפּילן די מוזיק פון די מיליטערישע אָרקעסטערס און פון די וואָפן, און די זיבן קאַנאָנען פון דער אַרטילעריע דאָרט אויפן שפּיץ־באַרג, האָבן אויסגעשאָסן, און אַזוי איז גע־גרינדעט געוואָרן די שטאָט אונטערן נאָמען „פעסטונג און פראָנט פון דער אומאָפּהענגיקייט".

דער אַקט איז פייערלעך מיטגעטיילט געוואָרן דעם גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ. דער קאָמוניקאַט פון מאַרטין ראָדריגעז שילדערט דאָס גע־שטאַלט און דאָס פאַרמעגן פון טאַנדיל ווי אַן אומבאַקאַנטע און ערשט־דעראָבערטע טעריטאָריע, מיט שיינע פעלדער, אויסגעשפּרייטע און בערגי־קע, באַוואַסערטע און באַוואַקסענע פון אַלע זייטן מיט אַלע מינים אַגרי־קולטור און פּרוכטן, באַשיצט קעגן די שטאַרקסטע ווינטן, און נאָענט פון די „באַרבאַרן" מיט וועלכע עס איז לייכט צו פירן האַנדל, דאָס זענען די עלעמענטן פון נייעם פראָנט און פעסטונג. ביים סכעמאַטיזירן דאָס אַלץ פילט זיך דער גענעראַל קאַפּיטאַן גערירט פון פאַרגעניגן פון אַזאַ דעראָבע־רונג און די פּראָדוקטיווע קלאַסן פון לאַנד וועלן דאָס קענען אויסנוצן אין אַזאַ מאָס וואָס זאָל זיי געבען נישט נאָר לעבנסמיטלען פאַר זייערע באַ־דערפענישן נאָר אויך פאַרגרעסערן זייער פאַרמעגן און קענען אין אַ קורצער צייט קאָנקורירן מיט די גרעסטע פון דער פּראָווינץ.

„חוץ דעם פּלאַן פון דער פעסטונג, וואָס איז געצייכנט אונטער איר שוץ, אַלס אַ שטעטל פאַר אַ פאַמיליאַרן לעבן, באַשיצט קעגן טעראָר און קעגן אינוואַזיעס, וועט זי אין אַ טאָג זיין, אַזוי ווי דער גובערנאַטאָר האָט דאָס אפשר פאַרגעזען, אַ זייער באַפעלקערטע און רייכע שטאָט, וואָס וועט מיט איר פּראָדוקציע און קאָמערץ ביישטראָגן צום פאַרגרעסערן די שטענדי־קע רענט פאַרן אויסהאַלטן די עפנטלעכע פונקציעס פון דער פּראָווינץ,

אפשר צו דער הויך פון איר באַדערפעניש און וועט דערהויבן דעם רעספעקט און די גרויסקייט צו וואָס זי איז דורך דער נאַטור באַשטימט".

און אָט די „פעסטונג" פון וועלכער עס שרייבט אַזוי דער גענעראַל מאַרטין ראָדריגעז, מיט 117 יאָר צוריק, איז היינט פאַרוואַנדלט אין אַ לעגענדע אין וועמענס צענטער עס שטייט דער פּאַרק־באַרג מיט דעם גיגאַנטישן טויער, אָפן און פריי פאַר אַלעמען, וואָס ווילן אַרויפקומען און געניסן פריי פון זיין ריינער, באַפרישנדיקער און געזונט־מאַכנדיקער באַרגלופט, וואָס שעפּט זיך קיינמאָל נישט אויס און וואָס איז דאָס באַליבטסטע, דאָס אומפאַרמיידלעכסטע פּלאַץ פון יעדן טוריסט.

אַמאָל איז דער באַרג געווען אַ פעסטונג, היינט איז ער קוואַל פון ריינער לופט און אַ לייטער צו דערהויבונג; אַמאָל האָט מען פון זיין הויך געזען אין דערווירקלעכקייט אָדער אין דער פאַנטאַזיע אינדיאַנישע אינוואַזיעס פון צעשטערונג, היינט זעט מען פון זיין הויך אַ „אינוואַזיע" פון קולטור און פּאָרשריט, אַ פּרעכטיקע פּאַנאָראַמע פון אַרבעט און פרידן.

*⁎*

אַרום דער שטאָט, וואָס שטייט אין טאָל, אָבער צוויי הונדערט מעטער הויך איבערן ים־ניוואָ, זענען צעשטעלט די טאַנדילער בערג, ווי פעסטונגען, אין אַ קרייז פון 60 קילאָמעטער אַרויסגייענדיק פונעם שטאָטישן צענטער.

אין דעם קרייז שטייען זיי די קלענערע און די גרעסערע בערג, אייניקע זענען די העלדן פון געשיכטעס און לעגענדעס און נעמען אויף טוריסטן און זענען זיי מכבד מיט ריינע לופט און שיינע פּאַנאָראַמעס; אַנדערע זענען די העלדן פון פרוכטבאַרקייט, פון נאַטור־רייכקייט, פון פּראָדוקציע און פון דעם געזאַנג פון אַרבעט.

עס שטייט אין דעם באַרג־קרייז, אַרויסגייענדיק פון שטאָט־צענטער, דער באַרג פון דער געשיכטלעכער פעסטונג, וואָס דערמאָנט אין דעם קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט און אויף וועמענס קאָפּ מען טרעפט זיך מיט מענטשן פון לאַנד און פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, און מען הערט פריי און האַרציק ריידן אויף פאַרשידענע שפּראַכן, יידיש איז דאָ אויך נישט פרעמד. און מען טרעפט זיך דאָ מיט יידישע יוגנט־פריינט, וועלכע מען זעט אין זייער מיידלשע און אינגלשע געשטאַלטן און אין זייער אויפגייענדיק לעבן און שטרעבן פון אַמאָל, כאָטש דאָ זענען זיי אין באַגלייט פון זייערע ליבע שוין דערוואַקסענע קינדער, וואָס גייען אויף אַנדערע, ווייניקער אינטערעסאַנטע, לעבנס־וועגן, ווי עס זענען געווען די וועגן פון זייערע יוגנטלעכע עלטערן... ס'קוקט אַרויף צום באַרג די וואַקאַציע־קאָלאָניע פאַר שול־קינדער וואָס דער נאַציאָנאַלער דערציאונגס־ראַט האָט דאָ אוועקגעשטעלט

מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק און וואו עס קומען נאָך געזונט יאָר־איין יאָר־אויס טויזנטער קינדער פון דער שטאָט בוענאָס איירעס און פון אַנדערע פונקטן פון דער רעפּובליק; עס שטייט ווייטער אין דעם קרייז דער באַרג נאַגאַלעס, וועלכער זאַפּט איין אין זיך דעם שוויים פון אַרבעטער ביים אַרויסנעמען שטיין פון אים; עס שטייט דער סענטינעלאַ מיט דער געשטאַלט פון א וועכטער און ער שטייט ביי דער זייט פונעם „מאַרגנשטערן" אַנצוזאָגן דעם זונאויפגאַנג; עס שטייט דאָרט א ביסל ווייטער און העכער דער באַרג „לאָס אַנימאָס" און יענע, וואָס זענען אין א שלעכטער שטימונג איז געווג זיי זאָלן אַרויפקומען אויף דעם באַרג, זיי זאָלן ווערן באַמונטערט, עס איז דער גורל פון גיין באַרג אַרויף... אביסל ווייטער שטייט 'מאָנטע קריסטאָ" ווי צו טרייסטן די מענטשהייט, וואָס ווערט געפּייניקט און מאַרטירעזירט היינט אַזוי ווי אין אַמאָליקע צייטן און היינט אפשר נאָך מער ווי אַמאָל און דאָס וועט אוודאי נישט אויפהערן פון טרייסט אָן האָפענונג, פּונקט ווי דאָס קאָן נישט אויפהערן פון רעזיגנאַציע קעגן די פּייניקער... ווייטער שטייען „די לייבן", וואָס זענען גראָד נישט אַגרעסיוו, פאַרקערט, זיי זענען רואיק און אפנים, אַז עס אַרט זיי גאַרנישט אַז מען האַקט פון זיי שטיקער און צום ווייטסטן האָט זיך אוועקגעשטעלט דער באַרג מיטן היטל ווי א פרומער ייד, וואָס גייט נישט אין בלויזן קאָפּ.

און צווישן די בערג באַהאַלטן זיך קוואַלן און קליינע וואַסערפאַלן און גרויסע גיטער אַזוינע ווי די עסטאַנסיאַס „סאַן סוטשי", „לאַ אינדיאַנאַ", „בעזשאַ וויסטאַ", „אַסעלאַין", „אַנטשאָרענאַ", „סאַנטאַמאַרינאַ", סאַנטאַמאַרינאַ און סאַנטאַמאַרינאַ, זיי האָבן זיך דאָ אויסגעשפּרייט די סאַנטאַמאַרינאַס אָן א גרענעץ און אָן א סוף, זיי האָבן אויך אַריינגענומען דעם „מאָנטע קריסטאָ" אין זייער פאַרמעג און עס זעט אויס ווי „גאָט" וואָלט נאָר פאַר זיי באַשאַפן די ערד מיט די בערג, מיט די טאָלן, כדי די סאַנטאַמאַרינאַס זאָלן טון צדקה און מעשים־טובים, פון וואָס זייער פאַרמעג ווערט קיינמאָל נישט קלענער.

פון דער פלעיאַדע בערג האָב איך בכיוון פריער נישט דערמאָנט איינעם, וועלכער שפּילט א גרויסע ראָלע אין דער לעגענדאַרישער געשיכטע פון טאַנדיל.

עס איז דער באַרג וועמען מען רופט איצט „מאָוועדיסאָ" און וואָס מיינט א באַרג, וועלכער באַוועגט זיך. דער דאָזיקער באַרג איז געווען דער וואונדער פון אַלע טוריסטן אַמאָליקע יאָרן, דער וואונדער פון לאַנד, און אפשר דער וואונדער פון דער וועלט: אויפן שפּיץ קאָפּ פון א גרויסן באַרג האָט די נאַטור געהאַט אַרויפגעשטעלט א קליינעם שטיין־באַרג און ער האָט זיך באַוועגט און זיך געוויגט אַראָפּ און אַרויף, אַראָפּ און אַרויף, אַזוי טאָג־

אײן, טאָג־אױס, יאָר־אײן, יאָר־אױס, זינט ער איז באַשאַפֿן געװאָרן אױפֿן קאָפּ פֿון דעם אונטערשטן באַרג. אַזױ האָט דער אונטערשטער באַרג געטראָגן אױף זײן קאָפּ דעם אױבערשטן באַרג, װעלכער האָט נאָך געהאַט די טבע נישט צו זיצן רואיק נאָר װיגן זיך און טאַנצן אױף יענעמס קאָפּ, ביז דער אונטערשטער באַרג איז װי געקומען צום באַװאוסטזײן פֿון זײן אײגענעם כוח און אין אַ שײנעם טאָג אָדער אין אַ שײנער נאַכט (אױפֿן באַרג זענען די נעכט אױך שײן) האָט ער גענומען און אַראָפּגעװאָרפֿן פֿון זיך דעם באַרג װאָס האָט זיך געװיגט הונדערטער יאָרן אױף זײן קאָפּ.

די געשעעניש האָט געמאַכט אַ רושם נישט נאָר אױף גאַנץ טאַנדיל, נאָר אױך אױפֿן גאַנצן לאַנד, אָבער מען האָט גאָר נישט געקאָנט מאַכן, אַראָפּגעװאָרפֿן — פֿאַרפֿאַלן!

פֿון דעמאָלט אָן, איז דער װאונדער פֿון באַװעגלעכן באַרג נאָר געבליבן פֿאַראײביקט אין די געאָגראַפֿישע ביכער, אױף די טאַנדילער אַנזיכט־קאַרטלעך און אין סקולפּטאָרישע אױסאַרבעטונגען פֿון מאַרמאָל און פֿון גיבס מיט װאָס עס זענען פֿול די טאַנדילער שױפֿענצטער, איז געװאָרן דער הערב פֿון טאַנדיל, איז אַפֿילו געבליבן אַלס נאָמען פֿון דעם באַרג פֿון װעלכן ער איז אַראָפּגעװאָרפֿן געװאָרן, אָבער אין דער װירקלעכקײט לעבט ער מער נישט, אין דער װירקלעכקײט ליגט ער דאָרט פֿאַרשטײנט און אומבאַװעגלעך אױפֿן זעלבן באַרג פֿון װעמענס קאָפּ ער איז אַראָפּגעװאָרפֿן געװאָרן און עס קומען צו אים אַרױף טוריסטן װי אױף קבר־אבֿות. זײ װערן געפֿירט, די טוריסטן פֿון אַ מחנה אָפּגעריסענע ײנגלעך, װעלכע האָבן זיך פֿון דעם געמאַכט אַ פּרנסה פֿאַר זיך און אַרױסצוהעלפֿן אין דער פּרנסה זײערע עלטערן. קײן טוריסט װעט נישט באַװײזן זיך דאָ פֿון זײ צו באַפֿרײען, זײ נעמען אים אַרײַן אין זײערע הענטלעך און פֿירן אים באַרג אַרױף: זײ קאָנען גענױ דאָ אַלע װעגן און שטעגן, אַלע זײנע ליגנדיקע, שטײענדיקע און צעװאָרפֿענע שטײנער־געגנטן, אַלע שפּאַלטן און הײלן און זײ װײסן דעם טוריסטס שװאַכקײט צו לאָזן זײן נאָמען אױף די באַרג־פֿאַלדן און זײ קענען מאָלן, צי איר װילט, צי איר װילט נישט, מאָלן זײ אױס אײער נאָמען מיט דער ספּעציעלער פֿאַרב און פּענדזל װאָס זײ טראָגן מיט זיך — װאָס הײסט זײן אױף דעם געשיכטלעך־װאונדערלעכן באַרג און דאָרט נישט איבערלאָזן אײער נאָמען?

אָבער נאָך נישט מיט דעם באַשרײבענעם ענדיקט זיך די געשיכטע פֿון דעם באַרג פֿון װעמען די שטאָט און די גאַנצע פּאַנאָראַמישע געגנט אַרום האָט באַקומען דעם נאָמען װאָס זי טראָגט.

דעם אורשפּרונג פֿון אַ סך נעמען און װערטער פֿון אַרגענטינישן שפּאַניש געפֿינט מען אין די שפּראַכן פֿון די געװעזענע אינדיאַנישע שבֿטים

פון דעם פאַרקאָלאָניאַלן און בעת דעם קאָלאָניאַלן אַרגענטינע, וואָס טיפער אין דער פּראָווינץ אַלץ מער טרעפט מען דעם דאָזיקן אינדיאַניזם. אפנים, אַז די אינדיאַנער זענען נישט געווען אַזוי ווילד ווי מען מאָלט זיי, זיי האָבן געהאַט קולטור, שפּראַך און פון זייער שפּראַך־אוצר האָט אויך דאָס רייכע שפּאַניש געשעפּט.

לעגענדאַרישע ווערסיעס דערציילן אַז דער נאָמען טאַנדיל איז דער נאָמען פון אַ קאַציק, אַ פירער פון אַ אינדיאַנישן שבט, וואָס האָט געלעבט אין דער געגנט. לויט אַנדערע ווערסיעס איז טאַנדיל דער אינדיאַנישער טייטש פון אַ גרויסן באַרג, אַזוי זאָל ער האָבן געהייסן אויף דער שפּראַך פונעם שבט מאַלוטשעס, וועלכער פלעגט אָפט קומען אין דער געגנט און אַזוי גערופן דעם באַרג. וואָס האָט זיי אויסגעזען העכער פון אַנדערע, אָבער עס דערציילט זיך, און דאָס איז געוואָרן באַגרינדעט און אָנגענומען, אַז מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק אין 1766, האָט געלעבט דאָ אַ יעזואיטישער מיסיאָנער מיטן נאָמען טאָמאַן פאַלקנער, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט עוואַנגעליזירן דאָ די אינדיאַנער און ער האָט זיך צוליב דעם מיט זיי איינ־געלעבט און געריעדט אויף זייער שפּראַך, ער האָט באַשריבן די געגנט אין אַ בוך און ער רופט אָן טאַנדיל דעם העכסטן פון די בערג, וואָס רינגלען אַרום די שטאָט און דער העכסטער פון די בערג איז געווען דער באַרג מיט דעם באַוועגלעכן שטיין־באַרג אויף זיך, וואָס אין די אויגן פון די אינדיאַ־נער האָט דער באַרג אָנגענומען דאָס געשטאַלט פון אַ גיגאַנטישע קופּע שטיינער, און די אינדיאַנער פון שבט מאַלוטשעס, וועלכער האָט געהערט צו דער אינדיאַנישער ראַסע אַראַקואַנאַ, האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם באַרג, וואָס האָט גערופן זייער גרעסטע אויפמערקזאַמקייט און זיי האָבן אים גערופן אַזוי ווי זיי האָבן אים געזען אין זייער באַגריף: טהאַון ליל. די צוויי ווערטער זענען אין פאַרלויף פון דער צייט צונויפגעגאָסן געוואָרן און ס׳איז אַרויסגעקומען „טהאַנדיל״, וואָס איז אַראַקואַניש, האָט עס פּאַנעטיש גע־קלונגען ווי טאַנדיל.

קיין אינדיאַנער זעט מען היינט מער נישט אין טאַנדיל, אָבער אַן אָנ־דענק פון זייער דאָ־זיין און פון זייער קולטור איז דאָך געבליבן.

***

חוץ די צוואַנציק טויזנט טוריסטן, וואָס לעבן זומער־צייט אין דער טאַנדילער באַרג־סביבה, האָט טאַנדיל אירע אייגענע אַכציק טויזנט שטענ־דיקע איינוואוינער, וואָס ציען אַרויס זייער לעבנסמיטל פון שטיין, פון מילך, פון פלאַנצן און פון אַנדערע זאַכן, אַרבעטנדיק, פּראָדוצירנדיק, האַנד־לענדיק און קאָנסומירנדיק, באַשיצט דורך די בערג פון בייזע ווינטן, ווי

דאָס האָט פאַרגעזען מאַרטין ראָדריגעז, האָט זיך די שטאָט אויסגעבויט און
בויט זיך ווייטער: דראַשקעס, אויטאָס, קאָלעקטיוון, אָמניבוסן צירקולירן פון
פאַרטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט איבער אירע אויסגעפּורעמטע, אויסבּרו־
קירטע און אויסגעפלאַסטערטע גאַסן און אַווענידעס און איבער די וועגן פון
דער נאַטור־שיינער אומגעגנט; פיר גרויסע בענק, צוויי נאַציאָנאַלע, איינע
אַ פּראָווינציעלע און איינע אַ לאָקאַלע באַדינען פינאַנציעל איר בריטן און
אינטענסיוון האַנדל, אינדוסטריע און קאָנסטרוקציעס. זעקס קעגנזייטיקע
הילפס־פאַראיינען פון איטאַליענער, שפּאַניער, פראַנצויזן, סיריער און פון
קאָסמאָפּאָליטן, ווי אויך צוויי סאַנאַטאָריעס און איין שפּיטאָל, וואָס טראָגט
דעם נאָמען פון סאַנטאַמאַרינאַ באַדינען אירע קראַנקע; דריי קינאָס זעען
טאָג־טעגלעך צו באַזאָרגן אירע איינוואוינער מיט קינאָמאַטאָגראַפישע פאַר־
ווייַלונגען; פופצן קאַפעען, באַרס און קאָנפעטעריעס מיט די באַטעמטע
טאַנדילער „אַלפאַכאָרעס”, פאַרווייַלן אויך די איינוואוינער און טוריסטן.
אַנדערע געזעלשאַפטלעכע באַדערפענישן ווערן באַדינט פון אַ טוץ פאַרשי־
דענע קלובן; חוץ די גרויסע מאָרגן־ און אָוונט־צייטונגען וואָס קומען פון
בוענאָס איירעס און וואָס ווערן דאָ געלייענט פאַרקערט: — די מאָרגן־
צייטונגען ווערן געלייענט אין אָוונט און די אָוונט־צייטונגען ווערן געלייענט
צומאָרגנס — איז די שטאָט פאַרזאָרגט מיט אייגענע דריי טעגלעכע צײַ־
טונגען און מיט פיר צייטשריפטן און די שטאָט איז אויך פאַרזאָרגט מיט
אַלע מינים עפנטלעכע אינסטיטוציעס פאַר בילדונג, פאַר קאָמוניקאַציעס,
פאַר זיכערקייט, פאַר נעמען שטייערן און פאַר פאַרצייכענען די חתונות,
די געבורטן און דעם טויט. עס פעלט אויך נישט קיין היפּאָדראָם צו שפּילן
אויף פערד, אייגענע און אויך אויף די פערד וואָס לויפן אין די היפּאָדראָמס
פון פּאַלערמאָ, לאַ פּלאַטאַ און סאַן איסידראָ. מיט איין וואָרט: עס איז אַ
שטאָט מיט דעם אַלעם גוטן וואָס עס קאָן זיך ווינטשן אַ שטאָט אינמיטן
פון אַ פּראָווינץ און ווי דאָס האָט געזען אין זיין רייכער פאַנטאַזיע איר
גרינדער מאַרטין ראָדריגעז דעמאָלט, מיט הונדערט און זיבעצן יאָר צוריק,
בעת ער האָט געלייגט דעם גרונטשטיין דאָ אינמיטן דער פּלאַסע אין צענטער
פון שטאָט און וואו אַ פרייהייט־פּיראַמידע, באַהאַנגענע מיט בראָנזענע באַ־
גריסונגס־טאָוולען פון איינגעוואַנדערטע קאָלעקטיוויטעטן, דערמאָנט שטענ־
דיק אין דער מאַי־רעוואָלוציע און אין דער אַרגענטינער זעלבסטשטענדיקייט.

אָבער דאָס היינטיקע טאַנדיל, וואָס האָט די אַמאָליקע פאַנטאַזיע פאַר־
וואַנדלט אין אַ ווירקלעכקייט, איז דאָך אַנדערש צו אַנדערע שטעט מיט אי־
רע לעגענדעס, פון וועלכע די שטאָט קען זיך נישט און וויל זיך נישט באַ־
פרייען.

איינע פון אירע לעגענדעס איז פאראייביקט אין דעם נאָמען פון אַ ווינקל, וואָס הייסט „מאַנאַנטיאַל דע לאָס אַמאַרעס".

די לעגענדע פון דעם דערציילט זיך אַזוי: אַמאָל, ווען טאַנדיל איז געווען אַן אָרעם דערפל פון קליינינקע ראַנטשעס פון פּאַרטריקנטער בלאָטע די וועגנטלעך און פון שטרוי די דעכלעך, האָט אין איינער פון די ראַנטשאָס געלעבט אַ יונגע און שיינע פּרוי מיטן נאָמען אַנדרעאַ. זי פלעגט גיין צום קוואַל זיך וואַשן און אַהיים נעמען פון קוואַל וואַסער צום טרינקען פאַר איר אַלטן טאַטן.

ביים קוואַל האָט זיך אַנדרעאַ געטראָפן מיט אַ מאַן און זיך אין אים פאַרליבט. אַז דער אַלטער טאַטע האָט דערזען ווי זיין טאָכטער איז פאַרליבט, האָט ער איר נישט אַרויסגעלאָזט פון דער ראַנטשאָ. אַנדרעאַ איז געוואָרן משוגע, האָט נאָר גערעדט צו זיך אַליין און אירע רייד זענען געווען פון ליבע. טאָג און נאַכט איז זי געזעסן אין דער טיר פון דער ראַנטשע און אויסגעקוקט איר געליבטן, אָבער ער איז נישט געקומען. דער אַלטער טאַטע האָט איר ווידער דערלויבט אַרויסצוגיין פון דער ראַנטשאָ און זי איז אַוועק צום קוואַל, אָבער זי האָט נאָר געפונען ביים קוואַל די ווערבע ביי וועלכער זי פלעגט זיך טרעפן מיטן געליבטן און דעם געליבטן נישט. אַ פאַרבענקטע פלעגט זי זיך פאַרנאַכט אומקערן אין דער ראַנטשע און גאַנץ פרי ווידער אַרויסגיין צום קוואַל, ביז זי האָט זיך פון קוואַל מער נישט אומגעקערט...

און פון דעמאָלט אָן הייסט דאָס ווינקל אין אַ וועלדל ביי אַ טייכל און אונטער אַ בערגל „מאַנאַנטיאַל דע לאָס אַמאַרעס", וואָס ציט צו זיך די טוריסטן, די שטאָטישע יוגנט און די פאַרליבטע.

אין דער טאַנדילער סביבה קלינגט פון דער נאָענט און ווייט דער נאָמען סאַנטאַמאַרינאַ: ער קלינגט אַראָפּ פון אַ ברייטער שטאָטישער אַוועניידאַ; ער קלינגט אַראָפּ פון איינציקן שפּיטאָל; ער קלינגט אַרויס פון אַ נאַציאָנאַלער פאָרעם־שול מיט אַ קעז־פאַבריק; ער קלינגט אַרויס פון די גן־עדנדיקע גיטער פון דער „אינדיאַנאַ", די ראַמאָנס, עדוואַרדאָס, אַנכעלס, מערסעדעס, מאַריאַס, ראַמאָן ערשטער, אַנאַ ערשטע און פון די „דע" סאַנטאַמאַרינאַ; ער קלינגט פון די ווייטע, ברייטע פעלדער, בערג און טאָלן; ער קלינגט אין די קלאַנגען וואָס טראָגן זיך פון די קאַנטעראָס, וואו אַרבעטער קלאַפּן מיט שטאָל אויף שטיין און פון וואַנען עס הערן זיך מיטיקצייט און ווען די נאַכט פאַלט צו — די קנאַלן פון די אויפרייסן פון דעם דינאַמיט, וואָס איז בכיוון איבערגעלאָזט געוואָרן אין די שטיין־אויסהוילונגען פון די בערג, ער זאָל אויפרייסן שפּעטער, אויסצומיידן מענטשלעכן אומגליק.

און אונטערן געקלאַנג פון סאַנטאַמאַרינאַ איבער אַלעם, ווערט מען געפירט אין סאַנטאַמאַרינאַס אַ גן־עדן אויף דער ערד, אין דעם פּאַרק „בעזשאַ

וויסטאַ", אַנצוקוקן אַ לעגענדאַרישן וואָגן, דער וואָגן מיט וועלכן עס איז געקומען אַהער דער ערשטער פון די סאַנטאַמאַרינאַס און וועלכער איז דאָ מוזייאַרטיק אויסגעשטעלט.

קוקט מען אויף דעם וואָגן, געבויט פון דיקן, שוואַרצן האָלץ, וואָס איז אויסגעהאַקט געוואָרן פון אורוואַלד און וואָס שטייט דאָ נאָך אַ געזונטער אויף צוויי ריזיקע רעדער מיט אַ הויכער בויד, וואָס האָט געדינט פאַר באַשיצן זיך פון דעם פייער פון דער זון, פון דעם וואַסער פון די רעגנס און פון דעם שמייסן פון די ווינטן — אַ וואָגן, וועלכער דערציילט פון יענעם אַמאָל, ווען אויף אַזוינע וועגענער, וואָס האָבן זיך געשלעפּט יאָרנלאַנג איבער די אומענדלעכע ווילדע סטעפּעס פון לאַנד און אויף וועלכע מענטשן האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן און איבערגעלאָזן דורות נאָך זיך; קוקט מען אַזוי אויף דעם מאָנומענטאַלן צוויי-רעדערדיקן וואָגן און מען הערט ווי ער וואָלט דערציילט, אַז מיט אַ סך יאָרן צוריק, ווען די יונגפרווילעכע פעלדער, וועלדער, בערג און קוואַלן פון טאַנדיל זענען געווען פריי, נישט אַרומגעצוימט און דאָס אַלץ וואָס איז געווען איז געווען פון דער נאַטור, איז ער נאָך לאַנגער וואַנדערונג געקומען אַהער אין דער באַרגיקער זאָנע פון טאַנדיל; ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט אויף די פעלדער וואָס שפּרייטן זיך אויס אַרום די בערג און מיט יעדן דריי פון זיינע מאַסיווע רעדער איז סאַנטאַמאַרינאַ געוואָרן רייכער, ביז קיינעמס-לאַנד איז געוואָרן סאַנטאַמאַרינאַס לאַנד.

אָבער די סאַנטאַמאַרינאַס ווייזן אַרויס נייגונגען צו לאַנדווירטשאַפט, צו קולטור, צו שיינקייט און ווייזן אַרויס וויסן רייך צו זיין נישט נאָר פון דער נאַטור, נאָר אויך פון אַרבעט, פון יענעמס אַרבעט, פון פּראָדוקציע און פון אַלגעמיינעם קאָלעקטיוון פאָרשריט; זיי זעען אויך אין דער טוריסטיק אַ קוואַל פון רייכקייט און זיי עפענען פאַר די טוריסטן די טירן פון זייערע גיטער.

אַ חוץ די לאַנדשאַפטן, איז טאַנדיל אַ שטאָט פון אַרבעט, פון האַנדל און פון אַ פרידלעך געמיטלעך לעבן.

אין די אָוונטן, ווען דער עולם האָט אָפּגעהאַנדלט, אָפּגעאַרבעט, די טוריסטן זענען צוריקגעקומען פון די טעגלעכע אויספלוגן אויף די בערג, צו די קוואַלן, אין די גיטער, נישט אויסמיידנדיק די „טאַנדילעראַ", וועלכע פּראָדוצירט אַלע מינים קעז פאַר דער גאַנצער רעפּובליק (אויסער דעם „נאַציאָנאַלן קעז" פון דער רעגירונג, וועמען די ראַדיקאַלן האָבן ליב געהאַט צו עסן און פון וועלכן עס האָבן זיך אויך נישט אָפּגעזאָגט די קאָנסערוואַטאָרן...) גייט זיך דער עולם אַרויס אויף די עלעקטריש-באַלויכטענע גאַסן, אין די קאַפעען, אין די קינאָס, אין די קאָנפיטעריעס (וואו מען פילט דעם טעם פון די באַרימטע טאַנדילער „אַלפאַכאָרעס") און מען גייט זיך דרייען אַרום און

אַרום דער פּלאַסע, ווי אַ ראָד אַרום אַן אַקס, אָדער ווי אַ הונט אַרום זיין עק. טוען, טוען עס די יינגלעך און די מיידלעך, וועלכע רופן עס טאַקע „וואועלטאַ דע פּעררא״, אָבער אין דערווירקלעכקייט האָט זיך די פּלאַסע איבערגעגעבן פאַר אַ מאָנומענטאַלער אויסשטעלונג פון הינט, נישט אין דעם געוויינלעכן (אפשר פאַלשן) באַגריף וואָס מען האָט זיך געשאַפן פון הינט אַלס בילער, בייסער און אָנפאַלער, פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען זייער אייגנשאַפט און לעבנס־מיסיע, נאָר גראָד אין דעם פאַרקערטן, העכערן, מאָראַלישן און עס־טעטישן באַגריף פון הינט.

עס איז די פּלאַסע פון דער אומאָפּהענגיקייט מיט דער פרייהייט־פּיראַ־מידע אין מיטן און מיט בראָנדזענע באַגריסונג־טאָוולען פון איינגעוואַנדער־טע קאָלעקטיוויטעטן אויף דער פּיראַמידע, וואו אין די שיינע אַלייען פון דער פּלאַסאַ זענען אין בראָנדז אויף גראַניטענע פּעדעסטאַלן אויסגעשטעלט הינט אין זייער גאַנצער געשטאַלט, ווי רעפּרעזענטאַנטן פון די פאַרשיידענע הינטישע ראַסן מיט אַלע זייערע אייגנשאַפטן און נייגונגען. נישט ווי בילער, נישט ווי בייסער, נישט ווי אָנפאַלער ווייזן זיי זיך דאָ; אויך נישט ווי קיין געשלאָגענע קנעכט אָדער געפּאַטשקעטע שפּילצייג פונעם מענטשן; נישט קיין צערייצטע, דערצויגענע מצד פאַרהאַסטע און קאָרומפּירטע מענטשן; נישט ווי אָנגערייצטע צו בילן און בייסן; נישט ווי הינט אויף דער קייט ווייזן זיי זיך דאָ, נאָר ווי הינט פרייע, זעלבסשטענדיקע מיט אַן אייגן אייגנ־אַרטיק לעבן, אַ פרידלעכס, אַ פריינטלעכס, מיט אַן אויסדריקלעכן געפיל צו ריינקייט, צו שיינקייט, צו מאָראַלישקייט און מיט אַן אייגענער וועלט־אָנ־שויאונג...

אזוי אַפּנים האָט דאָס קאָמונאַלע טאַנדיל געזען די באַוווּסטע הינטישע וועלט און די ווירדיקע זעאונגען פאַראייביקט אין בראָנדזענע מאָנומענטן אויף דער צענטראַלער פּלאַסע פון שטאָט.

אזוי ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך, איז אויך דאָ די קירכע ווי אַ יחסנטע אוועקגעשטעלט געוואָרן ביי דער צענטראַלער פּלאַסע, אָבער נישט אומעטום איז אזוי ווי דאָ פאַר דער טיר פון דער קירכע אויפגעשטעלט גע־וואָרן אַ ריזיקער גלאָקן־טורעם, אַפּנים אַז די קירכלעכע מאַכט האָט מורא פאַר אַן ערדציטער און איז אפשר אויך נישט געווען גאָר זיכער מיט דעם כוח פון דער קירכע צו קאָנען טראָגן אויף זיך אַזאַ טורעם; האָט מען אים דעריבער אוועקגעשטעלט נישט אין דער הויך, נאָר אין דער נידער, דאָ אויף דער ערד. נאָר דאָס מערקווירדיקסטע איז דאָס, וואָס זיינע גלעקער קלינגען נישט, זיי שווייגן, זיי האָבן זיך איינגעהילט מיט יאָרן און גענומען אויף זיך זשאַווער און שטויב און שווייגן. אַמאָל האָבן זיי אוודאי געקלונגען, שטאַרק געקלונגען צו רופן דעם עולם אין קירכע, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. די

גלעקער פון דעם טורעם וואָס שטייט נישט אויף דער קירכע, נאָר נעבן איר, האָבן אַפּנים געוועקט און גערופן די מענטשן צו אַנדערע זאַכן, צום לעבן, צום גלויבן אין זיך אַליין, אין די אייגענע כוחות, אין די אייגענע שטרע־בונגען, און מען האָט די גלעקער פון גלאָקן־טורעם אָפּגעשטעלט; הענגען זיי און שווייגן. אויב זיי רופן נישט אין דער קירכע אַריין, זאָלן זיי בעסער שווייגן...

***

מיין יידישער שכן אינעם אַרגענטינישן האָטעל מיט דעם מולאַטישן, ברוין־הויטיקער קאַמער־מיידל; דער שכן, אַ געוועזענער טאַנדילער איינוואוי־נער, אַ וואַיאַזשאָר פון לאַנד־פּראָדוקטן און מיט וועמען איך האָב זיך באַ־קענט אויפן בליק און דורך אַ פּאָר ווערטער אין יידיש, שטודירט שוין אַזוי ווי איך דעם וועגווייזער און די קאָמוניקאַציע־מאַפּע, אָבער זוך אַהין, זוך אַהער, עס ווייזט זיך נישט קיין גלייכער וועג, וואָס זאָל אונדז פירן אַהין אויפן עקסטרעמען מערב פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, דאָרט וואו עס הייבט זיך אָן די פּאַמפּאַ און וואו אַהין מיר ווילן ביידע פאָרן. עס גייען אַפילו פּולמאַנס קיין אַזול, קיין אָלאַוואַריאַ, אָבער מיין שכן רעדט אָפּ פון זיי, מחמת אין דער טיפער פּראָווינץ זענען זיי אָפּגענוצטע און זיי קענען זיך צעפאַלן ערגעץ אויף די שלעכטע וועגן, און טאָמער מאַכט זיך אַ רעגן, בלייבן זיי שטעקן אין די בלאָטעס פון מיטן וועג און אַ חוץ דעם גייען זיי נישט אַהין וואו מיר ווילן. עס גייען אויך אַרוים באַנען פון טאַנדיל, אָבער ס'איז נישט פאַראַן קיין ליניע אַהין וואו מיר ווילן. דער גלייכסטער וועג וואָס מיין שכן האָט אויסגעקליבן, איז געווען דער וועג צוריק קיין בוענאָס־איירעס און פון דאָרט נעמען אַ באַן קיין קאַרוהע. איך האָב אָבער נישט ליב צוריקצופאָרן.

און צום אוועקפאָרן לאָמיר מיטנעמען אין זכרון אַ בליץ־וויזיט אין די טאַנדילער קונסט־מוזייען.

צוויי זענען זיי. איינעם קען מען זען נאָר פון דרויסן, מחמת אויף זיי־נע צוגעמאַכטע טירן זענען פאַרזשאַווערט געוואָרן די שלעסער און מיט זיי־נע ווענט האָט זיך פאַרנומען די צייט זיי אָפּצושיילן. זעט מען דאָ די ביל־דער פון מוזיי נאָר אין דער אייגענער פאַרשטעלונג. דער צווייטער מוזיי, דער מיט אָפענע טירן, טראָגט אויף זיינע אינעווייניקסטע ווענט אַלערליי מאָלערישע בילדער און האָט אויך אויסגעשטעלט אין זיין זאַל אייניקע סקולפּטאָרישע בילדער — אַלע אויסגעשטעלטע בילדער דערציילן אויף זיי־ער שטום לשון, אַז זייערע באַשאַפער האָבן געזען אַלץ, אויסער טאַנדיל, און אַז זיי גייען אויס פון איינזאַמקייט.

איך האָב זיך איינער אַליין דאָ אַרומגעדרייט אין דעם זאַל פון דעם טאַנדילער קונסט־מוזיי, בעת דאָרט אין אַ ווינקל, אויף וועלכן עס הענגט אַ צעטל מיטן אויפשריפט „דירעקציע”, זענען געזעסן עטלעכע מענטשן און געטרונקען מאַטע און זיי האָבן אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ מערקווירדיקייט דאָ אין מוזיי...

און איך בין אַוועק מיט דער מיינונג, אַז טאַנדיל מעג פאַרשליסן אויך איר צווייטן מוזיי. די בילדער פון קיין מוזיי וועלן נישט זיין אַזוי שיין, אַזוי אינספּירירנדיק און אַזוי דערהויבנדיק, ווי די בילדער פון דער טאַנדילער נאַטור.

***

אין טאַנדיל, וואו מען האָט שטענדיק פאַר די אויגן דעם עכטן גאַוטש מיט אַ מעסער אַריינגעשטעקט אין ברייטן גאַרטל, אָדער אָן אַ מעסער, מיט שטיוול און שפּאָרן, ווי עס גייען די רייטער און מיט לייוונטענע שיך (אַל־פּאַרגאַטן) ווי עס גייען די פוסגייער, אָבער אַלע מיט נייע אָדער אָפּגעטראָ־גענע ברייטע און פאַלדיקע הויזן (באָמבאַטשעס), אַ טיכל אויפן האַלדז און אַ ווייכן הוט מיט פליגל אויפן קאָפּ (טשאַמבערגאָ), פאַרבונדן מיט אַ בענדל אונטער דער גאָמבע — לעבן אויך יידן (וואו, אין וועלכן שטעטל אין אַר־גענטינע געפינען זיך נישט קיין יידן?). נישט קיין סך יידישע שטענדיקע איינוואוינער איז פאַראַן אין טאַנדיל, זיי זענען דאָ געציילטע, אָבער זיי זע־נען דאָ. מער יידן געפינען זיך צווישן די געסט, די טאַנדילער לופט און מילך־טרינקער, צווישן די טוריסטן און די קוריסטן.

# באַלקאַרסע

די ווייטערדיקע באַשרייבונג איז געשריבן געוואָרן אין 1940. צוליב וואָס שטעל איך אַרויס דאָס יאָר? אין דער לעקטור וועט זיך געפינען דער ענטפער.

עס איז אויפן דרום פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, נאָענט פון ברעג אויף וועלכן עס וואַרפן זיך די זאַלציקע כוואַליעס פון דרומדיקן אַט־לאַנטיק. דער דרום־ברעג פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, וואָס צייכנט זיך ווי די גאָמבע מיטן האַלדז פון אַ פּנים־פּערפּיל — פון סאַן קלעמענטע דעל טוזשו, אויף דער מזרח־זייט, ביז באַהיא־בלאַנקאַ און קאַרמען דע פּאַ־טאַגאָנעס, אויף דער מערב זייט.

***

אין אַ זוניקן פרימאָרגן איז דאָס געווען, ווען דער פּולמאַן, וואָס איז אינטימער, אַרגענטינישער און רירעוודיקער פון דער באַן, איז ווי געשוואוי־מען אויף דעם זוניקן וועג צווישן די כוואַליעס פון פעלד.

די פעלדער צעכוואַליעטע, בערגלדיקע מיט אַ שטייגערונג צו העכער, טראָגן אַנטקעגן זייערע ריחות פון בליענדיקן מאַיס, פון בליענדיקע זונבלו־מען, פון יונגע קאַרטאָפל און פון צייטיקן ווייץ. אַט שווימט דער בליק אויף די גרינע כוואַליעס פון די שלאַנקע מאַיס־בלעטער, פעלד־אַראָפּ און פעלד־אַרויף און אַט רוט ער זיך אָפּ אויפן אויסגעשפּרייטן גרינעם טעפּיך פון דער צעוואַקסענער קאַרטאָפל־פלאַנצונג, באַלד כאַפּט ער זיך אַרויף אויף דעם ים פון געלע, גרויסע מיליאָנען מאַרגאַריטן ווי קרוינען אויף די קעפּ פון די מאַ־יעסטעטישע, אויפגעהויבענע און גרין־באַקליידטע זונקערן־פלאַנצן, וואָס הייבן זיך און קוקן צו דער זון און אַט טראָגט זיך איבער דער בליק אויף פעלדישע גאָלד־כוואַליעס פון די דינינקע און צאַרטע ווייץ־פלאַנצן, וואָס ווערן געשניטן און עס טראָגט זיך אין דעם שטילן, שמעקעדיקן אַרום דער קלאַנג און געזאַנג פון די שניטער.

און פון צווישן די כוואַליענדיקע פעלדער זענען אַרויסגעקומען שטעט־לעך, ליכטיקע, ריינע, באַבלומטע, שמייכלענדיקע.

מען איז געפארן פעלדער־ארויף צום קארטאפל־שפייכלער פון דער רעפובליק, ווי דאס האט געהייסן די אגראר זאנע פון באלקארסע. אזוי איז דאס טאקע געווען ביז אין דער נאענטער פארגאנגענהייט, ניט אזוי דערפאר וואס זי האט געגעבן גענוג קארטאפל פאר דער רעפובליק ווי דערפאר, וואס זי האט געקאנט געבן גענוג קארטאפל, א דאנק דער גוטקייט פון אירע פעל־דער און די מילדקייט פון איר קלימאט. אבער מענטשן האבן שפעקולירט מיט אירע נאטור־אוצרות, אונטערדריקט צוליב שפעקולאציע און צום גרויסן טייל אומגעבראכט איר פרוכטבארקייט אזוי ווי מען האט דאס געטאן אויף די וויין־פעלדער פון מענדאסא און סאן כואן און אויף די זשערבע־פעלדער פון מיסיאנעס און געמאכט עס זאלן פעלן קארטאפל אין לאנד. אזוי האט דאס אנגעהאלטן ביז דאס פאלק פון דער רעפובליק איז ארויס פון געדולד און עס איז שיר געקומען צו א קארטאפל־רעוואלוציע.

***

דער פולמאן האט מיך אראפגעלאזט אין שטעטל באלקארסע ארומ־צודרייען זיך דא אכט שעה אויף אירע ברייטע גאסן און שמאלע געסלעך, צו טרינקען קאווע אין איר נאציאנאל דעמאקראטישן קאפע־הויז און אין איר ראדיקאלן קאפע־הויז; צו עסן מיטיק אין איר איטאליענישן רעסטאראן און כאפן זיצנדיק א דרימל אין א גלאריעטע אויף איר גרויסער פלאסע ארום וועלכער עס דרייט זיך דאס שטעטל מיט א גרויס שטאטישן פארנעם; צו זען ווי אין „סיעסטא״־צייט איז אלץ געשלאסן, כדי אירע פערצן טויזנט לעבנס זאלן ניט געשטערט זיין אין זייער שלאף און ווי אויף דער גאס איז אין העלן מיטן טאג נישט צו זען קיין לעבעדיקן נפש. ערשט נאך סיעסטא עפענען זיך די טירן פון די געוועלבער און פון די ווארשטאטלעך און עס ווייזן זיך אין זיי גענעצדיקע מענטשן און עס הויבט זיך אן הערן א גערויש פון ניי־מאשינען. דריי איך זיך אין דעם שניידערישן און נייטארערישן גע־רויש פון דעם שטעטל, וואס שטייט הונדערט און צוואנציק מעטער הויך איבערן ים־ניווא און וואס טראגט דעם נאמען פון א גענעראל פון דער אר־גענטינער פרייהייטס־ארמיי, וועלכער האט זיך באטייליקט אין דער מאי־רעוואלוציע מיט הונדערט און דרייסיק יאר צוריק און וואס האט זיך באטייליקט אלס גענעראל אין די קאמפן, וואס האבן געמוזט פארגעזעצט ווערן קעגן די נאך אטאקירנדיקע מיליטער־כוחות פון דער שפאנישער אימ־פעריע און שפעטער פון דער פארטוגעזישער אימפעריע, וואס האט פרע־טענדירט צו פארנעמען דאס ארט פון שפאניע אין די פראווינצן פון ריא דע לא פלאטא; באלקארסע, וואס האט זיך אויך באטייליקט אין דעם יארן־לאנגע קאמף פאר קאנסאלידירן די באפרייענדיקע מאי־רעוואלוציע; וואס איז

געווען אַ פאַרטיידיקער פונעם דעמאָקראַטיש פעדעראַליסטישן מלוכה פּרינ־
ציפּ קעגן דעם אַריסטאָקראַטיש אוניטאַרישן, און איז אַלס קעמפער פאַר
דעם פּרינציפּ געווען גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס פאַר
דעם דערשיינען פון ראָסאַסן; וואָס האָט אומאויפהערלעך געקעמפט שפּע־
טער קעגן ראָסאַסן דעם דיקטאַטאָר און פאַר באַפרייען דאָס לאַנד פון דער
נייער צרה אין דער געשטאַלט פון ראָסאַס בלוטיקע דיקטאַטור און טיראַניי.

אין וואָס פאַר אַ ריכטונג פונעם שטעטל איך זאָל נישט גיין, קום איך
בסדר צוריק אַרויס אויף איר פּרעכטיקער פּלאַסע מיט איר יום־טובדיקן
געשטאַלט אינמיטן פון דער אַרומיקער וואָכנדיקייט, מיט אַן אויסבליק צו אַ
באַרג וואָס הויבט זיך אויף צוויי הונדערט דרייסיק מעטער איבער דער הויך
פון שטעטל און מיט אַ שניי־ווייסער קאָלאָסאַל הויכער פּיראַמידע אַלס מאָ־
נומענט דער פרייהייט אין מיטן פון דער פּלאַסע.

איר קענט דאָך די פרייהייט־פּיראַמידע אויף פּלאַסע מאַזשאָ אין בוע־
נאָס־איירעס, צווישן דעם רעגירונגס־הויז און דעם קאַבילדאָ, וואו עס איז
פּראָקלאַמירט געוואָרן מיט הונדערט און דרייסיק יאָר צוריק די מאַי־רעוואָ־
לוציע. אָט די היסטאָרישע פּיראַמידע איז אַ מיניאַטור אַנטקעגן דער פריי־
הייט־פּיראַמידע אויף דער פּלאַסע פון באַלקאַרסע, און קאָנסטרוקטיוו אַרכי־
טעקטאָניש קינסטלעריש קען גאָר קיין פאַרגלייך נישט זיין. טוריסטן קומען
פון מיילן ווייט צו זען און צו באַוואונדערן דאָס ווערק, וואָס איז טאַקע די
איינציקע אַטראַקציע פון באַלקאַרסע. אָבער דאָס מערקווירדיקסטע פון באַל־
קאַרסע זענען אירע קאָנטראַסטן.

אָט שטייען מיר פאַר אַ פּרעכטיק ווערק צו גלאָריפיצירן די פרייהייט.
אויף אַ פעסטן גראַניטענעם באָדן הייבט זיך אויף, ווי פון באַגייסטערונג, אַ
ברייטע רונדע כוואַליעדיק קאָסטרואירטע מאַסע, פון וועלכע עס קומט אַרויס
אין אַ גלייכער, פעסטער, ווערטיקאַלער און קאָנטיקער ליניע — אַן אָבע־
ליסק מיט אַ קאָלאָסאַלער פרייהייט־פיגור אויפן שפּיץ. און אָט די מאָנומענ־
טאַלע גלאָריפיקאַציע דער פרייהייט איז אין איר פּעדעסטאַלישן טייל אויס־
געהוילט מיט פולשטענדיקער מאָדערנער איינאָרדענונג פאַר אַ באַר אָדער
קאַבאַרעט, מיט בלאַנקנדיקע איינריכטונגען און מעבל, מיט שפּיגל־ווענט,
מיט עלעקטרישע און וואַסער־אינסטאַלאַציעס, מיט קיכן און מיט דעם וואָס
מען רופט דאָ „באָד־צימערלעך״... עס פעלט נאָר אויסצופילן די פּאָליצעס
מיט עכט אַלקאָהאָלישע געטראַנקען און אַוועקזעצן אַ „טיפּיקאַ״ און אַ
„דזשאַז״. אָבער אַפּנים אַז די דאָזיקע עפנטלעכע פאַרלעצונג צו מאַכן אונ־
טער דער גלאָריפיקאַציע פון דער פרייהייט אַ נעסט פון שיכרות איז אָפּגע־
שטעלט געוואָרן.

איך וועל זיך שוין נישט אָפּשטעלן אויף אַ שמועס מיט איינעם פון די־

שאַפערן, וואָס שטייען דאָ מיט זייערע קאַטשן אַרום דער פּלאַסע און דאַכט זיך נישט אויף צו פאָרן, נאָר אויף צו שטיין; זיי ווערן נישט מיד צו שטיין דאָ שעהנווייז און קייען אַ ציין־שטעכערל. דער שאַפער איז אַ גרויסער קע־נער פון באַלקאַרסע און צי איר פרעגט אים יאָ צי איר פרעגט אים נישט — שטייט ער און דערציילט אייך אַ שעה, צוויי שעה און וויפל צייט איר ווילט נאָר פון יעדן פּרט פון זיין שטאָט. ער ווייסט צו דערציילן די ביאָגראַפיע פון יעדן בוים אויף דער פּלאַסע, און וואָס ווייסט ער נישט צו דערציילן? און וואָס האָט ער צו טאָן עפּעס אַנדערש, ווי שטיין; אַז אין שטעטל איז ער דער איינציקער, וואָס פאָרט צו דער פּלאַסע און פון דער פּלאַסע, און טאָ־מער ווילט איר, ער זאָל אייך אַ פיר טאָן אַ ביסל אויסערן שטעטל, צום באַרג, למשל, וואָס שטייט הינטערן שטעטל, רעדט ער אייך אָפּ פון אַזאַ רייזע דורך דעם פרייז, און חוץ דעם דערקלערט ער אויך, אַז אויפן באַרג וועט איר מוזן אַרויפגיין און אַז ס'איז נישטאָ דאָרט וואָס צו זען, און אַז ביז צום באַרג איז נאָענט, מ'קען צוגיין... קאַטשן זענען אומעטום צום פאָרן, און דאָ זענען זיי צום שטיין.

אַז מ'זאָגט באַלקאַרסע שטעלט מען זיך פאָר אַ שטאָט פון קאַרטאָפל, אָבער דאָ וואַרפט זיך אין די אויגן די שניידעריי, און קאַרטאָפל דאַרף מען זוכן...

עס רעדט זיך אַזוי דאָ אין באַלקאַרסע וועגן קאַרטאָפל, מחמת די פּראָ־דוקציע האָט זיך אַריבער־געטראָגן אין אַנדערע פּראָווינצן. אין באַלקאַרסע האָט מען אַמאָל געלאָזט די גערעטעניש אין דער ערד, דאָס האָט געשאַפן אַ קריזיס און כדי אויסצומיידן אַז אויפשטאַנד קעגן קאַרטאָפל־הונגער, האָט מען געמאַכט, אַז דאָס פּויערטום פון אַנדערע פּראָווינצן זאָל זיך אויך נעמען צום קאַרטאָפל־קולטיוו. סאַנטאַ־פּע האָט זיך אין יאָר 1940 אַרויסגעשטעלט אויפן ערשטן פּלאַן פונעם קאַרטאָפל־פאַרזיי אין לאַנד, דורך אַ פאַרזיי פון ניינציק טויזנט העקטאַר. פּראָווינץ בוענאָס־איירעס איז געבליבן הינטער־שטעליק און איז אַראָפּ אויפן צווייטן פּלאַן דורך איר פאַרזיי פון זיבן און זיבעציק טויזנט העקטאַר מיט קאַרטאָפל; מענדאָסאַ, דאָס לאַנד פון וויין, פון בוימל און אַנדערע פּרוכטן, האָט אויך אין יענעם יאָר פאַרזייט אירע איין און צוואַנציק טויזנט העקטאַר מיט קאַרטאָפל און נאָך זעכצן טויזנט העק־טאַר קאַרטאָפל זענען אין יענעם יאָר פאַרזייט געוואָרן אין אַנדערע פּראָ־ווינצן.

***

אין גייסט פון די קאָנטראַסטן ליגט דאָרט קעגנאיבער די פּלאַסע, אין דער עפענונג פון אַ ברייטער אַוועניִדע, טיף אין דער ערד — אַ גרונטשטיין

פאַר אַ מאָנומענט פאַרן גענעראַל באַלקאַרסע; ליגט ער דאָרט דער גרונט־שטיין זינט 1919, אַ צייט פון איין און צוואַנציק יאָר (עס איז געוואָרן 105 יאָר, אַז באַלקאַרסע איז געשטאָרבן) און אויב עס איז אויף דעם אָרט, וואו עס האָט געזאָלט אויפגעהויבן ווערן דער באַלקאַרסע־מאָנומענט, נישט אָנגעוואַקסן קיין שימל, איז עס נאָר דערפאַר ווייל מען טרעט דאָרט אַרום. אָבער קעגנאיבער, אויף דער אַנדערער זייט פּלאַסע, אין דער מיט עפענונג פון נאָך אַזאַ ברייטער אַוועגידע, איז אויפגעשטעלט אַ הויכער פּעדעסטאַל און אויף אים שטייט אין זיין גאַנצער גרויס, מיט אַ שווערד און גאַנצער אוניפאָרעם, פון וועלכן עס פעלט נישט קיין קנעפּל, מיט אַ ביסל אַ פאַרבויגענער וואָנסע — דער גענעראַל אוריבורו, געשטאָרבן אין אויסלאַנד מיט אַכט יאָר צוריק, און נאָך דעם ווי ער איז אָפּגעטראָטן פון זיין דיקטאַטאָרישער מאַכט, אונטער באַלאַגערונגס־צושטאַנד, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַכצן לאַנגע חדשים, אַלס פאַקטישער פּרעזידענט פון אַ פאַקטישער רעגירונג און ווי אַ פאַרקערפּערונג פון פאַשיסטישן סעפּטעמבער־אויפשטאַנד פון 1930.

דער היסטאָרישער גענעראַל באַלקאַרסע, מיט וועמענס נאָמען עס האָט זיך באַערט די שטאָט, אוודאי אויס דאַנקבאַרקייט, באַגייסטערונג און רום פאַר דעם קעמפער פון דער מאַי־רעוואָלוציע, פאַר דער אַרגענטינער פרייהייט, פאַר איר זעלבסטשטענדיקייט און פאַר דעם קעמפער צו באַפרייען דאָס לאַנד פון דער ראָסאַס־דיקטאַטור — ער האָט נאָך היינט נישט, 105 יאָר נאָך זיין טויט — קיין מאָנומענט אין באַלקאַרסע, אָבער דער גלאַט אַזוי גענעראַל אוריבורו, וועלכער האָט אויסגענוצט אַן אַנטי־איריגאָזשעניסטישע שטימונג פאַר אַן אויפשטאַנד צו פאַרנעמען די פּאַרלאַזטע מאַכט, צו פאַרוועןן דיקטאַטור אונטער דער שוץ פון באַלאַגערונג־צושטאַנד, ביי אַ צעטרעטער פרייהייט און פאַרלעצטער בירגער־רעכט, — אָט דער דאָזיקער גענעראַל אוריבורו, וועמען עס איז נישט געלונגען צו צעשטערן אויף אייביק די פרייהייט און די דעמאָקראַטיע, פאַר וועלכער באַלקאַרסע האָט געקעמפט; דער גענעראַל, וועמען עס איז נישט געלונגען צו זיין דיקטאַטאָר מער פון אַכצן חדשים — זיין מאָנומענט שטייט שוין יאָ אין באַלקאַרסע.

עס איז דאָס באַלקאַרסע, וואָס האָט געלעבט צען יאָר אין גייסט פון דער סעפּטעמבער־איבערקערעניש, פאַרקערפּערט אין די פּראָווינציעלע רעגירונגען פון מאַרטינעז דע האָז, גובערנאַטאָר פרעסקאָ, קאָנסערוואַטיווע רעדלפירער (קאַודיזשאָס), טעראַן און וואַל־שווינדל. און די ערשער פון באַלקאַרסע זענען געווען גענוג פּיפּיק צו כאַפּן און אוועקשטעלן אַ מאָנומענט דעם שעף פון דעם סעפּטעמבער־אויפשטאַנד. עס האָט געקענט ווערן צו שפּעט...

# מאַר דעל פּלאַטאַ

## די פּלאַזשע־שטאָט פון אַטלאַנטיק

אויף אַ שטח פון 404 קילאָמעטער פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס, צום עקסטרעמען דרום פון דער פּראָווינץ מיטן אייגענעם נאָמען, געפינט זיך די שטאָט מאַר דעל פּלאַטאַ. זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן סאַסע ברעג פון דרומדיקן אַטלאַנטישן אָקעאַן מיט אַ ברייטע פּלאַזשע אין גרעסטן ים אריין. זי איז נישט די איינציקע אַטלאַנטישע פּלאַזשע אויפן דרום־ברעג פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס און אַ טייל פון איר מזרח־ברעג. די אַטלאַנ־טישע פּלאַזשעס הייבן זיך אָן פון דער באַהיאַ סאַמבאָראָמבאָן, אין מזרח, זיי ציען זיך ביז באַהיאַ־בלאַנקאַ אין מערב, און פון דאַנען, וואָס איז אין האַלדז פון דער פּראָווינץ, ביז פּאָרט מאַדרין, טשובוט, וואו זיי ענדיקן זיך.

עס הייבן זיך אָן די אַטלאַנטישע פּלאַזשעס מיט זייערע זאַלצבעדער, אין סאַן קלעמענטע דעל טוזשו און עס גייען אריין אין זיי די פּלאַזשעס סאַנטאַ טערעסיטאַ, מאַר דעל טוזשו, מאַר דע אַכאָ, פּינאַמאַר, אָסטענדע, ווילאַ געזעל, מאַר אַסול און מאַר טשיקיטאַ — אויף דער רעכטער זייט פון מאַר דעל פּלאַטאַ — און טשאַפּאַדמאַלאַל, מיראַמאַר, מאַר דעל סוד, קעקען, נעקאָטשעאַ, באַלנעריאָ אָרענסע, קלאַראָמעקאָ, אָסעאַנאָ, אָריענטע, מאָנטע הערמאָסאָ, פּעהוען־קאָ און אין דער אומגעגנט פון באַהיאַ־בלאַנקאַ — אויף דער לינקער זייט פון מאַר דעל פּלאַטאַ. אָבער מאַר דעל פּלאַטאַ וואָס האָט אַליין אַ צענדליק פּלאַזשעס, איז ביים דרומדיקן אַטלאַנטיק די פּלאַזשע פון פּלאַזשעס, וואָס ציט צו צו זיך די ליבהאָבער פון... רולעטע־שפּילער פון גאַנצן לאַנד, ווי אויך די ליבהאָבער צו באָדן זיך אין ים־וואַסער, ים־לופט און אין ים־זאַמד.

די מענטשן, וואָס קומען פון נאָענט און ווייט זענען פון אַלע לענדער, אַלע פעלקער און מיר יידן פאַרנעמען אַ גאַנץ שיינעם פּלאַץ צווישן זיי. די צענטראַלע בריסטאָל־פּלאַזשע פון מאַר דעל פּלאַטאַ איז אין די זומערס כמעט אין גאַנצן באַזעצט פון יידן. און ווי באַזעצט! אויף די אַנדערע פּלאַ־

זשעם זענען דאָ ווייניקער יידן, אָבער זיי זענען דאָ. דאָס אייגענע ביי די רולעטעס אין דער קאַסינאָ און אין „האָטעל פּראָווינסיאַל".

*_*

עס איז געווען זומער פון 1940, ווען איך האָב געמאַכט מיין ערשטע וואַקאַציע־רייזע קיין מאַר דעל פּלאַטאַ. עס איז שוין געווען סינדיקאַל און געזעצלעך איינגעפירט באַצאָלטע וואַקאַציעס, ווי דאָס הייסט און מיינט — קריגן דעם לוין פאַר נישט־אַרבעטן. און דאָס פּלאַזשעדיקע מאַר דעל פּלאַטאַ איז געוואָרן אויס פּריווילעגיע פון די רייכע, פון רעגירונגס־לייט און לעגיס־לאַטאָרן. עס האָבן אָנגעהויבן פאָרן די וואַקאַציע־מאַסן, אַרבעטער און בכלל נישט גאַר פאַרמעגלעכע פאַלקסמענטשן. עס האָט געקאָסט אָנשטרענגונג אַ פאָר אין מאַר דעל פּלאַטאַ. אומפאַרמעגלעכע גויאים פאָרן נישט צוליב דעם, אָבער יידן האַלט עס נישט אָפּ.

פאָרן מיר.

פון ביידע זייטן געפּלאַסטערטן וועג שפּרייטן זיך אויס די פעלדער פון דער איינער אַרגענטינער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, וואָס קען אַריינגעמען אין זיך עטלעכע גאַנצע אייראָפּעאישע לענדער, מיט עסן צו זאַט פאַר אַלע זייערע איינוואוינער. אויף די ווייטקייטן פון די פעלדער, אונטער אַ העל־בלויען הימל, זעען זיך טונקל־גרינע פלעקן פון באַביימטע גיטער, „עסטאַנ־סיאָס", וועלכע זענען פּריצישע הייפן אין דער מיט פון הונדערטער טויזנ־טער העקטאַר לאַנד. ווי אויף דער פלאַך פון אַן אומענדלעכן טיש זענען זיי אויסגעשפּרייט די פעלדער גלאַט און גלייך, אָן אַ בערגל, אָן אַ קנייטש. זעלטן ציט זיך דורך אַ זילבער־פאָדעם פון אַ שמאָל פליסנדיק טייכל. ער־טערוווייז זענען די פעלדער ווי אָפּגעשוירן און דערציילן פון דעם פרישן ווייץ וואָס מען האָט נאָר־וואָס אָפּגעשניטן אויף זיי; ערטערוווייז גרינט זיך פון די פעלדער און עס הייבן זיך אַרויס פון זיי די לאַנגע און צעפליגלטע בלע־טער פונעם אויפגייענדיקן מאַיס; אַנדערע אומענדלעכע פעלדער גיבן צו פאַשען מיט זייער פאַרפלאַנצטער אַלפאַלפאַ אָדער מיט זייערע נאַטירלעכע גראָזן, אומצייליקע ברוינע בהמות, וואָס גייען אַרום און עסן, און ווער פון זיי עס ווערט מיד עסנדיק, זעצט זיך צו און שטעלט אַרויס אַ פאָר בהמישע אויגן אין דער וועלט אַריין. אָבער וואָס זעען זיך אָן די אַלע „פּיצעלעך" באַפרוכפּערטע פעלדער קעגן די אומענדלעכע סטעפּעס, וועמען קיינער האָט נאָך נישט באַרירט? דעם איינציקן צייכן פון „ציוויליזאַציע" וואָס זיי טראָגן אויף זיך, איז דער צייכן פון פּריוואַט־אייגנטום אין דער געשטאַלט פון אַ שטעכיקער דראָט, וואָס ציט זיך איבערן פעלד אַזוי לאַנג, אַז מען זעט נישט קיין סוף. ליגן זיי, די דאָזיקע אומבאַרבעטע, פרוכטלאָזע און אומענדלעכע

סטעפּעס אונטערן דרוק פון הונדערטער יאָרן פון טויזנטער יאָרן, פון מיליאָ־
נען יאָרן און וואַרטן אַלץ אויף זייערע באַשערטע פון אַרגענטינע און פון
דער גאַנצער וועלט. פאַר וועמענס פרייע מענטשן עס ווערן ברייט געעפנט
די טויערן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ... אין דער דעקלאַראַציע פון דער אַרגענ־
טינער קאָנסטיטוציע. ליגן זיי אויסגעשפּרייט, אָן אַ גרענעץ, און וואַרטן
אַלץ אויף דעם טאָג באַפרייט צו ווערן פון די לאַטיפונדיסטן און צעטיילט
צו ווערן צווישן טויזנטער, צווישן מיליאָנען מענטשן, וואָס זאָלן זיי באַאַר־
בעטן, באַפרוכפּערן; נעמען זיי און צעטיילן צווישן דער מענטשהייט די
אוצרות, וואָס זיי האַלטן אין זיך זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן און
וואָס קענען זיין באַרייכערט פון מענטשלעכער מי; ליגן זיי און שמאַכטן די
אומענדלעכע סטעפּעס און וואַרטן אַלץ, אַז טויזנטער, אַז מיליאָנען מענטשן
זאָלן קומען און זיי קולטיווירן און זיי באַפעלקערן און בויען אויף זיי דער־
פער און בויען צווישן די דערפער שטעטלעך און בויען צווישן די שטעטלעך
שטעט, אָבער — — —

עס טראָגט אונדז דער פּולמאַן איין קילאָמעטער נאָכן אַנדערן, צענד־
ליקער קילאָמעטער, הונדערטער קילאָמעטער און די בליקן פליען איבער אַן
אומענדלעכער וויסטע. זעלטן עס דרייט זיך אונטער אַ ראַנטשאָ (אַ פעלדישע
כאַטע), מיט אַ פּנים פון אַ מיסטקאַסטן, צונויפגעוואָרפן פון בלאַטע. דאָרט
לעבט אַ פעלד־אַרבעטער אָדער אַן אַרבעטסלאָזער פעלד־מענטש. דאָס אויג
האָט זיך זעלטן אויף וואָס אָפּצורוען אין וועג און מען איז זיך מחיה, ווען
מען גיט אַ פאָר אַריין אין אַ שטעטל.

****

אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, האָבן פּאָרטוגעזער, וועלכע זענען אין
זייער היימלאַנד אוודאי געווען געוואוינט צו לעבן ביי די ברעגן פון אַטלאַנ־
טיק, אין דער סביבה פון ים און געכאַפּט פיש. זיך נישט געקענט קיין אָרט
געפינען אויף דער יבשה פון די סטעפּעס און זיי האָבן באַשלאָסן זיך אומ־
צוקערן צום ים. זענען זיי געגאַנגען אַזוי לאַנג איבער די פעלדער צום דרום,
ביז זיי זענען געקומען אויף דער געקאַרבטער ערד, וואָס האָט זיך שטיינער־
דיק אַרויסגעהויבן אַנטקעגן דעם ים און אַריינגערוקט אין אים אַ שפּיץ אַ
האַרטן, אַ שטיינערדיקן, אויף וועלכן עס וואַרפן זיך אומאויפהערלעך די
אַטלאַנטישע כוואַליעס מיט אַ גערודער, מיט שוים פון כעס וואָס זיי קענען
אים נישט איינשלינגען, כאָטש זיי האָבן אים שוין צעשפּאָלטן און געריסן
פון אים שטיקער. דאָ, לעבן דעם שטיינערדיקן שפּיץ, וואָס שניידט זיך אין
ים אַריין און וואָס איז געוואָרן אַ צירונג פונעם טוריסטישן מאַר דעל פּלאַ־
טאַ, אַ מערקווירדיקייטס־פּונקט, וואָס מען רופט היינט „קאַבאָ קאָריענטעס",

האָבן זיך באַזעצט יענע פּאָרטוגעזער און זיך פאַרנומען מיט פישפאַנג און האָבן אוודאי נישט געטראַכט, אַז מיט זייער בלאָנדזשענדיקן גאַנג צום ים טרעטן זיי אויס אַ וועג פאַר טויזנטער און טויזנטער טוריסטן, וואָס קומען יאָר־איין, יאָר־אויס קיין מאַר דעל פּלאַטאַ פון בוענאָס־איירעס און פון אַלע ווינקלען פון לאַנד און זיי האָבן אוודאי נישט געטראַכט, אַז פון דעם פּונקט, וואו זיי האָבן זיך באַזעצט וועט זיך אויסקאַרבן אַ פּלאַזשע פון פּלאַזשעס מיט דער „פּערלאַ“־פּלאַזשע, „בריסטאָל“־פּלאַזשע און די ענגלישע פּלאַזשע פון איין זייט און די „קליינע פּלאַזשע“, די „גרויסע פּלאַזשע“ אויף דער אַנדערער זייט, אַ חוץ די „ווילדע“ פּלאַזשע אויף דער אַנדערער זייט פּאָרט, ביי די זאַמד־בערג און די „מאַגאַטעס“־פּלאַזשע און די „פישער“־פּלאַזשע, און זיי האָבן אוודאי נישט געטראַכט, אַז פון זייער פישער־דערפל אויף דעם שפּיץ, וואָס שניידט זיך אין ים אַריין, וועט אַ חוץ די פּלאַזשעס, אויסוואַקסן אַ שטאָט פון שטענדיקע איינוואוינער; אַ שטאָט, וואָס לעבט צום גרעסטן טייל פון די טוריסטן, וואָס האָט אָבער אויך אַן אייגן לעבן, ווי יעדע שטאָט, און וואָס קען האָבן אַן אַ שיעור מער פון דעם וואָס זי האָט.

איז דאָך מאַר דעל פּלאַטאַ אַ דאַנק דעם ים, זיינע פיש און אירע פישער — די שטאָט וואָס באַשפּייזט דאָס לאַנד מיט פיש און מיט פיש־קאָנסערוון, און ווערט דאָך פון דעם באָדן אַרום מאַר דעל פּלאַטאַ אַרויסגענומען און אויסגעאַרבעט די שטיינער, פון וועלכע עס ווערן געבויט די הייזער, די פאַנטאַסטישע ווילעס און די פּאַלאַצן, וואָס שאַפן דעם אייגנאַרטיקן קאָלאָריט פון דער פּלאַזשע־שטאָט און די שטיינער־שאַכטן זענען אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון קאַפּיטאַל, פון אַרבעט, פּראָדוקציע און קאָנסטרוקציע נישט נאָר פאַר מאַר דעל פּלאַטאַ. די שטאָט האָט אַ טיר אַרויס צום אַטלאַנטיק דורך איר פּאָרט קען זי קומען אין קאָנטאַקט מיט דער גאַנצער וועלט. אַזאַ קאָנטאַקט וואָלט אוודאי אימפּולסירט די אייגענע פּראָדוקציעס און דעם האַנדל פון מאַר דעל פּלאַטאַ, וואָלט אויך געקענט זיין דער עקספּאָרט און אימפּאָרט־צענטער פון דעם דרום און מערב פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס און פון דער פּאַמפּאַ. ווען אין פּאָרט פון מאַר דעל פּלאַטאַ וואָלטן אַריין פּאַסאַזשיר־שיפן פון וויטן ים, וואָלט עס אויך מיטגעהאָלפן צו לייזן דאָס שטענדיקע פּראָבלעם פון ריכטן די איינוואַנדערונג אין דעם אומבאַפּעל־קערטן לאַנד אַריין און אויסמיידן, אַז די איינוואַנדערונג (ווען זי איז פאַראַן) זאָל זיך אָפּשטעלן נאָר אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס.

אָבער דער פּאָרט פון מאַר דעל פּלאַטאַ וואַרט נאָך אויף דעם טאָג פון אויפלעבונג, אויף דעם טאָג ווען איר מוניציפּאַלע רעגירונג, איר פּראָווינציעלע רעגירונג און אפשר אויך די נאַציאָנאַלע רעגירונג וועלן שוין האָבן פאַרזאָרגט דאָס מאַר דעל פּלאַטאַ פון דער רולעטע, פון דער געלט־אַריסטאָ־

קראַטיע, פון די פאַמיליעס מיט דריי, פיר און פינף־גאָרנדיקע נעמען און פון די פּאָליטישע אַספּיראַנטן אויף לעגיסלאַטאָרן, מיניסטאָרן, גובערנאַטאָרן און פּרעזידענטן — מיט דער גרעסטער קאַסינאָ אין דער וועלט, אין וועלכער עס ווערט אַריינגעטאָן אַ ים גאָלד, און וועלן שוין האָבן פאַרזאָרגט די פּלאַזשע־שטאָט מיט נאָך אַזוינע זאַכן. דערווייל גייען נישט אַריין און עס גייען נישט אַרויס קיין שיפן פונעם מאַר דעל פּלאַטער פּאָרט. עס גייען אויך נישט קיין טוריסטן־שיפן, אויף וועלכע עס וואָלט אַוודאי בעסער געווען צו פאָרן איידער איבער די שטויביקע פעלדער. עטלעכע פראַכט־שיפן וואָס שטייען אין פּאָרט, האָבן אַ פּנים ווי זיי וואָלטן געווען אינטערנירט אין די קריגשיף, וואָס שטייט דאָרט מיט אַרויסגעשטעקטע האַרמאַטן־לעכער, זעט אויס ווי זי וואָלט געהיט די אינטערנירטע...

אָבער איך קער זיך אום צו דעם מאַר דעל פּלאַטאַ פון די פּלאַזשעס, וואו מען באָדט זיך אין די געזאַלצענע און אין די זיך שוימענדיקע כוואַליעס פונעם אַטלאַנטיק, וועמענס קרישטאָלענע דורכזיכטיקייט עס פאַרבט זיך אין דער בלויער לופט און ווערט שוואַרץ און פינקלענדיק ווען דער הימל באַדעקט זיך מיט נאַכט און מיט שטערן, און וואו מען באָדט זיך אין דעם זאַמד פון דער פּלאַזשע, וואָס ווערט געשווענקט פון ים, געטריקנט פון דער זון און וואָס איז ווי צעמאָלענער ביין דורכגענומען מיט יאָד; דאָס דאָזיקע מאַר דעל פּלאַטאַ פון טוריסטן, וואָס האָט צו דערציילן, ווי אין אַ נאָענטער פאַרגאַנגענהייט זענען נאָך אירע פּלאַזשעס געווען פוסט, זיי זענען געווען ווייט און פרעמד פאַר אָרעמען שטאַנד, אויך פאַרן מיטלשטאַנד און די אַרגענטינער אַריסטאָקראַטיע, אויב זי איז ערגעץ אַרויסגעפאָרן, איז זי גיכער געפאָרן קיין ניצאַ אָדער מאָנטעקאַרלאָ; דאָס טוריסטישע מאַר דעל פּלאַטאַ האָט צו דערציילן, ווי שפּעטער, ווען מען האָט שוין יאָ אָנגעהויבן קומען צו אירע פּלאַזשעס, זענען געקומען נאָר די פעטע קעפּ, די סמעטענע פון דער געזעלשאַפט, אַז דער גאַנצער איבעריקער עולם האָט געמיינט, אַז מאַר דעל פּלאַטאַ איז אַ מין גאָלד־באָד פאַר מיליאָנערן, דערציילט ווי שפּעטער האָבן שוין אויך אָנגעהויבן צו קומען פּרעזידענטן אויף אורלויב און געוועזענע פּרעזידענטן; גובערנאַטאָרן, געוועזענע גובערנאַטאָרן און אַספּיראַנטן צו זיין גובערנאַטאָרן; סענאַטאָרן און דעפּוטאַטן וואָס זענען געקומען בעת דער פּאַרלאַמענט און די לעגיסלאַטורן זענען געוואָרן געשלאָסן; זיי זענען געקומען זיך אָפּרוען פון דער פּאַרלאַמענטאַרישער אומטעטיקייט און עס זענען געקומען צום מערסטן יענע, וואָס האָבן זיך מער פון אַנדערע אויסגעצייכנט מיט זייער פּאַרלאַמענטאַרישער אומטעטיקייט; עס זענען געקומען מיניסטאָרן און מענטשן וואָס האָבן געהאַלטן, אַז עס קומט זיי צו זיין מיניסטאָרן; עס זענען געקומען ריכטער זיך צו פאַרגעסן אַ ווייל פון די פּראָצעסן, וואָס האָבן

געזאָלט זיין דורכגעפירט. ערשט שפּעטער האָבן אויך אָנגעהויבן קומען מענטשן פון מיטלקלאַס, סוחרים, מערסטנטייל האָבן די סוחרים געשיקט זייערע ווייבער קיין מאַר דעל פּלאַטאַ, נישט אַזוי צוליב דער פּלאַזשע, ווי צוליב מענטשן, זיי זאָלן זען, אַז מען קען זיך פאַרגינען צו שיקן דאָס ווייב קיין מאַר דעל פּלאַטאַ; דאָס האָט געטויגט צום געשעפט, פאַרן קרעדיט, שפּעטער האָבן זיך די סוחרים אַליין אויך אָנגעהויבן אַדורכפאָרן אויף אַ פּאָר טעג. אַזוי האָט זיך די טוריסטישע באַפעלקערונג אין מאַר דעל פּלאַטאַ וואָס אַ יאָר פאַרמערט, ביז עס איז געקומען די צייט פון וואַקאַציעס פאַר אָנגעשטעלטע און אַפילו פאַר אַרבעטער, און דאָס האָט געבראַכט קיין מאַר דעל פּלאַטאַ אַ נייעם שיכט מענטשן, אַ צאַלרייכן, וועלכער דאַרף טאַקע מער איידער אַנדערע אַרויספאָרן ערגעץ, איין מאָל אין יאָר, אָפּצורוען זיך, באַפרישן און באַקרעפטיקן זיך.

און די פּלאַזשעס פון מאַר דעל פּלאַטאַ זענען געוואָרן באַפעלקערט און דעמאָקראַטיזירט.

***

ביידע מאַר דעל פּלאַטאַס, דאָס מאַר דעל פּלאַטאַ פון די פּלאַזשעס, פון די עקספּלאַנאַדעס, פון די פּרעכטיקע און פאַנטאַסטישע ווילעס, פון די קליינע און גרויסע קאַסינאָס, פון די צוואַנציק מאָל צוואַנציק האָטעלן פאַר טוריסטן און דאָס מאַר דעל פּלאַטאַ — די פּראָווינץ־שטאָט מיט אירע אַכציק גאַסן אין ביידע ריכטונגען, מיט אירע זעקס הונדערט קוואַדרעס, מיט אירע גרויסע פּאַרק־פּלאַסעס: קאָלאָן, מיטרע, לוראָ און עספּאַניאַ; מיט איר פּאָרט און דעם אַרומשטאָט, מיט איר אייגנאַרטיקע שטיינערדיקע מוניציפּאַל־געביידע, וואָס הייבט זיך אויף עלעגאַנט און הויך מיט אַ שפּיץ אין הימל אַריין; מיט אירע פיש וואָס ווערן אַרויסגענומען פון געזאַלצענעם ים פאַר די אייגענע מענטשן און פאַר די מענטשן פון לאַנד; דאָס מאַר דעל פּלאַטאַ פון די שטיינהאַקערייען, קאָנסערוון־פאַבריקן, פאַבריקלעך און וואַרשטאַטן אויסצואַרבעטן געברויך־אַרטיקלען פאַר אירע שטענדיקע איינוואוינער; מיט אירע געשעפטן און געשעפטלעך צו פאַרטיילן די פּראָדוקטן פאַר די איינוואוינער און פאַר די טוריסטן און זיי באַפּוצן פון קאָפּ ביז די פיס און זיי באַקליידן פאַר די פּלאַזשעס און פאַר די ספּאָרטן, פאַר די שפּאַצירן און פאַר די גאַסן, פאַר דעם באַטאָגעדיקן געברויך און פאַר די ביינאַכטיקע סאַלאָנען און בעלער — אָט די ביידע מאַר דעל פּלאַטאַס אינאיינעם, איז אין אָנזיכט פון ברייטן און ווייטן ים, צו וועמענס ברעג די שטאָט האָט זיך צוגעשטעלט — אַ פּינטעלע. און אויף אַ זייט פון דעם פּינטעלע, אויף דער זייט וואָס שלענגלט זיך ביים ים־ברעג, זענען אָנגעשטעלט און עס לויפן אַהין און

אהער אַן אויפהער, אַז אַ צאָל אויטאָמאָבילן. זייערע ציפערן, וואָס זיי טראָגן פון הינטן, ציילן זיך אין הונדערטער טויזנטער. דאָס זענען אויטאָס פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס, פון דער פּראָווינץ און פון אַלע פּראָווינצן פון דער רעפּובליק. עס וואַרפן זיך דורך אויטאָמאָבילן פון קאָרדאָבאַ און פון מענדאָ־סאַ, פון טוקומאַן און פון סאַלטאַ, פון סאַנטיאַגאָ און פון קאָריענטעס. עס איז אַ קאָנצענטראַציע פון אויטאָמאָבילן.

***

איך האָב באַמערקט, אַז מאַר דעל פּלאַטאַ האָט צוואַנציק מאָל צוואַנ־ציק האָטעלן, און דאָס — זאָל מען נישט מיינען — איז אַ גוזמא. איך האָב די האָטעלן נישט געציילט, אָבער זייער צאָל וואַרפט זיך אין די אויגן. נישט פיל פון די זעקס הונדערט בלאָקן זענען פריי פון האָטעלן און די בלאָקן אין דער נאָענט פון ים זענען דורכאויס האָטעל־בלאָקן. נישט אַלע טוריסטן באַ־זוכן מאַר דעל פּלאַטאַ אין איין צייט. מען קומט אָן און מען פאָרט אַוועק; מען ציט זיך אַריין און מען ציט זיך אַרויס, עס איז אַ שטענדיקע באַוועגונג פון אַרויס און אַריין אין די האָטעלן, אָבער צענדליקער טויזנטער טוריסטן געפינען זיך יעדן טאָג אין זומער־סעזאָן. זיי קומען נישט צוליב די האָטעלן, אָבער דער האָטעל איז די ערשטע און וויכטיקסטע באַדערפעניש פון יעדן טוריסט און איז די אומפאַרמיידלעכע טעמע פון יעדן טאָג און פון יעדן שמועס צווישן די טוריסטן. צוזאַמען מיטן גוט־מאָרגן גייט די פראַגע, אין וועלכן האָטעל מען שטייט איין און וועגן די באַקוועמלעכקייטן און אומבאַ־קוועמלעכקייטן אינעם האָטעל, זיינע שיינקייטן און זיינע מיאוסקייטן, וועגן דעם שלאָפן און וועגן דעם עסן, וועגן דער האָטעל־פירונג און וועגן דער באַ־דינערשאַפט און וועגן דער אויפפירונג פון די געסט; האָטעלן זענען אויך שטומע עדות פון פלירט און ראָמאַנסן, פון טרוימען און גלוסטונגען, פון אַוואַנטורעס און קאָמעדיעס, אַמאָל אויך פון טראַגעדיעס. זיי פילן אויס אַ שטיק לעבן און זענען אַ פּרנסה־קוואַל פון דער פּלאַזשע־שטאָט.

אוודאי זענען נישט אַלע האָטעלן גלייך. פאַראַן האָטעלן פון פינף הונ־דערט וואוין־צימערן מיט אַזוי פיל טואַלעטן און פאַרשידענע סאַלאָנען, ביז האָטעלן פון פינף צימערן מיט איין טואַלעט. פאַראַן האָטעלן, וואו איינער פאַרנעמט פיר צימערן און האָטעלן, וואו פרעמדע מענטשן צווישן זיך פאַר־נעמען איין צימער; פאַראַן האָטעלן, וואָס אין יעדן פון זיי געפינען זיך קעל־נער און קאַמער־מיידלעך און קיכער, און בעקער, און אויפּזועער און אַנדערער פּערסאָנאַל אין אַזאַ צאָל, וואָס קענען אויספילן צען אַנדערע מיטלמעסיקע האָטעלן און פאַראַן האָטעלן, וואָס ווערן באַאַרבעט און באַדינט פון אייגע־נעם הויזגעזינד, און אויב עס גליקט זיי און עס ווערן פאַרנומען זייערע אַלע

צימערן, איז שווער צו טרעפן וואו דאָס הויזגעזינד טוט זיך אהין, ווען עס קומט די נאַכט.

אַ חוץ די אומצאָליקע קלאַסן האָטעלן זענען פאַראַן צום געברויך פאַר די געסט, דאַטשניקעס, אָדער טוריסטן — ווי זיי הייסן דאָ — פּענסיאָנאַטן, פּריוואַט־הייזער, וואָס פאַרדינגען זיך אויף די זומער־חדשים און דעפּאַרטאַמענטן און וויליעס גרייט אויפצונעמען זייערע אייגענע באַלעבאַטים, ווען זיי קומען.

* * *

ביי די צוואַנציק מאָל צוואַנציק מאַר דעל פּלאַטער האָטעלן מאַכן אַ סך טויזנטער מענטשן אַ לעבן; עס לעבן פון דעם פּרנסה־קוואַל די האָטעלן־אייגנטימער, די פישער און די פליישער, די מילכיקער און די בעקער, די גרינס־הענדלער און די פרוכטן־הענדלער; די וועשער און די ריניקער. און עס זענען די האָטעלן אַ פּרנסה־קוואַל פאַר טויזנטער קאַמער־מיידלעך, וואָס קומען אַרויס פון דער מאַר דעל פּלאַטער אָרעמקייט און פון דער אָרעמקייט פון אַנדערע שטעט. וויפל פון זיי זענען אַרבעטלאָזע פאַבריק און וואַרשטאַט־מיידלעך, וויפל פון זיי ביוראָליסטינס, לערערינס, סטודענטקעס און וויפל פון זיי טרוימערינס פון אַן אַנדער לעבן? עס זענען די האָטעלן אַ פּרנסה־קוואַל פאַר טויזנטער מאַר דעל פּלאַטער קעלנער, וואָס קוקן אויס אויף דעם סעזאָן אַ גאַנץ יאָר און סעזאָן־קעלנער — איינוואַנדערער. פּרנסות פון דעם פּלאַזשעדיקן מאַר דעל פּלאַטאַ ציילן זיך אין די הונדערטער, עס איז אַ קוואַל מיט קוואַלעכלעך. אַ פּרנסה איז אויך די רולעטע, נישט נאָר פאַר די אייגנטימער אָדער קאָנצעסיאָנערן פון דער קליינער און פון דער גרויסער קאַסינאָ, מיט דעם צענדליק טאָפּלטע רולעטע־טישן, וואָס ציען צו טויזנטער מענטשן, וועלכע ווערן צו די טישן ווי צוגעקלעפּט. נאָר עס איז אויך אַ פּרנסה פאַר אַ סך אָנגעשטעלטע, וואָס טוען זייער אַרבעט ביי די רולעטע־טישן מיט באַהאַוונטקייט מיט טאַלאַנט אונטער דעם וואַכזאַמען אויג פון מייסטערס, שעפן און געניטע אויפזעער; עס איז אַ קוואַל פון הכנסה פאַר דער לאָקאַלער מאַכט, סאָציאַלע באַדערפעניש און פאַר דער קאַסע פון די אָנגעשטעלטע און עס איז אויך אַ פּרנסה־קוואַל פאַר טוריסטן. פינף און ניינציק פּראָצענט פון די טוריסטן ביי דער רולעטע ליידיקן זיך אויס, דאָס איז אפּנים פאַטאַל. אַ סך פון זיי נעמען זיך דאָס נישט צום האַרצן, אַנדערע גייען אַוועק נישט נאָר מיט ליידיקע בייטלען און מיט ליידיקע קעשענעס, נאָר אויך מיט קאָפּ־ און האַרצווייטיק און שלינגען אַספּירין. עס טרעפט אויך, מיט חובות און זעלטן, אָבער עס טרעפט, אַז פאַרשפּילטע קענען נישט אַוועקגיין, מחמת זיי האָבן באַקומען אַ האַרצשלאַג, אָבער אַ פינף פּראָצענט פון די טוריסטן

האָבן דאָך פּרנסה ביי דער רולעטע און זיי שלאָגן זיך אויס די גאַנצע קאָסטן פונעם זיין און גוט פאַרוויילן מיט אַ פרייע האַנט אין מאָר דעל פּלאַטאַ און שפּאָרן נאָך אָפּ צום אָוועקפאָרן.

קיין פּרנסות אין מאַר דעל פּלאַטאַ פעלן נישט...

דער רולעטע־יריד אין מאַר דעל פּלאַטאַ האַלט אויך אָן נאָכן וואַקאַ־ציע־סעזאָן. ער האַלט אָן אין די שבת־זונטיק־טעג, פון איין סעזאָן צום אַנדערן און ער האַלט אָן אין יום־טובים.

אָט איז אַ ידיעה פון 25סטן מאַי 1965: אַ סך טוריסטן זענען געקומען קיין מאַר דעל פּלאַטאַ אין פאַרלויף פון די לעצטע 72 שעה. עס זענען אָנגע־קומען מיטן נאַציאָנאַלן וועג נומ׳ 2 פערציק טויזנט, חוץ די אָנגעקומענע אויף אַנדערע וועגן.

אין די שפּיל־סאַלאָנען פון דער קאַסינאָ און פון „פּראָווינסיאַל"־האָטעל איז דער שפּיל געווען אָן אינטענסיוועד. אין ערשטן טאָג זענען פאַרקויפט געוואָרן מער פון זעקס טויזנט איינטריט־קאַרטן. עס האָבן געשפּילט 80 מי־ליאָן פּעזעס. די קאַסינאָס האָבן געוואונען עלף מיליאָן.

אַלע צייטן זענען גוט פאַר דער רולעטע־שפּיל מיט די נעבנדיקע אַזאַרט שפּילן. אין אַ שלעכטער צייט — איז נאָך בעסער.

***

די מענטשן וואָס פאָרן דאָס ערשטע מאָל אויף וואַקאַציעס קיין מאַר דעל פּלאַטאַ, ווערן ווי פאַרכישופט און עס ציט זיי יעדעס יאָר ווידער צו פאָרן. דער שרייבער פון די שורות איז אויך געווען פון די פאַרכישופטע און אָט איז אַ באַשרייבונג פון אַזאַ רייזע, וואָס ער האָט געמאַכט אין וואַקאַציע־צייט פון 1951.

דער טאָג אין מאַדאַריאַגאַ האָט זיך געוויזן אַ שיינער, אָבער דער „קאָס־טאַמאַר" האָט אויסגעמיטן דאָס מאָל זיין וועג ביים ברעג פון ים, וועמענס נאָמען ער טראָגט, ער האָט אויך אויסגעמיטן די דרומדיקע אָזערע, מאַר טשיקיטאַ, וואָס איז אויפן ברעג פונעם אַטלאַנטיק; ער האָט אויסגעמיטן זיין שטענדיקן וועג דעם נאָענטערן איבער דעם רעגן, וואָס איז געגאַנגען מיט אַ פּאָר טעג פריער און ער האָט גענומען דעם אויסגעפּלאַסטערטן וועג, וואָס גייט קיין לאַס־אַרמאַס, כדי זיך אַרויפצוכאַפּן אויפן הויפּטוועג, אויף וועלכן די אויטאָס לויפן און יאָגן זיך קיין מאַר דעל פּלאַטאַ. מעג רעגענען און האָגלען, מעג דונערן און בליצן.

ברייט זענען די פעלדער און זיי אָטעמען מיט צייטיקן ווייץ, קאָרן, גער־שטן, האָבער און עס שמעקט די זוניק־בלויע לופט מיטן בליעבץ פון די גרי־נע קאַרטאָפל־פעלדער און פון די זונקערנער. אָבער דער געפּלאַסטערטער

וועג, וואָס לויפט קיין מאַר דעל פּלאַטאַ איז שמאָל און עס לויפן אַהין און צוריק אָנצאָליקע, צעגליטע נאַפט־מאָטאָרן, וואָס יאָגן, שרייען, ריטשען, שטויסן זיך צוזאַמען, פאַרוואונדן, הרגענען, אָבער דאָס האַלט קיינעם נישט אָפּ. מען פאָרט אַלץ מער און גיכער. ווער קוקט זיך אום אויף די פעלדער? ווער הערט זיי?

מען יאָגט זיך קיין מאַר דעל פּלאַטאַ, ווי אין דער מורא צו פאַרשפּעטיקן עפּעס, וואָס איז וויכטיק ווי דאָס לעבן און אפשר נאָך וויכטיקער; מען פאָרט פון אַלע ריכטונגען, אויף אומענדלעכע אויטאָמאָבילן־שטראָמען, אויף די באַן־צוגן, אויף די אַוויאָנען.

מען פאָרט אויף דער גאַנצער טעמפּעראַדע און מען פאָרט נאָר אויף וואָכן און אַפילו נאָר אויף אַ פּאָר טעג. אַ פּאָר פון בוענאָס־איירעס קיין מאַר דעל פּלאַטאַ און צוריק געדויערט זעכצן שעה און אַ סך פאָרן נאָר אויף אַ טאָג־צוויי און מען פאָרט פון ערטער אַ טאָג מיט אַ נאַכט און צוויי טעג. קיין צייט איז נישט צו לאַנג און קיין וועג איז נישט צו ווייט צו פאָרן קיין מאַר דעל פּלאַטאַ, וואָס ציט און באַצויבערט.

די זון איז שוין געשוואומען הויך, אָבער נאָך אויף מזרח־זייט, ווען דער „קאָסטאַמאַר" איז אַריין אין דער קלינגענדיקער, אויסגעשפּרייטער שטאָט פון מאָלערישע טשאַלעטן ביז קוּבישע וואָלקנקראַצערס. מיר זענען אַריין אין שטאָט דורך דעם קאָמעט־פּאַרק. עס איז מאַר דעל פּלאַטאַ.

„קאָסטאַמאַר" האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ פּראַנצוויזישן האָטעל אויף ריאָכאַ און דאָ אַראָפּגעשטעלט די וואַליזעס. זיי האָבן געפּאָדערט מען זאָל זיי באַזאָרגן איידער מען גייט געבן דעם ערשטן בליק אויף דער אַטלאַנטישער שטאָט. אויטאָס זענען פאַרביי־געלאָפן פאַרנומענע. מיר האָבן אָבער דאָך געקראָמן איינעם. ער האָט אונדז געפירט אין האָטעל „אירע־מאַר".

באַזאָרגט די וואַליזעס, גייען מיר זיך זען מיט מאַר דעל פּלאַטאַ.

מיר הייבן אָן פון איינעם פון די יידישע האָטעלן, וועלכער געפינט זיך אין מיטן דער האָטעל־שטאָט אויף איינער פון מאַר דעל פּלאַטאַס צען טויזנט קוואַדראַטנע גאַסן־בלאָקן, אין אַ נעץ פון געפלאַסטערטע גאַסן און ברייטע אַווענידעס, וואָס טראָגן די נעמען פון אַלע פּראָווינצן, פון דער אַרגענטינער פעדעראַטיווער רעפּובליק, פון אַלע טעריטאָריעס און פון אַלע גרויסע שטעט אין לאַנד; זיי טראָגן אויך די נעמען פון אַלע אַרגענטינער געשיכטלעכע פּערזענלעכקייטן, אומשטאַרבלעכע און שטאַרבלעכע, זינט דעם אָנהייב פון דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער עפּאָכע אין דער ערשטער העלפט פון זעכצנטן יאָרהונדערט און זינט דער באַפרייערישער מאַי־רעוואָלוציע, וואָס האָט פאַרענדיקט מיט דער שפּאַניש־קאָלאָניאַלער עפּאָכע אויף אָנצור־

הייבן מיט דער אייגענער אַרגענטינער געשיכטע; הונדערטער גאַסן און אַוועניִדעס אויף דער מזרח־זייט פון שטאָט, אויף דער צפון־זייט און אויף דער מערב־זייט טראָגן די נעמען פון ציפער, נאָר עס שוועבט איבער זיי דער נאָמען פון פעראַלטאַ ראַמאָס, דער גרינדער פון מאַר דעל פּלאַטאַ, און עס גייען אַריין אין דעם „פּאַראַ״ ביי די זאַמדבערג זיבן פּאַרקן און צען פּלאַ־סעס, גרויסע און באַשיינטע מיט סקולפּטאָרישע מאָנומענטן און קלאַסישע קונסטווערק, ווי דער קאָלומבוס־מאָנומענט און די ווענוס אויף דער גרויסער און שיינער פּלאַסאַ קאָלאָן, מיטן פּנים צום אָקעאַן, קעגנאיבער די בריסטאָל־פּלאַזשע.

צו די גרין־בלויע צאַפּלדיקע ברעגן פונעם גרויסן אַטלאַנטישן אָקעאַן גייט אַרויס מאַר דעל פּלאַטאַ מיט איר ברייטער דרום־זייט און שפּרייט אויס אַ פּלאַזשע מיט פּלאַזשעס: פּונטאַ מאָגאָטעס, טראַנקילאַ, גראַנדע, טשיקאַ, פון די ענגלענדער, פּישער, בריסטאָל, פּאָפּולאַר, פּערלאַ און די וואָס קענען נאָך צוקומען פון פּערלאַ ביז קאַמעט־פּאַרק, ווייל ווי גרויס עס זענען די פּאַראַנענע פּלאַזשעס, באַזונדער בריסטאָל, ווערן זיי שוין צו ענג פאַר די אַלץ מער וואַקסנדיקע שטראָמען „טוריסטן״, וואָס ציילן אין אַ טעמ־פּאָראַדע אין די הונדערטער טויזנטער און עס וואַקסט אויך די באַפעלקע־רונג, וואָס ציילט אַריבער די הונדערט טויזנט און ווען עמענס וואוקס עס איז אַ פּראָגרעסיווער.

דער זאַמדיקער און ערטערווייז פעלדזיקער ברעג פון מאַר דעל פּלאַטאַ, מיט זיין ברייט פון אַ צוואַנציק קילאָמעטער, שטייט אין שטענדיקן קאָנ־טאַקט מיטן גרויסן אַטלאַנטישן אָקעאַן, דעם אומרואיקן, וועמענס געזאַלצע־נער און כוואַליענדיקער ברעג עס לויפט בסדר אויפן ברעג פון מאַר דעל פּלאַטאַ, וואַרפט זיך אויף אים, אויף זיינע פּלאַזשעס מיטן אָנגעגליטן זאַמד; אויף זיינע פעלדזן, ווי ביי קאַבאָ קאָריענטעס, אויף וועלכע די כוואַליעס וואַרפן זיך מיט מער אימפּעט און צעשפּריצן זיך. דער כוואַליענדיקער ברעג פון מאַר דעל פּלאַטאַ וואַרפט זיך, שטיפט און שפּילט זיך מיט דעם פאָלק פון פעלקער, וואָס קומט אַהער פון גאַנצן לאַנד צו באָדן זיך אין געזאַלצע־נעם ים, אין פייער פון דער אַטלאַנטישער זון, אין דער אָקעאַנישער לופט, אין הייסן זאַמד און אין נחת.

****

עס קרייזלט זיך אויפן סאָלידן ברעג די ברייטע ליכטיקע עקספּלאַנאַדע, וואָס קייטלט זיך מיטן ים־בולוואַר פעראַלטאַ ראַמאָס, מיט דער שפּאַציר־קאָסטאַנערא, מיט די ראַמבלעס. אויפן זעלבן ברעג איז דער פּאָרט פון מאַר דעל פּלאַטאַ. דורך דער טיפקייט פון די וואַסערן גייען אין פּאָרט אַריין די

גרויסע ווייט־ימישע שיפן און שטעלן אים אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט די פּאָרטן אויף דער אַנדערער זייט אָקעאַן. אָבער דער עיקר פון מאַר דעל פּלאַטער פּאָרט זענען די פיש, די עכטע אַטלאַנטישע ים־פיש, וואָס קומען יעדן טאָג אַריין געפאַנגענע אויף די פישער־שיפן אין די טויזנטער, אין די הונדערטער טויזנטער: זיי ווערן אַריבערגעטראָגן אין די קיכן פון די אַנצאַליקע האָטעלן, וועלכע טראָגן די נעמען פון די קאָנטינענטן, לענדער, שטעט, פעלקער און נעמען פון דער וועלט־געשיכטע, פון דער ליטעראַטור, פון דער פילאָזאָפיע און פון דער הפטורה. די פיש גייען אויף די טעלער פון די הונדערט טויזנט מאַר דעל פּלאַטער איינוואוינער און פאַרן קאָנסום פון די דריי מיליאָן איינוואוינער פון דער שטאָט בוענאָס־אײַרעס און פאַר „גראַן בוענאָס־אײַרעס". א חוץ דעם, גייען די פיש אין די פאַבריקן פון דער מאַר דעל פּלאַטער אַנטוויקלטער קאָנסערוון־אינדוסטריע.

אויפן געמיינזאַמען ברעג פון מאַר דעל פּלאַטאַ און דעם אַטלאַנטיק, געפינט זיך א באַזע פון סובמאַרינען פון דער קריגס־מאַרינע און אויך א באַזע פון דער נאַוואַל־אַוויאַציע, צו שווימען אונטערן וואַסער, איבערן וואַסער און אין הימל, און פאַרשטענדלעך, אַז אויפן זעלבן ברעג, נאָר אויף דיסטאַנצן (דער ברעג איז גענוג ברייט און לאַנג), געפינט זיך אויך דער גרויסער צויבער אין דער געשטאַלט פון דער קאַסינאָ.

פון דעם מיליאָן טוריסטן, וואָס ווערן צוגעצויגן פון מאַר דעל פּלאַטאַ אין דער פאַרלענגטער טעמפּעראַדע פון ערב זומער ביז דרייסיק טעג אַריין אין הערבסט, קען נישט א גרויסע טייל, אפשר די גרעסטע, אויסמיידן די קאַסינאָ, אין וועלכער עס דרייען זיך די מאַגנעטישע, די צוציענדיקע און די פאַרפירערישע רולעטע־רעדלעך. דער ים, די פּלאַזשעס — דאָס זענען זאַכן, פון וועלכע זיי געניסן נישט, ווען אפילו זיי גייען א מאָל צו דער דאָזיקער נאַטור־פּראַכט. זייער האַרץ און נשמה איז אין דער קאַסינאָ; זי איז זייער ראָמאַנטיק, א קאַסינאָ־ראָמאַנטיק אָן אייפערזוכט, אָבער מיט שאַרפע עמאָציעס פון געווינען, ווי פון פאַרשפּילן. דאָך נעמט מען זיך נישט דאָס לעבן, מען וואַרפט זיך נישט אין ים אַריין. טאָמער טוט דאָס ווער, איז עס אַן אַרגענטינישע פּאָעטין, איז עס אַלפאָנסינאַ סטאָרני, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן צום פּלאַמיקן אַטלאַנטיק.

די קאַסינאָ־ראָמאַנטיק איז קאָנצענטרירט אַרום די רולעטע־טישן, ווע־מענס רעדלעך, צווישן די קאָלירטע שטויסן שפּילביינדלעך, וועלכע טוישן זיך אין דער קאַסינאָ אויס אויף מיליאָנען פּעזעס. עס הייבן זיך אָן צו דרייען יעדן פאַר זון־אונטערגאַנג און דרייען זיך איבער נאַכט ביז פאַר זון־אויפגאַנג, אָבער די צוויי קאָלאָסאַלע צווילינג־געביידעס אויף דער פּלאַזשע

בריסטאָל, אין וועלכע עס הערט זיך אומאויפהערלעך דער ריטמישער רויש פון די אַנקומענדיקע כוואַליעס און פון די אָפּגייענדיקע, און עס הערט זיך אַזוי אייביק דאָס מיסטישע ליד פון ווערטער פון ים — זענען נישט נאָר די פאַרבישופטע שלעסער פון דער גרויסער און צוציענדיקער קאַסינאָ, וואָס צוליב איר פאַרלענגערט מאַר דעל פּלאַטאַ איר זומער־טעמפּעראַדע מיט אַ שטיק פרילינג און מיט אַ שטיק הערבסט און עפּנט אויך אַ ווינטער־טעמפּעראַדע נאָר צוליב דער קאַסינאָ, נישט געקוקט אויף די קאַלטע ווינטן, נאָר זענען אויך די פּאַלאַצן פון קונסט און פונעם קאָנצערטן־אוידיטאָריע; די פּאַלאַצן פון פילפאַכיקער קולטור און מענטשלעך לעבן. טאָג־לעבן און נאַכטלעבן, וואָס שפּרייט זיך אויס פון דאָנען איבער דער ברייט פון דער שטאָט.

עס גייען אַדורך דער שטאָט די גרויסע אונטערוועגס־אויטאָבוסן וואָס קומען פון בוענאָס־איירעס און פון ראָזאַריאָ, פון באַהיאַ־בלאַנקאַ און פון טאַנדיל; פון נעקאָטשעאַ און פון מיראַמאַר. אויך די באַן גייט אַריין און אַרויס פון מיטן שטאָט און עס לאָזן זיך הערן פון דער לופטן די אַוויאָנען מיט טוריסטן, וואָס קומען צו פליען און וואָס פליען אַוועק. אין קאָנצערט פון גרויסן טראַפיק פאַרנעמט זיין אָרט אויף די שינעס איבער דער לענג און ברייט פון דער שטאָט דער קלאַפּנדיקער, קלינגענדיקער און שאַלנדיקער עלעקטרישער טראַמוויי און די פילצאָליקע, אָבער אַלץ צו ווייניקע, שטענדיק אָנגעפּאַקטע אויטאָמאָטאָריזירטע מיקראָס, וואָס גייען אָן דראָטן, אָן שינעס און אָן פערד, אָבער דעם גרעסטן אָרט אין דעם קאָנצערט פאַרנעמען די פּריוואַטע אויטאָמאָבילן, זיי זענען דאָ אין מאַסן; מיט זיי זענען פול די גאַסן און די אַווענידאַס און די גאַראַזשן. עס איז אויך פול מיט זיי דער אונטערערדישער גאַראַזש אונטער דער פּלאַזשע בריסטאָל, אונטער דער ראַמבלע, אַווענידע און די פּלאַסע קאָלאָן; עס איז ווי אַ צוזאַמענפּאָר פון הונדערטער טויזנטער אויטאָס פון די פּראָווינצן און פון די טעריטאָריעס פון דער רעפּובליק.

פאַרן טוריסט איז דער האָטעל איינער פון די ערשטע באַדערפעניש, אָבער זי איז זייער פאַרשידן די ערשטע באַדערפעניש, אַזוי ווי די קאָסטן. אַ סך באַשטעלן האָטעלן איידער זיי פאָרן אַרויס, זיי מיינען, אַז מען וועט זיי רעזערווירן וואוינונגען אין די טעמפּעראַדע־טעג בעת דער שטאַרקער נאָכפראַגע, ווען מאַר דעל פּלאַטאַ ווערט ווי אינוואַדירט פון טוריסטן. אויסער דעם טוישן אַ סך די האָטעלן פון גוט אויף בעסער, לויטן געשמאַק און די געשמאַקן זענען זייער פאַרשידן און נישט זעלטן מאַכן זיך אומגעלונגענע אויסטוישן. מיר זענען באַלד אַריין פּראָוויזאָריש אין האָטעל „אירעמאַר", ווייל מיר האָבן גערעכנט אויפצוזוכן דעם האָטעל פון מיין יידישן יוגנט־חבר (מיר האָבן אים אין אַ טאָג געפונען אין אַ שיינעם שאַלעט

אויף דער פּלאַזשע פון פּונטאַ מאַגאַטעס), אָבער מיר האָבן זיך שוין געהאַט איבערגעצייגן מיט די וואַליזעס אין שווייצער־האָטעל וואָס האָט אונדז געפעלן באַלד ווי מיר זענען אַרויס אַ קוק צוטון אויף דער האָטעל־שטאָט.

דער שווייצער־האָטעל איז פון דרויסן און פון אינווייניק פולשטענדיק און עכט שווייצאַריש, דייטש־שווייצאַריש, דאָס דערוועקט אונדזער ראָמאַנטיק צו דער שווייץ פון די פּרעכטיקע אַלפּן; פון צייבער־באַרג אין דאַוואָס; פון הייניקן ריין וואָס גייט דורך די באַהנטע און האַרציקע באַזל; מיין פאַרליבטקייט אין דער שווייץ פון מיין פּאַרוואָרצלטער און צעוואַקסענער פאַמיליע; פון דער נאַטור־שיינקייט און קונסט; פון מענטשלעכער ווירדיקייט און אָנגענעמער באַציאונג; פון פרייהייט, דעמאָקראַטישקייט און קולטור; אין דעם שווייצער־האָטעל, וואו די פירונג און דער אויסדרוק פון די מענטשן איז אויך שווייצאַריש, האָסטו דעם איינדרוק פון געפינען זיך אין אַ שווייצאַרישער סביבה און אָטעמען שווייצער לופט און עס ענדערט זיך נישט דער איינדרוק און דער שווייצאַרישער געשטאַלט פון האָטעל און די שווייצער־וויזיע, ווען דו ווייסט באַלד, אַז די באַלעבאַטים פון האָטעל זענען יידן און יידן זענען אויך די געסט, די טוריסטן, מיינסטנטייל דייטשע און שווייצער יידן און נאָר די סימפּאַטישע קעלנערנס און די קאַמער־מיידלעך, מיט ליכטיקע פּנימער אין ציכטיקע שוואַרצע קליידלעך אונטער ווייס־בלאַנקנדיקע פאַרטעכער, זענען נישט קיין יידן.

אין אַ זומער־טאָג, ווען די זון שטייט אינמיטן הימל און די ים־כוואַליעס זענען נישט אַזוי צעשטורעמט און די פאָן אינמיטן דער בריסטאָלפּלאַזשע זאָגט נישט אָן קיין געפאַר — איז אַ געגיי אויף דער פּלאַזשע. עס גייען גויים און עס גייען יידן, עס גייט אַ אינטערנאַציאָנאַלע, אַ קאָסמאָפּאָליטישע מענטשן־מאַסע פון פרויען, מענער און קינדער.

אויפן הייסן זאַמד אין צענטער פון דער צענטראַלער פּלאַזשע קאָנצענטרירן זיך די יידן און פון דער דאָזיקער קאָנצענטראַציע געקוקט, זעט עס אויס ווי מאַר דער פּלאַטאַ איז פאַרנומען פון יידן, אָבער ווען אַלע יידן פון לאַנד וואָלטן זיך צוזאַמענגעקומען אין מאַר דעל פּלאַטאַ, וואָלטן זיי נאָך נישט געגרייכט צו דער העלפט פון דעם מיליאָן טוריסטן, אַריינגערעכנט די יידן, וואָס פאָרן זיך אין דער טעמפּאָראַדאַ צוזאַמען אין מאַר דעל פּלאַטאַ.

***

עס גייט ווי אויף אַ געוועט די טוריסטיק מיט דער בויאונג. די טוריסטיק האַלט זיך אין איין פאַרגרעסערן און דאָס אייגענע די בויאונג. מען בויט

בילדערישע טשאלעטן און מען בויט פיל־שטאקיקע „האריזאנטאלע" און ווערטיקאלע דעפארטאמענט־געביידעס.

עס גייט אריין אין דעם פראגרעסיוון גאנג פון דער שטאט דער פראגרעס פון דער אינדוסטריע און די קאמעריץ; די פראדוקציע און דער פארקער; די קאמוניקאציע און די אילומינאציע. עס גייט, אין דעם פראגרעסיוון גאנג, די קולטור. עס דערשיינען ארטיקע צייטונגען, צייטשריפטן, ביכער. עס פונקציאנירן ביבליאטעקן, קינאס, טעאטערס און עס לאזן זיך הערן קאנצערטן. דער סאציאלער פראגרעס לאזט זיך זען דורך דער קאמונאלער רעגירונג, וואס איז א סאציאליסטישע. שוין 48 יאר ווי עס דערשיינט א סאציאליסטישע צייטונג: „על טראבאכא". אויף איינער פון מאר דעל פלאטער אוועגידעס איז פאראייביקט דער נאמען פונעם ארגענטינער סאציאליסטישן פארגייער: כואן ב. כוסטא.

***

אזוי די טוריסטן ווי די שטענדיקע איינוואוינער פון מאר דעל פלאטא זענען ארגענטינער, וואס שטאמען פון דער גאנצער וועלט און פון אלע פעלקער, צווישן זיי — קינדער פון יידישן וועלט־פאלק. יידן פארנעמען אן אנזעעוודיקן ארט אין דער טוריסטיק. ווייניקער אנזעעוודיק איז דער ארט וואס יידן פארנעמען אין דער ארטיקייט צווישן די שטענדיקע איינוואוינער, אבער זיי זענען דא. זיי זענען איינגעגלידערט אין אלגעמיינעם ארטיקן לעבן און האבן אויך אן אייגן יידיש געזעלשאפטלעך, קולטורעל און קולטור־לעבן — אין פארבינדונג מיטן דאזיקן לעבן אין לאנד און אויף דער וועלט.

היינט, אין די פייערלעכע טעג פון מאי — 155 יאר זינט דער היסטארישער מאי־רעוואלוציע אין ארגענטינע — פירט דורך אין מאר דעל פלאטא די „דאיא", וואס רעפרעזענטירט די יידן אין ארגענטינע, א צוזאמענפאר, אויף וועמענס פייערלעכע דערעפענונג מיט א גרויסארטיקן באנקעט אין האטעל „פראווינסיאל" עס איז געקומען דער גובערנאטאר פון דער פראווינץ בוענאס־איירעס און באגריסט און גערעדט ווערטער פון אנערקענונג, ווערטער פון פרייהייט, פון גלייכהייט און פון ברידערלעכקייט, וואס זענען אזוי ליב דעם יידישן מענטש.

דער פרעזידענט פון דער יידישער קהילה אין מאר דעל פלאטא האט אין נאמען פון ארטיקן יידישן ישוב באדאנקט פארן כבוד דורכצופירן דעם צוזאמענפאר אין דער שטאט פון ישוב.

# באַהיאַ בלאַנקאַ

## שטריכן און זעאונגען

אויף וויפל די פּראָווינץ בוענאָס־איירעס צייכנט זיך ווי אַ פּערפיל פון אַ קאָפּ מיט דער גאָמבע אין אַטלאַנטישן ים, געפינט זיך די שטאָט באַהיאַ־בלאַנקאַ ביי איר האַלדז. זי געפינט זיך אַזוי אויפן עקסטרעמען דרום־מערב פון דער פּראָווינץ, 640 קילאָמעטער פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס און עס דערגייען צו איר די דרום־ווינטן פון ווייטן פּאָל און די מערב־ווינטן פון דער נאָענטער פּאַמפּאַ. איר אייגענע טעמפּעראַטור איז אַ מיטלמעסיקע, נישט הייס און נישט צו קאַלט. איר לופט איז אַ מחיהדיקע.

איך האָב מער ווי איין מאָל באַזוכט באַהיאַ־בלאַנקאַ, וואָס הייסט אַזוי אוודאי איבער דעם וואָס זי שטייט אין אַ באַהיאַ (בוכטע) מיטן נאָמען „בלאַנקאַ". דער איצטיקער באַזוך איז אין 1951. דער באַזוך האָט זיך אַריינגעשטעלט אין איינער פון מיינע וואַקאַציע־רייזעס איבערן גרויסן לאַנד אַרגענטינע, ווען באַהיאַ־בלאַנקאַ האָט זיך אויך געוויזן אין איר פּאַרגאַנגענהייט, אין איר געוועזענע יידישע יאָרן.

***

מיר געפינען זיך אין דעם צווייענדיקן נעקאָטשעאַ: די שטאָטישע און די פּלאַזשעדיקע, אָפּגערוקט איינע פון די אַנדערע. דער מאָטאָריזירטער אָמניבוס פירט די שטאָטישע נעקאָטשעער אויף דער אַטלאַנטישער פּלאַזשע און די פּלאַזשע־געסט — אין דעם לעבהאַפטיקן און גאַסטפריינדלעכן שטעטל.

נעקאָטשעאַ, וואָס האָט זיך אַ גאַנצע נאַכט געבאָדן אין די געזאַלצענע און יאָדיקע וואַסערן פונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן און געלאָזט גיין אויף זיך זיינע כוואַליעס, האָט זיך שוין געטריקנט, זיך געוואַרעמט און געברוינט אין ווייסן פייער פון דער זון, וואָס איז אַרויף אויף דער נאַקעטער פּלאַזשע מיט אירע פייערדיקע כוואַליעס.

אָבער עס איז נאָך פאַר פרישטיק. דער עולם אין דעם פּלאַזשע־שטעטל שלאָפט נאָך. נאָר וואו נישט וואו זעט זיך א באַגינען־וואַנדערער, אָדער איי־נער וועלכער איז געוואוינט פרי אויפצושטיין צו דער ארבעט, — גייט ער זען ווי די זון גייט ארויס פון ים און וואָס זי טוט ווייטער.

די הערשנדיקע רו איז נישט געשטערט געוואָרן פונעם אויטאָמאָביל, וועלכער איז געקומען פון נעקאָטשעאַ — די שטאָט — נאָך אונדז מיט אונ־דזערע וואַליזעס. שטיל איז ער געקומען און שטיל איז ער מיט אונדז אוועק אין שטאָט.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין דער שטאָט, האָט זי געהאַלטן ביים אויפשטיין, אָפּוואַשן זיך, אָנטאָן זיך, פרישטיקן פרישע בייגל און ברויט מיט פּוטער און פרישע מילך מיט קאַווע, צעעפענען טיר און פענצטער און אָטעמען פרישע לופט.

***

עס איז אָנגעקומען פון מאַר דעל פּלאַטאַ א פאַרביקער אויטאָבוס מיט א פאַרנעם. ער האָט אונדז אויפגענומען און ער האָט אונדז געפירט אויף א וועג וואָס גייט קיין באַהיאַ־בלאַנקאַ.

דער וועג ציט זיך דריי הונדערט און פופציק קילאָמעטער לאַנג, אין דער נאָענט פון אַטלאַנטישן ברעג. ער גייט איבער טייכן און טייכלעך, וואָס שטראָמען און פליסן צום ים צו. וואו־נישט־וואו האָבן זיי זיך אויסגעגאָסן אין קליינע אָזערעס, וועלכע האָבן זיך פון זייער זייט געעפנט א קאַנאַל צום אָקעאַן.

עס איז נאָך געווען פאַר מיטיק ווען מיר זענען פאַרפאָרן קיין טרעס־אַראָזשאָס. דער אויטאָבוס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים רעסטאָראַן פון א האָ־טעל און געגעבן זיינע פּאַסאַזשירן 45 מינוט צייט. אָפּגעגעסן מיטיק, זענען מיר ווייטער געפאָרן.

דער וועג שניידט זיך ווייטער אויף א פעלד, וואָס איז ווי פאַרגלי־ווערטע און פאַרשטיינערטע כוואַליעס, באַוואַקסן מיט ווילדע געוויקסן און ערטערווייז — ווייס, ווי אָפּגעקאַלכט פון פאַרטריקנטן זאַלץ. עס קומען אויך אַנטקעגן אַאַזיסן פון קולטיווירטע פעלדער און קי מיט קעלעך און אָקסן פּאַשן זיך רואיק. ווייסן זיי, אַז זייער גורל איז שחיטה? געלערנטע, פּאָליטיקער, עקאָנאָמיסטן, פינאַנציסטן, דיפּלאָמאַטן פאַרנעמען זיך מיט דעם קויף און פאַרקויף פון זייער פלייש, פון זייער פעל און פון זייערע ביינער, בעת זיי לעבן און גייען זיך רואיק אַרום אויף די פעלדער.

זייער ווייניק שטעטלעך האָט מען באַגעגנט אויפן וועג. מ'האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אין זיי, אויב ס'איז נישט געווען וועמען אַראָפּצולאָזן און

ווען מען אַרויפצונעמען. אַזוי איז מען אויך אַדורך דאַרעגאָ, וואָס דערמאָנט אין דעם אָנהייב פון דער ראַסיסטישער רעגירונג. דאַרעגאָ איז געווען גובער־נאַטאָר פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס אין 1827. די ראַסיסטישע באַוועגונג האָט אים אַראָפּגעזעצט און אומגעבראַכט. דאָס האָט געהאָלפן ראָסאַסן קומען צו דער אַבסאָלוטער מאַכט.

ביים אַריינפאָר אין באַהיאַ־בלאַנקאַ, וואָס שטייט אין אַ ווינקל, אין וועלכן עס גייט אַריין אַ שפּיץ פון אַטלאַנטישן אָקעאַן און מיט וועלכער איך קום אין קאָנטאַקט שוין דאָס פערטע מאָל, — האָט דאָס האַרץ אין עפּעס דערמאָנט.

***

דאָ איז געווען מיין באַשערטע, מיט וועמען איך האָב זיך קאָרעספּאָנ־דירט פאַר און בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָ האָט געבליט און גע־וואַקסן אַ יידישע קולטור.

אין דער אַטלאַנטישער בוכטע, וואָס הייסט באַהיאַ־בלאַנקאַ, זענען צע־שטעלט אַ צענדליק קלענערע און גרעסערע אינדזלען. די דריי גרעסערע פון זיי הייסן: בערמעכאָ, וואוד און טרינידאַד. זיי באַוואַכן און באַשיצן דעם מיליטערישן פאָרט, אין וועלכן עס זענען קאָנצענטרירט די באַוואָפנטע ים־קרעפטן — חלילה נישט וועמען אָנצוגרייפן. זיי באַטייליקן זיך אָבער אין אינלענדישע געשעענישן. אין יאָר 1955 זענען זיי געקומען אין די וואַסערן פונעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ זיך צו באַטייליקן אין דער באַפרייערישער רעוואָ־לוציע קעגן דער פּעראָניסטישער דיקטאַטאָרישער רעגירונג, און האָבן פּע־ראָנען געהייסן גיין.

פון מזרח צו מערב געקוקט, שטייט פּונטאַ אַלטאַ אויפן ברעג פון אַט־לאַנטישן אָקעאַן, אין דער בוכטע באַהיאַ־בלאַנקאַ. דערנאָך איז אינגעניעראָ ווייטע, ווי מען זאָגט אין אַרגענטיניש דעם ענגלישן נאָמען, און וואָס איז אויך אַן אָקעאַנישער פּאָרט, דערנאָך איז דער פּאָרט פון דער שטאָט באַהיאַ־בלאַנקאַ, אויף אַ קלענער דיסטאַנץ פון ברעג. נישט זעלטן פלעגט פאַרקו־מען אַ פאַרפלייצונג. זי איז אָבער נישט געווען פון ים, נאָר פונעם טייך נאַ־פּאַסטאַ, וואָס באַהיאַ־בלאַנקאַ האָט נעבן זיך. איך אַליין האָב שוין געטראָפן באַהיאַ־בלאַנקאַ אין וואַסער.

דער באַנוועזן, וועלכער איז אָפּגעקויפט געוואָרן ביי די ענגלענדער, האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אין יאָר 1881. ער האָט געמאַכט דאָ אַ גרויסן קנופּ און געוואָרפן זיינע אייזערנע פעדעם אין אַלע זייטן פון דער פּראָווינץ, פאַר־פלעכטנדיק אַ גאַנצע נעץ פון באַנשינעס, וואָס האָבן זיך אויסגעשפּרייט

אויף דער פאמפא און נעוקען אין מערב, אויף דער פראווינץ קארדאבא אין צפון און אויף דער טעריטאריע ריא־נעגרא אויפן דרום, ביז די אנדן־בערג.

איך אליין, אן איין־יאריקער גרינער, דעמאלט מיט 58 יאר צוריק, בין געוואויר געווארן פון באהיא־בלאנקא דורך אן אלגעמיינעם באן־ארבעטער שטרייק, מיט וועלכן עס האט געקלונגען דאס לאנד.

דאס לאנד האט געקלונגען נישט אזוי מיטן שטרייק, ווי מיט די טעראר־געשעענישן. דער שטרייק איז געווען די סיבה אויף ארויסצושיקן קעגן די שטרייקנדיקע באוואפנטע קרעפטן. ארויסגעקומען איז א טראגעדיע, וואס האט נישט אפגעשאפט דעם ארבעטער־שטרייק, נישט אפגעשאפט זיינע סיבות. שפעטער האט דער גורל איינגעשטעלט דורך מיין באשערטער ראמאנטישע באציאונגען מיט באהיא־בלאנקא; נאך שפעטער בין איך צום ערשטן מאל אליין געווען אין באהיא־בלאנקא. פון די דריי טויזנט איינוואוינער אין 1881 איז געווארן 75 טויזנט, מיט אן אקטיווע יידישע און יידישיסטישע באפעלקערונג פון בעלי־מלאכות און אינדוסטריאלן, פון ארבעטער און פון סוחרים, פון פראפעסיאנאלן און פון קאלאניסטן.

די יידישע קאלאניסטן זענען געווען פון דער נאענטסטער קאלאניע מעדאנאס און פון דער ווייטערער קאלאניע אין גענעראל ראקא (דעמאלט — טעריטאריע ריא־נעגרא). באהיא־בלאנקא איז געווען דער מארק און די קאנצענטראציע פון זייער אגראר־פראדוקציע און פון זייערע פראדוציר־באדערפענישן און קאנסום. עס פלעגן אויך קומען יידישע קאלאניסטן פון דער פאמפא: פון וויזשא־אלבא, פון נארסים לעווען און פון ריווערא. זיי פלעגן קומען נישט אזוי אפט. עס איז נישט אזוי נאענט, אבער זיי פלעגן קומען. עס ציט די שטאט מיט איר ליכטיקייט און מיט איר עלעגאנץ, מיט איר קאנצענטראציע און מיט איר קולטור; מיט איר גלאנץ און איר יום־טובדיקייט, און חוץ דעם איז באהיא־בלאנקא א פארטשטאט מיט א טיר צו דער וועלט און מיט א קנופ פון באנען, וואס פארבינדן מיט אלע ריכטונגען פון לאנד. ווייט פון דער פראווינציעלער מעטראפאליע לא־פלאטא, האט זיך אין באהיא בלאנקא איינגעשטעלט א געריכטוועזן, און א טייל פון דער פראווינציעלער מלוכה־אדמיניסטראציע. די גרויסע צייטונג פון שטאט איז ארויס מיטן פרעטענציעזן נאמען „לא נועווא פראווינסיא". דער מאדנער נאמען האט אזוי אנגערופן די פאמפא, וואס איז נאך נישט געווען באשטימט ווי א פראווינץ, און באהיא־בלאנקא איז אין דער שטרעבונג געווען די מעטראפאליע פון דער נייער פראווינץ אין דער צוקונפט.

די יידן אין באהיא־בלאנקא, וועלכע איך האב געקענט און מיט וועלכע איך האב זיך באקענט, זענען געווען פון פראגרעסיוון סעקטאר און זיי זענען אידעאיש געווען אזוי פארשידן ווי פארשידן עס זענען די אורעען ביי יידן

שטענדיק און אומעטום. דאָ זענען געווען אַלע ריכטונגען פון ציוניזם, קאָמור־ניזם, בונדיזם, אַנאַרכיזם; עס האָט אויך נישט געפילט דער ניטשעאַניזם, אָבער יידישע, וועלטלעכע, פּראָגרעסיווע, יידישיסטישע יידן זענען זיי אַלע געווען. און זיי זענען געווען פאַרבונדן מיטן פאַרביקן באַנד פון דער יידישער קולטור, אָרגאַניזירט און קאָנצענטרירט אונטערן נאָמען פון זיידן: „מענדע־לע מוכר ספרים".

און עס איז אָנגעגאַנגען אַ יידישע מיגראַציע. יידן האָבן אויסגעוואַנ־דערט פון באַהיאַ־בלאַנקאַ און יידן האָבן איינגעוואַנדערט. מיך האָט דער גורל אַריינגעפירט אין אַ קרייז פון יידן, וואָס האָבן אין באַהיאַ־בלאַנקאַ פאַרבראַכט און אויסגעלעבט זייערע גרינע יאָרן און זייער יוגנט; וואָס האָבן דאָ געמאַכט זייערע פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע איניציאַטיוועס און וואָס האָבן זיך דאָ געשאַפן זייערע אילוזיעס און איבערגעלעבט זייער ראָ־מאַנטיזם.

***

דער סעניאָר בוליאַ — גרינדער, אייגנטימער און דירעקטאָר פון „לאַ נועוואַ פּראָווינסיאַ", האָט מיך מיט יאָרן שפּעטער ווידער דערמאָנט אין דער שטאָט, וואָס ביי דער בוכטע באַהיאַ, ביים אַטלאַנטישן אָקעאַן. ער האָט זי דערמאָנט אויף אַ באַזוך ביי מיר אין הויז. ער האָט מיר דאַן געוויזן אַ קאָ־רעספּאָנדענץ פאַר זיין צייטונג פון בערלין. עס איז געווען אַ רעאַלע באַ־שרייבונג פון אַ פּשוטן פּאָגראָם אויף די יידן, וועלכע האָבן זיך נאָך געפונען אין בערלין. דאָס איז געווען אין 1938. די נאַציס האָבן שוין געהאַט אונ־טערגעצונדן די וועלט צוליב „לעבנסרוים"...

שוין אין מלחמה־צייט, אין דער צווייטער העלפט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָב איך געטראָפן באַהיאַ בלאַנקאַ נאָך אַ פאַרפּלייצונג. די שטאָט איז נאָך געווען נאַס. עס איז נאָך געווען איבערגעריסן די קאָמוני־קאַציע פון איין טייל שטאָט מיט דער צווייטער. פון די קעלערס האָט מען אַרויסגעפּאָמפּעט וואַסער און די באַן־צירקולאַציע קיין סאַפּאַלאַ, נעאוקען, וואו איך האָב געוואָלט פאָרן, איז פון דער פאַרפּלייצונג געווען איבערגעריסן און די ליניע צעשטערט.

די פאַרפּלייצונג פון דעם וואָס דער נאַפּאָסטאַ האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַרויס פון די ברעגעס, האָט שוין געהאַט אויפגעהערט, אָבער די שטאָט האָט זיך נאָך געפונען אונטער איר איינפלוס. עס איז נישט געווען די ערשטע פאַרפּלייצונג און מ'איז געווען זיכער, אַז זי איז נישט די לעצטע.

איז דער קלימאט געווען א פארנעפלטער. דאס געמיט ווי נאך א קאַ־טאסטראפע.

*⁎*

אין 1951 האב איך זיך אויפן וועג ערגעצוואו מיט מיין באשערטער, די געוועזענע באהיא בלאנקער, אפגעשטעלט אין באהיא בלאנקא. אויף א פאר טעג.

באהיא בלאנקא האט זיך באוויזן אזוי ווי זי איז אונדז באקאנט געווען און אויך אנדערש. וואס מ'האט ביי איר דערקענט און וואס נישט. זי איז אויסגעוואקסן, זיך אנטוויקלט, שיין, ריין, ווירדיק, אינטערעסאנט, נאר אן איר יוגנטלעכן רייץ פון אמאל. איר באפעלקערונג האלט שוין באלד ביי די הונדערט טויזנט און אירע ברייטע און שמאלע גאסן ציען זיך אין דער לענג צווישן באבוימטע בלאקן מיט נייע מאדערנע הייזער און מיט אלטע אבער חשובע.

באהיא בלאנקא איז ווידער געווען אין שטרייק. דאס מאל איז עס געווען א שטרייק פון די טאקסי־שאפערן.

— פארוואס שטרייקט מען?

— קעגן א רעגלאמענט פון דער מוניציפאליטעט — האט זיך אפגע־רופן א טיפ פון א לומפן־פראלעטאריער, וואס האט פון אלץ געוואוסט און וועלכער האט אונדז אנגעבאטן זיין דינסט — דער שאפער דארף ברענגען אין דער פאליציי צו רעגיסטרירן יעדן פאסאזשיר.

זענען מיר געגאנגען צום אויטאבוס, וואס גייט קיין קארוהע.

— ער גייט נישט — זאגט מען אונדז אין א קאפע ביי דער צענ־טראלער פלאסע ריוואדאוויא אין שטאט־צענטער, ארום וועלכער עס שטייען די אימפאזאנטע געביידעס פון דער מוניציפאליטעט, פון דער פראווינץ בוענאס איירעס, פון דער רעפובליק און צווישן זיי די מאנומענטאלע גע־ביידע פון דער צייטונג „לא נועווא פראווינסיא".

— פארוואס גייט ער נישט?

— ער קריגט נישט קיין רעדער.

די מענטשן אין דער קאפע האבן גערעדט פון דעם וואס מ'קריגט אלץ נישט און פארוואס מ'קריגט נישט. מיר זענען אוועק אין דער אפיסינע פון דער אוויאציע אויף א'היכינס. עס איז געשטאנען א לאנגע „קאלא" (רייע) פון פאסאזשירן־אספיראנטן צו פליען: זיי זענען געשטאנען פארצייכנט איינער אונטער דעם אנדערן. מען איז גרייט געווען אויך אונדז צו פארציי־כענען צו קאנען פליען... פונקט אין א חודש ארום!

אויף א'היכינס האט אויפגעהערט דער אינטענסיווער טראפיק פון ווע־

היקולן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּוס־שפּאַציר פון דער באַהיאַ בלאַנקער יוגנט און עלעגאַנץ.

אין האָטעל „אַסעאַן", דער סעניאָריאַלער האָטעל פון שטאָט, היינט — אַן אָפּגעלאָזענער, אָבער נאָך מיט אַלעם גוטן, אויך מיט טעלעפאָן אין צימער אויפן „ליכט־טישל", האָט מען אונדז מיט דער ווינדע ארויפגעפירט אין דער וואוינונג 142. עס זענען געווען אַלע באַקוועמלעכקייטן און זיי זענען געווען ברייט און קאָנפאָרטאַבל, נאָר עס איז געווען קאַלט; קאַלט אינמיטן זומער און מיר זענען אַראָפּ אין גאַס. זי איז געווען בלענדנדיק באַלויכטן (עס רעדט זיך פון די פאָדערגאַסן). די עלעקטרישע ליכטער האָבן פאַרשטעלט די שטערן פון הימל אין דער באַהיער זומער־נאַכט. פּריוואַטע שפּיגלדיקע אויטאָמאָבילן האָבן פולגעמאַכט די אַספאַלטירטע גאַסן און דעם אַרום דער פּלאַסע ריוואַדאַוויאַ. עס ווערן אויסגערופן די נעמען פון די אָרטיקע צייטונגען און די פון בוענאָס איירעס.

***

אויף דער פּלאַסע נאָענט פונעם מאָנומענט בערנאַרדינאָ ריוואַדאַוויאַ, דער ערשטער אַרגענטינער פּרעזידענט און דער וואָס האָט געפּלאַנט איינצופירן אין לאַנד אַ קאָלעקטיווע אַגריקולטור, שטייט אין דער געשטאַלט פון אַ יידישער מצבה אַזאַ מאָנומענט דעם באַראָן הירש, וועלכער האָט געפּלאַנט צו שאַפן אַ גרויסע יידישע קאָלאָניזאַציע דאָ אין ארגענטינע און געלאָזט אַ פאַרמעגן צו פינאַנצירן, אָרגאַניזירן און אדמיניסטרירן די יידישע קאָלאָניזאַציע אין דעם גרויסן און פרוכטבאַרן לאַנד. עס איז אַ מתנה פון דער יידישער קאָלעקטיוויטעט דער שטאָט באַהיאַ בלאַנקאַ, איינע פון די פּראָגרעסיווסטע אין לאַנד. און די מוניציפּאַליטעט האָט אויסגעדריקט איר באַציאונג צו יידן מיט דעם אָפּגעבן אַזאַ חשובן עפנטלעכן אָרט אויף דער הויפּט־פּלאַסע פון שטאָט פאַר אַ יידישער זאַך.

שטיי איך פאַר דער מצבה דעם ווירדיקן באַראָן הירש, דעם גרויסן פילאַנטראָפּ, דענקער ארויסצופירן יידן פון צאַרישן רוסלאַנד, פון פּאָגראָמען און זיי פירן קיין ארגענטינע, וואָס האָט גערופן פרייע מענטשן פון דער גאַנצער וועלט צו קומען זיך באַזעצן אין דעם לאַנד פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט; זיך באַזעצן מיט זייער גייסטיקן און מאָראַלישן פאַרמעגן; מיט זייער נוצלעכער פּראָדוקטיוויטעט און מיט דעם פּראַקטיצירן דאָ זייער וויסן, זייער קענען, זייערע שעפערישע אידעען און זייערע שטרעבונגען — פאַר זיך, פאַרן לאַנד און פאַר דער וועלט. שטיי איך ביי דער מצבה און עס טראַכט זיך, אַז עס איז דאָך געבליבן אַ בלויז פאַר אַ פּאַסנ־

דיקערן מאָנומענט דעם דענקער און שאַפער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע.

***

די טענער פון אַ מוזיק־אָרקעסטער אין דעם גרויסן קאַפע, אין וועלכן עס קומען אַריין די יידן פון באַהיאַ בלאַנקאַ, זענען אַרויס אויף דער פּלאַסע און זענען אַריין אין אירע אַלייען. זיי האָבן גערירט די שטייפע, גרינע, שמאָלע און לאַנגע פּאַלמען־בלעטער, ווי צאַרטע, אומזעבאַרע פינגער אויף אַ האַרפע און זענען אַרויף אויף די בלומען־בייטן, וואָס האָבן געשיינט מיט אַלע פאַרבן און פאַרמען און געשמעקט מיט אַלע זייערע פּערפומען.

די קאַפע איז געווען פול מיט יידישע פאַמיליעס. די פרויען — פאַר־פּוצט און באַצירט מיט גאָלד און בריליאַנטן. קיין יידיש וואָרט הערט זיך נישט. קיין יידישקייט זעט זיך נישט. דאָס ווערט אוודאי איבערגעלאָזט אין דער שטוב פון יידישן באַהיאַ בלאַנקאַ; באַהיאַ בלאַנקער יידן זענען געוואָרן נאַציאָנאַליסטיש פאַר זיך און אַסימילאַטאָריש פאַר די גוים. איז דאָס נישט דאָס. עס איז נישט די האַרציקע, די דערגרייכטע, די קולטורעלע און די ראָמאַנטישע יידישע יידישקייט פון יידישן באַהיאַ בלאַנקאַ פון דער נאָענטער פאַרגאַנגנהייט, וואָס האָט זיך נישט באַגרעניצט, נישט באַהאַלטן און וואָס האָט זיך געלאָזט זען און הערן אין גאַס ווי אין שטוב, ביי זיך און אין דער אַלגעמיינער עפנטלעכקייט.

***

באַגינען איז באַהיאַ־בלאַנקאַ אויפגעשטאַנען צו דער אַרבעט. אין פרי־מאָרגן איז געוואָרן אַ געגיי פון מענער און פרויען. קופּעס מענטשן אויף די ראָגן האָבן אומגעדולדיק אויסגעקוקט אויף די אויטאָבוסן. זיי זענען געלאָפן איבערגעפּאַקט און באַהאַנגען מיט אַרבעטס־מענטשן.

# אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל

## 36 שעה

אייגנטלעך איז עס אַ שטעטעלע ווי אַ סך אַנדערע שטעטעלעך אין דער בוענאָס־איירעסער פּראָווינץ און מ׳קען עס באַשרייבן אַן אַ נאָמען, כאָטש דאָס איז נישט אין אַנקלאַנג מיט קליינשטעטלדיקייט. דאָס שטעטעלע טראָגט אַ נאָמען פון איינעם, וועמען איך רוף נישט אָן „פּראָסער״ (פּאָר־גייער), ער איז אָבער איינער פון דער ערשטער פּראָוויזאָרישער רעגירונג פון דער היסטאָרישער מאַי־רעוואָלוציע, וואָס האָט פאַרענדיקט מיטן שפּאַנישן קאָלאָניאַליזם אין אַרגענטינע און האָט געמאַכט דעם אַנטשיידענעם שריט פאַר אַ פריי און זעלבסטשטענדיק לאַנד אין שפּאַנישן אַמעריקע.

עס איז געווען אין אַ טאָג פון 1940סטן יאָר, זומער, ווען איך בין אָנגעקומען אין דעם טיפּישן אַרגענטינישן שטעטעלע אין דער טיף פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, 600 קילאָמעטער צו מערב־צו פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס, גאָר נאָענט פון דער פּאַמפּאַ, מיט אַן אומגעגנט פון פעלדער, פעלדער און פעלדער.

***

עס איז נאָך פינצטער געווען ווען די דרום־באַן איז אָנגעקומען מיט אַ רויך, וואָס האָט זיך געכוואַליעט פון איר קוימען אַרויס. זי האָט געבראַכט פּעק נעכטיקע בוענאָס־איירעסער צייטונגען, פּאָסט און פאַרשידענע סחורות. דאָס אַלץ אַראָפּגעוואָרפן דאָ אויף דער פּלאַטפאָרעם און אויפגענומען קעז פון דער אַרגענטינער שווייץ און פרוכטן און איז ווייטער אַוועק איר וועג.

אין דעם האַלב־טונקעלן וואַגאָן, האָט זיך נאָך געהערט דער שלאָף פון די זיצנדיקע פּאַסאַזשירן אויף די בענק, און זיי זענען געווען צוגעדעקט מיט אַ דינעם שיכט שטויב.

ווען עס איז געוואָרן טאָג, האָט דער עולם אָנגעהויבן עפענען די אויגן און די פענצטער אויף צו נעמען פרישע לופט מיט פרישן שטויב. די באַן

וואָס וועט נישט גערייניקט דעם גאַנצן וועג. באַווייזט איר בריהשאַפט נישט נאָר אַליין אויפצוהויבן אַ שטויב, נאָר אויך אויפצונעמען דעם שטויב וואָס אַנדערע מאַכן אויף די וועגן און אויך דעם שטויב, וועלכער איז געלעגן אויף די פעלדער, ביז ער האָט דערפילט דעם ווינט פון דער באַן און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

מיטיק־צייט האָט זיך די באַן אָפּגעשטעלט אין דעם עקסטרעמען דרום־מערב ווינקל פון דער פּראָווינץ און אַראָפּגעלאָזט אירע פאַרשטויבטע און פאַררויכערטע פּאַסאַזשירן.

איך האָב נאָך געדאַרפט פאָרן אַ שטרעקע פון עטלעכע הונדערט קילאָ־מעטער פון דרום צו צפון. ס׳האָט זיך דאָ נישט געוואָלט וואַרטן אַ מעת־לעת אויף אַ באַן און איך בין אַוועק מיט אַ פּולמאַן.

דער וועג שניידט זיך איבער פעלדער, וואָס זענען נאָך נישט באַפרוכ־פּערט, זיי וואַרטן נאָך אויפן מענטש און זיין אַרבעט און אויפן מענטשלעכן ישוב. דער וועג שניידט זיך אויך צווישן קולטיווירטע פעלדער. פון זיי האָט מען שוין אַראָפּגענומען די לעצטע גערעטעניש און זיי רוען זיך אָפּ נאָכן שניט. מען פאַרט פאַרביי פעלדער, וואו עס קייקלט זיך אַ פייער, עס ברענט דאָס איבערגעבליבענע פאַרטריקנטע שטרוי אויף זיי. דאָס פייער גייט אי־בערן פעלד וואוהין דער ווינט טרייבט עס און לאָזט איבער הינטער זיך אָפּ־געקילט אַש, וואָס וועט שפּעטער דורך דעם אַקער אַריינגענומען ווערן אין דער ערד און דינען איר צו באַקרעפטיקן.

פון דער ווייטנס זעען זיך די „וועגטאַנאַ"־בערג. זיי הייסן אַזוי צוליב זייערע נאַטירלעכע עפענונגען, וואָס זיי האָבן ערטערווייז און זעען אויס ווי פענצטער. זיי זענען באַקאַנט אין לאַנד צוליב דער תפיסה אין זיי. עס ציען זיך אויך אַוועק די „קורומאַלאַן"־בערג, וואָס ווערן כמעט נאָך נישט אויס־גענוצט.

די פּאַסאַזשירן זענען פון דער געגנט. פּאַסאַזשירן גייען אַראָפּ און גייען אַרויף ביי יעדן שטעטל, דערפל און אַפילו אין מיטן פעלד. עס טרעפן זיך קרובים, שכנים, אַלטע פריינד און עס טראָגט זיך פון זיי אַ היימישקייט. מען צעפרעגט זיך און מען דערציילט זיך פון אינטימע פּאַסירונגען, פון שמחות און פון קריגערייען, פון אומבאַהאָלפנקייטן און פון בריהשקייטן.

מיטן שאָפער ווערן איבערגעשיקט בריוו און פּאַסטמאַרקעס, פאַמיליאַרע פּעקלעך און גרוסן.

פון אַ „באַליטשע" (שענק) אין טרעס־פּיקאָס קומען אַרויס צוויי מענ־טשן שיכורלעך, זיי שטעלן אָפּ דעם פּולמאַן. ער נעמט זיי אַרויף און זיי זעצן פאָר אַ שמועס.

עס רעדט דער מיטן ליידנשאַפטלעכן פּנים, אַריינקוקנדיק אין דעם צו־
פרידענעם פּנים פון דעם אַנדערן. עס האָט אים נישט געאַרט דאָס וואָס זיי־
טיקע מענטשן הערן, ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק, זיין שמועס. ער דער־
ציילט נישט קיין מעשיות, קיין מאַקאַנעס, נאָר פון דעם געוויינלעכן לעבן,
פון דעם וואָס ער אַליין האָט מיטגעמאַכט און וואָס ער דענקט און פילט אי־
בער דעם. און פון זיין דערציילן אין אַ ביסל אַ שיכורלעכן צושטאַנד, איז
מער אָדער ווייניקער אַרויסגעקומען, אַז אין אַ שבת, ווען ער מיט זיינע
חברים זענען געווען אין באַליטשע פון דאָן אַנטאָניאָ, געטרונקען אַ גלעזל
וויין און געשמועסט וועגן דער לעצטער „קאַררעראַ" און וועגן דער ביינאַכ־
טיקער באַילע, איז אַריינגעקומען דאָן מאַרטין און מיט גרינגשאַצונג באַ־
קוקט די אָנוועזנדיקע, אַ קלאַפּ געטאָן מיטן בייטשל און אַ זאָג געטאָן: „דאָ
וועט מען נישט טרינקען!". אָבער כאָסע (דער וואָס דערציילט), פּראָוואָצירט,
האָט אַ זאָג געטאָן צום פּראָוואָקאַטאָר, קוקנדיק אויף זיין הינטן, פון וואַנען
עס האָט אַרויסגעשפּאַרט אַ רעוואָלווער: „אויב דו ביסט אַ מאַן, וואַרף
אַרויס דעם רעוואָלווער און פאַרטיידיק זיך". און דאָן מאַרטין איז אין אַ
ווײַלע אַרום געלעגן אויף דער ערד אַ טויטער. כאָסע דערציילט דאָס נישט
ווי אַ נייס, נאָר ווי אַ באַווייז פון זיינע האַנדלונגען; אַזוי האַנדלט ער אויס
האַס און עקל צו אַ תקיף, ער האָט פיינט אַ תקיף, ווייל אַ תקיף, — זאָגט
ער, — איז אַ פּחדן, און ער האָט פיינט אַ פּחדן, ווייל אַ פּחדן איז אַ פאַר־
רעטער. און פאַרן טויט האָט ער קיין מורא נישט, אַ סך מאָל אים שוין גע־
האָט פאַר די אויגן און זיך איינגעלעבט מיט אים, אָבער כאָסע איז נישט
קיין מערדער; אַ מערדער, — דערקלערט כאָסע זיין פריינד, — איז יענער
וואָס פאַלט אָן, וואָס פּראָוואָצירט צוליב מאָרד און וואָס הרגעט צוליב רויב;
ער איז דאָס נישט. ער קען נישט ליידן, אַז מען באַליידיקט. און פאַרן טויט
האָט ער קיין מורא נישט...

***

דער פּולמאַן לאָזט מיר אַראָפּ אין אַ שטעטל און ער פאָרט ווייטער.
דאָס שטעטל שטייט לעבן דער באַן־סטאַנציע. אין 24 שעה אַרום גייט דאָ
פאַרביי אַ באַן קיין קאַרוע. אין אַזאַ פאַל מוז מען זיך קודם־כל באַזאָרגן מיט
אַ האָטעל. זיי זענען דאָ עטלעכע פאַר וואָיאַזשאָרן, האַנדלס־רייזנדיקע, וואָס
קומען אין דעם ווינקל אויפקויפן לאַנד־פּראָדוקטן און קומען פאַרקויפן אַר־
טיקלען אין די אָרטיקע קראָמען. עס וואוינען אין די אָרטיקע האָטעלן באַן־
אַרבעטער און מען טרעפט אויך אין זיי פעלד־אַרבעטער, אויפן וועג צו דער
אַרבעט אין שניט־צייט, אָדער פון דער אַרבעט נאָך שניט־צייט, אין טראַנ־
זיט צוריק אַ היים, אָדער אין אַן אַנדערער זאָנע, וואו עס צייטיקט צום שניט

אַן אַנדער אַגראַר־פּראָדוקט. דאָס שטעטל שטייט מיטן פּנים צו די „קורו־מאַלאַן״־בערג, זיי שטייען אויף אַ דיסטאַנץ פון אַ פופצן „לעגוועס״ (75 קילאָמעטער), אָבער מ'האָט זיי שטענדיק פאַר די אויגן. דאָס שטעטל האָט זיך אוודאי אַזוי אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו די בערג און מיט דער פּלייצע צו דער אָפענער פּאַמפּאַ, כדי די שטויביקע פּאַמפּאַ־ווינטן זאָלן נישט שמייסן אין פּנים אַריין. אין צענטער פון דער הויפּט־גאַס, אַ גענוג פאַרשטויבטע, שטייט דער האָטעל אין וועלכן איך בין אַריין. אַלע געשעפטן דאָ זענען פון פאַרשיידענע צווייגן. דאָס זעלביקע איז דער האָטעל, וואָס איז אַ שענק, אַ קאַפע, אַ רעסטאָראַן, אַ קאָנפּיטעריע, אַ זאַל פאַר שטעטלדיקע בעלער און אויך אַ האָטעל. דער באַלעבאָס, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט „טרוקאָ״ (אַ מין קאָרטן־שפּיל) ביי איינעם פון די קאָרטן־טישלעך, פירט דורך דער קיך אַרויף אויף הילצערנע טרעפּ, וואָס מיט פאָרזיכטיקייט קומט מען אַרויף בשלום אויף אַ לאַנגן הילצערנעם באַלקאָן, וועלכער דינט פאַר אַ קאָרידאָר פאַר די אויבערשטע האָטעל־צימערן. איך באַקום אַ צימער מיט דריי בעטן, מיט צוויי טירן: איינע צו דער גאַס, דורך וועלכער עס גייט אַריין דער שטויב, די צווייטע צום הויף, דורך וועלכער עס גייען אַריין די פליגן, צוזאַמען מיטן גערוך פון דער קיך און פון אַנדערע הויף־זאַכן. אָבער צוליב לופט, האַלט מען די טירן שטענדיק אָפן און זיי האָבן דעריבער נישט קיין קליאַמקעס, נישט קיין שליסלען. עס איז אויך פאַראַן אין צימער אַ וואַש־שיסל, מיט אַ קרוג וואַסער, וואָס די „טשינאַ״, אַ טונקל־הויטיקע פרוי, אַ צונאָמען פון אַ כינעזערין, טראָגט אַרויף יעדן טאָג, בעת זי קומט אויסגלייכן די בעטן. און אַזוי ווי דער האָטעל איז דער רייכסטער פון שטעטל, איז אויך פאַראַן אין צימער אַ פאַר בענקלעך און אַ וואַש־שענקל מיט אַ פאַרמעליקטע שויב, וואָס איז אַמאָל געווען אַזאַ שפּיגל. איך טו אַ קוק אונטער די בעטן, כדי צו זיין זיכער, אַז אין דעם צימער בין איך אַליין, און גיי אַרויס אין שטעטל.

ס'איז אַ הייסער זומער־טאָג, שוין לאַנג נאָך דער „סיעסטאַ״ (נאָכמיטיק־שלאָף), דאָך איז שטיל, ווי מען וואָלט נאָך געדרימלט. גייט אַ וואָגן אויף דער נישט־ברוקירטער גאַס, הערט מען אים נישט, ער הייבט גאָר אויף אַ שטויב; שטייען אָפענע קראָמען און קיינער איז אין זיי נישטאָ, אויך נישט דער סוחר. אין די „טערקישע״ שניט־קראָמען זיצן די באַלעבאָטים אויף די טישן און גענעצן. טרעפט מען אַ מענטש אויפן גאַס, איז ער אַ „פּאַראַסטעראָ״, אַ נישט־היגער, אַ קאָרעדאָר, אַ וואַיאַזשאָר, אַן אינקאַסענט, אַן אַגענט פון האַנדלס־פירמעס, פון אַרטיקלען; אַ פאַבריקאַנט, אָדער אַן איבערפאַרקויפער. עס זענען מענטשן מיט רענצלעך, מיט מוסטערן, מיט פאָרמולאַר־פּאַפּירן צו פאַרשרייבן באַשטעלונגען פאַרן אַרטיקן האַנדל, פאַרן אַרטיקן

געבראָך. אייניקע פירן מיט זיך קאַסטנס אַרטיקלען, זיי ווערן געהאַלטן אויף דער באַן־סטאַנציע. עס ווערט אַזוי אַרום פאַרשפּאַרט דעם אַרטיקן סוחר צו וואַרטן ביז די באַשטעלונג וועט אָנקומען פון בוענאָס־איירעס, אָדער פון אַן אַנדער שטאָט, אָדער גאָר פון אויסלאַנד. פריזירער זיצן אויף די שוועלן און קוקן אַריין אין אַ זשורנאַל אָדער ציען אָפּ בריטוועס. נאָר אָט הערט זיך אַ שפּאַניש לידל באַגלייט פון שוסטער־העמערל קלעפּ און עס הערט זיך באַלד אויך אַן איטאַליעניש לידל, וואָס באַגלייט דאָס שטעפּן פון אַ שניידער, אָדער אַ ניי־מאַשין און דערנאָך הייבט אָן ריטמיש קלאַפּן אַ מאַשינקע פון אַ סאָדע־וואַסער־פאַבריקל ביים אָנגיסן סיפאָנעס.

ערשט ווען די זון הייבט אָן צו פאַרגיין, דאָרט אין דער פּאַמפּאַ, און אין אַ ווינקל פון שטעטל, וואו עס שטייט דאָס עלעקטריע־פאַבריקל, הייבט אָן האַסטיק צו זעצן דער דינאַמאָ, ווערט אַן אויפלעבונג. פרויען קומען אַרויס פון די הייזער און אין די קראָמען ווערט אַ דינגעניש און דרינגעניש. עס פאַרמערן זיך קופּקעלעך מענער אין די גאַסן־ווינקלען און מען שמועסט און מען דיסקוטירט פון די אָרטיקע קאָלעקטיווע זאַכן, פון לאַנד־פּאָליטיק און פון די וועלט־געשעענישן. געאָרעמטע מיידלעך מיט לאַכנדיקע פּנימלעך, מיט פייערדיקע אויגן, גייען הין און צוריק אויפן טראָטואַר ביז דער עסקינע (ראָג), וואו עס פאַרווײַלן זיך אַ גרופּע בחורים און זיי טוליען זיך די מיידלעך פון פאַרגעניגן איינע אין די אַנדערע פון די קאָמפּלימענטן, וואָס עס וואַרפן זיי צו די בחורים. עס קומען זיך אויך צוזאַמען די וואַיאַזשאָרן און די סתם־געסט אין דער קרעטשמע פון האָטעל און עס ווערט אַ טומל, און אַ גערוך פון בראָנפן, ווײַן און ביר און אַ רויך פון שוואַרצע און בלאָנדע ציגאַרעטן.

צווישן די נייע געסט אין דער קרעטשמע, שטייט איינער ביים בופעט און טרינקט ווײַן, ער איז איינער פון אַלע, ער איז אַן אויסגעפּוצטער אין דעם טיפּיש אַרגענטינישן פעלדישן טראַכט: באָמבאַטשע־הויזן, אַריינגעלאָזט אין שטיוול, אַ ברייטן פּאַסיק מיט אַ מעסער און אַנדערע פאַרשיידענע זאַכן אויפן בויך, אַ רעקל אויפן ברייטן העמד און אַ הוט מיטן פליגל פון פאָרנט אויפגעשטעלט. עס איז דער געוויינלעכער טראַכט וואָס ווערט דאָ געטראָגן אין דער פעלדישער סביבה און אַפילו אויך אין שטעטל. ס'איז נאָך געווען קענטיק, אַז ער איז נישט קיין היגער, צוליב דער יום־טובדיקייט פון זיין טראַכט אין אַ וואָכעדיקן טאָג. אָבער דאָס האָט נישט אַרויסגערופן קיין אויפמערקזאַמקייט דאָ אין דעם אַריינפאָר־הויז, און זיין האַלטונג איז אויך געווען אַ געוויינלעכע. שולדיק אין דעם, וואָס ער ווערט דאָ דערמאָנט, איז דער באַלעבאָס פון האָטעל. ער האָט מיך צוגערופן צו אים און געפרעגט, אַז אַזוי ווי די בעטן פון אַלע צימערן זענען פאַרנומען, צי וואָלט איך נישט געהאַט דאָקעגן, ער זאָל נעכטיקן אין מיין צימער. ס'האָט אַ צופּ געטאָן דער־

געדאַנק פון זיכערקייט, און וועלנדיק זאָגן ניין, האָב איך געזאָגט: יאָ, פאַר־וואָס נישט? אדרבה... אויב עס האָט געקענט אויך ביי מיר זיין אַ פאַראורטייל צו דעם אומבאַקאַנטן גאַוטש, האָט עס פון דעם באַלעבאָס רייד אין אַ זייט, דער גאַוטש זאָל נישט הערן, נאָך געקענט שטאַרקער ווערן. „איך קען אים נישט, — זאָגט ער מיר בסוד, — נאָר ער ווייזט אויס צו זיין פון דער סביבה און זיינע הענט זענען ווי פון אַן אַרבעטער, נישט ווי פון קיין מערדער"... און פאַרוואָס לייקענען? ס'האָט טאַקע דורכגעבליצט אַ מאָרד־געדאַנק אין דעם אויגנבליק, אָבער אין הינטערבאַוואוסטזיין און מיטן זעלביקן געפיל פאַר זיכערקייט און אַ טראַכט טועלנדיק, ווי נקמהדיק עס איז דער גאַוטש, און ווי ער האָט פאַרן טויט קיין מורא נישט און ווי גרינג ער איז צו הרגענען אַלס אַליין־ריכטער און אַליין־באַשטראָפער אין דעם אויגנבליק, ווען ער פילט זיך באַליידיקט, האָב איך געזאָגט יאָ, זאָל ער נעכטיקן מיט מיר, פאַרוואָס נישט? אדרבה... און ס'איז מיר אַריבער אַ קעלט.

מיין שכן, אַ מאָראַליש באַפרידיקטער, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס פיל־באַרער מענטש. ער האָט דערפילט מיין פאַרלעגנהייט, כאָטש עס האָט אים געפרייט מיין ענטפער דעם באַלעבאָס. ער האָט געבעטן טרינקען מיט אים. איך האָב געפילט, אַז אויך פון דעם טאָר איך מיר נישט אָפּזאָגן, און אַרויס־גייענדיק דערנאָך צוזאַמען איבערן שטעטל, זאָגט ער מיר, אַז איך האָב גע־האַט אַ רעכט נישט צו האָבן קיין צוטרוי, און ער דערציילט מיר פון שרעק־לעכע פּאַסירונגען אין אַזעלכע האָטעלן, אָבער צו אים מעג איך האָבן דעם פולן צוטרוי, ער איז אַ פעלד־אַרבעטער, לעבט אַליין און האַלט אויס אַ מאַ־מען מיט אַ שוועסטערל פון דעם, וואָס ער פאַרדינט פון דער אַרבעט. איצט קומט ער פון פיגוע, וואו ער האָט געאַרבעט ביים שניט פון ווייץ און פאַרט אויפן דרום, וואו עס צייטיקט זיך די געוועטעניש פון זונקערן, און נאָך דעם גייט ער צום שניט פון מאַיס (קאָקורוזע).

מיין שכן איז אויס געוואוינהייט פריער אוועק שלאָפן. און ווען איך בין אַריין אין צימער, האָט ער געכראָפּעט און זיין מעסער איז געלעגן אויפן טיש. עס איז געווען זיין אַרבעט־געצייג.

צו מאָרגנס האָבן מיר זיך געזעגנט. ער איז פריער אוועק אויפן דרום און איך שפּעטער אויפן צפון, געזעגענענדיק זיך מיטן שטעטל, וואָס לאָזט אַרויס יונג און אַלט אויף דער באַן־סטאַנציע צו באַגעגענען די באַן, וואָס קומט אָן און מיטצושיקן מיט איר גרוסן אין איר ווייטערדיקן וועג אַריין.

# עפּעקועז און קאַרוהע

## זאַלצבעדער

אויף דער מערב־זייט פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, במעט ביי דער פּאַמפּאַ, זענען די זאַלצבעדער פון עפּעקועז און עפּעקועז איז די אָזערע מיט איר שטעטעלע, וואָס געפינען זיך אין דער אומגעגנט פון קאַרוהע, וואָס יידן רופן „קאַרויע”.

אין קאַרוהע אָדער עפּעקועז האָט מען אָנגעהויבן צו פאָרן פריער איי־דער אין מאַר דעל פּלאַטאַ, ווייל עפּעקועז האָט געמיינט — קור, רעצעפּט, היילונג. און אז יידן האָבן זיך פון דעם דערוואוסט, איז דאָס אומבאַקאַנטע קאַרוהע ערשט פּאָפּולער געוואָרן אין לאַנד.—

איינע פון מיינע רייזעס קיין קאַרוהע איז געווען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס איז געווען אין זומער 1940.

קאַרוהע איז אַ גרויס שטעטל, במעט אַ שטאָט, וואָס פון איר ביז דעם הייל־וואַסער איז פּאַלג מיך אַ גאַנג! אָבער אז מ'זאָגט קאַרוהע, דאַרף מען וויסן, אז מיינען מיינט מען דאָ די אָזערע, וואָס הייסט נישט קאַרוהע, נאָר עפּעקועז און אין אירע צוויי און דרייסיק טויזנט קוואַדראַט העקטאַר קען זי אַריינעמען אַ טוץ אַזוינע גרויסע שטעטלעך ווי קאַרוהע, פון וואַנען מען פאָרט ערשט קיין עפּעקועז, וואָס איז זיך אַ באַזונדער מדינהלע, אַ פּלאַזשע־מדינהלע.

***

די באַן האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער סטאַנציע קאַרוהע, וואָס שטייט אין שטעטל אָדער אין שטאָט מיטן זעלביקן נאָמען. עס זענען אַראָפּ אַ סך פּאַסאַזשירן. זיי זענען פאַרשוואונדן אין די פאַרשיידענע גאַסן פון שטאָט מיט אָרטיקע איינוואוינער און טוריסטן, וואָס האָבן זיי אָפּגעוואַרט. מיך האָט אָפּגעוואַרט אַ שאָפער מיט אַן אַלטן אויטאָ. ער האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון עפּעקועז און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

ס'איז נאָך געווען העלער זומערדיקער טאָג, ווען מיר זענען אַרויס פון

קאַרוהע און בעת די זון האָט אָנגעהויבן פאַרגיין אויף מזרח (אַזאַ איז דער ערשטער איינדרוק פון אַ פרעמדן. עס דאַכט זיך, אַז די זון פאַרגייט דאָ אויף דער פאַרקערטער זייט) האָט זיך אויפן וועג אַרויסגעהויבן אַ הויכער הילצערנער צלם מיט אַ גרויסן מיסטעריעזן אויפשריפט: „אינרי" (יעזוס נאַזאַרענוס רעקס יודעאָרום — יעזוס פון נאַזאַרעט, דער קעניג פון די יידן).

איך זאָג דעם שאָפער, אַז דער אויפשריפט דאָ אויפן צלם איז נישט אמתדיק. יידן האָבן נישט קיין קעניג און האָבן קיין מאָל נישט געהאַט אַזאַ קעניג מיטן נאָמען יעזוס. זאָגט דער שאָפער: דער טייוול ווייסט וואָס מען האָט דאָ אויפגעשריבן און צו וואָס מ'האָט דאָ אַוועקגעשטעלט דעם צלם; ער ווייסט נאָר, אַז דאָ פאַרט מען אַריין אין דער סביבה פון עפּעקוען.

דער הויכער צלם מיטן „אינרי" דאָ אויפן ליידיקן וועג, צווישן פעלדער ביים אַריינגאַנג אין עפּעקוען, איז דאָך סוגעסטיוו און רופט אַרויס פראַגעס און געדאַנקען, וואָס פאַרבינדן זיך מאָדנע מיט דעם קור־אָרט, וואָס לויט דער פון זיינע קוריסטן און טוריסטן איז ער אַ יידישער, איז צוליב וואָס דאָ איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ צלם מיט אַן אויפשריפט צו דערמאָנען, אַז „יעזוס איז דער קעניג פון די יידן"?... אפשר איז דאָס געמאַכט געוואָרן, כדי צו באַשיצן די יידן אין עפּעקוען? מיטן אויסנאַם פון די היטלערס, וועלכע האָסן אויך יעזוסן, ווייל ער שטאַמט פון יידן, איז דאָך יעזוס דער סימבאָל פון מענטשן־ליבע און ברידערלעכקייט ביי דער קריסטלעכער וועלט, אָבער אין דער קריסטלעכער וועלט האָט זיך אַריינגעכאַפּט די מאָראַלישע קאָרופּציע און דער האַס פון אַנטיסעמיט אָדער אַנטי־ייד — דער האַס, וואָס איז אַנטי־קריסטלעך. און אפשר צוליב דעם איז דער „אינרי" אויפן צלם צו דערמאָנען די קריסטן, אַז זייער יעזוס איז אויך געווען אַ ייד, אפילו אַ „קעניג", נאָר נישט אַ קעניג אַדיקטאַטאָר, אַ מאָנאַרך מיט אַ טראָן און מיט אַ גילדערנער קרוין, נאָר אַ „קעניג" פון די אָרעמע, פון די פאַרפאָלגטע, פון די פאַרשטויסענע; אַ קעניג אַ דעמאָקראַט, אַ פריידיקער פון גערעכטיקייט; אַ „קעניג" מיט אַ דערנער־קרוין?...

***

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין דער סביבה פון עפּעקוען, איז שוין געווען פינצטער און ס'איז געווען שטיל ווי אין אַ סאַנאַטאָריע.

די זון איז שוין געזונקען אין דער אָזערע, נאָר איר אָפּשיין איז נאָך געשטאַנען אויפן טונקעלן וואַסער־שפּיגל און באַלויכטן די אונטערשטע טיילן פון די בריקן, וואָס גייען אַרויס אויפן וואַסער און פון וואַנען עס לאָזן זיך אַראָפּ טרעפּלעך אין דער אָזערע אַריין. עס פינקלט אַ ווייסקייט פון אונטער די בריקן — אַפּויער, וואו אַלץ איז באַדעקט ווי מיט אַ שיכט ווייסן

אייז און באַהאַנגען מיט ווייסע אייז־צאַפּנס און שפּיצן, ווי דאָ וואָלטן גע־
ווען גרויסע פּרעסט אין מיטן אַרגענטינישן זומער.

און ווען די נאַכט האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דער אומענדלעכער
אָזערע און איבער פאַרפּלאָנטערטע גאַסן און געסלעך פון עפּעקוען, וואו
אַהין עס האָט נאָך נישט געגרייכט די עלעקטרישע ציוויליזאַציע און עס
צינדן זיך נישט אָן קיין ליכטער, ווייסלט זיך אַ שניי־ווייסקייט אין דער
שוואַרצקייט פון דער נאַכט אַריין. עס איז די ווייסקייט אויף די ברעגן פון
דער אָזערע, וואָס זעט אויס ווי עס וואָלט זיך אויסגעשפּרייט אויף זיי אַ ווײַ־
סער פּראָסט, וועלכער סקריפּעט און לאָזט זיך הערן אונטער טריט, וואָס
טרעטן אויף איר, פּונקט ווי אויף אַ דינעם שיכט אייז, וואָס ברעכט זיך
אָדער אויף אַ פאַרהאַרטעוועטן שניי. עס ווייסלט זיך אַריין אין דער
שוואַרצקייט פון דער נאַכט די אומצייליקע זאַלץ־בערגלעך, וואָס אַרבעטער
האָבן איבערן טאָג צונויפגעשאָטן פון דאָס ווייסע, וואָס זיי האָבן צוזאַמענ־
געשאַרט אויף דער פלאַזשע און לאָזן זיי דאָ איבער נאַכט ביז באַגינען, ווען
עס קומען די צוויי־רעדערדיקע וועגענער און נעמען צו די ווייסע בערגלעך
און פירן זיי אַוועק אין דער זאַלץ־אינדוסטריע פון די עפּעקוען־מינעס. עס
ווייסלען זיך אויך אַריין אין דער נאַכט־שוואַרצקייט די ווייסע פּיראַמידישע
בערג ביי די אינדוסטריעלע און טערמאַלע איינריכטונגען פון דער עפּעקוען־
מינען געזעלשאַפט און זעען אויס ווי אָנגעשאָטענע גיגאַנטישע שניי־בערג.

און ווען די נאַכט גייט אַוועק און עס קומט אָן, ווי עס דאַכט זיך דאָ,
פון מערב דער מאָרגנשטערן אַלס דער פאָרגייער פון דער אויפגייענדיקער
זון, ווייסלט זיך אַריין דאָס ווייסע אין דער בלויקייט פון דער טאָג־לופט.
דאָס אַלץ וואָס זעט אויס ווי געפרוירן, ווי ווייסער אייז, ווי שניי, צעגייט
נישט, נאָר וואַרעמט זיך און טריקנט זיך און האַרטעוועט זיך און ווערט
נאָך ווייסער אונטער דער אויסשטראַלונג פון דער זון. און וועגענער פאָרן
אַרויס אויף דער פלאַזשע צונויפנעמען די ווייסע בערגלעך וואָס זענען גע־
בליבן פון נעכטן, און אַרבעטער מיט ברייטע שופלען און גראַבליעס אויף די
אַקסלען גייען אַרויס אויף דער פלאַזשע, ווייטער צונויפצושאַרן דאָס ווייסע,
וואָס ווערט גערופן זאַלץ און זיי שאַרן אויף די זעלביקע ערטער וואו זיי
האָבן נעכטן און אייערנעכטן און שטענדיק געשאַרט, מחמת דאָס ווייסע אויף
אַ פּעך־שוואַרצן און ווייכן גרונט האַלט אין איין ווערן און עס ווערט קיין
מאָל נישט אויס, און זיי שיטן ווידער צוזאַמען שרענגעס שניי ווייסע בערג־
לעך: און עס הייבן אָן אַרויסקומען אויף דער ווייסער פלאַזשע מענטשן נאָך
נישט צום באָדן זיך, מחמת גאַנץ פרי, אַזוי ווי אין אָוונט און ביינאַכט, איז
קיל, אַפילו קאַלט, נאָר אַזוי זיך דורכצוגיין אין דער פרישער פרימאָרגן־
לופט, וואָס שמעקט דאָ ביי דער אָזערע מיט ים, יאָד און אָקסיגען; זיי האָבן

אַ פאַרגעניגן פון דעם וואָס עס סקריפּעט און עס ברעכט זיך אונטער זייערע טריט; די אייראָפּעער דערמאָנט דאָס אין די אייראָפּעאישע ווינטערן אויף די פעלדער אונטער אַ ווייסן פראָסט; אונטער יעדן טריט בלייבט אַ שוואַרצער פלעק אין דער פאָרעם פון אַ פוס־אָפּדרוק און עס דערמאָנט און מען האָט דאָס געפיל פון טרעטן און פון גיין אויף אַ פאַרשנייט פאלד, אָבער די שוואַרצע פוס־אָפּדרוקן ווערן אין אַ ווײַלע אַרום ווידער ווייס, פונקט ווי עס וואָלט געפאַלן אויף זיי אַ שניי.

און וואָס העכער די זון קומט איבער דער פלאַזשע און וואָס גלייכער, וואָס וואַרעמער און וואָס ברענענדיקער עס ווערט די זון־אויסשטראַלונג, אַלץ ווייסער און טרוקענער און האַרטער ווערט אויף דער פלאַזשע, אַלץ ווייסער ווערט דאָס עפּעקוענער וועלטל. מען האָט דעם איינדרוק פון אַ פראָסט, כאָטש מען גייט נאַקעט און מען בראָט זיך אויף דעם זוניקן פייער. וואו דאָס אויג וואַרפט אַ בליק, פאַלט עס אויף שניי, נאָר עפּעס נישט קיין ווינטערדיקער שניי, נאָר אַ זומערדיקער, אַ שניי וואָס איז נישט קאַלט נישט וואַרעם און וואָס צעגייט נישט אויף דער זון, אויך נישט אויפן פייער און אויך נישט אין דעם עפּעקוענער וואַסער; אין דעם וואַסער פון דער אָזערע. גייסט אַריין אין וואַסער פון דער אָזערע און עס שלאָגט אַרויס דורך דער דורכזיכטיקייט אַ ווייסער אייזיקער גרונט, אָבער אַן אייז וואָס איז נישט קאַלט; גייסט אויף דעם אייזיקן וואַסער־גרונט און פילסט ווי דו וואָלסט געטראָטן אויף גלאָז, אויף שפּיציקן גלאָז, וואָס ברעכט זיך אונטער די טריט און די פיס לאָזן זיך אַריין אין אַ שוואַרצן ווייכן, ווי פוטערדיקן גרונט, וועלכער אַלימענטירט אַפּנים דאָס וואַסער פון דער אָזערע און מיט וועמענס בלאָטע מען שמירט זיך, און מען טראָגט זיך אַרום מיט בלאָטיקע, שוואַרצע לייבער.

אָבער דאָס שוואַרצע פון די עפּעקוענער בלאָטעס שטרייכט נאָר אונטער דאָס ווייסע, דאָס אַלגעמיינע בילד פון די בילדער וואָס זענען ווייס. ליגט אין דער אָזערע אַ געשטעל פון אַ וואָגן, איז ער ווי פאַרפרוירן און באַדעקט מיט ווייסן אייז; האָט ווער איבערגעלאָזט אינעם וואַסער פון דער אָזערע אַ שוואַרצן גומי־ראָד פון אַן אויטאָ, איז עס געוואָרן ווייס און ווי באַדעקט מיט אייז וואָס צעגייט נישט אויף דער זון; שטייען הילצערנע סלופּעס, וואָס דינען פאַר הענגערס פון קליידער פאַר יענע, וועלכע קומען פון ערגעץ זיך באָדן, זענען זיי ווייס און ווי באַדעקט מיט אייז; גייען אַרום די מענטשן פון וואַסער, אויף וועלכן מען דאַרף נישט קענען שווימען, מחמת מען שווימט אָן יעדער באַוועגונג, פונקט אַזוי דער וואָס קען גאָרנישט שווימען ווי דער וואָס קען יאָ שווימען, און זיי ווערן באַלד ווייס, די מענטשן, ווי זיי וואָלטן אַרויס פון אַ קאַלך־פאַס. דער באָד־קאָסטיום, אויב מען וואַשט

אים נישט אויס באַלד ווי מען גייט אַרויס פון דער אַזערע מיט אַן אַנדער וואַסער, קען מען אים דערנאָך אַוועקשטעלן אַ שטייפן; גייט אַ פערד גע־שפאַנט אין אַ פעסל, וואָס האָט גענומען וואַסער אין דער אַזערע אַוועקצו־פירן עם ערגעץ פאַר וואָרעם־בעדער, זענען דעם פערדס פיס ווי פאַרשנייט און דאָס פעסל דרייט זיך איבער דער גאַס און זעט אויס ווי אַ ווייסער פאַר־פרוירענער צילינדער. וואָס ווערט געצויגן פון אַ פערד; ליגן דאָרט אייזער־נע שינעס פון אַ האָטעל ביז אין דער אַזערע אַריין, זענען די שינעס ווייס און ווי באַדעקט מיט אייז. און דאָס אָמניבוסל וואָס גייט אויף די ווייסע שינעס און פירט די געסט פון האָטעל צו דער אַזערע אין באָד אַריין, האָט אַן אויסזען ווי עס וואָלט געגאַנגען איבער שניי־זאַווערוכעס און ווי עס וואָלטן זיך אָנגעזעצט אויף אים גרויסע פרעסט בעת עס האָט זיך געגאָסן אויף אים וואַסער.

און די מענטשן אין די האָטעלן, וואָס צוריקקומענדיק פון דער באָד אין דער אַזערע האָבן נישט באַוויזן זיך גוט אָרומצואוואַשן, אָדער וועלכע האָבן בכיוון זיך נישט גוט אָרומגעוואַשן, בכדי צו לאָזן די זאַלצן אויפן לייב, גייען אַרום און זעצן זיך צום טיש מיט ווייסע הענט, ווייסע העלדזער, ווײ־סע פנימער און אויפן קאָפּ שטייפע, ווייסע האָר, וואָס זענען דאַכט זיך נאָר־וואָס געוועזן שוואַרץ.

גייט אַן עקסקורסיע־קאָטש אין עפּעקועןי, אַ מין אָפּגענוצטע „באַניאַ־דערא" פון בוענאָס־איירעס, וואָס האָט צוזאַמענגענומען אַ פופציק מענטשן פון די פאַרשיידענע האָטעלן אַרויס, זעען זיי אויס די מענטשן, נישט ווי טוריסטן, נישט ווי קור־געסט, נאָר ווי מוליערעס, וואָס זענען נאָר וואָס אַרויס פון אַ געביידע וואָס ווערט געקאַלכט און ווי זיי וואָלטן געווען די קאַלכער, וועלכע האָבן אין איילעניש נישט באַוויזן זיך אָרומצואוואַשן און בייטן די פאַרקאַלכטע קליידער.

מיר זענען אויף דער ווייסער פּלאַזשע פון עפּעקועןי.

***

אין דער מינען־געזעלשאַפט פון עפּעקועןי האָט מען מיר געוויזן שוואַרץ אויף ווייס אַ וויסנשאַפטלעכן אַנאַליז, וועלכער איז דורכגעפירט געוואָרן פון בעמיקער און מעדיקער איבער דעם וואַסער און די בלאָטע פון דער עפּע־קועןי־אַזערע. דאָרט ווערט פעסטגעשטעלט, אַז דאָס וואַסער אַנטהאַלט אַזוי פיל און אַזוי פיל: „בראָמורא דע סאָדיאַ, יאָדורא דע סאָדיאַ, קאַרבאָנאַטאַ דע סאָדיאַ, סולפאַטאַ, קלאָרורא דע סאָדיאַ, בראָמאַ, אָקסידאַ דע מאַגנעזיאַ, אָקסידאַ דע קאַלסיאַ, יאָד, אייזן און אַלומיניאַ, אַנהירידאַ ניטראָסאַ, ניט־ריקאַ, סולפאַטיקאַ, קאַרבאָניקאַ; אַמאָניאַק, קלאָרא" און נאָך אַנדערע עלע־

מענטן וואָס כעמיקער און מעדיציןֿ־דאָקטוירים קענען זיך אויף דעם פֿאַר־
שטיין, פּונקט ווי זיי קענען פֿארשטיין די צוואַנציק אָדער מער שלאָפֿקייטן,
וואָס ווערן פֿון דעם דאָזיקן וואַסער און פֿון דער דאָזיקער בלאָטע געהיילט,
אָדער אויסגעמיטן. אָבער דאָס וואָס יעדער קען, איז באַוואונדערן די דאָזיקע
אָזערע, וואָס לויט אַנאַליזן, פֿאַרמאָגט זי צען מאָל מער זאַלצן איידער דער
ים און אין וועלכער דער קראַנקער פֿילט זיך בעסער און דער געזונטער — נאָך
בעסער: אַ וואַסער וואָס שטייפֿט די גלידער, וואָס שטאַרקט און מונטערט.

***

אויף אַ פּונקט פֿון דער אָזערע שטייט דאָס שטעטל עפּעקוען, מיט אירע
פּופֿצן אָדער צוואַנציק האָטעלן און פּענסיאָן־הייזער, אין וועלכע עס קומט
פֿאַר אַ טאָג־טעגלעכער צופֿלוס און אָפּפֿלוס פֿון געסט. אַ פּאַרלאָזטע באָד־
איינריכטונג אויפֿן שטעטלשן ברעג, וואו עס לעבן אַ צאָל אוראיינעקלעך פֿון
די פּאַמפּער אינדיאַנער און ציען זייער פּרנסה פֿון דער שוואַרצער בלאָטע,
וואָס זיי נעמען אַרויס פֿון דער פּלאַזשע און פֿון מעדיציניש פּלאַנצן, וואָס
זיי קלייבן אויף אַרום דער אָזערע דערציילט, אַז אַמאָל איז דאָס וואַסער פֿון
דער אָזערע געווען נענטער. דאָ וואו ס'איז איצט פֿאַרבויט, איז געשטאַנען
דאָס וואַסער, אָבער אין לויף פֿון יאָרן האָט די אָזערע אָפּגעצויגן אירע וואַ־
סערן און זיך דערווייטערט פֿון שטעטל. אַ צייכן פֿון דעם איז געבליבן די
באָד־איינריכטונג דאָ, וואָס איז געבויט געוואָרן אויפֿן וואַסער וואָס איז פֿון
איר אַוועק, — שטייט די באָד אַ פֿאַרטריקנטע, אַ פֿאַרלאָזטע; אויף אַן אַנ־
דער אָרט איז געבליבן אַ קוואַלעכל, אַפּנים איינס פֿון די טויזנטער קוואַלעכ־
לעך, פֿון וועלכע די אָזערע באַקומט איר וואַסער. צו דעם קוואַלעכל פֿון
וועלכן עס שלאָגט אַן אויפֿהער ווייסע נישט־געזאַלצענע וואַסער, קומען גאַו־
טשאָס, גיבן דאָ צו טרינקען זייערע פֿערד, פֿאַרווײַלן דאָ זייערע שעהן ביי
אַ מאַטע, אָדער ליגן פֿונאַנדער אַ פֿייער און מאַכן זיך אַן אַסאַדע. מען באַ־
געגנט זיך מיט זקנים פֿון די איינגעבוירענע, וואָס דערציילן ווי זייערע אור־
זיידעס זענען דאָ באַעוולט געוואָרן פֿון אַרמייען, וואָס זענען געקומען „גע־
ווינען די וויסטע״. ווי אַ זכר פֿון יענע צייטן געפֿינט זיך נאָך אַ פֿעסטונגל
אויף דער אַנדערער זייט אָזערע, דאָרט אויף אַ בערגל, מיט איינגעמויערטע
אַלטפֿרענקישע קאַנאָנען, וואָס דינט איצט פֿאַר אַן אַטראַקציע פֿון טוריס־
טישע עקסקורסיעס, פּונקט ווי אַ וואַסערמיל, וואָס דערמאָנט אין דער פֿאַר־
גאַנגענהייט און וועלכע מאָלט אָבער נאָך היינט מעל און טריקנט לאָקשן
פֿאַר קאַרוהע און עפּעקוען.

עס קומען אין באַריר די שפּורן פֿון פֿאַרגאַנגענעם לעבן און פֿון אויפֿ־
גייענדיקן, דער פּרימיטיוו מיט דעם פֿאָרשריט, דאָס רויע פֿעלדישע מיט

דאָס אַנטוויקלטע אינדוסטריעלע, די שטערן פון הימל אַלס די באַלייכטער פון די עפּעקוענער גאַסן און די עלעקטרישע לעמפּעך, וואָס לייכטן אַרויס פון די האָטעלן, פון דעם קאָלאָניע־הויז פאַר אייזנבאַנער, פון דער מינע־ראַלן־פאַבריק, וואָס פאַרבריצירן זיך אַליין עלעקטריציטעט, יעדער פאַר זיין אייגענעם געברויך. עס פעלט אויך נישט אין עפּעקוען אַ גאָטס־הייזל, אַזאַ קירכעלע, וואָס איז נישט אַזוי אַלט ווי פאַרלאָזט און עס ווערט געמאַכט פון צייט צו צייט פאַר דעם אַ בענעפיט, אַ מאָל אין דער פאָרעם פון אַ צי־גיינער־באַל אין איינעם פון די גרעסערע האָטעלן, אויסנוצנדיק דעם פאַר־ווײַלונגס־זוכט פון דער טוריסטישער יוגנט.

אָבער דער עיקר פון עפּעקוען איז די וואונדערלעכע אָזערע און איר פּלאַזשע, וואָס איז אָפן און פריי פאַר אַלעמען און מען קומט צו איר נישט נאָר פון בוענאָס־איירעס, נאָר אויך פון קאַרוהעע, פון וואַנען עס קומען צוויי מאָל אין טאָג: פאַר מיטיק און נאָך מיטיק אָמניבוסן. עס קומען יידן פון ריווערא און פון אַנדערע נאָענטע שטעטלעך און קאָלאָניעס, עס קומען נאָר נישט די אָרטיקע, די איינגעבוירענע עפּעקוענער.

דער טוריסט היט אָפּ די אָזערע־באָד ווי אַ פרומער ייד דאָס דאַוונען. דער באַגינען איז דאָ געוויינטלעך אַ קאַלטער, גאַנץ אָפט איז דער פרי־מאָרגן־הימל אַ פאַרכמאַרעטער, אָבער נישטאָ אַזאַ קראַפט וואָס זאָל אָפּ־האַלטן פון אַ באָד. נאָר די פאַרביטערטע לאַפּינער קאָלאָניסטן לאָקט נישט די באָד. נאָך אַ רייזע אין דער קאַלטער נאַכט מיט פערד און וועגעלע, קומען זיי אַהער גאַנץ פרי, ווי צו זיין אַפּנים די ערשטע אויפן יריד מיט זייער ביסל עופות, סמעטענע, קעז, פּוטער. און באַלד ווי זיי האָבן אָפּגעשטעלט זייערע פּראָדוקטן אין די יידישע האָטעלן, אָדער אין די נישט־יידישע מיט יידישע געסט, דרייען זיי באַלד אויס דעם דישל און — צוריק אַוועק אין דער „ווייסטער קאָלאָניע“!...

***

אַ רייזע אין עפּעקוען האָב איך אויך געמאַכט אין יאָר 1951.

אין פאַרלויף פון דער צייט איז עפּעס פאָרגעקומען: די צווייטע וועלט־מלחמה איז זינט 1945 געוועזן געענדיקט, עס האָט געזיגט די דעמאָקראַטי־שע וועלט; עס איז געשאַפן געוואָרן די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע פעלקער.

אָבער דאָס געווינען אַ מלחמה, מעג עס זיין אַ וועלט־מלחמה, מיינט נאָך נישט — געוואונען דעם פרידן. עס איז אַ פראַגע, צי עס קאָן גאָר זיין פרידן פון מלחמה.

אָבער, אויס מלחמה, — האָט זיך אַרגענטינע אַריינגעצויגן אין אייגע־

נעם לעבן. דאס לעבן איז געוואָרן באהערשט פון א דיקטאטור; א לויזע, מיט דעמאָקראטישע פירעכצן, אָבער — דיקטאטור, וואס האט אָנגעהאלטן צוועלף יאָר. האָט מען געזוכט ווי עס איז, וואו עס איז, ווען עס איז און מיט וואס עס איז — צו באפרייען זיך פון אונטער דעם דיקטאטארישן דרוק. בערג, פלאזשעס, טור און קור־ערטער, וואו מען טוט זיך אויס פון דאגות און נאקעטערהייט געפינט מען די דאזיקע פרייהייט. אפילו אין דעם זוכן אליין פילט מען זי —

בין איך אויך געפאָרן.

דער צוג גייט אין דעם געפלעכט פון אייזערנע שינעס פון פארשידענע באן־ליניעס.. עס קוקט אריין אין די פענצטער פון גייענדיקן צוג די לאנד־שאפט פון מארטין פיערא: פעלדער, פעלדער און פעלדער אָן א ברעג. ווילדע פעלדער און קולטיווירטע; פאשע־פעלדער און שניט־פעלדער, פעלדישע ראנטשאָס, קליינע, בלאָטיקע, איינזאמע און גרינע טשאַקרעס מיט קאלאָניסטישע הייפן אין מיטן פון ברייטע, אומענדלעכע פעלדער און פריצישע „עסטאנסיאס".

עס איז שניט־צייט. די דינע גערעטעניש: ווייץ, קאָרן, גערשטן, האָבער, ליאן — איז נאָר־וואס אפגעשניטן. עס טראָגט זיך נאָך דער פרישער שניט־ריח. מענטשן אויף די שניט־פעלדער בייגן זיך צו צו דער ערד און זעען עס זאל גאר נישט פארלוירן גיין פון איר גאב.

בהמות אָן א צאל אויף די פאשע־פעלדער ווייזן ארויס געהארכזאמקייט צי דעם איינציקן פאסטוך־רייטער אויפן פערד, וועלכער דינט זיך מיט א פאר געטרייע הינט אויף צו באהערשן די שטארקע בהמות־מאסן.

רייטער־„טראָפעראָס" פירן „טראפעס" (מאסן פי: קי, אָקסן) מיט קור־לות, ליארעמען און געפילדערן. די געניטע פי־פירער ווייסן ווי אזוי צו ריידן צו די אָקסן, זיי זאָלן דאס פארשטיין און זיך נישט צעבריקעווען מיט די הערנער, ווען מען פירט זיי אויף „רעמאטעס" (ליציטאציע־מערק), אָדער — אין שעכטהייזער.

פון צייט צו צייט ווייזט זיך אין האָריזאָנט א גאטשישער גאוטש, רייטנדיק אויף זיין פערדל מיט א גרויסן מעסער הינטן, אין גארטל, זיין געציֵיג און מיט א גיטארע ביי דער זייט; ער קומט פון ערגעץ־נישט און צו ערגעץ־נישט רייט ער — א מארטין פיערא, ווי ער איז פארייביקט אין דער קלאסישער גאוטשישער פאעמע פון כאסע הערנאנדעז. און עס זעט אויס, דא אין האריזאנט, ווי דער העלד וואלט ארויס פון דער פאעמע אדורכ־צורייטן זיך איבער „זיינע" לאנדשאפטן.

נאר א שטיק וועגס זענען מיר געפאָרן מיט דעם צוג, וועלכער האט אונדז אראפגעלאזט נאך דעם ווי עס זענען געבליבן ווייט הינטער אונדז די

פענצטער־בערג, וואָס הייסן „סיעראַס דע לאַ ווענטאַנאַ" און וואו עס ענ־דיקט זיך אַ באַרג־קייטל נאָך אַן אַ נאָמען.

עס איז סאַאוועדראַ, אַ הונדערט קילאָמעטער פון דער פּאַמפּאַ, אָבער אירע ווינטן גרייכן אַהער. זיי זענען איצט פייערדיקע און גיבן אייך אָנצו־הערן, אַז די פּאַמפּאַ איז ווינטיק, אָבער נישט שטענדיק ווינטערדיק: אַז זיי זענען קאַלט, ווען ס'איז קאַלט און זיי זענען הייס אין די זומערדיקע טעג.

די סטאַנציע שטייט ביי אַ באַן־קנופּ. אירע שפּייכלערס זענען אָנגע־לאָדן מיט תבואות. קופּעס תבואות שטייען צווישן די שפּייכלערס, אין וועל־כע זיי זענען נישט אריין און זענען צוגעדעקט מיט געלאַמטע פּלאַכטעס, טאָמער וועט אַ מאָל רעגענען, זאָל די תבואה זיין באַשיצט. לאָקאָמאָטיוון מאַנעווורירן און לאָזן אַרויס פון זייערע ברייטע, שוואַרצע קוימענס אַ גע־דיכטן רויך, וואָס צעגייט זיך אין דער אָנגעגליטער לופט.

עס איז האַלב עלף. די זון שטייט נאָך נישט אין מיטן הימל און דאָס שטעטל ברענט שוין! דער אַטאָמישער פייער פון דער זון גליט אָן די הייזער, די שטיינער פון די טראָטואַרן און דעם שטויב פון די נישט־ברוקירטע גאַסן, מיט וועלכן דער „פּאַמפּעראָ" (דער ווינט פון דער פּאַמפּאַ) שפּילט זיך, הייבט אים אויף אין דער לופטן, דרייט אים און צעבלאָזט אים.

מיר דאַרפן דאָ צוואַרטן 7 שעה אויף דער באַן, וואָס גייט קיין קאַרוהע. דאָס שטעטל איז מיר נישט פרעמד. עס איז דער קאָפּ פון איינער פון די הונדערט און צען מוניציפּאַליטעטן פון דער בוענאָס־איירעסער פּראָווינץ. עס איז דאָס שטעטל פון דער לאַנדווירטשאַפט אין דער מיט פון אַ ברייטער אַגראַר־זאָנע. עס שמעקט מיט פעלד און פּי; מיט מאָטאָר־נאַפט און מאַשין־אייל. דאָס שטעטל לאָזט הערן איר אַרבעטס־סימפאָניע: עס זעצט די עלעק־טרישע פאַבריק, וואָס שאַפט ליכט און קראַפט, עס העשען די לאָקאָמאָטיוון וואָס פּראַוון זיך איידער זיי לאָזן זיך אין וועג אריין מיט די אָנגעלאָדענע וואַגאָנעס; עס קלאַפּן שמידער־האַמערס און שוסטער־העמערלעך, ניי־מאַשינען און שרייב־מאַשינקעס. עס האַרמאָניזירן אין דער סימפאָניע מענטשלעכע שטימען וואָס רופן, שרייען, זינגען ביי דער אַרבעט און די בהמות אין די וואַגאָנען ברומען אונטער. נאָר עס איז הייס, מען ווישט זיך דעם שווייס, די בראַנד לאָזט אין ערגעץ נישט גיין. מען זיצט אין שאָטן, אין שענק פון אַקעגנאַיבערדיקן האָטעל, וואו עס קומען אריין באַן־אַרבעטער און אָנגע־שטעלטע, פעלד־אַרבעטער און באַלעבאַטים אין ברייטע, געפּאַלדעוועטע באָמבאַטשעס, אין שטיוול אָדער אין אַלפּאַרגאַטן, אין ברייטע פּאַסקעס און גאַרטלען; עס קומען אויך אַריין, צו שיצן זיך פון פייער, גאַסן־גייער און „עסקינע"־ (ראָג) שטייער מיט אַ שטרויעלע אין מויל, און עס קומען אַריין די „מוטשאַטשאָס" (יונגען), באַלעבאַטישע, אויסגעפּרעסטע און מיט גאָמי־

נע־פּאַרקעמטע יונגע־לייטלעך פון שטעטל. דאָ געפינען זיך אויך, ווי סתם־געסט, האנדלס־רייזנדיקע און אגענטן, אַן אָפּגעברענטער און אָפּגעבליאַקע־וועטער „וויכילאַנט" (פּאָליציאַנט); עס קומט אויך אַריין די העכסטע אויטאָריטעט, אָדער „אויטאָרידאַד" — דער קאָמיסאַר. זיצט מען און מען טרינקט קאַלטס און מען שלינגט אייזקרעם און מען שפּילט „טרוקאָ", „עס־קאָבאָ" און ביליאַרד, און ווער עס צימבלט אַזוי זיך אויף אַ גיטאַרע.

די שענק און דאַכט זיך דאָס גאַנצע שטעטל איז דאָ אויף דער באַן־סטאַנציע פאַרן אָפּגיין פון אונדזער צוג. עס איז נאָך דער טעגלעכער אַר־בעט און די זון ברענט שוין נישט אַזוי, זי לאָזט זיך שוין אַראָפּ אין מערב־האָריזאָנט און דאָס אָפּגיין פון אַ באַן מיט פּאַסאַזשירן, מיט בהמות און מיט פּראַכט איז עמאָטיוו און ציט.

אויפגענומען אַלץ און אַלעמען, מיט די קאָנדוקטאָרן אויף די שוועלן, האָט דער לאָקאָמאָטיוו געגעבן אַ פייף און זיך גענומען אין וועג אַריין.

דער וועג האָט זיך געשניטן איבער פלאַכע פעלדער, פּאַמפּאַ־פעלדער, טייכנלאַזע, טרוקענע, שטויביקע.

די בראַנד צווינגט צו עפענען די פענצטער, אויף וואָס עס קוקט אויס דער פעלדישער שטויב און ער שיט זיך אַריין און מאַכט אַלץ און אַלעמען מיט דער ערד צוגלייך.

פאַרנאַכט קומט מען אַזוי אָן אין קאַרוהע. עס איז די שטאָט וואָס איז אין יאָר 1876 געגרינדעט געוואָרן פון לאַוואַזשע.

עס איז נישט לאַוואַזשע דער גענעראַל, וועלכער האָט געפירט אַ קאַמף פאַר פרייהייט און באַפרייאונג אין גייסט פון דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָ־לוציע ביז מיט הונדערט און צען יאָר צוריק, ווען ער איז געשטאָרבן דער־מאָרדעט פון ראָסאַס עלעמענטן; עס איז דער קאָראָנעל ניקאָלאַס לאַוואַזשע, וועלכער האָט געגרינדעט די שטאָט, וואָס איז דער קאָפּ פון דער „פּאַרטידאָ" אויפן נאָמען פון קאַרוהע און איר אומגעגנט, אין וועלכער עס איז אויסגע־שפּרייט די וואונדערבאַרע קור־אָזערע וואָס הייסט „עפּעקוען", ווי דאָס הייסט אויך דאָס אָזערע־שטעטעלע און די זייטיקע באַן־סטאַנציע אין דער נאָענט פון שטעטעלע.

דאָס איז געווען, ווען דאָ איז געווען אַ פראָנט פון מלחמה צווישן דער אַרגענטינער ציוויליזאַציע און די ווילדע אינדיאַנער. קאַרוהע, אָדער קאַראַ־הוע, זאָל זיין אַ וואָרט פון די אינדיער אַראוקאַנער, וואָס באַדייט אַ סטראַ־טעגישער ישוב. דער קאָראָנעל לאַוואַזשע, נאָך דעם ווי ער האָט דאָ אין קאַ־רוהע באַזיגט די אינדיאַנער, האָט דאָ איינגעשטעלט זיין קאָמאַנדאַנץ, אויפ־געבויט די דערמאָנטע פעסטונג און געגרינדעט די שטאָט, וואָס היט אָפּ איר אינדיאַנישן נאָמען.

אָבער מער ווי דער נאָמען איז אין קאַרוהע פון דער אינדיאַנישקייט נישט פאַרבליבן. די ציוויליזאַציע פּרעזענטירט זיך דאָ מיט אירע פּרעכטיקע גאַסן און פּלאַסעס, אירע מאָדערנע קאָנסטרוקציעס און איר קאָנפאָרט. פון איר מוניציפּאַלער געביידע הייבט זיך אויף אַן אַרכיטעקטאָנישער טורעם וואָס גרייכט אין די הויכקייטן פון די הימלען. דער טראַפיק — אַ מאָטאָריזירטער, טעלעפאָן, ראַדיאָ און אוויאַציע; אַלע שטאָטישע באַקוועמלעכקייטן און עלעגאַנץ: קינאָ, טעאַטער און קאָנפיטעריעס, שולן, ביבליאָטעקן און קלובן, אויך אַ פּאָר אָרטיקע צייטשריפטן; געזעלשאַפטן פאַר אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס; נייניצן האָטעלן מיט אַ קאַפּאַציטעט פאַר טויזנט פּאַסאַזשירן און וויפל עפנטלעכע אינסטיטוציעס און ביוראָען! מוניציפּאַלע, פּראָווינציעלע, נאַציאָנאַלע צו באַדינען די אַלגעמיינע, צי געמיינזאַמע באַדערפעניש, די אָרדענונג, די זיכערקייט און דעם פּראָגרעס.

איז די אינדיאַנישקייט אין דעם אַלעם שפּורלאָז פאַרזונקען. עס זעט זיך אויך נישט אַרויס דער אינדיאַנער אין דער קאָסמאָפּאָליטישער באַפעלקערונג, וועלכע לאָזט זיך דאָ הערן דורך אירע שפּאַנישע אַסאָסיאַציעס, איטאַליענישע, פראַנצויזישע, פּאָרטוגעזישע, סיריש־לבנונדיקע און אוודאי אויך יידישע, וואָס זענען שוין דאָ אָדער וועלן זיין מיטן זיין פון מער יידן. עס זענען אַפילו אויך דאָ קאַרוהער קלובן.

נאָר „קאַרויע", וואָס איז ביי די יידן אַרויסגעקומען פון קאַרוהע, איז נישט די מאָדערנע שטאָט, וואָס לאַוואַזשע האָט געגרינדעט אויפן פאַרנומענעם „פראָנט" פון די אינדיאַנער, וועלכע האָבן נאָך אין יאָר 1876 געשטעלט אַ ווידערשטאַנד די שפּאַנישע קאָנקיסטאַדאָרן... איגנאָרירנדיק די אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע וואָס האָט שוין געציילט אירע 80 יאָר, אָדער מיינענדיק, אַז די אַרגענטינער רעפּובליק, וועמען זיי האָבן נאָר געזען אין דער געשטאַלט פון באַוואָפנטע כוחות קעגן זיך, זענען די זעלביקע ווייסע קאָנקיסטאַדאָרן, נאָר אַ ביסל אַנדערש געשלייערט... דאָס וואָס די יידן רופן „קאַרויע" איז נישט די שטאָט קאַרוהע, נאָר די ווייסע אָזערע עפּעקוען, מיט דעם האָטעל־שטעטעלע ביי דער אָזערע, וואָס געפינט זיך אויף אַ דיסטאַנץ פון דער שטאָט קאַרוהע.

עס איז די אָזערע מיט קלענערע אָזערעס אַרום זיך און וואָס איז אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער און אפשר אין פאַרלויף פון יאָרטויזנטער ביי די אינדיאַנער געווען די נאַטור־הייליקע מיט געבענטשטע וואַסערן, וואָס האָבן געהיילט זייערע לייבער.

****

די טרוקענע פּאַמפּאַ־ווינטן ברענגען נישט קיין רעגן. טאָמער ווייזן זיך

א מאָל וואָלקנס אויפֿן טרוקענעם הימל — פֿאַרטרייבט זיי דער „פּאַמפּעראָ" און קיין טייכן זענען נישטאָ, באַקומט נישט די אָזערע קיין וואַסער פֿון דרויסן און טריקנט אויס.

דאָס שטעטעלע עפּעקוען האָט זיך געשטעלט, מיט יאָרן צוריק, ביים סאַמע ברעג פֿון דער געוועזענער טיפֿער אָזערע. היינט איז דער ברעג אַוועק פֿון שטעטעלע אויף א דיסטאַנץ פֿון הונדערטער מעטער. עס איז א טייל פֿון דער זעלביקער אָזערע, נאָר אָן וואַסער.

אָבער נישט דאָס וואַסער איז דער וואונדער פֿון עפּעקוען, נאָר די ערד, דער גרונט — דער מינעראַל־קוואַל, ער טריקנט זיך נישט אויס. זיינע ברעגעס זענען געבליבן ווי זיי זענען געווען פֿון אייביק אָן.

און דער וואונדער פֿון עפּעקוען געפֿינט זיך אויך אין דער לופֿט, אין דער עפּעקוענישער טריקעניש; אין דער טרוקענער לופֿט פֿון ריינעם אָקסיגען, יאָד און דער אָטעם פֿון דער עפּעקוענישער ערד.

אַזוי זאָגט דער דאָקטער וועגנטשעס לאַא טעליאַ:

— דער וואָס קומט אין עפּעקוען און טוט זיך אַריין אין איר לופֿט, אין איר אַטמאָספֿער, ווערט, נישט־פֿילנדיק, וויטאַליזירט און עס ווערן רעגענערירט די רויטע בלוט־בלעזעלעך; עס ווערן פֿאַראינגערט זיינע נערוון — ער ווערט אין גאַנצן פֿאַראינגערט.

דאָס איז דאָס, וואָס דאָס לאַנד רופֿט קאַרוהע (איינשליסלעך דאָס זאַלץ פֿון קאַרוהע, וואָס מען קריגט אין די אַפּטייקן) און וואָס יידן רופֿן „קאַרויע", ווייל „קאַרויע" לייגט זיך בעסער אויף דער יידישער צונג, ווי דאָס אינדיאַנישע „קאַרוהע", און מיט וועמען עס איז אינטים פֿאַרבונדן דאָס קור־שטעטעלע עפּעקוען, מיט אירע איבער פֿערציק האָטעלן און פּענסיאָנען, וואָס א העלפֿט פֿון זיי זענען יידישע, אין וועלכע עס שטייען כמעט נישט איין קיין גויאים, בעת עס זענען כמעט אַלע יידן די רעשט געסט טוריסטן־קוריסטן — אין די גויאישע האָטעלן און פּענסיאָנען.

אין דעם שטעטעלע עפּעקוען זענען דאָ מער גויאים, ווי עס ווייזט זיך אויס. א חוץ די טייל האָטעל־באַלעבאַטים זענען כמעט אַלע קעלנער, קוכער, פּעאָנען און קאַמער־באַדינערינס גויאים און גויאים זענען א שיינער טייל פֿון די טור־קור־געסט און די האַלב־גאַוטשאָס און האַלב־אינדיאַנער און גאַנצע סוחרים, וואָס פֿאַרזאָרגן מיט רייטפֿערד די טוריסטן, און גויאים זענען די גרעסטע טייל פֿון די שטענדיקע אָרטיקע איינוואוינער און די פּאָסט־אָנגעשטעלטע, אָבער יידן זענען דאָ מער, און מער ווי מען איז דאָ, לאָזט מען זיך זען און הערן.

יידן קומען זיך צוזאַמען אין דרויסן, ביי די האָטעלן, און גייען גרופּעס־ווייז איבער אַווענידאַ דע מאַזשאָ, טאַלקאַהואַנאָ, ריוואַדאַוויאַ, באַרטאָלאָמע

מיטרע, עדיסאָן און אַנדערע גאַסן פון שטעטל עפּעקוען; יידן שטייען אין רייען ביי דער פּאָסט, צו באַקומען קאָרעספּאָנדענץ און אַוועקצושיקן; יידן „באַפאַלן" דעם גויאישן צייטונג־פאַרקויפער, ווען ער באַקומט די צייטונגען פון בוענאָס־איירעס, צוליב אומגעדולד נאָך וועלט־ידיעות; און „קאָרויע" רעדט יידיש.

עס הערט זיך יידיש אין גאַנג פון די מאַסן אין די גאַסן, אויף דער פּלאַזשע און אין די פּלאַצע דורכזיכטיקע וואַסערן אין דער ברייטער, ווייסער, ווי מיט וואַרעמען שניי און אייז־אָזערע, וואו די יידישע מאַסן פון עפּעקוען פאַרזאַמלען זיך יעדן טאָג פאַר מיטיק, ווען די זון גייט אַרויף צו דער מיט פון הימל און פאַרנאַכט, ווען די זון גייט שוין צו מערב — אַראָפּ.

עס הערט זיך אויף די וואַסערן פון עפּעקוען פון די באַזאַלצענע יידישע פּרויען און מענער — פּוילישער יידיש און ליטווישער; בעסאַראַבישער און רומענישער; עס הערט זיך אויך אַרגענטינישער יידיש. דער אַרגענטינישער יידיש איז פאַרשידן, עס רײדן אים אַנדערש די יידישע יוגנט דאָ אין לאַנד געבוירענע פון די איינגעוואַנדערטע יידן, די מאַמעס און די טאַטעס פון די הי־געבוירענע; די באָבעס און די זיידעס און די וואָס לעבן שוין דורות דאָ אין לאַנד פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, צווישן אַטלאַנטישן אָקעאַן און די אַנדן־בערג.

מען רעדט אַזוי אויף דעם פאַרשידענעם און פאַרביקן יידיש — פון נחת און פון צרות; פון פרייד און פון לייד, מען רעדט פון קאַמפּיין און פון פּאַקער; פון דער „דאיאַ" און פון דער „איאַ" (פּעראָניסטישע אָרגאַניזאַציע); פון מפּא"י און מפּ"ם; פון „מענו" און פון דער „מאַזשאַ". אין אַ רעדל זינגט מען אַ לידל; אַ מעשהלע דערציילט מען אין אַ צווייטן רעדל; אין אַ דריטן זאָגט מען וויצן, וואָס גראַמט מיט בליצן, היצן, שוויצן, בעת אין אַ פערטן אַמפּערט מען זיך אויף די העכסטע גראַדן פון אויפרעגונג וועגן די וועלט־פּראָבלעמען און עס גייט אָן אַ נערוון־מלחמה צווישן טאָטאַליטאַריזם און דעמאָקראַטיזם.

די נאַכט אין עפּעקוען קומט אָן מיט דאַמען־טריט, אַ צויבערהאַפטע, אַ בריליאַנטענע. זי לאָזט נישט אַוועקפאַלן אין שלאָף נאָך דעם אינטענסיוון השקדיקן עסן און טרינקען ביז אין דער צוויי און צוואַנציקסטער שעה און רופט אַרויס צו זיך.

לאָזט זיך דאָס ראָמאַנטישע פאָלק פון „קאָרויע" אַרויס צו דער רופנדיקער נאַכט, אונטער דער חופּה פון אויסגעשטערנטן הימל, און עס לאָזט זיך הערן איבערן שטעטל עפּעקוען, וואָס איז איינגעפאַסט אין דעם רינג פון קאַרהוע — דער האַרציקער קלאַנג און דאָס פאָלקסטימלעכע געזאַנג פון יידישן וואָרט.

# ריווערא

## אין דריי צייטן

ביי די 670 קילאָמעטער פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס, אויף דער מערב־זייט פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס, האַרט לעבן דער פּאַמפּאַ, געפינט זיך ריווערא.

### ערשטע צייט

עס איז געווען אין דער צווישנצייט, ווען עס ענדיקט זיך איין יאָר און עס הייבט זיך אָן דאָס אַנדערע: סוף 1915 און אָנהייב 1916. עס האָט געפלאַקערט די ערשטע וועלט־מלחמה. בוענאָס־איירעס איז געווען ווי בלאָקירט. די פרידנס־שיפן, וואָס זענען געקומען פון דער וועלט, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, זענען געבליבן פאַראַנקערט אין אונדזערע פּאָרטן. איבערן גרויסן אָקעאַן האָט זיך געטראָגן דער „שפּורלאָז פאַרזונקען" — וואָס דייטשלאַנדס אַמבאַסאַדאָר דאָ אין אַרגענטינע האָט אַרויסגעשיקט צו די קרייצערס, סובמאַרינען און צעפּעלינען, וואָס האָבן געלויערט אויף די אָקעאַנישע וועגן און זיי האָבן באַדאַרפט אַ וואונק, וואָס צו טאָן מיט די לעבנס־מיטל־שיפן, וואָס גייען פון דעם נייטראַלן אַרגענטינע.

טויזנטער קילאָמעטער ווייט פונעם מלחמה־צענטער אין אייראָפּע איז דאָך אַרגענטינע באַלד פון אָנהייב פון דער מלחמה עקאָנאָמיש שרעקלעך אָנגעגריפן געוואָרן; אָפּגעשטעלט דעם אימפּאָרט און דעם עקספּאָרט; דעם אַריינפאָר און אַרויספאָר, — האָט זיך צוליב דעם אָפּגעשטעלט די אַרבעט, און די פּראָדוקציע און דער האַנדל און דער קאָנסום און אַרבעטלאָזיקייט, נויט און הונגער האָט געהערשט אין דער היים און אויף דער גאַס.

אַזוי איז געווען די אַלגעמיינע סיטואַציע און אַזוי איז אויך געווען די יידישע, וואָס איז געקניפּט און געבונדן מיט דער אַלגעמיינער.

און די מלחמה איז שוין אַריין אין זעכצנטן חודש מיט איר וויסטן טריאומף, און עס האָט זיך נישט געזען קיין אָנהייב פון אַ סוף.

די מלחמה־סיטואַציע האָט אויך געדריקט און געשטיקט דאָס געזעל־שאַפטלעכע לעבן, דאָס קולטורעלע און דאָס אינסטיטוציאָנעלע.

און יידן־אַרבעטער האָבן אָנגעהויבן אַן אויסוואַנדערונג פון בוענאָס־איירעס אין אינערן פון לאַנד, אין די ריכטונגען פון מזרח און מערב, פון דרום און צפון.

מען איז געפאָרן זוכן אַרבעט אין די שטעט און אין די שטעטלעך מיט אַן עקאָנאָמיש, סאָציאַל, פּאָליטיש צוזאַמענלעבן פון פעלקער און מען איז געפאָרן אין די יידישע קאָלאָניעס.

ריווערא איז געווען איינע פון די יידישע קאָלאָניעס, וואָס האָט צוגע־צויגן צו זיך די יידישע אויסוואַנדערונג פון בוענאָס־איירעס, און אפשר מער ווי איינע פון אַ סך; ריווערא איז עפּעס געווען צוציענדיקער. וואָס איז גע־ווען איר צויבער? אפשר דאָס זיצן אירס אויפן נאָענטן דרום, וואו די לופט איז מילדער און דער קלימאַט דערמאָנט אין אַ דרום־איראָפּעאישן? אפשר גאָר דער „פּאַמפּערא״, וואָס קומט מיט ערד־וואָלקנס פון דער פּאַמפּאַ און ווילד־ווינטיק צעהוליעט ער זיך אויף ריווערא?... אפשר דאָס און אפשר גאָר אַנדערע צוציענדיקע זאַכן.

ריווערא איז נאָך געווען גרין, באַחנט, ראָמאַנטיש־יונג און יידיש מיט אַ רוסיש־אוקראַיניש בעסעראַבישן אַקצענט.

ריווערא איז געווען יינגער פון אַלע, אָדער כמעט אַלע יידישע קאָלאָ־ניעס אין אַלע זייטן פון לאַנד. קיין קאָלאָניע איז נישט עלטער געווען פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק; ריווערא איז אַלט געווען אַ יאָר צוועלף, אָבער אַזוי ווי די אַנדערע יידישע קאָלאָניעס, האָט אויך ריווערא שוין געהאַט אויסגעשפּרייט אַרום זיך אירע גרינע און בלאָנדע פעלדער אויף טויזנטער קוואַדראַט־העקטאַרן מיט זייערע דאָרפישע הייפן און פּולווארקן און אין מיטן — דאָס קאָלאָניסטישע שטעטל מיט אַ באַן־סטאַנציע, וואָס איז באַ־לעבט מיט האָרעפּאַשנע יידן און יידישקעס, וואָס וואַרטן אָפּ יידן און וואָס באַגלייטן יידן וואָס קומען און פאָרן אַוועק. און באַלד ביי דער סטאַנציע שפּרייט אויס אַ פּלאַסע, ביי וועלכער עס שטעלט זיך די קאָאָפּעראַטיווע פון די יונגע יידישע קאָלאָניסטן, און פון דער פּלאַסע צעגייען זיך גאַסן מיט יידישע קלייטן און קלייטלעך, אויף צו באַזאָרגן די פעלדישע באַפעלקערונג מיט דעם אַלעם וואָס אַ יידיש־קאָלאָניסטישע געזינד קען דאַרפן, און פאַר דער שטענדיקער באַפעלקערונג פון בעל מלאכהשע געזינדן און פון אַרבע־טער און פון נאָך שטעטלדיקע איינוואוינער, וואָס געפינען זיך אַלערליי פּר־נסות.

עלטערע יידן, פרומע, זאָרגן זיך פאַר זייער יידישקייט; די יוגנט, וואָס

איז וועלטלעך, נעמט זיך מיט יוגנטלעכן חן צו איר יידישקייט און עס ווערט אַ יידיש־געזעלשאַפטלעך לעבן מיט יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, און עס שאַפט זיך אַ ביבליאָטעק אָדער צוויי; אַ יוגנט־צענטער אָדער צוויי; אַ שול אָדער צוויי און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער; ס'איז אין דעם יוגנטלעכן ריווערא אַפילו שוין געווען אַן איניציאַטיוו פון אַ יידישן אַרבעטער־פאַר־באַנד פאַר קעגנזייטיקער הילף!

און דאָס יוגנטלעכע ריווערא האָט שוין אין איר פרימאָרגן אָנגעהויבן אַרויסשטעלן אירע אינטעלעקטועלע און קינסטלערישע אַספּיראַנטן און פּרע־טענדענטן: אירע שריפטשטעלער און אירע וואָרטזאָגער; אירע זינגער און שפּילער; אירע טרוימער און קעמפער.

דאָס ריווערא האָט אַרויסגערופן און צוגעצויגן צו זיך אַרבעטסלאָזע יידישע אַרבעטער - אינטעליגענץ פון בוענאָס - איירעס; פאַך־מענטשן, לע־רער, שרייבער, אַרטיסטן — בכלל אַמאַטאָרן־ליבהאָבער. פּרץ הירשביין, ווי אַנדערע ווייניקער באַרימטע יידישע שרייבער־געסט פון אויסלאַנד — האָבן דאָס ערשטע באַזוכט ריווערא, ווען זיי זענען אַרויסגעפאָרן אין אינערן פון לאַנד אויף צו זען די יידישע קאָלאָניעס.

און אין דעם אַזוי קלינגענדיקן ריווערא זענען גיכער ווי אין אַנדערע יידישע קאָלאָניעס, יידישע אַרבעטסלאָזע אַרבעטער פון בוענאָס־איירעס גע־פאָרן אויף אירע פעלדער צום שניט, ערב שניט־צייט, וואָס פאַלט אויס סוף פון איין יאָר און אָנהייב פון צווייטן יאָר.

דווירט נישט לאַנג נאָך אַזאַ אַרויספאָר, און ריווערא לאָזט זיך הערן גאָר אויסערגעוויינלעך, אַלאַרמירנדיק, אין דעם גאַנצן יידישן אַרגענטינע.

וואָס איז געשען?

יידישע קאָלאָניסטן האָבן נישט צוגענומען צו דער שניט־אַרבעט קיין יידישע אַרבעטער, נאָר גויאים — רוסן צי אוקראַינער, וואָס אין יענע יאָרן און אין אַ קאָנפליקט האָט זיך פונעם געשריי געהערט: „פּאָגראָמשטשי־קעס", „בוליגאַנעס" און — דער „נאַציאָנאַלער געפיל", „ס'יידישע האַרץ" און — דער „אידעאַל צו באַאַרבעטן די ערד מיטן שוויים פון יידישן פּנים?"

איך בין אויך שוין געווען פאַרליבט אין ריווערא און איך האָב נישט געקענט בלייבן גלייכגילטיק צו דער רירנדיקער פּאַסירונג. אַ חוץ דעם בין איך געווען רעדאַקטאָר פונעם יידישן סאָציאַליסטישן זשורנאַל „דער אוואַנ־גאַרד", מיט זיין לאָזונג: „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער — פאַראייניקט אייך". נישט געקוקט אויף דער מלחמה, אין וועלכע צייט „דער אוואַנגאַרד" האָט באַנייט זיין דערשיינען, און אויף דעם וואָרט פון „אוואַנגאַרד" האָט געוואַרט דאָס אויפגעברויזטע ריווערא. אָט אַזוי האָב איך דאָס געזען און

מיט געשפּאַנטער איינגעהאַלטנקייט האָב איך קודם־כּל אָנגעשריבן אַ קורצן קאָמענטאַר, מחמת דער דרוקער אייזנבערג האָט נישט געוואָלט אָננעמען קיין גרעסערע זאַך, אַז דער נומער איז אויסגעזעצט און כּמעט שוין גע־שלאָסן און — מחמת איך האָב געזען צו זיין מער איינגעהאַלטן און באַ־דאַכט צו שרייבן פאַרן ווייטערן נומער פון חודש־זשורנאַל דעם אַרטיקל וועגן דאָס געשעענע אין ריווערא, וואָס איך האָב געשריבן אונטערן טיטל: „נאַציאָנאַליזם און קלאַסן־אינטערעסן".

ווער איך היינט נישט גיין איבערשרייבן וואָס איך האָב געשריבן מיט ניין און דרייסיק יאָר צוריק און אוודאי נישט, ווי אַזוי איך האָב דאָס גע־שריבן. איך וועל און וויל היינט צוליב דעם וואָס מען פייערט דעם יובילייִ פון דער חשובער פופציק־יאָריקער ריווערא, אויפלעבן אין געדעכעניש, דאָס וואָס אַ פאַרליבטער אין דער אַמאָליקער יוגנטלעכער ריווערא האָט גע־טראַכט: אַז ריווערער יידישע יונגע קאָלאָניסטן זענען האַרציק יידיש און זענען אַליין האָרעפּאַשנע ערד־אַרבעטער און עס טוט זיי ווי דאָס וואָס האָט פּאַסירט, אָבער ריווערער יידישע קאָלאָניסטן, וואָס באַאַרבעטן אַליין די ערד מיטן שוויים פון זייער פּנים, אויב זיי נעמען צו שניט־צייט אַרבעטער, איז עס כּדי בעסער און גיכער דורכצופירן דעם שניט, אַראָפּנעמען די גערע־טעניש איידער דער פּאַמפּעראָ קומט. און זייערע אינטערעסן, וואָס שטייען הינטער זייערע פּלייצעס, דיקטירן זיי וועמען צוצונעמען און וועמען נישט. אַ רוסישער אָדער אוקראַינער פּויער — זאָגן זיי — טוט נאַטירלעך לייכ־טער, בעסער און שפּאָרעוודיקער די שווערע פעלד־אַרבעט פון שניט, איידער אַ ייד פון שטאָט, פאַר וועמען די שניט־אַרבעט איז קאַטאָרגע. און אויב דער אוקראַינער פּויער פאָדערט ווייניקער ווי דער שטאָטישער יידישער אַרבע־טער, און בעט זיך אַרבעטן אויף אַ קלענערן לוין, קען דער יידישער באַלע־באָס נישט זיין קעגן זיך.

און פון דער צווייטער זייט: וואו איז די גלייכהייט וואָס עס הערשט ביי אַרבעטער?! גלייכע רעכט אויף אַרבעט, אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַ־ליטעט, ראַסע און געשלעכט, און עס איז הייליק די גלייכקייט צווישן אַר־בעטער.

— און ווי האָט אויסגעזען די יוגנטלעכע ריווערא אין דעם קאָנפליקט?

— פרייליך, שטאָלץ, האָט זי דאָך שוין דערגרייכט דאָס וואָס אַנדערע, עלטערע פון איר האָבן נאָך נישט געהאַט דערגרייכט: אַ דעמאָנסטראַציע פון קלאַסן־אינטערעסן! — דאָס איז נישט קיין אידעאַל; דאָס איז רעאַל, אינטערנאַציאָנאַל און וואָס רופט די אַרבעטער צו פאַראייניקן זיך, צו אָר־גאַניזירן זיך; צו שטרעבן און צו קעמפן פאַר אַ שענער לעבן.

## צווייטע צייט

צען יאָר שפּעטער.

זיבן יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דער צאַריזם אין רוסלאַנד איז מער נישט געווען.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, וואָס איז אויסגעבראָכן אין פעברואַר 1917 און וואָס האָט אַזוי דערפרייט און באַגייסטערט די יידן אין באַפרייטן רוסלאַנד און אויף דער גאַנצער וועלט און נאַטירלעך אויך אין אַרגענטינע, איז אין אָקטאָבער איבערגענומען געוואָרן דורך גוואַלד פון די באָלשעוויקעס, און אין רוסלאַנד האָט ווידער אָנגעהויבן הערשן טעראָר.

אָבער די יידן אין רוסלאַנד ווערן מער נישט פאַרפאָלגט אַלס יידן. די רעגירונג פון סאָציאַליסטישן ראַטן־פאַרבאַנד — ווי עס רופט זיך אָפיציעל סאָוויעטן־רוסלאַנד — האָט באַשיצט די יידן קעגן פּאָגראָמען.

די יידן אין רוסלאַנד זענען חוץ דעם דורך דער רעוואָלוציע גלייכבאַרעכטיקט און ס׳איז אָנערקענט יידיש ווי די שפּראַך פון דער יידישער באַפעלקערונג און די מלוכה האַלט אויס די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור אין אַלע אירע אויסדרוקן, און טאָמער ווילן יידן זיך נעמען צו לאַנדווירטשאַפט, — איז מיטן גרעסטן כבוד; מ׳גיט אַפילו אַ טעריטאָריע פאַר אַ יידישן אויטאָנאָמען ראַיאָן.

האָט דאָס געפרייט די יידן אין אַרגענטינע, באַזונדערס די פון ריווערא, וואָס ריידן מיט אַ רוסישן אַקצענט, סימפּאַטיזירן מיט רוסלאַנד און זענען פאַמיליאַר און נשמהדיק אין באַציאונגען מיט די ברידער און שוועסטער פון דער אַלטער היים.

סאָוועט־רוסלאַנד איז נישט געווען אָנערקענט פון דער אַרגענטינער רעגירונג פון אַלוועאַר, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט דעם קאָנטאַקט מיט רוסלאַנד. די באַשרענקונג, וואָס איז געווען — איז געווען פון רוסלאַנד אַליין. די פּאָרטן און די טירן פאַר איינוואַנדערונג זענען געווען אָפן. די ים־און לופט־וועגן זענען געווען פריי און אין פרידן. שיפן מיט מענטשן, מיט אַרבעטס־מענטשן, מיט אַרבעטס־געצייג, מיט פּראָדוציר־מאַטעריאַלן און מיט פּראָדוקטן זענען געקומען צו אונדזערע ברעגן און שיפן זענען אַוועק פון אונדזערע ברעגן אָנגעלאָדענע מיט ווייץ און פלייש און אַנדערע לאַנד־פּראָדוקטן.

די שיפן האָבן אויך ריווערער ווייץ געפירט פאַר דער וועלט און ריוועראַ, שוין אַ דערוואַקסענע, אַ קרעפטיקע מיט גרויסע באַדערפעענישן פאַר איר אַנטוויקלונג, האָט אויך באַקומען און גענאָסן פון דעם גוטס וואָס די שיפן האָבן געבראַכט.

ריווערא, אין איר פולער בליענדיקער יוגנט פון צוויי און צוואַנציק יאָר, האָט געהאַט פרייד פון אירע צעוואַקסענע טשאַקרעס מיט די פרוכט־באַרע פעלדער, מיט די ברייטע לאַנדווירטשאַפטלעכע הייף, מיט די רייט־ און אַרבעטס־פערד, מילך־קי, אייער, עופות און הינט; מיט די אַקער־זיי־קעם־שנייד און דרעש מאַשינען; מיט גערטנעריי און בינען־צוכט און מיט בחורים־גאַוטשאָס, וואָס רייטן גאַלאָפּ שטייענדיק אויפן רוקן פונעם פערד, וואָס דרעסירן און עס דרייט זיך נישט אַרויס דער ווילדסטער פערד פון דער שלייף פונעם יידישן גאַוטשאָ לאַסאָ.

דער ריווערער יידישער גאַוטש, מיט גאַוטשישער פרייהייט און וויר־דיקייט, געבוירן אין דער קאָלאָניע, אָדער אין איר פון קינדווייז אָן אויסגע־וואַקסן, רעדט יידיש מיט אַ שפּאַניש־אַרגענטינישן אַקצענט און באַטייליקט זיך אין דער יידישער קולטור־אַרבעט פון ריווערא. ער קומט רייטנדיק אויף זיין פערד, מיט אַ רעוואָלווער, אָדער אַ מעסער אין גאַרטל, ווען ער קומט אַליין און ער קומט אויף אַ סולקי, אָדער אַזאַ דאָרפישע בריטשקע אויף איין אַקס מיט צוויי רעדער, געשפּאַנט אין אַ פּאָר פערד, ווען ער קומט מיט שוועסטער, ברידער, עלטערן אָדער בכלל מיט נאָך פּערזאָנען — אין דער קאָאָפּעראַטיווע, פּאַרמער־פּאַראיין („גראַנכעראָס אונידאָס"), אין דער בי־בליאָטעק מיט יידישע און שפּאַנישע ביכער, אין קולטור־צענטער, וואו עס הערט זיך יידיש און שפּאַניש, אין דראַמאַטישן קרייז צו פּראָבעס פון ליב־האָבער־טעאַטער, וואָס ווערט געשפּילט אין ריווערער קהלשן סאַלאָן, אָדער קומט צו אַ פאָרשטעלונג, אַ קאָנצערט, אַ קאָנפערענץ אָדער אַ מאַסן־פאַר־זאַמלונג.

און ריווערא האָט נחת פון איר שטעטל, וואָס איז זיך אַזוי צעוואַקסן. עס גייען אַרום די יונגע זיידעס מיט די נאָך יינגערע באָבעס — די פּיאָנערן פון ריווערא — און קלייבן נחת פון דעם, וואָס איז געוואָרן פון די וויסטע פעלדער און ווילדע וועלדער, וואָס מ'האָט געדאַרפט אויסוואָרצלען! און ווי ס'איז אויסגעוואַקסן אַ ישוב — אַ יידישער פרוכטבאַרער ישוב — אין דער נייער, געזיכערטער היים, אין דעם לאַנד פון פרייהייט און פרידן; זייערע קינדער, די טאַטעס און די מאַמעס, געקומען דערוואַקסענע פון צאַרישן לאַנד, זענען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן צו דער לאַנדווירטשאַפט, צו דער הויזווירטשאַפט, צו מלאכה (די וואָס וואוינען אין שטעטל), צו האַנדל און מען איז פּאַראינטערעסירט אין די פּרייזן פון תבואה אויף דער בירזשע אין בוענאָס־איירעס און אויפן וועלט־מאַרק; און מ'האָט הנאה פון אַזוי פיל אַרבעט, וואָס ווערט געטאָן און וואָס עס ווערט אַלץ געטאָן! מען שמירט און מען נייט, מען גליט און מען שניידט; מען קלאַפּט און מען פּאַקט; מען זעגט און מען שערט — עס גייט דאָך אַפילו אַרויס פון דער אָרטיקער, איי־

גענער דרוקעריי אַן אייגענע יידישע צייטונג. און איז דען שוין נישט אַרויס אַ יידיש בוך פון אַ ריווערער יידישן שרייבער? און עס רוישט דאָרט אויף דער צפון־זייט פון שטעטל אַזוי ריטמיש־מוזיקאַליש דער נישט־לאַנג איינ־געשטעלטער מאָטאָר, וואָס גיט עלעקטרישע ליכט און קראַפט דעם שטעטל.

און די טאַטעס און די מאַמעס׳ האָבן נחת פון די קינדער, פון די בחו־רים און פון די מיידלעך. ווי שיין זיי זענען אויסגעוואַקסן און ווי יונג זיי ווילן שוין חתונה האָבן.

און אַז די פעלדער ווערן נישט פאַרטריקנט, נישט פאַרפלייצט, נישט פאַרפעסטעט און ס׳איז דאָ גערעטעניש, קלאַפט און קלינגט אַלץ, איז פריילעך אויפן האַרצן און עס ווילט זיך טאָן מעשים־טובים און שטיצן קהלשע זאַכן, צאָלן פאַר צייטונגען, וואָס ווערן בכלל געליייענט בשותפות פון צוויי אָדער מער שכנים־משפחות, און צוליב טאָן די מיידלעך, זיי באַקליידן אין זיידנס (קיין ניילאָן איז נאָך נישט געווען), זיי באַצירן, די „קראַסאַוויצעס", „סע־ניאָריטאַס".

און אַז די יינגלעך ווילן לערנען? — אדרבה! זייער גוט. טאַטע־מאַמע ווילן טאָקע קינדער דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן, אַפּטייקער, אינזשעניערן, בוכ־האַלטערס... פאַר וואָס נישט? עס שטייט זיי נישט אָן? עס קומט זיי נישט?

לערנען זיי, אויב נישט אַלע, איז אַ גרויסער טייל פון די יוגנטלעכע אין די מיטלשולן, די מלוכהשע, וואָס זענען אין ריווערא נישטאָ, נאָר אין באַהיאַ־בלאַנקאַ, אָדער מ׳לערנט באַלד אין דער אוניווערסיטעט־שטאָט לאַ־פּלאַטאַ, צי גאָר אין דער הויפּטשטאָט בוענאָס־איירעס, וואו מען זאָל פאַר־זעצן דעם אוניווערזיטעט און וואו אַהין עס ציט די סעניאָריטעס.

און די ריווערא פון דער ליבער פּראָווינץ, וואָס נעמט אויף מיט אָפע־נע אָרעמס די שליחים פון בוענאָס־איירעס, העלפנדיק אַלע הילפס־אַקציעס פאַר אויסלאַנד און די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין לאַנד, האָט אויך מיט ליבע צוגעטראָגן איר הילף פאַר דער „איבערוואַנדערונג" פון דעקלאַ־סירטע יידן אין סאָוועט־רוסלאַנד, ווען די דאָזיקע יידן, מיט דער הילף פון דער רעגירונג, האָבן זיך גענומען צום איבערוואַנדערן פון זייערע פאַרלוי־רענע אומפּראָדוקטיווע פרנסות צו ערד־אַרבעט, לאַנדווירטשאַפט — קאָלאָ־ניזאַציע.

און דאָס יידישע ריווערא האָט נחת פון איר ברכהדיקן באַפעלקערן זיך, פון געבוירן ווערן און פונעם אונטערוואַקסן פון נייעם דור, פון אירע קינ־דער און קינדס־קינדער; פון די אייניקלעך שוין צייטיקע פאַר חתונה האָבן, און פון דער שוין חתונה־געהאַטער יוגנט, מיט אַ גוטער גערעטעניש פון איי־ניקלעך געראָטענע און פון אוראייניקלעך, און זעט מיט פרייד ווי עס מערט זיך איר קליינוואַרג פון בריליאַנטענע קינדער ביי די בריסטן פון די יונגע

מאַמעס, ביז רייטנדיקע אין צווייען אויף די רוקנס פון יונגע פערדלעך צו דער שול און פון דער שול.

## דריטע צייט

פינף און צוואַנציק יאָר שפּעטער.

זעקס מיליאָן יידן זענען אין דער מלחמה פון די נאַציס פּאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט און אויסגעהרגעט.

דריי יאָר נאָך דער פּראָקלאַמירונג פון מדינת ישראל.

סאָוועט־רוסלאַנד האָט געענדערט איר פּאָזיטיווע שטעלונג פאַר יידיש און דאָס יידישע קולטור־לעבן אין רוסלאַנד איז דערשטיקט.

פון דעם האַלבן מיליאָן יידן־פּליטים, קאָנצענטרירט נאָך דער מלחמה אין דעם באַזיגטן נאַצי־דייטשלאַנד און אין אַנדערע אייראָפּעאישע לענדער, — איז די אויסוואַנדערונג געגאַנגען קיין ישראל און אין די לענדער פון אַמעריקע: אין די פאַראייניקטע שטאַטן, קאַנאַדע און אין די אַנדערע צענד־ליקער לענדער פון אַמעריקע. קיין אַפריקע און קיין אויסטראַליע איז מען כמעט נישט געפאָרן, כמעט נישט געבליבן ווער עס זאָל פאָרן. אַ געוויסע טייל פון די פּליטים איז געבליבן אין פראַנקרייך און אין די אַנדערע פרייע און ווידער פריי־געוואָרענע אייראָפּעאישע לענדער.

גאָר ווייניק יידן, לויט אונדזערע באַדערפענישן און אויפנעם־פעאי־קייט, זענען זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען קיין אַרגענטינע. איך ווייס נישט צי זייער צאָל גרייכט אין די טויזנטער.

זייער ווייניק פון די איינגעוואַנדערטע זענען געפאָרן אין אינערן פון לאַנד. איז ווער אויך געפאָרן קיין ריווערא?

ריווערא איז נישט מער צוציענדיק, איר יוגנטלעכער רייץ פון אַמאָל דוט אין פרידן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויסוואַנ־דערונג פון ריווערא.

די אַמאָליקע ריווערער יוגנט געפינט זיך צום גרויסן טייל אין בוע־נאָס־איירעס. יאָרן און איבערלעבונגען האָבן צערונצלט זייערע פּנימער און גרוי געמאַכט זייערע קעפּ, אָבער עס לעבן אין זיי פונקען פון יוגנטלעכן פייער און זייַנען יידיש־קולטורעל און געזעלשאַפטלעך טעטיק.

פון ריווערא האָט זיך אָנגעהויבן די אויסוואַנדערונג אפשר שפּעטער ווי פון אַנדערע יידישע קאָלאָניעס אויף אַלע זייטן פון דער רעפּובליק. איז דאָך ריווערא יינגער פון אַנדערע יידישע קאָלאָניעס און אפשר האָט דעם

אנהייב פון איר אויסוואנדערונג אויף אפגעהאלטן דער קריזיס אין בוענאס־איירעס אין די ערשטע מלחמה־יארן, אבער — מען האט אויסגעוואנדערט.

און ריווערא, זינגענדיק און קלינגענדיק, פריי, וועלטלעך, יידיש־קול־טורעל און געזעלשאפטלעך לעבן, מיט א פארשידנקייט פון סאציאלע אידעען, שאטירונגען, פארטיי־אמביציעס און סאציאל־פאליטישע קאנפליקטן, איז אוועק מיט דער אויסוואנדערונג.

ווער האט אנגעפירט מיט יציאת ריווערא,

איבערבאפעלקערונג? דאס פראגרעסיווע פארמערן זיך כסדר פון דער באפעלקערונג דורך דער געזונטער נאטור צו פארמערן און פרוכפערן זיך? ענגשאפט אויפן זעלביקן שטח ערד? דאס ארויסשיקן די יוגנטלעכע לערנען אין די מיטלשולן און דאס פארן פון דער יוגנט לערנען? און די כלה־מיידלעך האט געצויגן חתונה צו האבן מיט שטאטישע יינגלעך און עס האט זיי באזונדערס געצויגן קיין בוענאס־איירעס? צי דאס וואס די פעלדישע חתן־בחורים האבן אין דארף און אויך נישט אין שטעטל געהאט מיט וועמען חתונה צו האבן?

דאס יידיש־יוגנטלעכע און ראמאנטישע ריווערא מיט דעם רוסישן אק־צענט איז אין ריווערא אליין מער נישטא.

פארבייפארנדיק מיט דער באן אין א גליענדיקן זומער־טאג, איז מיין באשערטע — א ריווערערין אין דער ערשטער צייט — אראפ מיט מיר אויף א טאג מיט א נאכט אין ריווערא. און זי האט אין ריווערא — ריווערא נישט דערקענט; זי האט געזוכט און געזוכט און איר ריווערא האט זי נישט געפונען...

***

יידן קאלאניסטן מיט פאמפא־שטויב אויף זיך און אויף זייערע פערד און וועגעלעך פארן באגינען קיין עפעקוען; זיי פירן מילכיקס און פליישיקס — סמעטענע, ווייסן קעז, פוטער, עופות, אייער און — ווינט.

דער פאמפא־ווינט איז צעלאזן און ווילד, ער האלט זיך נישט איין אין די גרענעצן פון דער פאמפער טעריטאריע. ער יאגט נאך און פאלט אן אויף אלץ און אלעמען.

ריווערא און לאפין, פון וואנען עס פארן קיין עפעקוען יידן־קאלאניסטן מיט זייערע פראדוקטן, מחמת נאענטקייט און פון וואנען עס פארן אויך יידן אין די זאלצבעדער, געפינען זיך נאך אין דער ראס פון דער גרויסער פראווינץ בוענאס־איירעס. אבער שוין ביי די שוועלן פון דער גרויסער טע־ריטאריע פאמפא, וואס איז פארוואנדלט געווארן אין א פראווינץ־שטאט, אין דער פופצנטער פראווינץ פון דער רעפובליק.

אָבער די בוענאָס־איירעסער יידישע קאָלאָניעס ריוועראַ און לאַפּין מיט זייערע געמיינזאַם קאָלאָניסטיש שטעטל ריוועראַ, זענען שוין מער פּאַמפּיש ווי בוענאָס־איירעסדיק. זיי געפינען זיך שטענדיק אונטערן איינפלוס און ווירקונג פונעם פּאַמפּעראָ. אין די קאָלאָניעס דרייט ער זיך אַרום און טריקנט די פעלדער. ער צעמאָלט אויף שטויב זייער ערד, הייבט איר אויף און טראָגט זי, צעשפּרייט זי איבער די גרענעצן פון דער פּאַמפּאַ און שטורעמט איבערן שטעטל און צעהוליעט זיך אַזוי, אַז עס פּאַטשן די לאָדנס, עס קלאַפּן די טירן, עס קנאַקן דעכלעך, עס קלינגען די שויבן און די מעטאַלענע שילדן; מיסטן פון די גאַסן כאַפּן זיך אַרויף אין די שטויביקע לופטן און דרייען זיך אין אַ קאַראַהאָד און די מענטשן לויפן ווי אין אַ שרפה...

***

דער מיטן טאָג איז געווען אַ פייערדיקער, ווען די דרום־באַן „גענעראַל ראָקאַ" האָט אונדז אַראָפּגעלאָזט אויפן ריווערער וואָקזאַל.

דער וואָקזאַל קוקט אַרויס אויף דער פּלאַסע פון שטעטל. עס איז גוואַלדיק רואיק. עס רירט זיך נישט קיין צווייגעלע און קיין פייגעלע. אַפּנים, אַז דער פּאַמפּעראָ האָט אויך זיין רו־צייט...

מיינע איז אין אַ צייט געווען אַ ריווערערין. זי האָט דאָ געלעבט, געליבט און געשפּילט אַ ראָלע אין ריווערער יידישן אַמאַטאָרן־טעאַטער.

דער נאָמען פון שטעטל דערמאָנט אין אַן אַרגענטינער שרייבער אין די צייטן פון מאַנועל ראָסאַס: ריוועראַ. ער האָט געשריבן בעת דער „עפּאָפּייע" פון ראָסיסטישן רעזשים — נישט קיין לויב־לידער צו ראָסאַסן, אין וועמענס טורמעס ריוועראַ איז געווען פאַרשלאָסן. ער איז געשטאָרבן אין 1845, ווען ער איז אַלט געווען איין און דרייסיק יאָר און איבערגעלאָזט פאַר זיינע מיטקעמפער און פאַר די קומענדיקע דורות אַ ירושה פון אידעען.

***

דאָס יידישע ריוועראַ האָט אויך גענאָסן פון דער ירושה. דאָס יוגנטלעכע, בליענדיקע, פרייהייטלעכע, יידיש־וועלטלעכע ריוועראַ האָט געלעבט אין מיין געפיל און אין גדאַנק נאָך איידער איך האָב איר פּערזענלעך באַזוכט. גייסטיקע, סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע און סענטימענטאַלע פעדעם האָבן מיך פאַרבונדן מיט דעם פּראָגרעסיוון יידישן ריוועראַ, דאָס קאָלאָניסטישע דאָס אַרבעטנדיקע, דאָס שאַפנדיקע, דאָס יידיש־קולטורעלע; דאָס ריוועראַ פון קעמפערישע יידן, גוטהאַרציקע, מיט אַ ליבער, פרייער יוגנט, אַ דערהויבענע; דאָס ריוועראַ פון דער „ליבער פּראָווינץ", וואָס האָט אַליין דינאַמיש געשאַפן דאָס מאָדערנע יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן — אין יידיש,

אין וועלטלעכן יידיש, וואס איז ניי, דערגרייכעריש, אויפריכטיק, הארציק און יוגנטלעך און וואס האט דורך דעם צוגעצויגן פאר מיטארבעטער מענטשן פון יידישן פראגרעסיוון בוענאס־איירעס, שטיצנדיק פרייוויליק יעדע דערהויבענע איניציאטיוו פון דער יידיש־ארגענטינער מעטראפאליע. ריווערא, מיט איר יידיש־פעלדישער פעריפעריע, אין די ברייטע האריזאנטן, מיט יידן און יידישקעס, וואס אקערן און זייען, שניידן און דרעשן; האדעווען און מעלקן, וואס ווארפן די „לאסא" און „מאנסירן" און וואס רייטן ארויס אויף די דארפישע וועגן — רייטעריש.

און אזא האב איך געטראפן ריווערא אויף דער וואר, רעאל, בעת מיין ערשטן באזוך מיט א פערטל יארהונדערט צוריק: א יידישע, מיט אייפעריקע יידיש־געבורויכער, מיט יידישע וועזנס: ביבליאטעק, שול, טעאטער; מיט אן אייגענער צייטונג, שרייבער און מיט אן אנהייב ארויסצוגעבן אייגענע ביכער אין דער אייגענער יידישער דרוקעריי.

מיר האבן געטראפן די זעלביקע ריווערא, וועלכע מיר האבן שוין פון לאנג געקענט פון דער ווייטנס: א פאמפערישע, א שטורעמדיקע, א געזונטע, א קרעפטיקע, אן ענערגישע, דערהויבענע און א וועלטלעך־יידישע.

ריווערער יידיש האט געשמעקט מיט אדעס, מיט בעסאראביע, מיט אוקראינע, מיט רוסיש, באזאפטיקט מיט פוילישן יידיש און באטאנט מיט ליטווישן און ריווערא האט נאטירלעך — פריי, ספאנטאן און הארציק געקלונגען און געזונגען אויף יידיש, אין וועלכן עס איז פריי און גערנוויליק אויך אויפגענומען געווארן דער לאקאלער, ארגענטיניש־שפאנישער עלעמענט און אקצענט.

און דאס ריווערא האט דיך גערופן, געררייצט, זי איז דיר אנטקעגן געקומען — אזא היימישע, אזא נשמהדיקע, אזא חברישע, אזא צוגעלאזענע און פריידיקע, וואס איז פריידיק אפילו אין מאמענטן פון טרויער, וואס פראוועט נישט קיין באנקעטן, קיין ספעציעלע יום־טובים, ווייל אירע אלע וואכן זענען יום־טובדיק.

***

היינט — אין א בראנדיקן זומער־טאג און אין א הייסער זומער־נאכט, ווען אלץ רוט פון היץ און עס רוט אפילו אויך דער פאמפערא, האבן מיר געטראפן עפעס א קאלטע ריווערא, א פרעמדע, אן אפגעלעבטע, אן אויסגעבלאזענע, א יידישלאזע, מיט פאמפערא־שפורן אויף זיך און אין זיך.

***

„גראנכעראס אונידאס" — דער גרויסער מאגאזין פון דער קאאפעראטיווע פון די יידן־קאלאניסטן — שטייט אין א ראג ביי דער פלאסע. עס

קומען פון די קאָלאָניעס יידן אויף „סולקים" און אויף וועגעלעך אין פערד־געשפאַן און שטעלן זיך אָפּ ביי איר. דאָס קומט מען איינקויפן געברויך־זאַכן. אַ יידיש וואָרט לאָזט זיך זעלטן הערן. די יידן זעען אויס ווי אַרויס־געקומענע פון גרויער שטעטלדיקייט און נישט פון גרינע פעלדער.

איך בין אַריין אין אַ יידישער „פּעלוקעריע" אויף דער צענטראַל־גאַס פון שטעטל. עס זיצן דאָ יידן און וואַרטן אויפן „פּרימערא" צו זעצן זיך אונטערן לייזעך אויף דער שער־ און ראַזירשטול. עס איז דאָ אַ יונגערמאַן, וועלכער שטודירט אין לאַ־פּלאַטער אוניווערזיטעט. אין וואַקאַציע־צייט קומט ער אַהיים. אויב ס'איז גערעטעניש, העלפט ער ביים שניט; דאָ איז אַ צווייטער יונגערמאַן פון קאָלאָניע. ער האָט זיך ערשט אומגעקערט פון מיליטער־דינסט. ער קלערט וועגן תכלית. ער האָט נישט קיין חשק צו בלייבן אין קאָלאָניע. עס ציט אים אין שטאָט, אָבער ער האָט מורא פאַר איר. ער איז אַ פויערישער זון און קען נאָר פעלד־אַרבעט. עס זיצן אויך אַ פּאָר יידן פון דער שטעטלדיקער גאַס און ווי אין אַ פּריזירעריי — רעדט מען, שמועסט מען. דער באַלעבאָס, דער שערער, וואָס ווייסט אַלץ און ס'איז נישטאָ די זאַך וועגן וואָס ער זאָל נישט זאָגן זיין וואָרט, נישט מחמת ייִד, נאָר מחמת „פּעלוקערא". שטייט מיטן זייף־בערשטל און זייפט דעם, וואָס זיצט אויף דער שטול, אונטערן לייזעך, אָדער ער שטייט מיטן ראַזיר־מעסער און ראַזירט, צי מיטן שערל און שערט די האָר פון קאָפּ און ער פירט אָן מיטן גע־שפּרעך — אין שפּאַניש, מיט אַ יידיש וואָרט אָדער ווערטל, וואָס עס וואַרפט זיך דורך אין יידיש.

די „סעסיע" אין דער „פּעלוקעריע" איז אַן אימפּראָוויזירטע, אָן אַ טאָג־אָרדענונג, אויך אָן צוגעגרייטע טעמעס.

ווען איך בין אַריין, האָט זיך גערעדט וועגן „קאָסעטשע".

— איז זי נישטאָ — טויג נישט; איז זי יאָ דאָ — טויג אויך נישט...

— וואָס איז דער שכל?

— אַז אַ טריקעניש, אָדער פאַרטרינקעניש, אָדער אַ פּעסט עסט אויף דיין אַרבעט און ס'איז נישטאָ קיין „קאָסעטשע" — קיין גערעטעניש, קיין שניט — איז קלאָר, אַז עס איז אַ בראָך צום יאָר. און אַז עס איז דאָ אַ גע־רעטעניש און אפילו אַ גוטע קאָסעטשע — טויג דאָס אויך נישט.

— ס'איז נישט ווי אַמאָל, ווען דער סוחר האָט צוגענומען דאָס, וואָס דער „סערעאַליסט" האָט איבערגעלאָזט צו צאָלן חובות.

— היינט איז „יאַפּי" (אַן אָפיציעלע ביוראָ), זי שטעלט פּרייזן.

— זיי שטייען הויך, אָבער נאָך העכער שטייען די פּרייזן פאַר די פּראָ־דוציר־ און לעבנסמיטלען, — זיי שטייען נישט, זיי פליען.

מ׳האָט נישט אויסגעשעפּט קיין טעמע, נישט פאַרענדיקט און ס׳איז אַריין אינעם געשפּרעך דאָס, וואָס איז יעדן נאָר איינגעפאַלן, נישט וואָרטנדיק, אַז ווער עס רעדט, זאָל זיך אויסריידן. האָט מען אַזוי גערעדט וועגן קאַריערע פון דער יוגנט און וועגן „קאַרעראַ", וועגן „קאַמפּיינען" און שליחים; וועגן מדינת ישראל און העברעאיש, וועגן דער מלחמה אין קאָרעאַ און וועגן „טראַדיציע"-יידישקייט.

איך האָב געפרעגט אויף דעם, אויף יענעם, אויף די ריווערער, וואָס איך האָב געקענט — נישטאָ. קיינער פון זיי איז דאָ מער נישטאָ.

אויף דער זעלביקער גאַס האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויפן „סענטראָ קולטוראַל איזראַעליטאַ". אויף זיינע פּאַרמאַכטע טירן און פענצטער זענען געבליבן צוגעקלעפּט שפּאַנישע פּראָגראַמקעס פון אַ געוועזענער „פּיעסטאַ קאַמפּעסטרע".

עס איז געווען צווישן מנחה-מעריב, ווען מיר זענען געגאַנגען אויף אַן אַנדערער גאַס. דאָ איז געשטאַנען די גרויסע שיל פון קליינעם שטעטל און — געוואַרט אויף אַ מנין דאַוונער.

גרויסע ווערטער אין שפּאַניש. אַ „קאַרעטאַ" קאָן אַדורך אין דער לייזדיקייט פון יעדן אות, זיי זענען איבערגעבליבן אויף די שטעטלדיקע ווענט פון אַ פאַרגעקומענער וואַל-פּראָפּאַגאַנדע. זיי שרייען נאָך אויס זייערע פּערזאָניסטישע לאָזונגען און אימפּעראַטיוון. אַפּנים אויך סאָציאַליסטן, ראַדיקאַלן און דעמאָקראַטן האָבן זיך דאָ נישט באַטייליקט אין וואַל-קאַמף. די ווענט שווייגן וועגן זיי.

דאָס שטעטל איז איינס מיט צוויי זייטן: אַ רעכטע זייט, וואָס איז די יידישע, אַז מען קוקט פונעם וואָקזאַל אויף ריווערע, און אַ לינקע, וואָס איז די גויאישע. נאָר עס איז לינק די רעכטע זייט און רעכט די לינקע, אַז מען קוקט פון שטעטל קעגנאיבער דעם וואָקזאַל.

אויסגעגאַנגען די יידישע זייט, זענען מיר אַרויף אויף דער גויאישער. עס וואוינען יידן אויך אויף דער גויאישער זייט. דאָ איז אויך דער גרויסער מאַגאַזין פון דער יידישער קאָלאָניסטישער קאָאָפּעראַטיווע, אָבער אויף דער זייט וואוינען גויאים און יידן אויך, ווען אויף דער יידישער זייט איז פאַרקערט, און עס איז אין גאַנצן עפּעס אַנדערש איין זייט פון דער אַנדערער.

עס פּאַראַייניקט ביידע זייטן פון ריווערע אַ ברייטע אַלייען-גאַס, וואָס גייט אויף דער פּלאַסע אַרויס. אויף איר קומט די ריווערער יוגנט פון ביידע זייטן. זי קומט ווען דער פּאַמפּעראָ איז נישטאָ און ווען דער בראַנדיקער טאָג איז אַוועק און עס קומט פאַרנאַכט אין דער שטיל די בלויע נאַכט —

די יוגנט, פאַרנאַכט אויף דער פּלאַסע — איז יוגנט. צווישן איר זענען דאָ אין דער מערהייט די אייניקלעך פון די איינגעוואַנדערטע יידן אין סוף

פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט און אין אָנהייב פונעם איצטיקן; זיי וואָלטן געוועזן נאָך מער, ווען די זין און די טעכטער, וואָס זענען אַוועק אין דער גרויסער שטאָט, וואָלטן צוריקגעקומען אין דער יידישער קאָלאָניע אָדער אין קאָלאָניסטישן שטעטל וואו עס זענען אויך געבליבן וויייניק פון זייערע אָבות.

וואָס לעבן שוין מער מיט „יענער" וועלט, ווי מיט „דער" וועלט. און די זין און די טעכטער, וואָס זענען אַוועק אין דער גרויסער שטאָט קיין מאָל מער זיך נישט אומצוקערן, האָבן דאָך אַוועקגעפירט מיט זיך זייער שעפע־רישן און געזעלשאַפטלעכן אומרו, זייער קולטור און זייער יידיש, דאָס פרייע, וועלטלעכע און מאָדערנע יידיש.

קומט זיך די יוגנט, ווי יוגנט, אַרויס אויף דער פרייער פלאַסע מיט גרינע פאַלמען און בלומען, אונטערן פרייען הימל, אין אָנבליק פון דער ווייסער — אַ מאָל פאַררויטלטער — לבנה צו שפּאַצירן, „אַפּילירן", „ראָ־מאַנסירן". דאָס איז אַזוי יידיש, ווי גויאיש, נאָר אויף וויפל עס ווערט דער־ביי געברויכט ווערטער, זענען זיי שפּאַנישע.

עס פעלט אויך נישט די קלאַסישע „קאַפע" אויף דער יידישער זייט. צווישן די „טשיקאַס" און „מוטשאַטשאָס" וואָס קומען אַריין אין דער קאַפע, וועלכע גייט אַרויס מיט אירע טישלעך ביז אויף דער גאַס אַרויס, געפינען זיך ווער עס גרייט זיך פאַר ישראל און אַלע „סאַנטיאַגאָס" זענען געמילהט, אַלע „בעראָנימאָס" פראַוועז בר־מצווהס, אַלע „סאַלוואַדאָרעס" גייען מיט זייערע „קאַטאַלינאַס" און מיט זייערע „טשיטשיס" אין אַ מזלדיקער שעה אונטער דער חופּה, אַלע זענען פאַרזאָרגט מיט קבר־ישראל און „עין כענע־ראל איז מען „טראַדיציאָנעל", נאָר פון וועלטלעכן יידיש, פון אַ פרייער יידישער וועלט און פון דער וועלט אין יידיש איז — „דיאָס מע ליברע"....

***

זענען מיר אַזוי געגאַנגען איבער די גאַסן און געסלעך פון ריוועראַ און — געזוכט ריוועראַ. מיר האָבן אויך געזוכט אויף דער רעכטער זייט פונעם שטעטל און אויף דער לינקער זייט; מיר האָבן איר געזוכט בייטאָג און ביי־נאַכט; מיר האָבן אין ריוועראַ צווישן די יידן געזוכט דאָס היימישע ריווע־ראַ, דאָס יידיש־וועלטלעכע, דאָס ראָמאַנטישע, דאָס שעפערישע, דערהויבענע.

אַ טאָג מיט אַ נאַכט האָבן מיר פאַרבראַכט אין אַ פרעמד שטעטל און נישט געטראָפן קיין חבר, קיין פריינט, קיין באַקאַנטן. אין ריוועראַ איז דאָס געווען!

# ביי די ברעגן פון אַטלאַנטיק

## טראַכטעניש פון אַ טוריסט — אַ שרייבער

עס איז געווען אָנהייב יאָר 1940. מען איז געפאָרן מאַסנווייז אויף די פּלאַזשעס ביי די ברעגן פון אַטלאַנטישן אָקעאַן. מען פאָרט מיט דער באַן; מען פאָרט מיטן עראָפּלאַן; מען פאָרט מיט פּריוואַטע אויטאָמאָבילן. מיר זענען געפאָרן מיט אַ פּולמאַן־אויטאָבוס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף מיטיק אין דאַלאַרעס.

נאָך דעם ווי די טוריסטן האָבן אָפּגעגעסן מיטיק, האָבן זיי געמאַכט אַ „סיעסטאַ" (נאָכמיטיק־שלאָף) אויפן פּולמאַן.

„סיעסטאַ", וואָס איז כמעט נישט מער ווי אַ וואָרט אין דער הויפּט־שטאָט, איז אין דער טיפער פּראָווינץ אַ שלאָף־צייט נאָכן מיטיק, וואָס דויערט אַ פּאָר שעה און וואָס ווערט געטריי און פרום אָפּגעהיט. עס איז אָפּגעשטעלט די אַרבעט, די געשעפטן זענען געשלאָסן, זיי האָבן נישט פאַר וועמען צו זיין אָפן, — דער עולם שלאָפט ווי אין מיטן נאַכט אין די בעטן, ביי פאַרנאַכטע טיר און לאָדן קעגן דעם טאָגליכט און די פליגן. אין די האָ־טעלן, וואו מען לעבט ווי אין אַ קאָלעקטיוון רעזשים, אויף אַ רעגלאַמענט, איז אויפגעשריבן: „פּאַר די שעהן פון דער סיעסטאַ סילענסיאָ" — שטיל זאָל זיין. אויך אונדזער פּולמאַן וואָס שניידט זיך איצט אין דער טיפקייט פון דער פּראָווינץ, איז פאַרוואַנדלט אין אַ שלאָפזאַל. אַלע, אָדער כמעט אַלע שלאָפן, זיצנדיק אויף די ווייכע אויסלייג־בענק און אין דער טונקלקייט ביי די אַראָפּגעלאָזטע פאַרהענגלעך אויף די פענצטער. מען שלאָפט פאַרשיידן: אייניקע שלאָפן שטיל און אַנדערע שנאָרכען, בלאָזן, פייפן; אייניקע שלאָפן אומבאַוועגלעך און אַנדערע וואַקלען זיך; אייניקע שלאָפן אָנגעלענט אויף די אַקסלען פון אַנדערע און אַנדערע שלאָפן פאַר זיך. עס גייט אַריין אַ קיל ווינטל. עס קומט פון דרום, עס טראָגט אַ גרוס פון ים־כוואַליעס.

דער פּולמאַן, וואָס איז אַרויס פון דער זאַנע פונעם לאַ פּלאַטאַ־טייך, לויפט שוין אין דער זאַנע פונעם אַטלאַנטיק און איילט זיך צו זיינע ברעגן, וואוהין מען פאָרט אויסטאָן זיך פון דער אַלטעגלעכקייט, פונעם היינט, פון

די אַקטועלע פּערזענלעכע דאגות און וועלטלעכע פּראַגעס; ס'איז שווער זיך אויסצוטאָן פון דעם אַלעם און בלייבן נאַקעט. זעט מען נאָר צו בייטן די קליידער און די געדאַנקען, טוט מען אויס די קליידער, וואָס פאַרשטעלן און מען טוט אָן קליידער וואָס דעקן אָפּ און וואָס זענען דורכזיכטיק; שטעלט מען אַרויס פון קאָפּ די געדאַנקען, וואָס באַשווערן און פּייניקן, די געדאַנ־קען פון הייַנט, פון דערווירקלעכקייט און מען לאָזט אַריין אויף זייער אָרט געדאַנקען וואָס פאַרלייכטערן דאָס געמיט; וואָס גלעטן און פאַרגלעטן; לאָזט מען אַריין געדאַנקען פון אַמאָל, געשיכטעס פון אַמאָל, וואָס דערציילן זיך לעגענדאַריש און מען טראָגט זיך איבער צו פאַנטאַסטישע ווירקלעכ־קייטן און צו ווירקלעכקייטן פון דער פאַנטאַזיע; זוכט מען און מען געפינט אויף יעדן טריט מערקווירדיקייטן אין דעם אומבאַקאַנטן און עס שטעלט זיך פאַר מערקווירדיק אויך דאָס געוויינלעכע, דאָס שטענדיקע, דאָס וואָס מיר זעען אַלע טאָג און דערמאָנען מער ווי איין מאָל אין טאָג.

אָט שפּרייטן זיך אויס אַרום און אַרום די פעלדער פון דעם לאַנד, וואָס איז נאָך מיט אַ האַלבן יאָרטויזנט צוריק געווען אומבאַקאַנט פאַר די מענ־טשן פון דער אַלטער וועלט. אַ לעגענדע פון גאָלד און זילבער און פון טייע־רע שטיינער, וואָס וואַלגערן זיך אין דעם אומבאַקאַנטן לאַנד, האָט געמאַכט אַז מענטשן פון פאַרשידענע נאַציעס: פּאָרטוגעזער און האָלענדער, אי־טאַליענער און שפּאַניער, ענגלענדער און פראַנצויזן, אַליין אָדער געשטיצט פון מלוכות, זאָלן זעגלען זייערע שיפלעך און זיך אַוועקלאָזן אויף די ווייט־סטע און אומבאַקאַנטסטע וואַסערן און בלאָנדזשען צווישן די שטורמישע כוואַליעס פונעם אומענדלעכן אָקעאַן וואָכן־לאַנג, חדשים־לאַנג. עס איז נישט געווען דער כוח וואָס זאָל אָפּהאַלטן די מענטשן פון זייער רייזע צום זילבער־לאַנד, נישט די גרויסע ים־שטורעמס, נישט די ים־רייזעס, נישט די ים־טיפעניש און נישט דער טויט זענען געווען שטאַרקער פון דעם רייץ נאָך דעם זילבער, וואָס די לעגענדע האָט אַרויסגערופן ביי די מענטשן. און ווען די לעגענדע האָט זיי געבראַכט אויף דער זייט אָקעאַן און זיי זענען אַרויף אויף אַ גרויסן טייך, וועלכער האָט זיי אויסגעוויזן צו זיין שטילער פונעם ים און זיי האָבן פאַרזוכט דעם טייכס וואַסער און עס איז געווען זיס, האָבן זיי מיט באַגייסטערונג אויסגערופן: „ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ!״.

קיין גאָלד און קיין זילבער האָט זיך נישט געוואַלגערט אין דעם אור־לאַנד וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט פונעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ ביז איבער די אַנדן־בערג. מען האָט נאָר געטראָפן אינדיאַנער, ביי וועמען מ'האָט צו־גענומען דאָס ביסל זילבער וואָס זיי האָבן געהאַט און דערנאָך געמאַכט זילבער פון זייער שקלאַפן־אַרבעט, פון זייער שוויים און פון זייער לעבן. דאָס האָט אָבער נישט געשטילט דעם דאָרשט צו די גרויסע אילוזאָרישע

אוצרות און ווי באַלד מען האָט זיי נישט געפונען דאָ, אין דער נידער, האָט מען זיך אויף די פליגלען פון דער לעגענדע אַוועקגעלאָזט איבער די אומבאַקאַנטע וואַסערן און יבשה־וועגן אַרויף, אין דער הויך צו אַלטאַ פּערו, אויף די בערג פון דעם היינטיקן באַליוויע, וואו מען האָט געדינט צו דער זון און וואו עס איז געווען דאָס „ווייסע" אינקאַישע קעניגרייך פון די אומאויסשעפּלעכע אוצרות. אָבער אין אַנזיכט פון דעם אָנקומען פון די שפּאַניער, האָט דאָס אינקאַישע קעניגרייך באַהאַלטן אירע אוצרות אין די נישט־צו־געגנגלעכע טיפענישן פון טיטיקאַקאַ און איז אומגעקומען. געבליבן זענען נאָר די בערג און אין זיי — זילבער, וואָס די שפּאַניער האָבן אַרויסגעצויגן מיט דעם כוח פון די אינדיאַנער, וועלכע מען האָט געכאַפּט און זיי צוגעשמידט צו דער צוואַנג־אַרבעט, אַזוי ביז דעם טאָג ווען אין דעם לאַנד איז געקומען די פרייהייט...

***

אין יעדן אַנדערן לאַנד זעט מען מער זילבער איידער דאָ, וואו עס איז אַפילו קיין זילבערנע מטבע נישטאָ און דאָך איז דאָס לאַנד פול מיט זילבער־געקלאַנג אין שפּאַנישן וואָרט און אין לאַטייניש. דער זילבער־קלאַנג טראָגט זיך איבער דער גאַנצער געשיכטע פון שפּאַנישן ווירעינאַט דעל ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ: פון דעם לאַטייניש אָפּשטאַמענדיקן נאָמען אַרגענטינע; פון די באַפרייטע פּאַראַייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ; פון דעם נאָמען פון טייך אין וועלכן עס פאַלן אַריין די טייכן פּאַראַנאַ און אורוגוויי; פון לאַ־פּלאַטאַ די הויפּטשטאָט פון דער גרעסטער אַרגענטינער פּראָווינץ און אויך פון מאַר דעל פּלאַטאַ, די באַרימטסטע פּלאַזשע־שטאָט פון לאַנד און פון דרום־אַמעריקע, וואָס שטייט אין דירעקטן קאָנטאַקט מיטן אָפענעם ברייטן און אומרואיקן אַטלאַנטיק און וואוהין אונדזער פּולמאַן איז שוין אָנגעקומען, איבעררייסנדיק די גלאַט־אַזוי טראַכטענישן פון אַ טוריסט — אַ שרייבער.

# מאַר דע אַכאַ

מאַר דע אַכאַ איז דער שפּאַנישער נאָמען פון אַ פּלאַזשע־שטעטל אויף די ברעגן פון אַטלאַנטיק פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס. איבערגעזעצט אויף יידיש, וואָלט עס געדאַרפט הייסן: „ים פון קנאָבל״ — איז דאָס נישט קיין אויסדרוק פון דער ווירקלעכקייט. אָבער אַ נאָמען איז אַ נאָמען און מ׳דאַרף אים נישט איבערזעצן.

פאָרן מיר קיין מאַר דע אַכאַ.

דער וועג ציט זיך איבער פּרוכטיקע פעלדער. עס טראָגן זיך אין דער זוניקער לופט די פרישע ריחות פון ווייץ, קאָרן, גערשטן און האָבער־זאַנגען, וואָס גיבן זיך איבער צום שניט און די גרינע קאַרטאָפל־פעלדער האָבן זיך ערשט צעבליט מיט געל־ווייסע בלימעלעך.

אויפן אויטאָבוס האָט מיין בילעט־נומער אָנגעוויזן אַ פּלאַץ לעבן אַ יונגער פרוי, אַ בלאָנדע, מיט ים־בלויע אויגן, אַ העל־ראָז פּנים און נאַקן און געקאַרבטע בלאָנד־געלע האָר.

זיצן מיר אַזוי צוזאַמען און שווייגן.

הינטער אונדז זענען געזעסן דריי בחורים־קריאָזשעס. געזעסן אין אומרו, געזונגען טאַנגאָס, געשפּאַסט, אַלץ, נאַטירלעך, אין שפּאַניש און צוגעוואָרפן „פּיראָפּאָס״ אויף אונדזער באַנק, צו איר, פאַרשטייט זיך, נישט צו מיר. די פריוואָלע, לייכטזיניקע, אָבער פיינע, בלימלדיקע יינגל־מיידלווערטלעך האָבן אויף מיין אויטאָבוס־שוועסטער קיין ווירקונג נישט געמאַכט, זי האָט דאָס אַרויסגעוויזן דורך איר גלייכגילטיקער גרינגשאַצונג; זי האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט צו זען, פון וועמען עס קומען די פליטערלעך און קאָמפּלימענטן און דער שפּילעוודיקער פלירט. וואָס זי האָט שוין אַוודאי געהערט טויזנט מאָל פון אַ טויזנט אַנדערע קריאָזשע־בחורים.

זי האָט אַרויסגעקוקט אויף דער לאַנדשאַפט, וואָס פאַרנדיק זעט זי אויס ווי זי וואָלט זיך געדרייט מיט אירע גרינע און געלע פעלדער, מיט אירע טשאַקרעס, פעלדישע הויפן און אָרעמע ראַנטשאָס; מיט אירע קי און יונגע קעלבער און פעלד־מענטשן ביי דער אַרבעט.

איר געשטאַלט, איר האַלטונג האָט געזאָגט, אַז זי איז אַן אַרגענטינע־רין נאָר פון געבורט, דאָס אַנדערע איז פראַנצויזיש, איטאַליעניש, שווייצאַ־ריש — מיט איין וואָרט: אייראָפּעאיש. אמת, אַז אַרגענטינע אין געשטאַלט פון אירע שטעט איז שוין אויך צום גרעסטן טייל אייראָפּעאיזירט. אַ פּראָ־צעס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע און האָט אָנגענומען אַ פרייען און ברייטן גאַנג דורך דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע, וואָס האָט צעעפנט די טירן פון לאַנד פאַר אַלע פרייע מענטשן פון דער וועלט, וואָס ווילן קומען און זיך באַזעצן מיט זייער קולטור, זייער ציוויליזאַציע, זייער וויסן און קענען, כדי צו באַפעלקערן דאָס לאַנד און עס ציוויליזירן, קולטיווירן — אייראָפּעאיזירן. אָבער די אור־אייניקלעך פון די גוואַראַניעס, קיטשועס, פּאַמפּאַס אָדער פּאַטאַגאָנעס, זענען נאָך מער אינ־דיאַניש ווי אייראָפּעאיש.

און מיין מיטזיצערין שווייגט, ווי איך. וואָס זאָל עס זיין? פּחדנות, אָדער עקשנות?

— איר פאָרט אויך קיין מאַר דע אַכאַ? — האָט די אומגעדולדיקע קוריאָזיטעט־שוואַכקייט איבערגעשלאָגן דאָס פּילאָזאָפירן און איבערגעריסן די אָנגעצויגנקייט. — סי, סעניאָר — איז איר ווי אַ שטיין אַראָפּ פון האַר־צן. — אין מאַר דע אַכאַ געפינט זיך מיין עלטערע שוועסטער און מיין מוטער.

— אין אַ האָטעל?

— ניין! אין אַ דעפּאַרטאַמענט, געדונגען אויף דער גאַנצער טעמפּאָ־ראַדע. און איר?

— איך מיט מיין פרוי וועלן איינשטיין אין „מאַרגאַריטאַ"־האָטעל.

— דאָס איז די בלום פון מאַר דע אַכאַ.

עס האָט זיך פאַרפלאָכטן אַ געמיטלעכער שמועס. מ'האָט זיך מכבד געווען מיט נאַשוואַרג און... מ'איז דען אַמאָל געווען פרעמד צווישן זיך?... מהאָט זיך דען אַמאָל נישט געקענט?...

הינטער אונדז האָט מען פאַרצויגן אַ יידישן ניגון. אינסטינקטיוו האָבן מיר אויסגעדרייט די קעפּ. עס האָט אַ צי געטאָן צו זען דעם זינגער. עס איז איינער פון די דריי „מוטשאַטשאָס" (יינגלעך), דער מיט דער שוואַרצער „קאַמפּערא". זיין חבר, דער מיט די סאַן־מאַרטין־פּיאות, רופט זיך אָפּ:

— פּאַרעסע קע עסטאַמאָס ען פאַמיליאַ. (דאַכט זיך, אַז מיר געפינען זיך צווישן אייגענע).

***

עס איז שוין געבליבן הינטער אונדז די בוכטע סאַמבראָמבאָם, וואו עס מישן זיך אויס די וואַסערן פון לאַ פּלאַטאַ־טייך מיט די וואַסערן פון אַט־

לאַנטיק. די מישונג קומט דאָ פאַר שטענדיק, אַזוי בייטאָג ווי ביינאַכט, פון אייביק אָן; די לאַ פּלאַטאַ וואַסערן צעגייען זיך אין די אַטלאַנטישע וואַסערן, וואָס גייען דאָ פאַרביי פון אייביק אָן, קיין מאָל דע אַכאָ. עס שטעקט שוין אַרויס זיין קאַפּ אַנטאָניאָ מיט זיין שפּיץ פון סאַן קלעמענטע דעל טוזשו.

***

דאָ, וואו עס הייבט זיך אָן דער אַטלאַנטישער אָקעאַן, האָט עס דערמאָנט אין עפּעס, מיט וואָס עס האָט געקלונגען די וועלט.

עס איז שוין געווען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אָבער נישט גאָר לאַנג נאָך איר, ווען פון דער טיף פון די אַטלאַנטישע זיך וואַרפנדיקע וואַסערן, ביי סאַן קלעמענטע דעל טוזשו, זענען אַרויסגעקומען דייטשע נאַציסטישע מלחמה־סובמאַרינען.

דעמאָלט האָט מען נישט געוואוסט, וואו דער געפערלעך משוגענער היטלער איז אַהינגעקומען (מ׳ווייסט דאָס היינט אויך נישט) און מ׳האָט אים אַרומגעזוכט. האָבן זיך צעטראָגן קלאַנגען, אַז היטלער איז געקומען אינקאָגניטאָ אין איינעם פון די נאַצישע סובמאַרינען, וואָס זענען אַליין אויך געווען ווי אַ פינצטערער חלום ביינאַכט אויפן ים, אויף אַ דיסטאַנץ פון סאַן קלעמענטע דעל טוזשו.

דער דאָזיקער קלאַנג נאָך דער מלחמה האָט געשטימט מיט אַ קלאַנג וועגן היטלערן בעת דער מלחמה. דעמאָלט האָט געקלונגען, אַז היטלער געפינט זיך אין אַרגענטינע, אין פּאַטאַגאָניע. איינער אַ געוועזענער נאַצי האָט אַפילו דענונצירט, מיט פאָטאָגראַפיעס פון דאָקומענטן, היטלערס פּלאַן צו פאַרנעמען דאָס לאַנד און איינפירן דעם נאַציזם. דעם דענונציאַנט האָט מען אַרעסטירט און פּראָצעסירט, אָבער היטלערס סימבאָליש זיין אין לאַנד איז מיט דעם נישט אָפּגעלייקנט געוואָרן. זיין איינפלוס איז געווען באַדייטנדיק גרויס און ברייט פאַרצווייגט איז געווען די נאַצישע טעטיקייט.

עס דערמאָנט זיך דאָס בילד, וואָס מ׳האָט מיט אַ געוויסן געפיל דערזען דורך די טעלעגראַמען און זשורנאַליסטיק־וויזיע און וואָס האָט איצט מיט מער קלאָרקייט אויפגעלעבט דאָ, אין דער ימישער זאָנע פון דער געשעעניש:

עס איז געווען ביינאַכט, ווען אַלע זענען געשלאָפן און וואַך איז געווען נאָר דער ים, דער וועכטער און דאָס אויטאָמאַטישע ליכט פונעם לייכטורעם אויפן שפּיץ פונעם קאַפּ סאַן אַנטאָניאָ. דער לייכטורעם האָט אין יענער נאַכט, ווי אין די נעכט פון אַ גאַנץ יאָר, געוואָרפן זיין אָפּשיין אויף די כוואַליעס פונעם אַטלאַנטיק, אָבער אַנדערש, ווי אין די נעכט פון אַ גאַנץ יאָר, האָט אין פינצטערן האָריזאָנט, וואו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ צום

ים און ביז וואַנען עס גרייכט קוים דאָס ליכט פונעם לייכטורעם — זיך אַרויסגעהויבן פון די כוואַליעס דער מאַסן־סילועט פון סובמארינען.

בעת דער מלחמה וואָלט גאָר קיין וואונדער נישט געווען דער וויזיט פון א דייטשן סובמארין אין די אַטלאַנטישע וואַסערן פון דער אַרגענטינער טעריטאָריע. אָבער די מלחמה איז דאָך שוין פאַרענדיקט, יערנפאַלס, איז געווען פאַרענדיקט די צווייטע וועלט־מלחמה מיט דער גרעסטער מפּלה פון נאַצי־דייטשלאַנד, פון היטלערן און זיין משוגעת. ווי קומט איצט אַהער א דייטשער סובמארין? איז עס נישט א בייזער חלום? א פינצטערע פאַנטאַזיע? אַ געשפּענסט? דער וועכטער האָט אַליין נישט געגלייבט אין דער ווירקלעכ־קייט פון דעם, וואָס ער זעט.

די ים־פּערפעקטור האָט אינטערווענירט. נישט אַזוי גיך האָט זיך באַ־שטעטיקט, אַז דאָס זענען טאַקע סובמארינען, אָבער דאָס האָט זיך באַשטע־טיקט.

די נאַצי־דייטשע סובמארינען האָבן זיך איבערגעגעבן צו דער אַרגענ־טינער מאַכט, אָבער — אויסגעליידיקטע, אָן זייערע וואָפן און אָן זייערע מאַנשאַפטן. דאָס האָט מיסטעריעזער געמאַכט די מיסטעריע פון די מיסטע־ריעזע סובמארינען און עס האָט זיך פון דעם געשאַפן די לעגענדע פון היט־לערס קומען קיין אַרגענטינע, וואָס לויט דער ווערסיע פון א טשילענער שריי־בער, האָט היטלער — אַט דער יידן־מערדער, פאַר אַזאַ פאַל זיך געזאָלט פאַרשטעלן פאַר א ייד און זיך לאָזן וואַקסן א באָרד...

די נאַצישע סובמארינען האָט מען איבערגעשיקט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון נאָרד־אַמעריקע.

אין די ערשטע חדשים פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געקומען אין די וואַסערן פון לאַ פּלאַטאַ־טייך דער „גראַף שפּעע", דער באַרימטער „קעשענע"־קרייצער פון „דריטן רייך" אין דער וועלט־מלחמה, וואָס ער האָט אונטערגעצונדן. אין אָנבליק פון די ענגלענדער, וואָס האָבן דעם קרייצער אָפּגעוואָרט ביים אַרויסגאַנג פונעם לאַ פּלאַטאַ־טייך, האָט די קאָמאַנדע פו־נעם „גראַף שפּעע"־קרייצער, אויסגעפאָלגט היטלערס תורה און קאָמאַנדירט אונטערצוצינדן, אויפרייסן און זינקען דעם אייגענעם קרייצער, נאָך דעם ווי די מאַטראָסן, מער פון טויזנט אין צאָל, זענען אַריבערגעגאַנגען אויף אַר־גענטינער שיפן און זענען אריין אין אַרגענטינע. דער קאָמאַנדאַנט פונעם „גראַף שפּעע" האָט דאָן אינעם אימיגראַנטן־האָטעל פאַרזאַמלט זיינע מאַ־טראָסן און אין זייער אָנוועזנהייט זיך דערשאָסן. די איבער טויזנט „גראַף שפּעע"־מאַטראָסן זענען דאָ געבליבן די איידעמס אויף קעסט ביי אַרגענטי־נע, וואו זיי האָבן געפונען זייערע גרעטכענס און זייערע מאַרגאַריטעס.

דער „גראַף שפּעע"־עפּיזאָד איז געווען די ערשטע נאַצי־סענסאַציע ביי

אונדז אין לאַנד און די צווייטע איז געווען דער עפּיזאָד פון די סובמארינען דאָ ביי סאַן קלעמענטע דעל טוזשו.

***

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אין מאַר דע אַכאַ. אַ שטעטל, וואָס בויט זיך און האָט זיך צעוואָרפן אין דער לענג און אין דער ברייט מיט אירע ערשט אָנגעהויבענע הייזער, פּערטל־הייזער, האַלבע הייזער, שוין פאַרענדיקטע הייזער און אַנדערע שוין פאַרעלטערטע הייזער, וואָס דערוואַרטן אויפגעפרישט צו ווערן. דאָס זענען האָטעל־הייזער, פּריוואַטע הייזער, דעפּאַרטאַמענט־הייזער, אויך אייניקע קאַפע־הייזער.

עס שניידן זיך ברייטע זאַמדיקע גאַסן פּאַראַלעלע צום ים־ברעג און גאַסן וואָס קרייצן זיי און לאָזן זיך אַראָפּ אויף דער „מאַרגאַריטאַ״־פּלאַזשע, וואָס איז רוסטיש, רוי, פריי, מיט אַ נאַטירלעכן גלאַטן וועג, וואָס ווערט געשייערט און געוואַשן פון ים אַליין, בעת די ים־ווינטן קערן דעם זאַמד ווייטער אַרויף אויף דער ברייטער פּלאַזשע, אָנשיטנדיק זאַמד־בערגלעך ביי די האָטעלן, וועלכע האָבן זיך צעשטעלט אויף דער זעלביקער פּלאַזשע. אין שטיקער גאַסן איז אויסגעשפּרייט שטרוי אָנשטאָט ברוק. וואו נישט וואו איז אַ שטיקל מאָזאַיקישער טראָטואַר און אַ שטיקל ברוקירטע גאַס, ווי אַ פּרואוו, צי דאָס וועט קאָנען זיין ווען עס איז אין מאַר דע אַכאַ.

# מאַדאַריאַגאַ

עס איז שוין שטילער געוואָרן דאָס גערויש פון ים, וואָס רוישט הילכי־קער אין דער שטילקייט פון דער אויסגעשטערנטער און לבנהדיקער נאַכט, איידער אין דעם גערודער פון טאָג און די זונשפּיזלעך שפּיזלען שוין דורך די אויסשניצונגען פון די הילצערנע גרינע לאָדנס פון די האָטעל־פענצטער, וואָס גייען צום ים אַרויס און וועקן.

עס גייט אויף אַ נייער מאָר דע אַכאַ־טאָג און עס ווערט באַנייט דאָס לעבן פון נעכטן.

סעניאָר קאַסאַס, אין קורצע „שאָרט“־הייזלעך, ווי עס טראָגן דאָ די טו־ריסטן און די טוריסטינס, אַ פאַרברוינטער און „פאַרברענטער“ פון דער מאַר דע אַכאַ־זון, גייט שוין אַרויס מיט זיין טאָרבע אויף דער נאַקעטער פּלייצע, מיט זיין ווענדקע און מיט זיין בוך אונטערן אָרעם. ער גייט זיך לאָזן אַרומנעמען פון דער פרימאָרגנדיקער זון, וואָס קומט פון ים אַרויס און ער גייט דורך דער פרישער העל־בלויער לופט צוריק פון איר שוין אָנגעוואַ־רעמטע זאַמד־בערגלעך אויף דער ברייטער פּלאַזשע.

אַנדערע טוריסטן, פרויען, מענער, קינדער, יוגנטלעכע און יוגנט, מיט ווענדקעס און פיש־כלים, אויף זייערע אויטאָמאָבילן, לאָזן זיך אַרויס אַי־בערן פאַרהאַרטעוועטן זאַמד־וועג אויפן סאַמע ברעג פון אַטלאַנטיק: אַוועק פון די באָד־פּלעצער, וואוהין די פיש זענען נישט צו קומען, כדי צו כאַפּן פיש, וואָס ווערן שפּעטער מיט געשמאַק געגעסן ביי די האָטעל־טישן — ווען זיי שמעקן נאָך מיט ים.

מיר זענען אַרויס צום אויטאָבוס „יאַמזון“. מיר האָבן זיך שוין גע־דאַרפט געזעגענען מיט די „מאַרגאַריטקעס“ פון מאַר דע אַכאַ. צוליב די רייזע־בילעטן, וואָס מיר האָבן די לעצטע מינוט באַקומען, ווייל אויך דאָ דאַרף מען זיך פאַרזאָרגן מיט זיי מיט אַכט טעג פריער, וואָס דאָס איז פאַר מיינע קורצע באַזוכן געוועזן אויסגעשלאָסן.

ביים אויטאָבוס האָבן מיר געטראָפן די דריי יידיש־אַרגענטינישע בחו־רים, מיט וועלכע מיר זענען געקומען; זיי פאָרן שוין צוריק קיין בוענאָס־

איירעס, און עס איז געקומען אונדז ארויסבאַגלייטן די יידישע אַרגענטינישע אויטאָבוס־שוועסטער מיט איר שוועסטער פון מאר דע אַכאָ, טונקל־ברוין, ווי אינדיאַנערינס, מיט בלויקייט פון ים אין די אויגן און מיט בלאָנדקייט וואָס איז זיי געבליבן אין די האָר.

ווען אַלע טוריסטן מיט נומערירטע זיצפּלעצער זענען שוין געזעסן אויף זייערע פּלעצער אין „ים־זון", וואָס האָט זיך אָנגעפּאַקט מיט שטייענדיקע טוריסטן און די וואַליזעס זענען שוין געשטאַנען אויפן דאַך צוגעבונדן, האָט זיך דער „ים־זון" ארויסגערירט פון די זאַמדן אויף דער הויפּטגאַס און איז ארויף אויפן וועג לעבן ים, קיין מאַדאַריאַגאַ.

מען איז פאַרבייגעפאָרן פּינאַמאַר, וואָס קען זיין די פּלאַזשע פון מאַ־דאַריאַגאַ — אַ שטאָט וואָס איז אויף אַ קליינער דיסטאַנץ פון אָקעאַן און איז אַרומגערינגלט מיט ברייטע פעלדער. נאָר פּינאַמאַר איז אַ פּליטים־פּלאַ־זשע פון אַנטלאָפענע פון מאר דעל פּלאַטאַ. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין פּינאַמאַר נישט צו שאַפן נאָך אַ פּלאַזשע ביי די ברייטע ברעגן פון אַטלאַנטיק פאַר די אַלץ מער וואַקסנדיקע וואַקאַציע־מאַסן, נאָר כדי צושאַפן אַ ווינקל, וואָס זאָל זיין אָפּגעשיידט און אויסגעהיט פון די מאַסן. צוליב דעם האָבן זיי דאָרט אויפגעשטעלט אַ פּאָר האָטעלן מיט אַזוינע פּרייזן, וואָס פאַרזיכערן, אַז קיין מאַסנמענטש זאָל דאָרט נישט קאָנען צוקומען.

*_*

דער אויטאָבוס האָט פאַרענדיקט זיין וועג איבער די פרוכטבאַרע פעל־דער און גייט אַריין, ווי זיי, אין דער שטאָט מאַדאַריאַגאַ, וואו ער שטעלט זיך אָפּ ביי אַ קאַפע קעגנאיבער דעם באַנהויף „גענעראַל מאַדאַריאַגאַ" פון דער דרום באַן־נעץ, וואָס הייסט איצט „גענעראַל ראָקאַ".

אויף די גאַסן, וואָס איינע ווי אַלע, גייען זיי אַרויס אויף די פעלדער פון וואַנען זיי קומען, שטייען געמויערטע הייזער, אין וועלכע מאַרטין פיעראָ האָט נישט געוואוינט. די עלעקטרישע לעמפּלעך און די ליכטערן, די מאַ־טאָרן און די וואַסער־לייטונג באַשטעטיקן דאָס און דאָך שמעקט פעלד אַרויס פון יעדן הויז.

פּינאַמאַר איז דערנעבן, אָבער די שטאָט האָט נישט קיין שפּור פון קיין פּלאַזשע; די שטאָט איז פעלדיש, ווי זי וואָלט געשטאַנען אין מיטן פון דער פעלדישער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס.

איך האָב נישט באַגעגנט קיין איין מענטש אין אַ טשיריפּאַ. דעם טשי־ריפּאַ, וואָס איז געווען דאָס פּרימיטיווע קלייד פונעם פעלד־מענטש, נישט אַזוי פון גאַוטש ווי פון פּעאָן — דער אַרבעטער ביי דער אַגריקולטור — זעט מען אין די מוזייען און אויף די געמעלן. דאָ גייען זיי ברייטע, געפּאַל־

דרעווטעט און לויזע „באַמבאַטשעס״ (הויזן), אויף די פיס — „אַלפּאַרגאַטן״ (לאַטשן), אויך אין שטיוול; ברייטע לעדערנע פּאַסקעס מיט מעסער־האַל־טערס און רעוואָלווער־האַלטערס, אויך געלט־האַלטערס אַרום בויך און אַ ווייכן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ. דער קאַפּעליוש, וואָס גייט זעלטן ווען אַראָפּ פון קאָפּ, מאָדעלירט זיך אויס אַליין, אין פעלד, אויפן קאָפּ פונעם פעלד־מענטש און קוקט נישט אויף דער פאָרעם ווי ער איז געווען אין קלייט. די גאַנצע קליידונג ווייעט מיט פעלד, אַזוי דער גאַנג אין זיי און ווי די פאַר־ברוינטע מענטשן וואָס גייען אין זיי.

דאָס איז נישט קיין מאַסקאַראַד, דאָס איז דער געוויינלעכער גאַנג, דער טאָג־טעגלעכער פון די פעלד־מענטשן, וואָס קומען יעדן טאָג פון זייערע נאָענטע און ווייטע פעלדער אין זייער שטאָט אַריין. זיי „שטייען״ אין די האָטעלן און „זיצן״ אין די קאַפּעען; זיי זיצן אין די פריזירערייען און ריידן פון פּאָליטיק מיט דער שפּראַך פון מאַרטין פיערראָ, מיט דער שפּראַך פון פעלד: מיט הומאָר, איראָניש, סאַרקאַסטיש. זיי האָבן נישט קיין זאָרג מיטן פאַרקויף פון זייער פעלד־פּראָדוקציע. די „יאַפּי״ (אָפּיציעלע ביוראָ) קויפט אַלץ אָפּ און זי צאָלט אַ סך מער וויפל די דרייפוס און די בונכע־באָרנס פלעגן צאָלן, אָבער... זיי גייען אין די קינאָס און איבער גאַלאַנטעריע־גע־וועלבער; זיי פאַרווײלן זיך ביי שויפענצטער פון אַגראַר־מאַשינען און פעלד־געצייג; פון זריעות און פערד־געשפּאַן, פון ווייבערישע מאָדעס און שפּיל־צייג פאַר קינדער. באַלד וועט זיין „רעזשעס״ און יידישע קינדער, ווי גוי־אישע, חלומען שוין מיט מלכים, וואָס וועלן זיי ברענגען די מתנות...

די לאַטיפונדיסטן זענען דאָ נישטאָ. אויף די פעלדער פון זייערע לענ־דערייען זענען די פּרייזן שטענדיק געוואַקסן; עס זענען געוואַקסן און עס וואַקסן די פּרייזן אויף זייערע פעלדער, וואָס ווערן נישט באַאַרבעט און נאָך מער וואַקסן די פּרייזן אויף זייערע פעלדער, וואָס ווערן יאָ באַאַרבעט. וואָס אַרט עס די לאַטיפונדיסטן, אַז די פּרייזן וואַקסן אויך און גיך און הויך אויף די זאַכן אין די געוועלבער? אין די סקלאַדן? אין די אַפּטייקן? און אויף אַלץ וואָס פאַרקויפט זיך?

דאָ זענען „טשאַקאַרעראָס״, קאָלאָניסטן, אַרענדאַטאָרס, פּעאָנען. עס איז סוף שניט פון דער דינער תבואה, — קומען די פעלד־מענטשן אין זייער שטאָט אויף צו טרעפן זיך מיט שכנים, צו זען זיך אין פריידן אָדער אין ליידן, אָפּרוען, פאַרווײלן, איינקויפן זיך וואָס מען דאַרף פאַרן אייגענעם פאַרברויך, פאַרן פאַרברויך פון דער פאַמיליע און פאַר וואָס אויך נישט אַ געשמאַק־זאַך, עפּעס וואָס איז שיין, וואָס איז פיין, וואָס באַצירט און באַ־חנט און עס געפעלט און עס דערפרייט און עס טראָגט אַריין יום־טובדיקייט אין לעבן?

אייניקע קומען מיט „פֿאַרדלעך״ פֿון זייערע „טשאַקרעס״. זיי צאָלן היינט פֿאַר אַנגיסן זיך צוואַנציק ליטער נאַפֿט צוואַנציק פּעזעס, פֿאַר וואָס זיי האָבן מיט יאָרן צוריק געצאָלט צוויי פּעזעס. אָבער די צוויי „מאַנגאָס״ פֿון פֿריער דערמאָנען זיי מיט רעספּעקט; אַנדערע קומען אויף סולקיס, וואָס פֿון דער ווייטנס זעט עס אויס ווי גערישן אויף מאַסקיטן, נאָר די מערהייט קומט רייטנדיק אויף פֿערד, זיי זענען אַפּנים דאָ געוווינט, ווייל נישט נאָר דער לעגענדאַריש וואַנדערנדיקער גאַוטשאָ פֿאַרמאָגט זיין פֿערד, נאָר דער אָרטיקער פּעאָן פֿאַרמאָגט עס אויך. אַ דאַנק דעם פֿערד פֿילט ער זיך אויך אַ שטיקל באַלעבאָס, און ער ליבט זיין פֿערד, וואָס באַדינט אים, וואָס איז טריי און געהאָרכזאַם און וואָס פֿאַרשטייט אים אויפֿן וואונק.

צופֿוס קומט קיינער נישט, אַפֿילו נישט די וואָס קומען פֿון די אַרומיקע „קינטעס״, וואו זיי פּראָדוצירן דאָס גרינס פֿאַר דער שטאָט, וועלכע נעמט אויך דאָס מילך פֿון זייערע קי, די אייער פֿון זייערע הינער, דעם איבערפֿלוס פֿון די יונגע הענער, קעלבער און קיעלעך.

אין פֿערד איז קיין דוחק נישטאָ, איז אויף זיי דער פּרייז נישט געוואַקסן? די מאַשין, דער מאָטאָר האָט אוודאי אַ סך, אַ סך רעדוצירט די פֿערדישע באַדערפֿעניש. אויך אין פֿעלד גייט אַריין די מאַשין אין דער געשטאַלט פֿון טראַקטאָר און אין דער געשטאַלט פֿון פֿאַרזייער, שניידער און דרעשער און די פֿערד האָבן אוודאי נישט איבער דעם פֿאַרלוירן זייער טבע צו מערן זיך און פּרוכפּערן. איז פֿון דעם צו דרינגען, אַז אויף פֿערד פֿאַלט דער פּרייז, אָבער דאָס קען מען נישט זאָגן ביי דער ווירקלעכקייט פֿון וואַקסנדיקע פּרייזן אויף אַלץ, אַפֿילו אויך אויף פֿערד.

גייען אונדזערע פֿעלד־מענטשן איבער זייער שטאָט, וואָס האָט, ווי אַ שטאָט, פֿון אַלעם גוטן און פֿון אַלעם שלעכטן, און לאָזן זיך וואוילגיין איבער די פּרייזן, מאַכן זיך פֿריילעך איבער זיי, שפּאַסן פֿון זיי, לאַכן פֿון זיי. די פּרייזן ווערן פֿון דעם נישט קלענער, נישט נידעריקער. די פּעאָנען, אויך די אַרענדאַטאָרס און אַפֿילו קאָלאָניסטן, וועלכע האָבן נאָך נישט באַצאָלט פֿאַר זייער שטיקל לאַנד און האָבן צו צאָלן פּראָצענט פֿאַרן חוב און זענען אפשר אויך שולדיק פֿאַר זריעה נאָך אַ יאָר פֿון אומגערעטעניש דורך קלימאַטישע אַקצידענטן, היישעריק אָדער פּעסט — בלייבן מיטן ווילן איינצוקויפֿן זיך אַ סך זאַכן פֿאַר נייעם יאָר. וואַרפֿן צום ערשט אַרויס די לוקסוס־אַרטיקלען פֿון זייער חשבון און וואַרפֿן דערנאָך אויך אַרויס פֿון חשבון אַנדערע אַרטיקלען פֿון ערשטער באַדערפֿעניש, וואָס די פּרייזן האָבן זיי פֿאַרוואַנדלט אין לוקסוס.

עס שמעקט מיט פֿעלד די לופֿט פֿון די גאַסן. מען ברענגט פֿון די פֿעלדער אַהער די פּראָדוקטן און די פֿעלד־מענטשן קומען דאָ אין באַריר מיט

אלץ און מיט אלעמען. די פערד, וואס שטייען אין די גאסן און ווארטן אויף זייערע באלעבאטים, זענען כמעט אלע פעלדישע פערד. די שטאט איז אויטאמאביליזירט, אבער מיט פעלד שמעקט אויך די אויטאמאביליזאציע. די לאסט־וועגענער פירן שטענדיק פעלדזאכן און פון די פעלדער זענען א שייער טייל פון די אויטאס וואס זעען זיך אין די גאסן און ביי די מעכאנישע ווערקשטאטן. עס שמעקט מיט פעלד דער ריח פון פרישן ברויט, וואס גייט ארויס פון דער בעקעריי און עס שמעקט מיט פעלד די „גאבּיערנא", — ווי עס רופן די פעלד־מענטשן די מוניציפאליטעט, — דא אויף דער פלאסע, און וואו זיי קומען, ווייל זיי מוזן.

די באפעלקערונג פון שטאט אליין, וואס איז ארגענטיניש פון געבורט, אזוי ווי די באפעלקערונג פון די פעלדער, און וואס איז שפּאניש און איטאליעניש פון אפשטאם, באשיינט מיט דאס פארשיידנארטיקסטע פון אנדערע פאלקסטימלעכקייטן, אויך אזוי ווי די פעלדישע באפעלקערונג — היט אפ שטאטישקייט אין לעבן און אין שטרעבן, אבער זי איז געקנופּט און געבונדן מיטן פעלד פון וועמען זי לעבט, וועמען זי באדינט, צו וועמען זי געהערט און מיט וועמענס גליקן און אומגליקן, ליידן און פריידן זי לעבט אין שטענדיקן באריר אירע יארן און אנטוויקלט זיך.

מאדאריאגא, אין דעם באזונטן און העל־בלויען פרימארגן, אין דער מיט פון גרינע פעלדער און פון פעלדער, וואס רוען נאכן לעצטן שניט, האט שוין געהאט אנגעהויבן צו זינגען איר טאגליד, ווען אין דער קאנפיטעריע פון האטעל האט זיך פארזאמלט א קליינער עולם אוועקצופארן מיטן אויטאבוס „עקספרעס קאסטאמאר".

# נעקאַטשעאַ

דער זייגער אויף דער טורעם־געביידע פון דער מוניציפּאַליטעט האָט געקלונגען 12, ווען דער „שנעלער פון דרום״ האָט זיך גערירט פון אָרט מיט אַ שעה שפּעטער, ווי ער האָט באַדאַרפט. דער אויטאָבוס האָט געוואַרט אין מעכאַנישן וואַרשטאַט עפּעס צו פאַרזיכערן אין זיין מעכאַניזם, ער זאָל זיך נישט אָפּשטעלן אין מיטן וועג, אָבער די קאָנדוקטאָרן האָבן פאַרזיכערט אָנ־צוזאָגן די פאַרשפּעטיקטע שעה.

עס איז געווען אַ הייסער זומערדיקער טאָג, ווען אין דער צוועלפטער שעה געפינט זיך די באַפעלקערונג אויף די פּלאַזשעס פון מאַר דעל פּלאַטאַ, אָבער אַרום דער גרויסער פּלאַסע סאַן מאַרטין, וואו עס גייט אַדורך די אווע־נידאַ לוראַ; עס גייען פאַרביי סאַן מאַרטין פון איין זייט, 25 דע מאַזשאָ פון דער צווייטער זייט, איריגאָזשען פון דער דריטער זייט; מיטרע, וואָס קרייצט לוראַ און סאַן־לואיס אויף דער פערטער זייט, אַ חוץ דעם דיאַגאָנאַל אַווענידאַ פּועירעדאָן, וואָס קומט פונעם ווינקל, וואו עס קרייצן זיך די אווע־נידאַס קאָלאָן און אינדעפּעדענסיאַ און דעם דיאַגאָנאַל אַווענידאַ אַלבערדי, וואָס קומט פון דער „פּלאַזשאַ פּאָפּולאַר״ — איז אַזאַ געגיי און אַזאַ געפּאַר פון מענטשן, ווי עס וואָלט איצט קיינער נישט געווען אויף די צען פּלאַ־זשעס פון מאַר דעל פּלאַטאַ.

דער אָמניבוס האָט זיך אָנגעפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן. זייערע וואַליזעס האָט ער אַרויפגענומען אויף זיין דאַך און גענומען גיין מיטן פּנים צו מערב, קרייצנדיק צענדליקער גאַסן, קאָכעדיקע, רווישיקע און רעשיקע פון צענטער און שטילע, געמיטלעכע און פאַרביקע אויסערן שטאָטצענטער. קיינער האָט קיינעם נישט געענטפערט אַ „פאַר־געזונט״ אויף דעם פון קיינעם צו קיינעם נישט געזאָגטן „זייַ־געזונט״, דאָך האָט זיך דאָס געהערט, ווען מען איז גע־קומען אויפן ראַנד פון דער צוויבער־שטאָט.

„דער שנעלער פונעם דרום״ האָט אויסגעמיטן דעם ספּעציעלן וועג קיין מיראַמאַר — נאָך אַ פּלאַזשע־שטעטל אויף אונדזערע ברעגן פונעם אַטלאַנ־טיק, אפילו אויך מיט אַ רולעטע — און איז אַרויף אויפן וועג, וואָס שניידט

זיך אויף א קליינער דיסטאנץ פון ים־ברעג. דער „שנעלער" האט געזען אנ־צויאגן די פארשפעקטיקטע שעה און ער איז געלאפן אן אן אפרו איבער די פעלדער, צום גרויסן טייל אומבארירטע, יונגפרוילעכע, און געקרייצט די פליסנדיקע טייכלעך וועלכע פליסן צום ים.

דער „שנעלער" האט אנגעיאגט זיין צייט. ער איז אריין אין דער שטאט נעקאטשעא, ווען די זון איז נאר־וואס געהאט ארויס פון הימל־צענ־טער און ערשט אנגעהויבן איר זוניקן גאנג צום מערב־האריזאנט. דער „שנע־לער" האט זיין מיסיע דערפילט, ער האט אונדז אראפגעלאזט ביי א קאפע אויף איינער פון נעקאטשעאס ברייטע און אלייאישע גאסן.

***

די שטאט האט אפנים נישט געהאט קיין צוטרוי צום ים און האט זיך אפגערוקט פון אים, נישט צו ווייט, אבער אויף א דיסטאנץ. די דיסטאנץ שטערט אבער נישט נעקאטשעא צו זיין אונטער דעם ימס איינפלוס. די זון גייט ארויס פון ימישן מזרח־האריזאנט און אין זיין מערב־האריזאנט פאר־גייט זי. די נעקאטשעער לופט איז אקעאנישער אטעם און אקעאניש איז דער קלימאט. די כוואליעס פון ים קומען נישט אין שטאט אריין, אבער מען שפירט זיי. נעקאטשעא האט ביי איר געבורט אוודאי נישט געחלומט פון קיין פלאזשע פאר ים־בעדער, אבער צוליב דעם ארויסגאנג פון קארטאפל און פון ווייץ, פון גערשטן און פון קארן און פון בהמות פאר דער שחיטה, און נאך איר האט מען געעפנט א פארט אויפן ברעג פון אטלאנטיק, עס זאלן אריינקומען שיפן פון דער וועלט און ברענגען אינדוסטריעלע פראדוק־ציע פאר ארגענטינע און אויפנעמען די ארגענטינער לאנד־פראדוקטן פאר זייערע לענדער. און די נישט־געחלומטע פלאזשע פאר טוריסטן און פאר אייגענע מענטשן, איז דאך א רעאלע.

מאר דע אכא, פינאמאר, מאר דעל פלאטא און מיראמאר, וואס קוקן צו מזרח, האבן פאר זיך א ברייטן ים, אבער ברייטער און ווייטער איז דער ים פון נעקאטשעא, וואס שטייט מיטן פנים צום ווייטן דרום, אין א גלייכער ליניע אויף א דיסטאנץ פון צוויי טויזנט קילאמעטער קעגנאיבער די ארגענ־טינער מאלווינען־אינדזלען, אקופירט אין משך פון איבער א יארהונדערט פון ענגלאנד.

***

די שטאט — א קאסמאפאליטישע — טראגט דעם נאמען פון א באַ־פרייער. דאס איז נעקאטשעא, וועלכער איז אזוי ווי סאן מארטין, געבוירן אין ארגענטינע און אויפגעוואקסן מיליטעריש אין שפאניע, זיין פאטערס

פאָטערלאַנד, וואוהין ער איז געקומען ווען זיין געבורטלאַנד איז נאָך געווען א שפּאַנישע קאָלאָניע. נעקאָטשעאַ איז אין דער זעלבער צייט, ווי סאַן מאַר־טין, צוריק געקומען און מיט זיין מיליטערישער קענטשאַפט און דערפאַרונג זיך געשטעלט אין דינסט דער באַפרייערישער מאַי־רעוואָלוציע. אַזוי באַלד ווי זי איז געשען און אַזוי ווי סאַן מאַרטין האָט עס געטאָן, נעקאָטשעאַ האָט זיך געשטעלט אין דער אָנפירונג פון די באַוואָפנטע קרעפטן פון דער אַר־גענטינער היסטאָרישער מאַי־רעוואָלוציע אין קאַמף קעגן די באַוואָפנטע קרעפטן פון דער שפּאַנישער אימפּעריע, וועלכע האָט אייגנוויליק נישט גע־קענט פועלן ביי זיך אָפּצוטרעטן פון דער קאָלאָניע, וואָס איז אַ סך גרעסער פון דער שפּאַניש־איבערישער האַלבאינדזל אין דרום אייראָפּע. איז דער קאַמף פון נעקאָטשעאַ דער זעלביקער ווי פון סאַן מאַרטינען, געווען אַ באַ־פרייערישער, ער האָט געדינט דער באַפרייערישער מאַי־רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך ערשט באַפרייט פון דער אויסלענדישער געפאַר, ווען די באַרימטע שפּאַנישע אַרמיי פון יענער צייט איז דאָ און אין די שכנישע לענדער דע־פיניטיוו באַקעמפט געוואָרן.

ווען סאַן מאַרטין האָט אָרגאַניזירט די באַפרייערישע אַנדן־אַרמיי צו קרייצן די אַנדן און באַקעמפן דעם געמיינזאַמען שונא פון אַרגענטינע, פון טשילע און פון פּערו, איז נעקאָטשעאַ געווען מיט אים און צוזאַמען געקעמפט נישט פאַר דעראָבערונג, נאָר פאַר באַפרייאונג.

און אַזוי ווי סאַן מאַרטין, איז אויך נעקאָטשעאַ געשטאָרבן אין אויס־לאַנד, אין פּערו, אין 1849.

איצט פיל איך, ווי איך וואָלט דערפילט אַ מאָראַלישן און געשיכטלעכן חוב: איך האָב געלייגט ליטעראַרישע בלומען אויפן דענקמאָל פון נעקאָטשעאַ אין דער שטאָט וואָס באַערט זיך מיט זיין נאָמען.

***

קרייצט די אָפענע שטאָטגערטנער; גייסט איבער די ברייטע גאַסן מיט אַלייען און ליכטיקע בייטאָג און ביינאַכט; קוקסט אין די שויפענצטער פון די מאַגאַזינען, אויסשטעלונגען, געוועלבער און געוועלבעלעך; זיצט צווישן מענטשן אין גרויסע קאַפעען, גרויסשטעטישע; מוזט פאָרזיכטיק און געשיקט קרייצן די גאַס, וואָס קלינגט און קלאַפּט און זינגט און רעשט פון איר מאָ־טאָריזירטן טראַפיק און טראַנספּאָרט, מיט אירע וואַרשטאַטן און פאַברי־קאַטן; מיט איר גאַסנהאַנדל און וואַנדל און מיט די פּראָגראַמען און רעקלאַ־מעס פון אירע מעגאַפאָנען — ווערסטו באַהערשט פון דעם איינדרוק פון געפינען זיך אין אַ זעלבסטשטענדיקער שטאָט מיט אַ ריטעם פון אייגענער אינטענסיווער אַרבעט צו באַפרידיקן די אייגענע פּראָגרעסיווע באַדערפע־

נישן, פאר וואס נעקאטשעא די שטאט לאזט זיך אויך באדינען, אזוי מיט איר ברייטער ים־פלאזשע, ווי מיט איר גרויסן פארט אין קעקען — ביידע אויף א דיסטאנץ — מיט ווערמען זי שטייט אין פארבינדונג דורך אן אינ־טענסיוון קאלעקטיוון פאסאזשירן־טראנספארט, וואס פירט זומער פאר מי־טיק און פארנאכט אירע איינוואוינער אין באד־אנצוגן אויף דער ים־פלאזשע און פון איר און וואס פירט אויך אירע מענטשן אויסגעפוצטע און פארליב־טע אין דער רולעטע פון דער קאסינא, וואס פונקציאנירט פון זון־פארגאנג ביז זון־אויפגאנג אויף דער פלאזשע פון נעקאטשעא. די היגע קאסינא איז נישט מיט א פארנעם, אבער זי בלייבט נישט פארשעמט. עס קומט דער לי־בער פארנאכט, זענען געפאקט די אויטאבוסן, וואס לויפן פון שטאט־צענטער צו דער פלאזשע, וואו זיי ליידיקן זיך אויס ביי דער טיר פון טעמפל, תפילה צו טאן ביי די רולעטע־טישן. הײנט, דאס געלויף פון די פריוואטע אויטא־מאבילן!

מיט דעם איינדרוק פון געפינען זיך אין א שטאט פאר זיך, גייסטו אין קינא־טעאטער „פאריז״, אדער אין גראן קינא „אטלאנטיק״, וואס הייבן אן זייערע פראגראמען באלד נאך „סיעסטא״ און 23 אזייגער קענסטו אריינגיין און זען א גאנצן פילם וואס וויקלט זיך אויס אין אנדערהאלבן שעה און אזוי ווי אין בוענאס־איירעס, לייענסטו אויך אויף די נעקאטשעער קינא־פרא־גראמקעס די אויפשריפטן: „פארבאטן פאר מינדעריעריקע פון 14 יאר״, און „עס לוינט נישט פאר מינדעריעריקע פון 18 יאר״; אויפשריפטן, וואס ברענגען אין קינא א סך יונגווארג...

עס גייען געפאקט די אויטאבוסן צו דער פלאזשע און פון איר. מען שטייט אין די רייען ארויפצוגיין. עס מישן זיך אויס טוריסטן מיט דער אר־טיקער שטאטישער באפעלקערונג אין די קינאס, אין די קאפעען, אויף די גאסן. מען פילט די טוריסטיק אין דער זומער־טעמפעראדע. די טוריסטן טראגן מיט זיך יום־טובדיקייט און אויפלעבונג. די שטאט נעמט עס אויף, אבער זי ענדערט זיך נישט. זי האלט אן איר געשטאלט, איר כאראקטער און זי פירט זיך ווי זי פירט זיך — שטאטיש אין דער פראווינץ.

***

אויף דער דיסטאנץ צווישן נעקאטשעא די שטאט און נעקאטשעא די פלאזשע לאזט זיך זען די טענדענץ פארבויט צו ווערן מיט טשאלעטן, ווי־ליעס און מאדערנע סטיליסטישע הייזער. א סך פון דעם באווייזט זיך שוין אין דער נאענט פון דער פלאזשע.

א דאנק דעם וואס די שטאט האט זיך געשטעלט אויף א דיסטאנץ פון ים־ברעג, האט זיך די פלאזשע געשאפן איר אייגענע שטאט. זי האט זיך

פאַרנומען אַ ברייטן פיל־קילאָמעטערדיקן ים־ברעג און בויט זיך. אַ סך פון אירע געביידעס, די וואָס זענען די ערשטע מיט אַ סך יאָרן צוריק אויסגע־בויט געוואָרן, זעען אויס פאַרעלטערט, אָפּגעריסן און בעטן זיך איבערצו־בויען, אָבער די פּלאַזשע־שטאָט נעקאָטשעאַ מיט איר קאָסטאַנעראַ, מיט אירע גאַסן און געסלעך, מיט אירע פּלאַסעס און זומער־קאָלאָניעס, וואָס גייען אַרויף אויף די פעלדער און גייען אַריין אין די נאָדל־ און עוקאַליפּ־טוס־וועלדלעך — בויט זיך כסדר.

***

דער אַטלאַנטיק, אַזוי גרויס און אַלמעכטיק ווי ער איז, איז ער דאָך אומרואיק. עס קומען ברוגזנדיק זיינע כוואַליעס פון וויטן דרום און טראָגן אויף זיך קאַלטע פּאָלאַר־ווינטן, אָבער ביז זיי קומען צו דער פּלאַזשע פון נעקאָטשעאַ, זענען זיי שוין נישט אַזוי שטורמיש, נישט אַזוי ווינטיק און שוין אויך נישט אַזוי קאַלט, ווי זיי זענען ביי די אַרקאַדן־אינדזלען נאָך די מאַלווינען, אויף וועלכע עס געפינט זיך נאָר די מעטעאָראָלאָגישע קאָמיסיע און וועמעס מיטגלידער עס ווערן יערלעך געביטן איבער דעם צו־בייזן וועטער.

עס פלעגן קומען הייפיש מיט די כוואַליעס, זיי פלעגן קומען אין מיטן טאָג און איבערשרעקן די מענטשן ביים ברעג פון ים. דאָס זענען אָפּנים גע־ווען פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן מיטן לעבן פון די פישער־פלאָטיליעס ווייטער אַראָפּ אויפן אָקעאַן. איצט קומען זיי נישט. עס געלינגט זיי מער נישט צו אַנטלויפן, אָדער זיי אַנטלויפן פון מענטשן אומעטום.

די טיפע זאַמדן אויף דער ברייטער פּלאַזשע זענען אין מיטן טאָג אָנ־געגליט פון דער זון, נאָר ביינאַכט כאַפּן זיך די כוואַליעס אַרויף אויף דער פּלאַזשע און באַגיסן איר מיט זייערע קאַלטע, געזאַלצענע און יאָדיקע וואַ־סערן.

בייטאָג זענען די כוואַליעס אויך קרעפטיק. קומט אַ כוואַליע, גיט זי אַ שליידער אַוועק אַ מחנה מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט באַוואָרנט מיט ווידערשטאַנד און שווים־מיטלען, אָבער געוויינלעך זענען די אין מיטן טאָג־כוואַליעס איינגעהאַלטענער, מידער: זיי גייען אין מיטן טאָג נישט אַרויף אויף דער פּלאַזשע, נאָר זיי גייען צו ביז איר סאָלידן ברעג אין קאָנטאַקט מיטן פּליסיקן ברעג פון ים און ציען זיך צוריק, אָדער גייען אויס אין די אייגענע וואַסערן.

אַזוי פירן זיי זיך אין מיטן טאָג, ווען די פּלאַזשע איז באַפעלקערט מיט טוריסטן פון בוענאָס־איירעס און פון ענטרע־ריאָס, פון סאַנטאַ־פע און פון

טוקומאַן און אויך פון אַנדערע מענטשן־מאַסן — שטענדיקע איינוואוינער פון ביידע נעקאַטשעאַס.

די פאַרביקע „מאַזשעס", עלאַסטיש אַנגעצויגענע אויף די מענערישע קערפּערס און אויף די פּרויאישע, פאַרשטעלן נישט די נאַטירלעכע גלייכ־קייט פון די מענטשן. עס זעט זיך דאָ אויך נישט קיין ראַסן־פאַרשיידנקייט. כמעט אַלע זענען ווייסע, טייל שוין פאַרברוינטע פון דער פּלאַזשע און טייל נאָך נישט פאַרברוינטע. נעגער־שוואַרצע זענען אַבסאָלוט נישטאָ. אין אונ־דזער לאַנד זענען שוין קיין עכט־שוואַרצע נישטאָ. די וואָס זענען געווען, געבראַכט אין דער קאָלאָניאַלער צייט אַלס געקויפטע שקלאַפן, זענען נישט געווען קיין סך, און די וואָס זענען געווען זענען פיזיש אויסגעמישט געוואָרן מיט די אַמעריקאַנישע ברוינע אינדיאַנער און די ווייסע אייראָפּעער. פון זיי זענען אַרויסגעקומען די „געמישטע", זייער גוט קענטיק אין די ערשטע דור־רות און שוין זייער ווייניק קענטיק אין אונדזער צייט. זיי זעט מען יאָ אויף דער פּלאַזשע; זיי זענען נישט פאַרברוינט, זיי קומען ברוינע און די פּלאַ־זשע ענדערט נישט זייער קאָליר.

יידן איז פיזיאָנאָמיש שווער צו דערקענען אויף דער פּלאַזשע; דו ווייסט אָבער, אַז עס איז נישטאָ דאָס אָרט, וואו עס זאָלן נישט זיין קיין יידן און באַלד איבערצייגסטו זיך, אַז די אַנוועזנקייט פון אונדזערע אחינו בני ישר־אל איז נישט צו פאַרזינדיקן, זיי זאָלן זיך נאָר מערן און פרוכפּערן; דער־קענסט זיי דורך דער שפּראַך. חוץ יידיש, דערקענסטו זיי אויך דורך זייער שפּאַניש, אָדער דורך אַנדערע שפּראַכן, וואָס יידן ריידן, מיטן אויסנאַם פון העברעאיש, נאָר די דייטשע יידן דערקענט מען בעסער אויפן פּנים ווי דורך דייטש, וואָס זיי ריידן גאָר נישט אַנדערש פון די דייטשע דייטשן.

איז אָט די גאַנצע באַפעלקערונג אויף דער פּלאַזשע, וואָס איז אַזוי ענלעך צווישן זיך, טוט דאָס זעלביקע, דענקט דאָס זעלביקע און רעדט דאָס זעלביקע, דער עיקר אין די איינהייטלעכקייט אין טאָן. מען שפּרינגט אין די קאַלטע און געזאַלצענע כוואַליעס און מען לאָזט זיך פון זיי איבערפאַלן און שלאָגן; מען זיצט און מען ליגט אויפן הייסן זאַמד און מען נעמט ים־לופט מיט זון; מען זיצט אין שאָטן פון די אומצאָליקע ביידלעך, אַנדערע באַשיצן זיך פונעם פייער פון דער זון אין דער קיל, אונטן, אונטער דער „ראַמבלע", וועלכע איז געבויט אין דער הויך צו דער ברעג־גאַס אַרויס און אַ טויזנט יינגלעך און מיידלעך פון דער גרויסער און פּרעכטיקער קינדער־קאָלאָניע פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס האָבן זיך צעשפּילט אויפן זאַמד פון דער זוניקער פּלאַזשע קעגנאיבער די צעשפּילטע ים־כוואַליעס, און עס צעטראָגט זיך אין דער בלויער לופט דער געקלאַנג פון די גלעקלדיקע קינ־דער־שטימעלעך.

דער מעכאַנישער הויכריידער, אויבן אויף דער טעראַסע צום ים־אַרויס און אויף די גאַלעריי פונעם פּיל־געשעפטלעכן ראַמבלע־פּאַסאַזש, קלינגט אויס די שעהן, זינגט אויס און שפּילט אויס די קינסטלערישע פּראָגראַמען, וואָס ווערן אַנטוויקלט פאַר די אָפּיציעלע ראַדיאָ־מיקראָפאָנען פון שטאַט, פון שטאָט און פון דער פּראָווינץ און זאָגט אַרויס די מעלדונגען און די אָפּיציעלע רייד, וואָס אַלע ראַדיאָס דאַרפן טראַנסמיטירן.

די באַפעלקערונג אויף דער פּלאַזשע באַנוגנט זיך נישט מיט דער ראַדיאָ און לייענט צייטונגען, — לייענט זשורנאַלן און לייענט אַפילו ביכער; מען לייענט וואָס מען וויל און וואָס מען וויל נישט. פון דער אינפאָרמאַציע, וואָס איז אַ טענדענציעזע, דרינגט מען אַרויס דעם אמת, וואָס איז דראַמאַטיש, טראַגיש און — נישט ליב. די טוריסטן, כמעט אַלע וואַקאַציע־מענטשן, האָבן זיך פאַרגענומען נישט צו לייענען, אָבער מען פאָלגט נישט אויס דעם אָפּמאַך (ווי די מאָדע איז) מיט זיך אַליין און מען לייענט יאָ און מ׳לייענט מער ווי אין דער היים; מער ווי אין די טעג פון אַ גאַנץ יאָר; עס לייענען דאָ אויך יענע, וואָסגעוויינלעך לייענען זיי גאָר נישט, סיידן אַנאָנסן, באַגריסונגען, טרויער־אויסדרוקן און אויך פון געשעפט, ווייל זיי האָבן נישט קיין צייט, קיין באַדערפעניש, קיין קאָפּ און קיין האַרץ פאַר אַזאַ לאַנגווייליקער און אומפּראַקטישער זאַך... און סטודענטן, וואָס דאַרפן זיך גרייטן צום עקזאַמען און ווילן זיך אָבער אויך איבערלופטערן און אָפּפרישן, זעסטו דאָ מיט זייערע שווערע שטודיר־ביכער.

דאָ לייענט מען אויף פאַרשיידענע שפּראַכן, אויך אויף יידיש. דער אַרגענטינישער שפּאַניער, אַזוי ווי דער שפּאַנישער שפּאַניער, לייענט שפּאַניש, אַנדערע לייענען אויף זייערע שפּראַכן און אויך אין שפּאַניש, וואָס איז די אַלגעמיינע לאַנדשפּראַך, די פאַרוואָרצלטסטע אין דער שפּאַניש־קאָלאָניאַלער עפּאָכע; אַ טייל יידן לייענען יידיש און אויך שפּאַניש און די אַנדערע טייל לייענען נאָר אויף די לאַנדשפּראַכן פון זייערע שטאַמלענדער.

עסן־צייט, ווען דער עולם איז טעטיק ביי די טישן אין די האָטעלן און אין אַלע הייזער פון דער פּלאַזשע נעקאָטשעאַ, איז די פּלאַזשע ליידיק, זי איז אויך ליידיק „סיעסטאַ"־צייט, ווען די טוריסטן שלאָפן, אויב עס קומען נישט די אַרבעטס־מענטשן פון דער טעמפּעראַדע. שפּעטער איז פאַרשיידן: ווער עס גייט ווידער אויף דער פּלאַזשע, ווער עס גייט שפּאַצירן, ווער עס פאָרט אויף אַן עקסקורסיע, ווער ס׳שטעלט זיך כאַפּן פיש מיט אַ ווענדקע און ווער עס שטעלט זיך אין דער „קאָלאַ" (רייע) פאַרן מיקראָ צו פאָרן אין דער שטאָט נעקאָטשעאַ, כאָטש די פּלאַזשע נעקאָטשעאַ האָט, מיטן אויסנאַם פון קינאָ, אַלץ אויף צו באַפרידיקן די מענטשלעכע באַדערפענישן: געוועלבן פון גאַלאַנטעריע און צירונג, פון אייזקרעם און פון אָנדענק־אַרטיק־

לען, קאפעען מיט מוזיק און אָן מוזיק, „טשוראסקעריעס" און קאבארעטן, און עס איז דאָ די קאסינאָ מיט דער רולעטע, אפילו א פּאָסט איז דאָ פאַרן געברויך פון דער פּלאַזשע.

און דאָס אייגענע נאַכט־לעבן, וואָס הייבט זיך אָן ביי די געדעקטע טישן אין די האָטעלן, ציט אריין דעם עולם אין אירע ווארעמע כוואַליעס, בעת די קאַלטע כוואַליעס פונעם אָקעאַנישן ים יאָגן זיך אָן מיט אימפּעט און שפּאַרן זיך אַרויף אויף דער זאַמד־פּלאַזשע.

עס איז דער נאַכט־קאַבאַרעט פונעם נעקאָטשעער אַטלאַנטיק, וועמענס כוואַליעס עס טאַנצן אונטער דער פּייפּנדיקער מוזיק פון די ים־ווינטן.

# די צוויבערער פון די זומערטעג

די באַשרייבונגען פון „ביי די ברעגן פון אַטלאַנטיק" זענען געשריבן געוואָרן אין דעם יאָרצענדליק פון אָנהייב 1940 ביז אָנהייב 1950. לויט דעם לויף פון די געשעענישן, קאָן זיך אין אַ פערטל יאָרהונדערט אַ סך ענדערן. זענען דאָך פאָרגעקומען ביידע היסטאָרישע וועלט־מלחמות פון 1914 ביז 1945. און וואָסערע וועלט־ענדערונגען עס האָבן זיך איינגעשריבן אין דער וועלט־געשיכטע! און דאָס וואָס איז געווען, האָט עקזיסטירט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין געשיכטע. עס זענען אָבער פאַראַן זאַכן, וואָס ענדערן זיך נישט, אָדער זיי ענדערן זיך נישט אַזוי גיך. איינער פון זיי איז — דער ים —

ער איז גרויס, מעכטיק און פרעכטיק. עס שפּיגלט זיך אין אים דער זומער און דער האַרבסט, דער ווינטער און דער פרילינג; עס שפּיגלט זיך אין אים אויך יעדער טאָג און יעדע נאַכט; עס שפּיגלט זיך אין אים דער הימל און זיינע וואָלקנס; די זון, די לבנה און די אַנדערע שטערנס.

ער איז ברייט און שרעקלעך טיף. ער נעמט שטענדיק זון און ווערט פון איר נישט פאַרברענט, נאָר אָנגעוואַרעמט, דאָס מאַכט אים מילדער און רייצנדיקער.

אַ נאַקעטער, לאָזט ער זיך גלעטן פון די ווינטן און ווען די ווינטן האַלטן זיך נישט רואיק, זיי צעהוליען זיך, צעבושעווען זיך — צעפלוישן זיי נאָר אַ ביסל זיין אויבערפלאַך, צעוויגן איר, צעכוואַליען איר, ביז זיי ווערן מיד פון דעם שפּיל און הערן אויף און ווערן שטיל.

ער ווייסט נישט פון קיין מורא. ס'איז נישטאָ אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל זיך פאַרגלייכן מיט זיין קראַפט; קיינער איז נישט אַזוי זיכער מיט זיך, ווי ער, — גייט ער קיין מאָל נישט אַרויס פון די כלים און ער לאַכט זיך אויס פון עם שטורעם, וואָס פאַלט אָן אויף אים.

אַ שטאַרקער שטורעם קען זיין שעדלעך פאַר די מענטשן אין זייערע לעבנסמיטלען, וואָס ער טראָגט איבער די לייכטע שיפלעכלעך פון איין אָרט אויפן צווייטן, אָבער פאַר אים איז דער שטאַרקסטער שטורעם אַ זייפן־בלעזל.

עס איז אים גאָר נישט ענג אויף דעם פּלאַץ, וואָס ער פאַרנעמט און ער זוכט זיך נישט מער אויסצושפּרייטן, ביי קיינעם גאָר נישט צוצונעמען פאַר זיך. ער האָט גענוג.

און ער איז זיכער, אַז קיינער וועט ביי אים גאָר נישט צונעמען, זיין שטח נישט ענדערן, זיינע קאָנטאַקטן נישט צונישט מאַכן, כאָטש ער איז נישט באַוואָפנט. ער האָט נישט קיין אַטאָמיקע, ניט קיין גיפט־גאַז, נישט קיין שטאָל־שאַרף, נישט קיין פּולווער־בליי און נישט פאַר קיין מלחמה און מאָרד צוגעגרייטע אַרמיי; ער פאַרמאָגט גאָר נישט קיין פייער, נאָר וואַסער, ער איז גיכער קאַלט איידער הייס.

זיין קראַפט איז גאָר פון אַן אַנדער מאַטעריע, אַ פאַרבאָרגענע אין זיי־נע טיפענישן, אין זיין נישט־רעקלאַמירטער, אָבער ווירקלעכער גרויסקייט, זי איז מיסטעריעז, וואונדערבאַר, צויבערהאַפט.

עס איז געשאַפן פון פרידן און פון פרייהייט זיין צויבערקראַפט, וואָס איז פריי און גוט און נישט אונטערגעוואָרפן און נישט פאַרשקלאַפט צו קיי־נעם. אַלע ווילן אים, אַלע געניסן פון אים. דער גענוס פון איינעם שטערט נישט דעם גענוס פון אַנדערן.

זיין גוטס קען נאָר געשטערט זיין אויף אַ וויסטן מאָמענט פון איינעם, וואָס פּרעטענדירט אים אין גאַנצן צו פאַרכאַפּן פאַר זיך, ווי דער משוגענער היטלער האָט דאָס פּרעטענדירט.

ביי אונדז אין לאַנד פאַרנעמט ער די גאַנצע מזרח־זייט פון דער לע־גענדאַריש גרויסער פּאַטאַגאָניע און די גאַנצע דרום־זייט פונעם גרויסן שטאַט בוענאָס־איירעס פון אונדזער רעפּובליק.

גיין, גייט ער פונעם קאַלטן אַנטאַרטיק, וואו עס שווימען אַרום אייז־בערג און וואַלפיש און עס גייען אַרום שניי־זאַווערוכעס און פּינגווינען.

נאָר איבערן זוניקן וועג, איבער וועלכן ער גייט שטענדיק ביז צו די פּלאַזשעס פון נעקאָטשעאַ און מיראַמאַר, פון מאַר דעל פּלאַטאַ און מאַר טשיקיטאַ, פון פינאַמאַר און מאַר דע אַכאָ, פון סאַן קלעמענטע דעל טוזשו ביזן סאַמבאָראָמבאָן, דערוואַרעמט ער זיך.

ער באַגעגנט מיט פרייד אויף זיינע פּלאַזשעס וואָס אַ יאָר מער מענ־טשן, וואָס קומען פון דער שטאַט בוענאָס־איירעס און אויך פון אַנדערע שטעט פון דער רעפּובליק; מענטשן, וואָס קומען צו אים, טוען זיך אויס פון אַלץ און גיבן זיך איבער אין זיינע צערטלעכע אָרעמס.

***

אין אַמעריקע זומער־טעג האָבן נאָר איניקע איינוואוינער פון אונדזער גרויסער מדינה געוואוסט פון דער איינציקער אַטלאַנטישער פּלאַזשע מאַר

דעל פּלאַטאַ, וועלכע איז נאָך גאָר קיין פּלאַזשע נישט געווען אין פאַרגלייך צו איר היינט.

אין יענע זומער־טעג האָבן די מענטשן פון ארבעט זיך געבאָדן אין אייגענעם שוויים. זיי האָבן אויך ווינטער דאָ געשוויצט.

ווער האָט געוואוסט פון וואַקאַציעס?

דער באַלעבאָס, וואָס האָט געאַרבעט פאַר זיך, האָט געאַרבעט מער ווי דער אַרבעטער ביי יענעם; ער האָט זיך נישט פאַרגונען צו קוקן אויפן זייגער. ביי זעכצן שעה אַרבעט, איז אים דער טאָג געווען צו־קורץ.

און דעם קליינעם פאַבריקאַנט און דעם סוחר, וואָס האָט געאַרבעט מיט מענטשן, וועט דאָך נישט איינפאַלן אַזאַ משוגעת צו גיין אָפּשטעלן די פאַבריק, דעם וואַרשטאַט און נעמען און געבן וואַקאַציעס!...

איז מען נישט געפאָרן, נישט אויף קיין פּלאַזשעס און נישט אויף קיין בערג. ס'איז נישט געווען קיין צייט פאַר דעם.

מאַר דעל פּלאַטאַ און די אַנדערע אַטלאַנטישע פּלאַזשעס, וואָס ווערן וואָס אַ יאָר אַלץ רייצנדיקער פאַר הונדערטער טויזנטער מענטשן, אויב נישט פאַר מיליאָנען, זענען ערשט געוואָרן פּלאַזשעס מיטן איינפיר פון וואַקאַציעס.

היינט אַרבעט מען ווייניקער שעהן אין טאָג און ווייניקער וואָכן אין יאָר און ווען עס קומט דער ליבער פרילינג, הייבט מען שוין אָן ריידן פון די וואַקאַציעס, וואָס זענען בכלל זומערדיקע און עס גייען אַריין אין זיי די אַטלאַנטישע פּלאַזשעס און די קאָרדאָבער בערג. עס רייצן די וואַרעם־בעדער אויף די קילע הייכן פון די קאָלאָסאַלע אַנדן־בערג און עס בלייבן נישט פון דרויסן די זאַלצבעדער פון קאַרויע (ווי קאַרהוע לייגט זיך לייכטער אויס אויף דער יידישער צונג) און פון קאָרדאָבער מאַר־טשיקיטאַ, ווי עס הייסט די גרויסע אָזערע פון די שוואַרצע קור־בלאָטעס.

און מען חלומט חלומות מיטן ים. מען ווערט פאַרצויבערט פון מאַר דעל פּלאַטאַ.

***

ס'איז געווען אַ צייט, ווען מ'האָט נאָר באַדאַרפט אַ שיפסקאַרטע, וואָס האָט געקאָסט ווייניק פּעזעס, צו פאָרן אין פאַרלויף פון אייניקע שעה אין דער שכנישער רעפּובליק, וואָס האָט אַ סך פּלאַזשעס.

יענע פּלאַזשעס, וועלכע הייבן זיך אָן אין מאָנטעווידעאָ מיט ראַמירעז, פּאָסיטאָס, קאַראַסקאָ און גייען אַרויס אויפן לאַנד מיט אַטלאַנטידאַ ביז פּיריאַפּאָליס, זענען נאָך נישט עכט־אָקעאַנישע. זייערע וואַסערן זענען אַ געמיש פון טייך און ים, פונעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ און דעם אַטלאַנטישן אָקע־

אַן. ערשט אין פּונטאַ דעל עסטע הייבן זיך אָן די ריין־אַטלאַנטישע פּלאַ־זשעס, אָבער זיי זענען געווען נאָענט און שיין און צוגענגלעך, און אַרגענ־טינער זענען געפאָרן, נישט געפאָרן, נאָר געשטראָמט צו די אורוגווייער פּלאַ־זשעס, אין דער אָריענטאַלישער רעפּובליק.

פרייַ און נאָענט און ביליק, האָט מען גאָר נישט געשפּירט קיין לאַנד־פאַרשיידנקייט אויף דער זייט, אָדער אויף דער אַנדערער זייט ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, וועלכער איז געגאַנגען ווי עס גייט אַ טייך אין אייגענעם לאַנד. איז דאָך די ערד אויףביידע זייטן טייך מיט די זעלביקע מעלות, פּרוכטבאַר און פּרוכפּערדיק און עס זענען די מענטשן אויף ביידע זייטן ווי פון איין מאַ־דעל אַרויס — מען רעדט אויף דער זעלביקער שפּראַך, מען זינגט די זעל־ביקע פאָלקלאָרישע לידער. איין אויפפירן זיך. איין לעבן. אָט איז מען אין בוענאָס־איירעס און אָט — אין מאָנטעווידעאָ און אָט איז מען אין אַרגענ־טינע און אָט אין אורוגוויי. וואו איז דער אונטערשייד? וואָס איז דער אונ־טערשייד? — צוויי שוועסטער, אַ צווילינג.

איז ווען עס זענען געקומען די שיינע און פּלאַמיקע זומער־טעג, האָבן גע־נומען שטראָמען מענטשן־מאַסן פון אַרגענטינע אויף די פּלאַזשעס פון אור־רוגוויי, וואו די אַרגענטינער האָבן גאַנץ אָפט געדעקט די אורוגווייער, דאָס איז שטענדיק געווען דער פאַל אין פּיריאַפּאָליס (וואָס איך האָב אין אַ באַ־שרייבונג מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק אָנגערופן „יידאַפּאָליס", מחמת דעם יידישן פאַרנעם אויף דער דאָזיקער פּלאַזשע). דער נאָמען פונעם גרעסטן און פּרעכטיקסטן מלוכהשן האָטעל דאָרט מיט דער רולעטע אין אים, ווי אויך דער נאָמען פון דער הויפּטגאַס, די ראַמבלע אויפן ברעג פון ים, באַ־ווייזט נאָך דאָס און די אַרגענטינער פון פּיריאַפּאָליס זענען געווען מיר — יידן, זאָל אונדז נאָר קיין בייז אויג נישט שאַטן.

אַרגענטינער יידן זענען געפאָרן אויף אַלע פּלאַזשעס, נאָר קיין פּיריאַ־פּאָליס איז מען געפאָרן מער. מען איז נישט געפאָרן קיין אורוגוויי... קיין פּיריאַפּאָליס איז מען געפאָרן.

אין פּיריאַפּאָליס האָבן יידן זיך געפילט ביי זיך אין דער היים. די לופט האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט יידיש און עס האָט אָפּגעקלונגען אין איר דאָס יידישע וואָרט. אַלץ אין פּיריאַפּאָליס איז געווען אינטים, פאַמיליאַר, קרו־ביש נאָענט און אינטים איז געווען דער ים, די עוקאַליפּטוס און די נאָדל־וועלדער אין קרייז פון די נאָענטע בערג. און עס האָט נישט אויסגעטרייסלט די קעשענע. אַ ייד, וואָס האָט ליב צו לעבן שפּאָרזאַם, איבערהויפּט אַ ליט־וואַק, האָט דאָ, צוזאַמען, געהאַט פאַרן זעלבן געלט — ים, וואַלד, און באַרג, וואָס אַנדערשוואו קריגט מען דאָס נישט פאַר קיינע געלטער. פּיריאַפּאָליס איז די אַרגענטינער יידן אַריין אין האַרץ און מען האָט שוין אָנגעהויבן צו

בויען זיך דאָרט טשאַלעטן אויף אַ גאַנץ יאָר, אָדער אויסער אין די זומער־טעג אויך אַרויסצוכאַפּן זיך אַהין אין אַנדערע שיינע טעג פון יאָר.

אָבער היינט איז דאָס אַלץ, וואָס איז געווען — געווען.

****

די וואַקאַציעס אין לאַנד זענען אויסגעוואַקסן און זיי שפּרייטן זיך אויס און נעמען אַלץ און אַלעמען אַרום. צו זייער וואוקס האָט ביי־געטראָגן די אַרבעט, דאָס, וואָס עס האָט אין לויף פון די יאָרן כסדר געפעלט אַרבע־טער און נישט קיין אַרבעט. עס האָט אויך ביי־געטראָגן צו דעם וואוקס פון די וואַקאַציעס דער וואַקסנדיקער אַרבעט־סטאַזש פון יעדן אַרבעטער דורך דער פאַרזיכערונג נישט אָפּגעזאָגט צו ווערן פון דער אַרבעט; עס האָט ביי־געטראָגן די פאַרקלענערונג פונעם אַרבעטסטאָג, די פאַרמינערונג פון די אַרבעטס־טעג אין יאָר און די מעגלעכקייט, וואָס ס'באַקומט זיך דורך דער צאָלונג פאַר נישט־געאַרבעטע טעג, פאַר די טעג פון וואַקאַציעס און פאַר אַ דרייצנטן חודש אין יאָר און עס טראָגן ביי צו דער גרויס פון די וואַקאַ־ציעס די וואַקאַציעס אַליין, וואָס וואַקסן אויס אויטאָמאַטיש מיטן אויסגע־וואַקסענעם אַרבעט־סטאַזש פון יעדן אַרבעטער, מיטן אַריינגיין פון אַלע פאַכן אין דעם רו־צוואַנג און מיטן צושטיין פון די באַלעבאַטים צו די וואַ־קאַציעס.

איז ווען עס קומט דער זומער און מיט אים די וואַקאַציע־צייט, ווערט מען באַרוישט, באַרעשט, פאַרטאַראַראַמט און מען ווייסט נישט, צי פאָרן אָדער נישט פאָרן. די פיס פעלט נישט, אָבער אַלץ קאָסט אַזוי פיל מאָל מער וויפל עס האָט געקאָסט. היינט די מי צו קריגן אַ רייזע־בילעט! מיט גאַנצע וואָכן פריער דאַרפסטו גיין און זיך שטעלן אין דער ריי און די רייען פאַר די בילעטן־ פענצטערלעך — ווי לאַנג זיי זענען! און וויפל שעהן, נעכט גאַנצע שטייט די רייע, וואָס האַלט זיך אין איין אויסציען און וואַרט ביז דאָס פענצטערל וועט זיך עפענען. און האָטעל? קומסט צו פאָרן אַ פאַר־מאַטערטער, אַ מידער, אַ פאַרשוויצטער, אַ פאַרשמאַדערטער מיט די פעקלעך, טשעמאָדאַנעס און דו האָסט זיך נישט וואו אַהינצוטון, וואו אָפּצו־רוען; שלעפּסט זיך אַרום פון האָטעל צו האָטעל: פאַרנומען, נישטאָ קיין צימער און דאָרט, וואו ס'איז נאָך נישט אַלץ פאַרנומען, איז אָבער שוין נישטאָ אַזאַ צימער, מיט אַ באָד, מיט אַ פּלאַקאַרד, מיט אַ טעלעפאָן און מיט פענצטער אַרויס צום ים, אָדער כאָטש אַרויס אויף אַ שיינער, באַ־בוימטער און באַבלומטער גאַס אַזוי ווי דו האָסט געוואָלט און ווי דו האָסט זיך פאַרגעשטעלט.

אָבער ווער עס טראַכט: פֿאָרן אָדער נישט פֿאָרן? באַשטימט פֿריער אָדער שפּעטער:

— פֿאָרן.

און דערנאָך שטעלט זיך די פֿראַגע: וואוהין? ווען?

אַלע זומער־ערטער ציען, רייצן, באַצויבערן, אָבער ס'זענען פֿאַראַן ערטער, וואָס ציען ווייניק, וואָס רייצן נישט אַזוי, וואָס באַצויבערן קוים און ס'זענען פֿאַראַן ערטער, וואָס ציען, רייצן און באַצויבערן מער און ס'זענען פֿאַראַן ערטער, וואָס באַצויבערן נאָך מער.

איז, אַז מ'האָט זיך שוין דעצידירט וואוהין צו פֿאָרן און מען האָט שוין אויך באַשטימט ווען, נעמט מען זיך ערשט גרייטן צו דער רייזע און נישט אַזוי פֿיל צו דער רייזע, ווי צו דעם אָרט, וואָס באַצויבערט.

דער ים, דער אַטלאַנטישער אָקעאַן, איז דער, וואָס מיט זיינע פּלאַזשעס באַצויבערט ער מער.

אונטער זיין צויבער ווערן קינדער גרויסע; יוגנטלעכע ווערן יוגנט; יוגנט ווייזט זיך מיט איר שיינקייט, מיט איר צויבערקראַפֿט און ווערט נאָך שענער און קרעפֿטיקער און עלטערע מענטשן ווערן יונגער.

אַלע אונדזערע אַטלאַנטישע פּלאַזשעס זענען פֿון זעלביקן ים, וואָס קומט פֿון וויטן אייז־קאַלטן דרום, נאָר אויף זיין לאַנגן און זוניקן וועג, וואָס ער מאַכט ביז די פּלאַזשעס, וואַרעמט ער זיך אָן און עס זענען שוין נישט אַזוי קאַלט, נאָר אָנגענעם קיל זיינע כוואַליעס, די בלוי־ווייסע, די געזאַלצענע און געפּעפּערטע, וואָס קומען אַנטקעגן די זומער־מענער און די זומער־פֿרויען אויף דער פּלאַזשע פֿון די פּלאַזשעס און נעמט זיי אויף מיט פֿרייד, מיט ים־כוואַלישער פֿרייד און פֿאַרברענגט מיט זיי און עס קילן זיך אין זיי די צעהיצטע מענטשן זייער לייב און לעבן.

אויף דער פּלאַזשע זענען אַלע מענטשן גלייך — נאַקעט. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, וואָס אויף דער פּלאַזשע גייט מען נאַקעט, קויפֿט מען זיך אָן און מען לאָזט זיך מאַכן צו דער מאָס אַ סך קליידער, אָנהויבנדיק פֿון באַד־אַנצוגן — וואָלענע, זיידענע, ניילאָנענע — פֿון פֿאַרשידענע פֿאַר־מען און קאָלירן; שאָרטן, הויזנס און שוכוואַרג ביז אַ קאָלעקציע פֿון אויבער־אַנצוגן, אויבערהעמדער, פּולאָווערס, בלוזקעס, סעקלעך, קליידער, אויבער־מאַנטלען און פּעלצן, אָנפֿאַקנדיק און מיטפּירנדיק גאַנצע פּעק און טשע־מאָדאַנען, וואָס מען האָט געגרייט אין איילעניש וואָכנלאַנג און מיט דעם פֿאַרנומען געווען בייטאָג און ביינאַכט.

און מער ווי צו אַלע אונדזערע אָקעאַנישע פּלאַזשעס גרייט מען זיך

צו מאר דעל פלאטא. זי באצויבערט מער און מער ווערן פון איר באַ־
צויבערט.

***

מיראמאר איז געווארן בארימט אלס די פלאזשע פון אפרו. זי איז דאס אמאל געווען, ווען אירע ווייס־שוימיקע בלויע כוואליעס, וואס זענען ארויס פון ים, האבן געטראפן אויפן זאמד נאר געציילטע פלאזשעניצעס, נאך געציילטערע פלאזשעניקעס.

פאר דער פלאזשע האט זיך אויסגעשפרייט די שטאט פון היינט, די שטאט פון דער פלאזשע, דעמאלט — נאר אנצוהערעניש פון איר אויף א רויען שטח מיט אנהויבן פון גאסן, מיט געציילטע, צעווארפענע, טיפישע קליינשטעטלדיקע הייזער מיט גרויסע, פירקאנטיקע, שפאנישע פאטיעס, באבלומטע און מיט א ראמאנטישן ברונעם אינמיטן פון יעדן הויף. אין זיי זענען אויך געווען די דריטהאלבן האטעלן, שטילע, האלב־ליידיקע, פאר־חלומטע.

היינט איז מיראמאר א וואונדערלעך צעבליטע שטאט מיט פלאמיקע אויגן, וואס קוקן צום ים, א צויבערהאפטע פלאזשע־שטאט פון האטעלן, פענסיאנען, רעזידענציאלן, טשאלעטן; ברייטע, געפלאסטערטע גאסן, גארטנס, פלאסעס, דעפארטאמענט־הייזער, האריזאנטאלן, וואס הויבן זיך אויף ווערטיקאל אין דער הויך אויף שטאקן; היינט געוועלבער — ווייבע־רישע גן־עדנס! טאמער האט מען מיטגענומען ווייניק זאכן, זאל מען נישט זיין פארזארגט. אין דער שענסטער פארם באטן זיי אן, די געוועלבער, אלץ, וואס דאס הארץ גלוסט און וואס די אויגן ווילן. שולמיתן פון שיר־השירים זענען אזוי גרינג נישט אנגעקומען די אייזלן, מיט וועלכע זי האט זיך גע־שמירט איר קערפער, ווי גרינג עס קומען אן די שמירעכצן, מיט וועלכע אונדזערע היינטיקע שולמית׳ס פון דער פלאזשע שמירן זיך זייערע קער־פערס. די אפטייקן פארקויפן מער שמירעכץ, ווי מעדיצין. ווי בינשטאקן זענען די אייזקרעם קראמען, אין די קאפעען איז שווער צו קריגן א פלאץ ביי א טישל. עס זענען געפאקט די קינאס, אויף דער פאסט שטייט מען אין רייען. צויבער איז אויך פארבארגן אין דער רולעטע. אויך זי איז דא אין מיראמאר. יעדן טאג פון פארנאכט ביז פארטאג שפילט מען און מען פאר־שפילט און מען שפילט אפצוגעווינען דאס פארשפילטע און מ׳פאר־שפילט ווייטער.

און אזוי פיל האטעלן וויפל עס זענען דא און גרויסע, מיט גרויסע און גאר דערהויבענע פרייזן, — זענען זיי אלע געפאקט.

אין א מיראמארער נאכט, ווען די פלאזשע־שטאט איז נאך וואך און

די כוואַליעס פונעם ים לאָזן זיך הערן, שפּילנדיק אַ נאַקטורן־קאָנצערט אונ־טער אַן אויסגעשטערנטן הימל און אַ פאַרליבטע לבנה, האָט מיך אַ שאָפער, אויף זיין אויטאָ און פאַר מיינע פּעזעס, געפירט פון האָטעל צו האָטעל. אַלץ איז געווען פאַרנומען. איין האָטעל האָט געשיקט צום אַנדערן, כאָטש מ'האָט געוואוסט, אַז דער אַנדערער איז אויך פאַרנומען. עס איז געבליבן דער לעצטער פּרוּוו: אין האָטעל „אויף די כוואַליעס" — זאָגט דער שאָפער און נעמט זיך אַרויף אויף דער אַוועניִדאַ, וואָס טראָגט דעם נאָמען פונעם סאָציאַליסט כואַן ב. כוסטאַ און וואָס גייט פּאַראַלעל מיטן ים.

פונדערווייטנס, אין דער נאַכט, האָבן זיך מיט בלויען ליכט געצייכנט כוואַליעס אין מיניאַטור און אויף זיי — אַ פאַנטאַזיע. עס האָבן זיך גע־לאָזט הערן די כוואַליעס פון גייענדיקן ים און די ווינטן, ווי זיי וואָלטן מיטגעשפּילט אויף זייערע אומזיכטיקע פליטן.

און אָט זענען מיר ביים האָטעל. זיין אויסערלעכע געשטאַלט האָט אַ בלענד געטון פאַר די אויגן מיט שוועיץ. אין דער שטיל, ביי האַלבער ליכט אין צימער פון דער האָטעל־אַדמיניסטראַציע זענען געווען צוויי הויכע, דאַרע און בלאָנדע יונגעלייט, וואָס האָבן אָנגעשטעלט אויף אונדז זייערע העל־בלויע אויגן.

— אַ צימער פאַר איין פּערזאָן.

— אַלץ פאַרנומען.

— אפשר נאָר אויף היינטיקער נאַכט, איבערצונעכטיקן.

— גוט. ס'איז צוגעגרייט אַ צימער פאַר אַ פּאָרפאָלק, וואָס קומט אינדערפרי, וועט איר אים האָבן, אָבער נאָר ביז אינדערפרי — וואָרנט דער בלאָנדער יונגערמאַן נאָך אַ באַראַטונג אויף דייטש, וואָס ער האָט געהאַט מיטן אַנדערן בלאָנדן, זיין ברודער.

דער שאָפער איז אַוועק אַ צופרידענער, וואָס ער האָט זיך פונמיר באַ־פרייט. איך האָב נישט געפרעגט קיין פּרייז. זאָל איך אין האָטעל נאָר קריגן אַ צימער און כ'וועל צאָלן וויפל מ'וועט וועלן.

איך ווייס נישט: צי צוליב חן, צי איבער אומחן, וואָס איך האָב גע־פונען ביי די בלאָנדע אין זייערע העל־בלויע אויגן ביים איינשרייבן מיך אינעם האָטעל־בוך — עס האָט זיך פאַרפירט אַ שמועס איבער נאַציזם. דאָס איז איינגעפאַלן אין אַנבליק פון דייטשן און איך האָב זיך אינסטינקטיוו אַרומגעקוקט. ס'האָט זיך נישט געפילט קיין שפּור פון דעם בייגעקומענעם מאָנסטער פון אונדזער צייט; עס האָט זיך נישט געוויזן קיין סימן פון נאַציזם. דער אינעווייניק פונעם האָטעל האָט געמאַכט אַן עסטעטישן פריי־הייטלעכן און ליבעראַלן איינדרוק. דער קורצער שמועס איז געווען וועגן יידיש און דייטש, וועגן פון וועמען עס שטאַמט. מיר האָבן דעם ענין נישט

דערליידיקט דאָ אין מיטן נאַכט, „אויף די כוואַליעס". אַ פאַרשטויבטער פון דער רייזע פון באַהיאַ בלאַנקאַ קיין מיראַמאַר און אַ מידער, האָט עס געצויגן אין וואַש־צימער און אין בעט.

אַלץ אין צימער איז געווען ריין, שיין, געמיטלעך. דורך דעם האַלב געעפנטן פענצטער איז שטיל אַריין די ים־לופט און די סימפּאָניע פון זיינע כוואַליעס אין אַ זומער־נאַכט.

***

די אַזוי וואונדערלעך אויסגעוואַקסענע שטאָט אין געציילטע יאָרן, איז איינגאַנצן דאָ אויף דער ברייטער, זאַמדיקער פּלאַזשע, וואָס וואַשט זיך אין ים יעדע נאַכט. די דורכאויסיקע פּלאַזשע — שטאָט איז דאָ אין דער געשטאַלט פון אַ ים מיט מענטשן, וואָס קומען ווי כוואַליעס צו די כוואַליעס פון ים און כוואַליעס מיט כוואַליעס באַגעגענען זיך מיט כוואַליעדיקער פרייד און נעמען זיך אַרום.

די זאַך פון יעדן מענטשן אויף דער פּלאַזשע איז דער קערפּער. מיט דער דאָזיקער זאַך זענען דאָ אַלע גלייך, מחמת נאַקעט. ס'איז אוממאָראַליש און נישט שיין צו גיין אויף דער פּלאַזשע אָנגעטון.

געצויגן פון דער זעלביקער קראַפט, צוליב דעם זעלביקן געניס, זענען דאָ געמיינשאַפטלעך אין פרידן און אין פריינטשאַפט: פרויען און מענער, גויים און יידן; ציוניסטן און בונדיסטן; קאָמוניסטן און מענטשן, וועלכע שעלטן נישט יעדן טאָג אַמעריקע און ענגלאַנד; יידישיסטן און מענטשן, וואָס פּרעדיקן אויף יידיש אומצוברענגען דאָס יידישע לעבן, וואָס איז נאָר יידיש, וועלטלעך־יידיש.

אַ שטיק יידישע פּיריאַפּאָלים פון נעכטן איז היינט אויך דאָ אויף דער מיראַמאַרער פּלאַזשע און עס זענען דאָ אַלע מינים יידן און יידישקעס: ייוואָ־יידן און שול־יידן; קולטור־קאָנגרעס־יידן און ייקוף־יידן; באַנק־יידן און סעמינאַרישע יידן; וויצאָ־דאַמען, וועלכע זענען, אין הסכם מיט ציון, גרייט צו רעדן אויף אַלע שפּראַכן, אַפילו רוסיש, אַפילו אויף שפּראַכן, וואָס זיי קענען נישט, נאָר נישט קיין יידיש און די באָבעס, מאַמעס, טעכטער און אייניקלעך פון די דורותדיקע כאָרן פון דער י. ל. פּרץ־שול ביי דער געזעלשאַפט פאַר יידיש־וועלטלעכע שולן.

***

נעקאָטשעאַ האָט אויך איר באַזונדער חן־פּינטל, אָבער זי איז איינגאַנצן ענלעך צו אירע אַטלאַנטישע שוועסטער און ס'איז שטאַרק איר צויבער־קראַפט.

אבער מאר דעל פלאטא איז איבער אלעם. זי אליין איז צויבערהאפ־טער ווי אלע אירע שוועסטער־פלאזשעס צוזאמען. אלץ, וואס די אנדערע אטלאנטישע פלאזשעס פארמאגן, פארמאגט מאר דעל פלאטא אויך, אויב נישט נאך מער, ווי עס פארמאגן אלע צוזאמען. איר עקספלאנאדע, אירע מאלערישע טשאלעטן, אירע פרעכטיקע האטעלן, איר קאסינא, איר רולעטע, די עמאציעס פון די איינשטעלער ביי די רולעטע־טישן, די הונדערטער־טויזנטער פריוואטע אויטאס פון די באצויבערטע, וואס קומען פון אלע עקן לאנד און עס האלטן נישט אפ קיין געפארן; אירע אייגענע ביז א צענדליק פלאזשעס מיט גייענדיקע בוואליעס אויף זיי פונעם זעלביקן אקעאן, וואס שיקט זיי אויך ארויס אויף די אנדערע פלאזשעס. אויף איר צענטער־פלאזשע בריסטאל, טרעט מען אויף הענט און אויף פיס פון פרויען און פון מענער, פון קינדער און פון מענטשן אין די יארן, וואס זענען צוזאמענגע־קנאדערט מיט פארפלאנטערטע פיס און הענט. די מענטשן זענען דא ווי זאמד און עס ציט אהער מער ווי אויף די אנדערע פלאזשעס.

און אזוי ווי אלץ איז גרויס און א סך אין דער פלאזשע־שטאט פון די פלאזשע־שטעט, איז אויך גרויס איר ענגשאפט, האבן א סך פון די באצוי־בערטע אין די קארנאוואל־טעג און אין די זומער־נעכט זיך נישט וואו אהינצוטון, אויב עס געפעלט זיי נישט צו געניסן פון מאר דעל פלאטא אויף דער גאס.

א, מאר דעל פלאטא, מאר דעל פלאטא — ווי צויבערהאפט דו ביסט!

# פאַנאָראַמע

אויף דער צפון־זייט פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס שטייט די דרום־זייט פון דער פּראָווינץ ענטרע ריאָס. עס גייט נאָר אַדורך צווישן זיי דער גרויסער פּאַראַנאַ־טייך. פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס, וואו עס הייבט זיך אָן פון נול דער קילאָמעטראַזש צו אַלע פּונקטן פון דער גרויסער אַרגענטינער טעריטאָריע, ביז דער ענטרע ריאָסער דרום־שטאָט גואַלעגואַטשו, למשל, איז אַ מהלך פון 370 קילאָמעטער; ביז דער ענטרע ריאָסער שטאָט קאָנקאָרדיאַ אויף דער מזרח־זייט פון דער פּראָווינץ, ביים טייך אורוגואַי, וואָס לויפט צווישן דער פּראָווינץ און דעם שכנישן לאַנד אורוגואַי, איז מער פון 540 קילאָמעטער און ביז דער הויפּטשטאָט פון ענטרע ריאָס: פּאַראַנאַ, וואָס געפינט זיך אויף דער מערב־זייט פון דער פּראָווינץ ביים פּאַראַנאַ־טייך איז 580 קילאָמעטער. ענטרע ריאָס איז נישט פון די גרעסטע און נישט פון די קלענסטע פּראָווינצן אין לאַנד אַרגענטינע, וואָס איז פעדעראַליסטיש מיט אויטאָנאָמיע ווי יעדער פּראָווינץ־שטאַט. זי איז איינע פון אַרגענטינעס 23 פּראָווינצן אָדער שטאַטן וואָס פאַרנעמט אַ שטח פון 76.216 קוואַדראַנט קילאָמעטער; זי איז אַרומגענומען מיט טייכן, פון וואַנען עס נעמט זיך אַוודאי איר נאָמען: ענטרע ריאָס — צווישן טייכן — איר קלימאַט איז נישט צו הייס, נישט צו קאַלט, נאָר מיטלמעסיק, האַלב־טראָפּיקאַליש, לעבלעך און איר באַפעלקערונג אין באַשטאַנד פון 900 טויזנט מענטשן געהערן צו פאַרשידענע עטנישע גרופּירונגען, אָדער נאַציאָנאַלע איינהייטן, צווישן זיי די יידישע; זיי לעבן אַ צוזאַמענלעבן פון פּראָדוקטיווער אַרבעט אויף אַ פּרוכטיקער ערד.

***

ענטרע ריאָס רופט מען אויך מעסאָפּאָטאַמיע — לויט דער אַזיאַטישער טעריטאָריע — ווייל זי געפינט זיך צווישן צוויי טייכן: פּאַראַנאַ און אורוגוויי, ווי דאָס זאָגט שוין אויך דער נאָמען פון אונדזער פּראָווינץ. אייגנטלעך איז ענטרע ריאָס אַן אינדזל. מען מוז אַריבער אַ טייך אויף צוצוקומען צו איר. ביי איר לינקער זייט האָט זי דעם גרויסן פּאַראַנאַ,

וואָס ציט זיך אויף טויזנטער קילאָמעטער די לענג; ער קומט פון בראַזיל, ער גייט פאַרביי דעם אימפּאָזאַנטן וואַסערפאַל פון איגואַזו, ער גייט ווײַ־טער זײַן וועג צווישן פּאַראַגווײַ און אַרגענטינע ביז דעם ווינקל פון קאָ־ריענטעס און טשאַקאָ, וואו ער דרייט זיך אויס און גייט טייך־אַראָפּ צווישן קאָריענטעס און סאַנטאַ פע און ענטרע ריאָס און צום סוף צווישן דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס און ענטרע ריאָס ביז ער גייט אַרײַן אינעם פּלאַטאַ־טײַך, וואָס ער שאַפט, ווי דורך אַ זיפּ פון טײַכן, קאַנאַלן און אינדזלען, וואָס שאַפן דעם דעלטאַ. פון דער רעכטער זייט האָט ענטרע ריאָס דעם אורוגווײַ־טײַך. ער איז נישט אַזוי גרויס ווי זײַן לינקער ברודער, אָבער ער האָט זיך אויך נישט צו פאַרשעמען מיט זײַנע פופצן הונדערט קילאָמעטער די לענג. אויך ער קומט פון בראַזיל און גייט פאַרביי מיסיאָנעס און גייט פאַרביי פּאַסאָ דע לאָס ליברעס, וואו עס זענען אַמאָל ביי שקלאַ־פעריי דורכגעגאַנגען די פרייע מענטשן, צו באַפרייען אונדזער טייל אַמע־ריקע פון פאַרשקלאַפונג און וואו עס איז אין אונדזער צייט אויסגעבויט גע־וואָרן אַ אינטערנאַציאָנאַלע בריק צווישן בראַזיל און אַרגענטינע; דער אור־רוגווײַ גייט אויך פאַרביי מאָנטע קאַסעראָס, וואו עס איז אין אַ לעצטן אַנטשיידענעם קאַמף צווישן די באַוואָפנטע קרעפטן פון דער דיקטאַטאָרי־שער רעגירונג פון מאַנועל ראָסאַס און די קרעפטן פון אורקיסאַ — פאַרענ־דיקט געוואָרן מיטן ראָסאַס־רעזשים און זײַן הערשאַפט. דער אורוגווײַ־טײַך גייט ווייטער צווישן דער פרייער אורוגווייער רעפּובליק און דער פּרוכט־באַרער ענטרע ריאָס, אויף איר מזרח־זייט, וואו עס געפינען זיך די יידישע קאָלאָניעס ביז ער גייט אויך אַרײַן אינעם פּלאַטאַ־טײַך ביי דער אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ, וואו עס גיסן זיך צונויף און עס פאַראייניקן זיך דער פּאַראַנאַ מיטן אורוגווײַ.

און עס קרייצט אויך אַ טײַך — דער גוויקיראַ — איבער דער ברייט פון ענטרע ריאָס אויף איר צפון, דאָרט, וואו זי גרענעצט זיך מיט קאָריענטעס און שליסט דעם וואַסער־רינג אַרום אונדזער ליטאָראַלער טע־ריטאָריע, וואָס פאַרנעמט אַ שטח פון זעקס און זיבעציק טויזנט קוואַדראַט־קילאָמעטער אַגריקולטור און פיצוכט־לאַנד, וואו עס פליסט מיט מילך און האָניק.

***

מיט יאָרן צוריק, האָבן זיבן הונדערט צוויי און פופציק טויזנט מענטשן באַוואוינט ענטרע ריאָס, דאָס לאַנד פון די אינדיאַנער־גוואַראַניער פאַר דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער עפּאָכע. אין דער דאָזיקער קליינער באַפעלקערונג גייען אַרײַן פאַרשידענע פעלקער־גרופּעס, צום גרעסטן טייל פון אייראָפּע,

וועלכע זענען געקומען פריי, מיטן אייגענעם ווילן און אויפן רוף פון דער ארגענטינער רעפובליק אין א קלימאט פון פרייהייט, גלייכהייט און רעכט, צו באוואוינען דאס לאנד, פארמערן איר באפעלקערונג, פארנעמען זיך מיט נוצלעכע זאכן פאר זיך, פארן לאנד און פאר דער וועלט און לעבן וואס בעסער און וואס שענער פון פראדוקטיווער ארבעט.

צווישן די פארשידענע פעלקער־גרופירונגען פארנעמט איר בכבודיקן ארט די יידישע גרופירונג, וואס האט געשאפן אדער עס האט זיך דורך איר געשאפן אין לאנד אזא באגריף און אזא פארשטעלונג, אז ענטרע ריאס איז יידיש, איז באוואוינט פון יידן, ווערט פון יידן באארבעט, פראדוקטיוויזירט און קאמערציאליזירט פריוואט און קאאפעראטיוויסטיש אויפן יסוד פון יידישער קאלאניזאציע, לאנדווירטשאפט, אגריקולטור; יידישע ברויט־פעלדער, יידישע פי, עופות, יידישע מילך און האניק.

מיט יארן צוריק האט דאס שפאנישע ארגענטינע און דאס קאסמאפא־ליטישע, פייערלעך אויפגענומען אין איר לאנד־ליטעראטור „לאס גאוטשאס כודיאס", א ליטעראריש ווערק פונעם לעבן פון די יידישע קאלאניסטן אין ענטרע ריאס, פון וואנען עס איז אויך ארויסגעקומען אלבערטא גערשונאָוו, דער ארגענטינער שרייבער, וועלכער איז דער מחבר פון „לאס גאוטשאס כודיאס" (יידישע פעלד־מענטשן).

מיניסטארן, אפילו גובערנאטארן פון ענטרע ריאס האבן וויזיטירט די יידישע קאלאניעס פון דער פראווינץ, געקומען אויף יידישע קאלאניסטישע פארזאמלונגען, געשריבן און גערעדט מיט ליוב פון דער יידישער קא־לאניזאציע.

א מענטש פון ענטרע ריאס האט ערגעץ אין דער רעפובליק געזאגט, ווען דאס איז אויסגעקומען, אז ער איז א ענטרע ריאסער, האט מען באלד געוואוסט, אז ער איז א ייד...

פון די פרעסע־שפאלטן אדער פון שטאטישע גאסן האט זיך פון צייט צו צייט געלאזט הערן אן אנטיסעמיטישער קוויטש, איז גענוג געווען, אז עמיצער זאל דערמאנען ענטרע ריאס און ס'איז געווארן שטיל.

אינטעלעקטועלע ארבעט, אינדוסטריעלע, קאמוניקאטיווע און אפילו קאמערציאלע ארבעט, איז פונעם קוק־ווינקל פון ערלעכקייט און פון געזעל־שאפטלעכער נוצלעכקייט נישט ווייניקער ווערטיק און ווירדיק, ווי די אגראר־ארבעט, אבער ווען עס האט זיך געלאזט הערן דער בייזוויליקער און פאל־שער געשריי קעגן יידן, מחמת: „סוחרים", „עקספלואטירער", „שווינדלער", „דאקטוירים", האט מען דאס געשריי דערשטיקט מיט — ענטרע ריאס.

און ענטרע ריאס האט געמיינט יידן־אגראריער, פעלד־ארבעטער, אקערבויער, פיציכטער, מילך־ווירטשאפטלער, מיט איין ווארט — יידן קא־

לאַניסטן, וואָס אַקערן און זייען, וואָס שניידן און דרעשן; וואָס פּאַשען בהמות און מעלקן קי און וואָס באַאַרבעטן די פעלדער מיטן שווייס פון זייער שטערן.

אויב די יידישע ייקאַ־קאָלאָניסטישע באַפעלקערונג איז אין גאַנצן לאַנד באַשטאַנען פון זעקס און צוואַנציק טויזנט נפשות, האָט אַ גאַנצע העלפט פון זיי געלעבט אויף די פעלדער פון ענטרע ריאָס און אויב די קאָלאָניזיר־ערד פון דער ייקאַ אין לאַנד האָט געציילט און געמאָסטן זעקס הונדערט זיבעצן טויזנט מיט עפּעס העקטאַר, האָט זי אין ענטרע ריאָס פאַרנומען ווייניקער פון אַ העלפט און מער פון אַ דריטל, אויסשפּרייטנדיק זיך אויף אַ שטח פון צוויי הונדערט איין און דרייסיק טויזנט העקטאַר.

דער ייקאַ־דירעקטאָר ווייל, האָט געהאַט אָנגעגעבן זעכצן די צאָל יידישע ייקאַ־קאָלאָניעס אין דער רעפּובליק, געפינען זיך צען פון זיי אין ענטרע ריאָס אַליין: קלאַראַ, לוסיענווילע, סאַן אַנטאָניאָ, לאַפּעז און בעראָ, וואַלטער מאָס און קורבעלאַ, סאַנטאַ איזאַבעל, פּאַלמאַר־זשאַטאַי, אונגרע, כהן, אביגדור. אפשר גייען שוין אין די צען אַריין אַלע יידישע קאָלאָניעס אין ענטרע ריאָס. אָבער ווי רעדט מען פון יידישן ענטרע ריאָס און נישט דערמאָנען באַסאַווילבאַסאָ, דאָמינגעז, סאַן סאַלוואַדאָר (וואו אַ יידישער קאָלאָניסט איז פון זיין הויז אַרויסגעקומען מיט אַ ביקס אין האַנט, אין אַ זומער־נאַכט מיט אַ פערציק יאָר צוריק, ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין זיין טויער) און פעדערמאַר און אובאַכיי, וואו מ'האָט עקספּערימענטירט קאָ־לעקטיווע ווירטשאַפט און פון וואַנען מיר זענען אויף אַ סולקי דורכגעפאָרן דעם ייקאַישן פּאַלמען־וואַלד אויפן וועג צו פּועבלאָ קאַסעס.

אָבער די צוויי הונדערט איין און דרייסיק קילאָמעטער באַזעצט מיט יידישע קאָלאָניעס, האָבן נאָך אויך געלאָזן פּלאַץ פאַר אַנדערע און אפשר אויך פאַר מער יידישע קאָלאָניעס אויפן שטח פון ענטרע ריאָס, וואָס פאַר־נעמט צווישן די טייכן אַ טעריטאָריע פון זעקס און זיבעציק טויזנט קילאָ־מעטער און דאָס זעלביקע איז געזאָגט געוואָרן אין שייכות דער באַ־פעלקערונג.

די קאָלאָניסטישע יידן פון ענטרע ריאָס זענען נישט אַלע יידן פון דער אַרגענטינער מעסאָפּאָטאַמיע, געווען אויך שטאָטישע יידן — און זיי זענען היינט דאָ מער ווי זיי זענען געווען — אין ענטרע ריאָס און מ'קאָן זאָגן, אַז די שטאָטישע יידן אין ענטרע ריאָס זענען מער, אַ סך מער ווי די קאָ־לאָניסטישע. ענטרע ריאָס האָט אַ סך ווייניקער שטעט און שטעטלעך, איידער אַנדערע פּראָווינצן אין דער רעפּובליק און אירע שטעט און שטעט־לעך זענען אַגראַרישע. זיי שמעקן מיט פרוכטבאַרער ערד, מיט גרינע שפּראָצן, מיט גאָלדענע זאַנגען, מיט מילך־פּראָדוקטן און בינען־האָניק, מיט

רויע פעל און פלייש, מיט טראַקטאָרן און שנייד־מאַשינען, מיט קערנער און תבואה־עלעוואַטאָרס, מיט קעז און פוטער, מיט גאַוטשאָס און „טשינאָס" (שוואַרץ־חנעוודיקע), אין די באַקלייד־ און צירונג־געוועלבער און עס שמעקט אויך מיט פעלד דאָס „ווייבערישע גן־עדן", דער גאַלאַנטעריי־מאַגאַזין און די ניילאָן־זאָקן אין די שוי־פענצטער, וואָס זענען גרייט פאַר די פיס פון די קאָלאָניסטישע סעניאָריטאָס און סעניאָראָס, אַזוי יידישע ווי נישט־יידישע. אָבער שטעט און שטעטלעך זענען זיי: פעדעראַסיאָן און טשאַרואַס; קאָנקאָרדיאַ און קורופי, קאָלאָן און ווירשאַגוויי; גוואַלעגווייטשו און גוואַלעגוויי (אינדיאַניש־גוואַראַניעשע נעמען, וואָס דערמאָנען די אַמאָליקע באַלעבאַטים פון ענטרע ריאָס); וויקטאָריאַ און נאָגאָזשאַ, לאַ פאַז און פאַראַנאַ און נאָך אַ סך שטעטלעך און שטעטעלעך, פיל פון זיי עכט קאָלאָניסטישע מיט אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס און מיט זייערע פּריוואַט־געשעפטן צו באַדינען די קאָלאָניסטישע מענטשן, אַזוי אויך זייערע אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און פּריוואַטע אונטערנעמונגען, פּראָפעסיעס, פאַכן, קולטור און גייסטיקע זאַכן צו באַדינען דעם פעלד־מענטש, די פעלד־בהמה און באַדינען דאָס פעלד און אַליין מאַכן זיי אַ לעבן פון דער באַדינונג. אַזוינע עכט קאָלאָניסטישע שטעטלעך זענען אויך די יידישע דאָמינגעז מיט איר „פאָנדאָ קאָמונאַל" די גרעסטע פון די יידישע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס אין ענטרע ריאָס און אין לאַנד; די יידישע טייל פון באַסאַווילבאַסאָ מיט איר „סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ לוסיענווילע" וואָס איז די ערשטע יידישע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיווע אין לאַנד, זייענדיק געגרינדעט אין יאָר 1900 און איז אין פאַרנעם די צווייטע פון אַכט יידישע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוועס אין די אַכט יידיש־קאָלאָניסטישע שטעטלעך און אַגראַר־פּונקטן אין ענטרע ריאָס.

און דאָרט, וואו עס איז אַ שטאָט, אַ שטעטל, אַ שטעטעלע — זענען דאָ אונדזערע ליבע יידן. מיט 55 יאָר צוריק האָב איך אין אַ הויז פון ראָסאַריאָ דעל טאַלאַ — אַ שטעטל ביים גוואַלעגוויי־טייך, היינט שוין אַ שטאָט — אַריינגעצויגן גאַז־ליכט, איז דאָס הויז געווען יידיש, באַוואוינט פון יידן. איך ווייס נישט און מען ווייסט נישט וויפל עס וואוינען אין ענטרע ריאָס שטאָטישע יידן; וויפל יידישע נפשות עס לעבן אין די שטעט און שטעטלעך פון ענטרע ריאָס, נאָר אויב אין די יידישע קאָלאָניעס פון ענטרע ריאָס לעבן דרייצן טויזנט יידישע נפשות, מעג מען רעכענען, אַז מער פון דריי מאָל אַזוי פיל לעבן יידן אין די ענטרע ריאָסער שטעט און שטעטלעך. צוזאַמען זאָל עס זיין אַ פופציק טויזנט יידן צווישן אַ באַפעלקערונג פון אַכט הונדערט טויזנט. אַזוי, אַז כאָטש ענטרע ריאָס קלינגט ווי מ'וואָלט געזאָגט — צווישן יידן, לעבן אויך גוים אין אַרגענטינישן מעסאָ־

פּאַטאַמיע — און נישט אַלע יידן, אַפילו נישט אין ענטרע ריאָס זענען קאָ־לאָניסטן, ערד־אַרבעטער.

און דאָס יידישע יידנטום מיטן וועלטלעכן און פּראָגרעסיוון יידיש האָט אין ענטרע ריאָס דורכגעלעבט דעם זעלביקן פּראָצעס פון צופלוס און אָפּפלוס, ווי אין די אַנדערע פּראָווינצן און טעריטאָריעס. צוזאַמען מיט דער פּראָגרעסיווער און שטודירנדער יוגנט איז אַוועק דאָס פרייע און וועלטלעכע יידיש אין דער מעטראָפּאָליע — אין בוענאָס-איירעס.

דווקא ענטרע ריאָס מיט אַ געדיכטער יידיש־קאָלאָניסטישער באַפעלקע־רונג, וואָס איז אַליין אַזוי גרויס ווי די יידישע באַפעלקערונג פון אַלע אַנ־דערע ייקאַ־קאָלאָניעס אין לאַנד, האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט ווייַ־ניקער וועלטלעך־יידיש און מיט מער אַסימילאַציע, ווי אַנדערע יידיש־קאָלאָניסטישע געגנטן.

און דאָס יידישע ענטרע ריאָס האָט דווקא אַרויסגעגעבן אינטעלעק־טועלע און קינסטלערישע כוחות מער ווי אַנדערע יידישע געגנטן אין אינערן פון לאַנד: די דיקמאַנס, גערשונאָוו, קיפּען, רובינשטיין, די אייַ־טשעלבוימס, וואָרטמאַן, סערעברינסקי, האָפמאַן און זייערס גלייכן — פירער פון דער קאָאָפּעראַטיווער אַגראַר־באַוועגונג; פון דער סאָציאַל־פּאָליטישער און סאָציאַליסטישער; פון דער ליטעראַרישער און קינסטלערישער — זענען זיי דאָס אין די לאַנד־באַוועגונגען פון אַלגעמיינעם כאַראַקטער און אין דער שפּאַנישער לאַנד-שפּראַך. עס איז אַוודאי אַ ווערטפולער בייטראַג פון יידישן ענטרע ריאָס פאַר דער אַלגעמיינער לאַנד־קולטור, אָבער פאַר יידיש־קולטור איז עס אַ פאַרלוסט. אַפילו די קאָאָפּעראַטיוועס פון יידישע קאָלאָניסטן, ווי הייסן זיי? — „סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ", „פאָנדאָ קאָמונאַל", „אַגריקולטאָ־רעס אונידאָס" א. א. וו. האָט מען נישט געקאָנט געפינען אַ יידישן נאָמען פאַר אַ יידישער אָרגאַניזאַציע?

# לוקאַס גאַנזאַלעס

מיין ערשטע רייזע קיין ענטרע ריאָס, וואָס איז געווען מיין ערשטע ווייטע רייזע אין אינערן פון לאַנד, האָב איך געמאַכט סוף 1910, אָדער אָנהייב 1911 — אין 5טן יאָר פון מיין זיין אין אַרגענטינע. געשיקט פון אַ בוענאָס-איירעסער נישט-יידישער עמפּרעסע, בין איך געפאָרן איינשטעלן גאַז-ליכט אין אַ עכט פעלדיש, נישט-יידיש, ענטרע ריאָסער שטעטעלע, וואָס האָט געהייסן לוקאַס גאַנזאַלעס — אַ שפּאַנישער נאָמען.

דאָס שטעטעלע, כמעט אין דער מיט פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָווינץ, איז געווען ווי אַרויסגעקומען פון די אומענדלעכע פלאַכע און פּילפּאַרביקע פעלדער אין ברייטע און ווייטע האָריזאָנטן. צוויי מאָל אין דער וואָך איז הינטערן שטעטל דורכגעגאַנגען די פּראָווינציעלע ענטרע ריאָסער באַן. זי האָט זיך דאָ נאָר אָפּגעשטעלט ווען מ׳האָט געוואַרט אויף איר, אָדער ווער פון די פּאַסאַזשירן עס האָט דאָס פאַרלאַנגט, צי מ׳האָט געדאַרפט אויפנעמען אָדער אַראָפּלייגן פּראָדוקטן.

די קליינע באַפעלקערונג איז געווען אַ לוקאַס גאַנזאַלעסער, אַ אַרטיקע, אַ דאָהי געבוירענע ביי עלטערן און אורעלטערן אינדיער-גוואַראַניער און איינגעוואַנדערטע שפּאַניער און איטאַליענער און פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. די אַלגעמיינע שפּראַך איז געווען און איז אוודאי אַ שפּאַניש-קאַסטיליאַניש-אַרגענטינישע מיט אַ געגנטלעכן אַקצענט.

אַלץ האָט דאָ געשמעקט מיט פעלד, מיט זיין לעבן פון געוויקסן און פון חיות; מיט זיין לופט און מיט זיין דופט; מיט זיין פרישקייט און מיט זיין שטויב; מיט זיין געמיט און מיט זיין ברען.

פעלדיש זענען די וואוינונגען און פעלדיש די מענטשן, וואָס וואוינען אין זיי; פעלדיש גייען אָנגעטון די מענטשן און פעלדיש איז דאָס פירן זיך.

די פאַרמעגלעכע איינוואוינער (נישט די פעלד־קאַפּיטאַליסטן־לאַטיפונדיסטן, זיי וואוינען נישט אויפן פעלד) זענען די באַלעבאַטים פון די פעלדער און פון די פעלדישע זאַכן און די וואָס פאַרמאָגן נאָר דאָס וואָס זיי טראָגן אויף זיך: אַלפּאַרגאַטן, באָמבאַטשעס, אַ קאַמפּערע, אַ טיכל, אַ טשאַמבערגע, אַ פאַסיק און אַ מעסער — זענען די פעלד־אַרבעטער, די פעאָנען, וואָס

וואוינען אין די שטאָלן פון זייערע פאַטראָנען, אָדער אין ראַנטשאָס (כאַטעס, געצעלטן), וועלכע זיי שטעלן זיך אַליין אויף פון צווייגן, שטרוי און פלאַכ־טעם — פאַרוויילן זיך אין דער „באָליטשע" (שענק) פון שטעטל אַרום אַ „דאַמעכואַן" (אַ פרויסע פלאַש) וויין, וואָס ווערט געטרונקען צוזאַמען, נאָר צוביסלעך פון איין גלאָז. דאָס איז טראַדיציאָנעל און אַן אויסדרוק פון פריינטשאַפט. דער פעלד־מענטש, אָדער גאַוטשאָ, וואָס איז זייער פילבאַר און מאָראַליש אויף זיין שטייגער, פילט זיך באַליידיקט, אָדער אָנגעגריפן פון אַ וואָרט, אַ זשעסט אָדער אַ טאַט, וואָס שטימט נישט מיט זיין געפיל אָדער באַגריף און כאַפּט זיך באַלד צום מעסער, נישט מחמת מערדער, נאָר זיך צו פאַרטיידיקן, זיך באַווירדיקן און דאָס מאַכט ער אויף דעם אופן, ווי מען מאַכט דאָס אין דער סביבה.

דאָס לעבן אין דער אייגענער ראַנטשאָ מיט דעם געמיטלעכן זופּן אַ מאַטע אין דער פרייער צייט, זיצנדיק אַרום אַ פייערל צו האַלטן וואַרעם דאָס וואַסער אין טשייניק פאַר דער מאַטע, אָבער צימבלען אויף אַ גיטאַ־רע — צווינגענדיק זיך אַ ליד, אָדער נישט־צווינגענדיק, איז אויך אַ גע־וויינלעך שטיקל לעבן אין דער פעלדישער סביבה פון לוקאַס גאָנזאַלעס.

און שבת אויפדערנאַכט, מחמת ערב זונטיק, קומט זיך צוזאַמען די יוגנט אין דער באָליטשע און מען טאַנצט און עס שפּילן גיטאַרעס און מען דיאַלאָגירט צום גראַם און מען פאַרברענגט געמיטלעך און איינגעהאַלטן אין דער טונקעלער שיין פון אַ נאַפט־לאָמפּ מיט די „טשינאַס" (אַזאַ צו־נאָמען: „כינעזערנס"), וואָס קומען מיט זייערע מאַמעס און מען זופּט דערביי צוביסלעך רויטן וויין.

# אין די יידישע קאָלאָניעס

אין 1921 אָדער 1922 האָב איך ווידער געמאַכט אַ רייזע קיין ענטרע ריאָס. דאָס מאָל אין יידישן ענטרע ריאָס, נישט ווי אַן איינשטעלער פון גאַז־ליכט, נאָר ווי אַ זשורנאַליסט און אַ מיטרעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער יידישער צייטונג „די פּרעסע".

אין יענע פּיאָנערישע יאָרן פון יידישן געזעלשאַפטלעכן אויפבוי און קולטורעלן שאַפן פלעגט מען, צוליב די איניציאַטיוועס און די מאַטעריעלע אָרעמקייט פון די שאַפונגען, וואָס זענען געווען אין דער שטאָט בוענאָס־איירעס, פאָרן אין דער „ליבער" יידישער פּראָווינץ.

דאָס פאָרן איז געווען אַ שליחות פון דער יידישער בוענאָס־איירעס, ווי די מעטראָפּאָליע פון דער יידישער אַרגענטינע, פאַר די אינטערעסן פון יידישע זאַכן.

די שפּעטערישע יידן פון די פּראָווינצן, מיט די יידישע קאָלאָניסטן אינ־מיטן, זענען נישט געווען רייכער פאַר די שפּעטערישע יידן אין דער הויפּט־שטאָט פון דער רעפּובליק, אָבער דער האַרציקער ייד פון דער „ליבער" פּראָווינץ האָט זיך געלאָזט קאָסטן וויפל ער האָט געקאָנט און אָפטמאָל מער וויפל ער האָט געקאָנט. ער האָט דאָס געטון מיט ליבשאַפט און מיט געווינס פון מיטשאַפן דאָס אייגנס, וואָס וועט געשאַפן; דאָס אייגענע יידיש־געזעלשאַפטלעכע לעבן, דאָס באַפרייטע און דאָס פרייע; די אייגענע יידישע קולטור און ביכלל דאָס אייגענע יידישע מאָדערנע לעבן, וואָס איז געלעבט געוואָרן אַזוי ווי אין יידישן בוענאָס־איירעס און אפשר נאָך מער אין די שטעט און שטעטלעך פון דער „ליבער" יידישער פּראָווינץ און אפשר מער נאָך ווי אין די פּראָווינצער שטעט און שטעטלעך — אין די יידישע קאָלאָניעס.

זענען אויך געפאָרן שליחים אין די אינטערעסן פון די יידישע צייטונגען אין די ערשטע יאָרן פון זייער דערשיינונג. אַרטיקע יידן האָבן פרייוויליק מיטגעאַרבעט מיט די שליחים. אַזאַ שליח בין איך אויך געווען. דאָס האָט מיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די יידן און מיט זייער לעבן אין

אינערן פון לאַנד, אין די יידישע קאָלאָניעס, אין די קאָלאָניסטישע שטעטלעך און אין די שטעט.

אַ וואַרעמע און פאַמיליאַרע גאַסטפריינטשאַפט האָט אין יידישן דאָרף, אין דער שטוב פון יידישן פעלד־אַרבעטער, פון יידישן קאָלאָניסט, פאַר־טראַטן דעם האָטעל, וואָס איז אין דער קאָלאָניע, אָדער אין דער גרופּע פון דער קאָלאָניע נישט געווען. די דאָזיקע גאַסטפריינטשאַפט האָט געגעבן די מעגלעכקייט גאָר פון דער נאָענט צו זען, הערן, פילן און באַטראַכטן דאָס לעבן פונעם יידישן קאָלאָניסט, אָדער פון דער יידישער קאָלאָניסטישער משפחה אין יידישן דאָרף.

דאָמינגעז איז אַ שפּאַנישער נאָמען פונעם יידישן שטעטל אין ענטרע ריאָס — דאָס שטעטל פון דער גרויסער יידישער יקאַישער קאָלאָניע קלאַראַ, וואָס איז דער נאָמען פון באַראָן הירשס פרוי. עס זענען נישט קיין יידישע צונעמען סאַן אַנטאָניאָ, באַסאַווילבאַסאָ, סאַנטאַ איסאַבעל, פעדער־נאַל, לאַפּעז, סאַן סאַלוואַדאָר, קאַמפּאָס, פּאַלמאַר, זשאַטאַי, אובאַכאַי און נאָך אַנדערע יידישע קאָלאָניעס, צי קאָלאָניסטישע שטעטלעך אין ענטרע ריאָס, אָבער די קאָלאָניעס און זייערע שטעטלעך זענען נישט ווייניקער יידיש, ווי קלאַראַ, קלאַריטאַ, לוסיענוויל, מאָס, אונגרע־כהן, אביגדור און אַנדערע.

איז וואָס האָב איך געזען אין יידישן דאָרף פון ענטרע ריאָס?

איך האָב געזען ווי יידן אַקערן די פּרוכטיקע ערד פון דער מעסאָפּאָטאַ־מישער פּראָווינץ און איך האָב געזען ווי יידן פאַרזייען די צעאַקערטע פעל־דער און ווי די פאַרזייטע פעלדער שפּראָצן און בליִען און גרינען און וואַקסן און ווערן צייטיק און איך האָב געזען ווי יידן שנײַדן שניטצייט די צייטיקע פּראָדוקציע — „קאָסעטשע״, ווי דאָס הייסט אויף שפּאַנישן יידיש — אויב ס'איז געווען זון און רעגן ווען מען האָט געדאַרפט און ס'איז געווען אַ גערעטעניש.

דאָס איז גערעדט געוואָרן אין יאָרן פון גערעטעניש. זיי האָבן געטראָגן אין דער קאָלאָניע הייטערקייט און פרייד. דער קאָלאָניסט, שטענדיק אַן אייג־געבאָדענער אין חובות, האָט זיך אַרומגעצאָלט, קודם־כל זיך גוטגעשטעלט מיט דער ייקאַ, מיט וועמען דער ייקאַ־קאָלאָניסט האָט שטענדיק געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. מען האָט זיך קעגנזייטיק נישט פאַרשטאַנען און נישט טאָלערירט, מיט דעם אונטערשייד, וואָס דער יידישער ייקאַ־קאָלאָניסט איז צוגעגאַנגען צו דער קאָלאָניזאַציע ווי צו אַ ארץ־ישראל, וואָס איז פילאַנ־טראָפּיש צוטיילט פאַר פּריוואַט־אייגנטום, פאַרזאָרגט מיט די ערשטע אַר־בעט און לעבנס־מיטלען און באַשיצט און פאַרזיכערט מיט הילף קעגן אַלע שלעק און קעגן יאָרן פון אומגערעטעניש — בעת די ייקאַ, אין דער גע־

שטאַלט פון איר אַדמיניסטראַציע, איז צוגעגאַנגען צו איר קאָלאָניזאַציע, דאָ אין אַרגענטינע, ווי צו אַ קאַפּיטאַליסטישע קאָלאָניזיר־געזעלשאַפט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט קויפן ערד, כדי זי צו פאַרקויפן פּלאַנמעסיק אויף אַ העכערן פּרייז, מיט איינשטעלונגען און פאַרזיכערונגען עס זאָל פאַר דער ערד געצאָלט ווערן אין אַלע פאַלן און מיט פּראָצענט פאַר חובות.

אויף וויפל די יידישע קאָלאָניזאַציע איז געוואָרן אידעאַליזירט: דורך אַ יציאת־רוסלאַנד (דאָס רוסלאַנד פון אַנטיסעמיטיזם, רעכטלאָזיקייט און פּאָגראָמען); דורך אומקערן זיך פון יידן צו דער נאַטור; דורך פעלד־אַרבעט מחמת פעלד־אַרבעט און לעבן אין דער לאַנדווירטשאַפט, האָט זיך דער יידישער קאָלאָניסט געזען אין דער אידעאַליסטישער געשטאַלט, דערהויבן צו אַ שליחות, וואָס דאַרף זיין פאַרזאָרגט און באַלוינט צו גענימן פון אַ שיין לעבן לויט באַגריפן פון אַ העכערן לעבנס־שטייגער און דאַרף זיין געערט און געשעצט, געליבט און געשמייכלט מיט רעספּעקטפולע און ליבלעכע באַציאונגען.

אָבער אין קעגנזאַץ צו אידעאַליזם האָט זיך דער יידישער קאָלאָניסט אַנגעשטויסן אויף דער האַרטער וואַנט פון דער מאַטעריאַליסטישער, ביוראָקראַטיזירטער, פונקציאָנאַריזירטער ייקאַ־אַדמיניסטראַציע און ער — אַן אַנטוישטער, אַ געליטענער, אַ פאַרביטערטער, אַ דערנידעריקטער, ווי ער האָט זיך געפילט און אַ פאַרפאָלגטער, ווי ער האָט זיך געזען, פון דער ייקאַ־אַדמיניסטראַציע, פון איר רעגירן, אירע געזעצן פון שטראַף־באַדינגונגען; אירע באַפעלן און אירע באַנעמונגען, וואָס ווערן כסדר פאַרוויקלטער און ערגער אין דער אייגענער צייט, ווען די נאַטור אין דער געשטאַלט פון אַ טרוקעניש, וואָס פאַרטרוקנט דעם פּראָדוקט פון דער שווערער פעלד־אַרבעט, צי אַ פאַרוואַסערונג וואָס פאַרוואַסערט, אָדער אַ היישעריק וואָס עסט אויף די פרוכט פון דער אַרבעט ביי איר אויפגיין, חוץ אַנדערע פּלאָגן, וואָס פאַרמערן דאָס קלערן וועגן דעם קנויל פּראָבלעמען וואָס וואַקסט צוזאַמען מיט דער אומבאַהאָלפנקייט זיי צו לייזן.

אַזוי רעדט אין מיר אַריין דער יידישער קאָלאָניסט פון יעדער קאָלאָניע אין ענטרע ריאָס און יעדער קאָלאָניסט האָט צו דערציילן און דערציילט אָן אַ סוף פון זיין פאַרפינצטערט קאָלאָניסטיש לעבן, פון וועלכן עס קוקן קוים אַרויס ליכטיקע פּינטעלעך. אַלע דערציילן דאָס אייגענע, אָבער יעדער פילט אַ באַדערפעניש צו דערציילן און דערציילט דאָס אייגענע פון זיך. מען רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן.

און פון דער צווייטער זייט אין קאָלאָניסטישן לעבן פאַרנעמט די שטאָט איר אָרט.

דאָס אָרט, וואָס די שטאָט פאַרנעמט אין דער קאָלאָניע, איז, אין גרונד

גענומען, די מאַטעריעלע און עקאָנאָמישע באַציאונג און פאַרבינדונג צוליב דער פּראָדוקציע, קאָמערציע און קאָנסום. עס פאַרנעמט אויך זיין אָרט דער קולטור־וועזן און דאָס פאַרצווייגטע יידישע אינסטיטוציאָנעלע לעבן, וואָס נעמט זיך פון דער שטאָט.

חוץ דעם פאַרנעמט די שטאָט איר אָרט אין דער קאָלאָניע ביי דער קאָלאָניסטישער יוגנט, ביי די יינגלעך און ביי די מיידלעך, וואָס ווערן באַצויבערט פון שטאָטישן צויבער; וואָס ווערן באַהערשט פון זייער ווילן צו לערנען; לערנען אין דער מיטלשול און אין דער הויך־שול, וואָס איז אין שטאָט און וואָס איז דער וועג צו אינטעלעקטועלע פּראָפעסיעס, אין וועלכע יידישע קאָלאָניסטישע קינדער און קינדס־קינדער פאַרנעמען אַ שיינעם אָרט אין אַוואַנגאַרד פון די פּראָפעסיאָנאַלן ביי דער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט און פּראַקטיק, וואָס איז אין שטאָט.

די אינדוסטריע און די קאָמערץ, וואָס איז שטאָטיש, ציט אויך מיט אַ גרויסער קראַפט יידן פון דאָרף אין שטאָט אַריין, נישט געקוקט וואָס נישט אַלץ אין איר איז ליכטיק.

און די שטאָט הייבט זיך אָן אין קאָלאָניסטישן שטעטעלע און אַנטוויקלט זיך אין די שטעט פון דער פּראָווינץ, דערגייענדיק ביז דער פּראָווינציעלער הויפּטשטאָט, וואָס אין ענטרע ריאָס איז זי די שטאָט פּאַראַנאַ. די דאָזיקע אַנטוויקלונג פון דאָרף אין שטאָט אַריין איז זיך אַ זאַך פאַר זיך, וואָס שטערט נישט דעם דירעקטן גאַנג פון דער קאָלאָניע אין דער הויפּטשטאָט פון לאַנד, אין דער פעדעראַלער שטאָט בוענאָס־איירעס, וואָס האָט זיך אין ווייניק יאָרן אַ סך אַנטוויקלט און ציילט שוין אַ באַפעלקערונג פון מיליאָנען איינוואוינער, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אויך ענטרע ריאָסער יידן.

# פּאַראַנאַ

רואיק און שפּיגלדיק איז דער פּאַראַנאַ, צווישן גרינע ברעגעס פון די פּראָווינצן סאַנטאַ פע און ענטרע ריאָס און אין דער הימל־בלויער לופט אונטער דער באַשטראַלונג פון דער זון. עס גייט זיך מאַיעסטעטיש אונדזער שיף אויף אים. זי פירט אַ קליינעם אינטערנאַציאָנאַל פון פּאַסאַזשירן, מענער, פרויען, קינדער פון פאַרשידענע ראַסן, פאַרשידענע פירונגען, פאַר־שידענע שפּראַכן; זי פירט לוקסוס־אויטאָמאָבילן און מאַטאַריזירטע לאַסט־וועגענער; זי פירט אַפילו אַ גרויסן אויטאָבוס מיט זיינע פּאַסאַזשירן, וואָס גייט קיין פּאַראַנאַ — די הויפּטשטאָט פון ענטרע ריאָס.

אויף דער רעכטער זייט פונעם פּאַראַנאַ־טייך, אַ פּאַרט מיט שיפן און שיפלעך ביים ברעג, איבער וועלכן עס הייבט זיך אויף דער גרויסער פּאַרק אורקיסאַ מיט זיין אימפּאַזאַנטן מאָנומענט פונעם אינלענדישן באַפרייער.

פּאַראַנאַ האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפן מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק אַרום אַ פעסטונג, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן צו באַשיצן זיך... פון די אינדיער. אין פאַרלויף פון די יאָרן האָט זיך די שטאָט אויסגעבויט אין פאַרשידענע סטילן אויס דער פאַרשידנקייט פון איר באַפעלקערונג וואָס גרייכט ביז די הונדערט טויזנט איינוואוינער, איינשליסלעך די ייִדישע באַ־פעלקערונג — אַ קליינבירגערלעכע, אַ מיטלקלאַסיקע — וועמענס ייִדיש־קייט עס זעט זיך אין דער עפנטלעכער פּאַראַנאַ גאָרנישט אָן; אויך די צייטן האָבן איבערגעלאָזט זייערע שפּורן אויף דער ענטרע ריאָסער הויפּשטאָט, וואָס איז אין אַ היסטאָרישן מאָמענט, אין 1854 געווען די הויפּטשטאָט פון לאַנד. צווישן די נייעסטע מאָדערנע בלאָק־הייזער, אַמעריקאַנער סטיל, וואָס ציען זיך אַרויף אין דער הויך מיט אַ סך שטאָקן, שטייען נאָך די עלטסטע פון די קאָלאָניאַלע צייטן, שפּאַנישער סטיל מיט פעסטונג־ווענט, גראַטעס אויף די פענצטער, קירכעלעך, מאָנאַסטיר און קאָנווענט־געשטאַלט מיט ברייטע קוואַדראַטנע „פּאַטיעס" מיט מאָזאַיקעס און מאַלבאַמען און זשיראַנ־דיען אין די ווינקלען.

***

אונדזער פענצטער אין פּלאַסאַ־האָטעל קוקט אַרויס אויף דער צענ־

טראַלער פּלאַסע פון פּאַראַנאַ, אויף דער פּלאַסע 1 דע מאַזשאַ. ווי קומט אַהער דער 1טער מאַי? — עס איז נישט דער אינטערנאַציאָנאַלער טאָג פון פּראָלעטאַריאַט. עס איז אַפילו אויך נישט דער טאָג, ווען עס איז אין 1טן מאַי פון 1853 אָנגענומען געוואָרן פון דער היסטאָרישער קאָנסטיטואַנטע אין סאַנטאַ פּע די ערשטע אַרגענטינער קאָנסטיטוציע, וואָס דאָס האָט געקאָנט געשען נאָכדעם, ווי דאָס לאַנד איז באַפרייט געוואָרן פון דיקטאַטאָרישן ראָסאַס־רעזשים. עס איז דער טאָג פון דער אַרגענטינער אינערלעכער באַפרייאונג; דער טאָג פון דער אורקיסאַ־דעקלאַראַציע צו באַפרייען דאָס לאַנד פון דער רעגירונג פון מאַנועל ראָסאַס און אָרגאַניזירן עס קאָנסטיטוציאָנעל אויפן גרונט פון די פּרינציפּן פון דער אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע; אויף די פּרינציפּן פון פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט און אויף די סאָציאַלע געדאַנקען און הומאַנע געפילן דורכגעדרונגענע פון דער אונטערהדריקטער מאַי־רעוואָלוציע — דערהויבענע געדאַנקען און טיפע מענטשלעכע געפילן, וואָס האָבן אָנגעפילט די לופט איבער די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ; געדאַנקען און געפילן, וואָס די אַרגענטינער דעפּאָרטירטע און געצוואונגענע עמיגראַנטן — דענקער, דיכטער און געניאַלע ליבטיקע פּערזענלעכקייטן: עטשעווערריאַ, מאַרמאָל, וואַרעלאַ, ריוועראַ אינדאַרטע, גוטיערעז, סאַרמיענטאָ, אַלבערדי, לאָפּעז — האָבן פאַרשפּרייט יאָר־איין, יאָר־אויס, ביז דעם 1טן מאַי 1851, ווען דער גענעראַל אורקיסאַ — דאָן גובערנאַטאָר פון ענטרע ריאָס און קאַפּיטאַן פון באַוואָפנטע קרעפטן, וועלכער האָט שוין געהאַט דורכגעפירט מיליטערישע, אָבער אַנטיראָסיסטישע טריאומפן אין אורוגוויי און אין קאָריענטעס — האָט אַרויסגעטראָגן אַ מאַניפעסט פאַר דער באַפרייאונג פון אַרגענטינע.

און פון דעם 1טן מאַי טראָגט די פּרעכטיקע פּאַראַנאַ־פּלאַסע איר נאָמען. דאָס היינטיקע איז דאָס הונדערטסטע יאָר פון דאָזיקן אַרגענטינישן 1טן מאַי — דער פייערלעכער הונדערטסטער יאָרטאָג פון דער אורקיסאַ־דעקלאַראַציע, אונטער וועלכער ס'איז געגאַנגען דער אַנטשיידענער באַפרייאונגס־קאַמף.

ראָסאַס פּאַרלאַמענט־געצייג: די „סאַלע פון די רעפּרעזענטאַנטן", האָט דורך אַזאַ מין געזעץ דערקלערט אורקיסאַן פאַר אַ „פאַרעטער און משוגענער" און די ראָסאַס־רעגירונג האָט מאָביליזירט און אָרגאַניזירט קעגן דעם „פאַרעטער און משוגענעם" אורקיסאַ אירע באַוואָפנטע קרעפטן... ביז אין יענער נאַכט, ווען ראָסאַס, וועלכער האָט צוואַנציק יאָר געהערשט, טעראָריזירט און ברוטאַליזירט דאָס לאַנד, איז בגנבה אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן אויף אַן ענגלישער קריגסשיף, וואָס איז געשטאַנען אין פּאָרט און וואָס האָט אים דערנאָך אוועקגעפירט פון לאַנד קיינמאָל מער נישט צוריקצוקומען. דאָס

איז געשען נאָך דעם לעצטן באוואָפנטן קאַמף אויף די פעלדער פון מאָנטע קאַסעראָס, וואו אורקיסאַ בראש פון אַן „אַליאירטער דרום־אַמעריקאַנישער אַרמיי״, וואָס האָט מאַרשירט אויף בוענאָס־איירעס האָט דעם 3טן פעברואַר 1852 זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט ראָסאַס אַרמיי — אַ צוזאַמענשטויס פון צוויי און צוואַנציק טויזנט סאָלדאַטן פון דער דעספּאָטיע מיט פיר און צוואַנציק פון דער באַפרייאונג. די ערשטע זענען דעפיניטיוו באַקעמפט און באַזיגט געוואָרן פון די צווייטע. דאָן מאַנועל ראָסאַס האָט אַפּגעצויגן און צוגעשיקט צו דער „סאַלע פון די רעפּרעזענטאַנטן״ זיין דעמיסיע און — די קאָמעדיע האָט זיך געענדיקט.

אין 1853 האָט די קאָנסטיטואירנדע פאַרזאַמלונג געשאַפן די מוסטער־האַפטע לאַנד־קאָנסטיטוציע און אין 1854 איז דער גענעראַל אורקיסאַ דערוויילט געוואָרן פאַר פּרעזידענט פון דער רעפּובליק פאַרן ערשטן קאָנסטיטוציאָנעלן פּעריאָד אין לאַנד.

***

— „על דיאַריאָ!״ — שרייט לויפנדיק אַ ייִנגל אין גאַס. עס איז די ציַיטונג פון פּאַראַנאַ, נומער 11771, זיבן און דרייסיקסטער יאָרגאַנג. „עטשערעריאַ און די פרייהייט פון געוויסן״ איז דער לייטאַרטיקל מיט וואָס עס הויבט זיך אָן די לעקטור אויף דער ערשטער זייט פון דער צייטונג. באַלד נאָכדעם גייען נאָטיצן פון פייערלעכע אַקטן צו דערמאָנען דעם „באַפרייער כוסטאָ כאָסע דע אורקיסאַ״ אין הונדערטסטן יאָרטאָג פון זיין דעקלאַראַציע קעגן דער ראָסיסטישער דיקטאַטור. די אַקטן זענען אָפיציעלע און נישט אָפיציעלע. אַ ספּעציעלער גרוס פון דער פּראָווינץ הייסט דער רעגירונג אַרויסגעבן אַ דאָקומענטאַל בוך פון דער אורקיסאַ־דעקלאַראַציע מיט הונדערט יאָר צוריק און פון קאַמף ביי מאָנטע קאַסעראָס.

אכט קינאָס מעלדן זייערע טאָג־פּראָגראַמען. עס ווערן געמאָלדן אַ סך קלוב־און ספּאָרט־פאַרווײַלונגען. יידישע מעדיקער, לויט די נעמען, פאַרנעמען זייער אָרט אין די אַנאָנסן פון פּראָפעסיאָנאַלן. און אַ יידישע פירמע גיט אָן אין איר אַנאָנס איר קאַפּיטאַל אין באַשטאַנד פון אַנדערהאַלבן מיליאָן פּעזעס.

דריי מאָל אין טאָג גייען מיר און מיר פאָרן אַרום אין דער שטאָט פּאַראַנאַ, אין וועלכער עס פּילט זיך אַ היסטאָרישער אַראָמאַט. צום דריטן מאָל ווי איך באַזוך איר. זי זעט איצט אויס יונגער, נייער, ווי מיט פיר און דרייסיק יאָר צוריק, ווען איך האָב איך צום ערשטן מאָל וויזיטירט, נאָך די עלעקטרישע טראַמווייען און די מיקראָ־אָמניבוסן מיט די גלעזערנע פּושקעס אַריינצוטון די מטבעות ביי דער טיר, וואָס עפנט זיך מעכאַניש און

עס לאזט זיך אראפ א שוועל — זענען היינט פונקט אזוי ווי זיי זענען געווען מיט זעקס און צוואנציק יאר צוריק, ווען איך האב פאראנא באזוכט צום צווייטן מאל.

פון צוויי עפיזאדן באשטייט דארט דער היסטארישער מוזיי: פון אלע, וואס האט א שייכות מיט מאנועל ראסאס, וואס הייסט דארט די רויטע דיקטאטור און פון אלע, וואס האט א שייכות מיט בוסטא כאסע דע אור־קיסא. אינדערשטיל, מוזייאיש, גייט אן אינעווייניק דער היסטארישער קאמף צווישן די צוויי עפיזאדן. צווישן די סקולפטארן אין פאראנאער קונסט־מוזיי, וואו מ'האט פאר אונדז געעפנט די טירן אויסער דער צייט, אימפאנירן זיך צוויי זאכן פונעם ענטרע ריאסער יידישן סקולפטאר איזראעל האפמאן. מער ווי אין מוזיי, שטייען סקולפטורן אין דעם אימפאזאנטן, פאלקסטימלעכן, אפענעם און פרייען פארק „אורקיסא״ מיט זיינע אווענידעס און אלייען, מיט זיינע פארוויילונגס־פלעצער אונטערן פרייען הימל און מיט זיינע ראָ־מאנטישע ווינקלען. דער פארק „אורקיסא״ מיט זיינע טאלן און הויכקייטן איבער וועלכע עס הויבט זיך אויף דער קאלאסאלער אורקיסא־מאנומענט גייט ארויס צום שטילן פאראנא־טייך, וואס גייט פארביי, אויף זיין לאנגן וועג צווישן די וואסערפאלן פון איגואזו און דעם פלאטא־טייך.

עס גייען דא נישט פארביי אלע טאג קיין פאסאזשיר־שיפן, וועלכע גייען צוריק פון פאראגוויי קיין בוענאס־איירעס, זיי גייען דא פארביי נאר צוויי מאל אין וואך און גייען קאמפלעט מיט פאסאזשירן. זיי שטעלן זיך אפילו אפ אין פארט פון פאראנא, אבער מיר האבן אויף זיי נישט געקאנט ארויף אויף צו פארן קיין בוענאס־איירעס. עס איז אויך שווער געווען צו קריגן א באנק אויף די אוויאנען, וואס פליען צוריק פון טשאקא און שטעלן זיך אפ אין פאראנא אויף זייער לופט־וועג קיין בוענאס־איירעס.

נאר עס איז געשען, אז אין א טאג ווען דער אוויאן האט געדארפט ארויספליען פון בוענאס־איירעס קיין טשאקא זיך אומצוקערן אין זעלבן טאג, האט זיך געמאכט א שטורעם מיט א רעגן. דער אוויאן איז איבער דעם ארויסגעפלויגן שפעטער מיט שעהן. אין פאראנא איז א גאנצן טאג געווען שיין, נאר הייס, אויסערגעוויינלעך הייס, וואס האט אנגעזאגט א שטורעם. דאס זעלביקע איז געווען אין רעסיסטענסיא, טשאקא. דער הויפט־פילאט האט בעסער געוואלט איבערווארטן דעם שטורעם איידער איינשטעלן זיך מיט די פאסאזשירן. אבער דער שטורעם האט דווקא אפגעווארט דעם אוויאן אינדערהויך. אייניקע פאסאזשירן האבן זיך דעריבער אפגעהאלטן צו פליען, זענען פאר אונדז אין פאראנא געבליבן בענק אויפן אוויאן. עס איז שוין געווען נאכט, פינצטער און עס איז שוין געווען שטורעמדיק און עס איז געגאנגען א רעגן, ווען דער פארשפעטיקטער אוויאן איז אנגעקומען

פֿון טשאַקאָ און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן מיליטערישן פֿליפֿלאַץ פֿון פּאַראַנאַ. דער הויפּט־פּילאָט מיט דער גאַנצער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס ער האָט געפֿילט אויף זיך, איז אין שטורעם געשטאַנען פֿאַר דער פֿראַגע: „פֿליען, אָדער נישט פֿליען?" און ער האָט זיך דעצידירט צו פֿליען, וואָס וועט זיין, וועט זיין! און מיר זענען אַרויף אויף די צוגעשטעלטע טרעפּ און אַריין אינעם אַוויאָן, צוגעפּאַסעקט זיך צו דער באַנק און איידער וואָס־ווען איז שוין דער אַוויאָן מיט אַ פּאָר צענדליק פּאַסאַזשירן געווען אינדער־הויך און געפֿלויגן אין שטורעם און אין רעגן, נישט אויסמיידנדיק די לופֿט־גריבער אויפֿן שטורעמדיקן וועג. ווען דאָס האַרץ גיט אַ קלאַפּ און עס דאַכט זיך מיטן קאָפּ וואָס דרייט זיך און מיטן פּילן נישט גוט, אַז מ'פֿאַלט!.. מען איז דאָך אָנגעקומען בשלום און געזונט אין לופֿט־פּאַרק פֿון בוענאָס־איירעס, אין פּאַלערמאָ, ביים פּלאַטאַ־טייך, וואו דער אַוויאָן האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט אין רעגן, וואָס האָט זיך געגאָסן פֿאַר דער שיין פֿון די עלעקטרי־שע לאָמפּן.

און דאָ האָט זיך געענדיקט מיין רייזע אין טויזנט ניין הונדערט איין און פֿופֿציק.

# 1943

איך שטעל דאָ אין קעפּל דאָס יאָר, ווייל גראָד אין יענעם יאָר איז דאָ אין אַרגענטינע פּאָרגעקומען די צווייטע דיקטאַטאָרישע רעוואָלוציע — די פּעראָניסטישע (די ערשטע איז געווען די ראָסיסטישע פון 1830 ביז 1850; די צווייטע — פון 1943 ביז 1955). עס האָט זיך געפונען אין גרעסטן ברען די צווייטע וועלט־מילחמה (פון 1939 ביז 1945). עס קען זיין כדאי צו וויסן ווען עפּעס ווערט באַשריבן.

עס גייט דאָ נישט וועגן די דערמאָנטע געשעענישן, נאָר אין דעם וואָס איז געווען אין זייער צייט, אונטער זייער הערשונג און בכלל איז כדאי צו וויסן ווען עפּעס ווערט באַשריבן, מחמת צייטן בייטן זיך און עס קומען פאָר ענדערונגען אין גאַנג פון צייטן.

***

פונקט צוועלף, ווען די זון האָט געברענט איבערן קאָפּ, האָבן מאַטראָזן אָפּגעבונדן די שיף פונעם בוענאָס־איירעסער פּאָרט, אין באָקאַ, און זי צו־געבונדן צו אַ שלעפּשיף. די שיף האָט מיט אַ ברייטן פייף זיך געזעגנט אויף איר אופן מיט דער שטאָט, זיך אָפּגערוקט לאַנגזאַם פונעם ברעג און זיך געלאָזט אַריינציען אין דעם אומזעבאַרן קאַנאַל פונעם ברייטן ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ.

צווישן די מענטשן, וועלכע זענען געבליבן אויפן פּאָרט־ברעג, נאָכדעם ווי מען האָט צוגענומען דאָס בריקל און די מענטשן אויף דער שיף, האָט אַנגעהאַלטן אַ געזעגעניש מיט הענט און שטימען אין דער לופטן, ביז וואַנען מען האָט זיך מער נישט געקאָנט זען דורך דער ווייטער דיסטאַנץ צווישן דער שיף און דעם ברעג.

שוין אינעם טיפן און ברייטן קאַנאַל האָט זיך די שיף באַפרייט פון ווערן געשלעפּט און האָט אָנגעהויבן צו גיין מיט אירע אייגענע, קרעפּטיקע, מעכאַנישע כוחות אויפן וועג צום פּאַראַנאַ, זי דערווייטערט זיך צוערשט פונעם אַרגענטינער ברעג און דערנענטערט זיך צום אורוגווייאַישן, ווייל אַזוי־

גייט דער קאַנאַל, און נאָכדעם דרייט זי זיך אוים, גייט פאַרביי די מיליטערישע אינדזל מאַרטין גאַרסיאַ און גייט אַרויף אויפן פאַראַנאַ דאַ, וואו ער גיסט זיך אַריין אינעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ דורך אומצאָליקע קאַנאַלעכלעך, טייכלעך און וואַסער־געסלעך צווישן די הונדערטער אינדזלען פונעם דעלטאַ.

איינער, וואָס שיפט זיך אַוועק אויף אַ שפּאַציר אָדער מאַכט אַ האַנדלס־רייזע צוריקצוקערן זיך אין געציילטע טעג אָדער אין געציילטע וואָכן אַרום, האָט נישט, ראַכט זיך, פאַרוואָס צו בענקען, דאָך בענקט זיך, ווען די שיף דערווייטערט זיך פון ברעג און בוענאָס־איירעס פאַרוואַנדלט זיך אין אַ בילד, וואָס צייכנט זיך אינעם האָריזאָנט און ווען דאָס פינקלדיקע בילד פון הייזער, וואָס גלייכן זיך אוים, דאַכט זיך, מיט דער ערד צווישן הייזער, וואָס קראַצן די וואָלקנס, ווערט אין דער ווייטער און ברייטער דיסטאַנץ — שמעלער, ביז עס ווערט אינגאַנצן פאַרוואַנדלט אין אַ — פאַנטאַזיע.

און נאָך אַ בענקשאַפט דערוואַכט: עס איז די בענקשאַפט צו דער פרייהייט וואָס דערוואַכט מיטן דערנענטערן זיך פון דער שיף צו דער אַנדערער זייט ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, צו דער מזרח־רעפּובליק אורוגוויי. מען ווייסט און מען רעדט וועגן דעם ווי דאָס קליינע לאַנד האָט נישט קיין נאַפט און עס האָט כמעט נישט קיין קאַרטאָפל און עס פעלן איר אַ סך זאַכן, אַז אַלע אירע איינוואוינער, וועלכע זענען שוין פאַראַן און וואָס קאָנען נאָך זיין, זאָלן אַלע האָבן צו דער זעט און עס זאָל זיי זיין וואויל; מען ווייסט אָבער און מען פילט דאָס זייער טיף, אַז אורוגוויי איז פריי; אַז דאָס איז זייער אַ טייערע זאַך און אַז די אורוגווייער פאַרמאָגן דאָס און געניסן פון דעם דעמאָקראַטיש, אַלע גלייך. מען פאַרשטייט אַז פרייהייט מיט נאַפט און קאַרטאָפל איז בעסער איידער פרייהייט אָן דעם, אָבער אויב עס איז אַ פראַגע וועגן פרייהייט אָדער נאַפט, איז בעסער פרייהייט; עס איז דאָס בעסטע, דאָס ליבסטע און עס בענקט זיך צו איר איצט אויף אַן אַרגענטינער שיף.

אונדזער שיף, וואָס שמעקט מיט פרישער פאַרב, מיט וואָס עס שמעקן אַלע שיפן, מחמת מען האַלט זי אין איין איבערפאַרבן, אַזוי ווי אַלע שיפן, האָט אַלע מאָדערנע זאַכן און באַקוועמלעכקייטן, זי האָט אַ מעכטיקע מאַשינעריע מיט גענוג הייץ־שטאָף, מיט עלעקטרישער קראַפט צו טרייבן די ווענטילאַטאָרם, די ראַדיאָ־כוואַליעס און צו באַלייכטן די שיף ווען די נאַכט פאַלט אָן און אַפילו אויך בייטאָג אין די פינצטערע ווינקלען. זי האָט אַ שפּיל־זאַל מיט אַ קאָנצערט־פּיאַנאָ, מיט קאָרטן, דאַמינאָ, דאַדלעך און שאָך, ביי וואָס דער עולם איז זייער טעטיק. נאָר פלייסיק און דוויערהאַפטיק ווערט געשפּילט דער מאָדערנסטער קאָרטן־שפּיל, וואָס הייסט לאַבאַ, באַזונדערס

זענען אריינגעטון אין דער לאַבאַ, ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין, די דאַמען, וואָס רויכערן, בעת אַנדערע, באַזונדערס קאַוואַלירן מיט געפּעצטע קעפּ זענען אַריינגעטון אין דער „בענעראַדע", וואָס ווערט געשפּילט מיט די דאַדלעך. די קאָנצערט־פּיאַנאָ שטייט פאַרדעקט מיט אַ פּרעכטיקן דעקטוך און לאָזט זיך הערן מיט אַ טאַנגאָ, אַ דזשאַז און אַ וואַלס, ווען דאָס ביסעלע יוגנט דעצידירט זיך ענדלעך צום טאַנץ וועגן וואָס דאָס ביסעלע יוגנט האָט גערעדט אַ גאַנצן טאָג, זיך געשפּיגלט אין די שפּיגלען, וואָס זיצן אין די פּאָלירטע ווענט און קאָלאָנעס און זיך אָנגעמאָסטן די קליידער, וואָס פּאַסן זיך אויף אַ שיף און וואָס זענען עפּעס יאָ און עפּעס נישט קיין פּלאַזשע־קליידער.

עס פעלט נישט אין סאַלאָן אַ ראַדיאָ־אויפנעמער, וואָס קאָן טראַנס־מיטירן פאַר דער שיפס־באַפעלקערונג נישט נאָר מוזיקאַלישע און ליטעראַ־רישע קאָנצערטן פון די אַרגענטינער ראַדיאָ־סטאַנציעס און די אומפּאַר־טיידלעכע אינפאָרמאַציעס און פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ווערט דיקטירט לויט אַ דעקרעט, ווי אויך קונסט־טראַנסמיסיעס פון אויסלאַנד, נאָר אויך אינפאָר־מאַטיווע נאָטיצן פון די מלחמה־פראָנטן, פון די אייראָפּעאישע און פון די אזיאַטישע; פון די פּאַציפישע און פון די אַטלאַנטישע; אינפאָרמאַטיווע נאָ־טיצן און קאָמענטאַרן פון דעם גרויסן, היסטאָריש־גרעסטן קאַמף אויף אונ־דזער פּלאַנעט צווישן זיינע עטלעכע מיליאַרדן איינוואוינער — דעם קאַמף צווישן דעמאָקראַטיע און אַנטידעמאָקראַטיע, צווישן מענטשן־ווירדע און מענטשן־אומווירדע, צווישן ליבעראַליזם און דעספּאָטיע און צווישן פרייהייט און פאַרשקלאַפונג, וואָס ווערט געקעמפט אין דער גאַנצער וועלט יעדן טאָג פון יאָר, יענע נאַכט, יעדע שעה, יעדע מינוט און פון וואָס קיינער איז נישט איזאָלירט, אַפילו נישט די מענטשן דאָ אויף דער שיף, וואָס גייט אויפן באמת שטיל־רואיקן פּאַראַנאַ, אָבער דער ראַדיאָ־אויפנעמער שווייגט, זיין מעכאַניזם געפינט זיך אין די הענט פונעם ראַדיאָ־טעלעגראַפיסט אויבן אין דעם גאָרן־שטיבל, וואו דער אריינגאַנג איז פאַרבאָטן און ער פּאָלגט אויס אַ באַפעל אַפּצוהיטן נייטראַליטעט, נישט געקוקט וואָס זי שטימט אינגאַנצן נישט מיט דעם דענקען און מיט דעם פילן פון די פּאַסאַזשירן. אָנשטאָט צו זיין באַרואיקט אָן די ידיעות פון קאַמף און פון דער סיטואַציע פון די פראָנטן, זענען זיי פון דעם באַאומרואיקט און ווען די שיף שטעלט זיך אָפּ אין אַ פּאָרט גיט מען זיך אַ וואָרף צו די צייטונגען פון אָרט און פון בוענאָס־איירעס, כאָטש די צייטונגען און זייערע ידיעות זענען שוין פאַרעלטערטע פון פאַרגאַנגענע טעג און אויב דאָס איז אין ערשטן טאָג רייזע זענען די ידיעות פון די צייטונגען, וואָס ווערן אויסגעשריען אויפן

ברעג שוין באַקאַנטע פֿאַר די פּאַסאַזשירן, זיי האָבן זיי געלייענט אין בוענאָס־איירעס, אָדער געהערט אויף ראַדיאָ פֿאַרן איינשיפֿן זיך.

בעת די שיף מאַכט דעם גרויסן האַלב־קרייז אויפֿן ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, וועמענס קווערשניט צווישן בוענאָס־איירעס און מאָנטעווידעאָ עס פֿאַרנעמט צוויי הונדערט צוואַנציק קילאָמעטער און הונדערט דריי און צוואַנציק צווישן בוענאָס־איירעס און קאַרמעלאָ, דאָס שטעטל אויפֿן אורוגווייער ברעג, צו וועלכן אונדזער שיף האָט זיך דערנענטערט, כדי פֿון דאָרט זיך צו פֿאַר־נעמען אויפֿן פּאַראַנאַ אינעם דעלטאַ, וואָס פֿאָרמירט אַ גרענעץ־ליניע, אָנ־הויבנדיק זי צווישן די פּראָווינצן ענטרע ריאָס און בוענאָס־איירעס ביז סאַן ניקאָלאָס, וואו עס שטעלט זיך אויך צו די פּראָווינץ סאַנטאַ פֿע, ווערט דער עולם אויסגעזעצט ביי די טישן אין עס־זאַל און דאָס איז זייער אַ וויכטיקע געשעעניש. ביים אויסזעצן ווערט ערגעץ אָנגעצייכנט אַ גורל און עס ווערט באַשטימט ווער מיט וועמען עס זאָל זיצן ביי איין טיש, ווער מיט וועמען עס זאָלן זיין טיש־חברים דעם גאַנצן וועג; ווער מיט וועמען עס זאָלן זיין טיש־שכנים און ווער אויף וועלכן בענקל עס זאָל כסדר זיצן ביים טיש שוין באַלד אַזוי ווי אַ „שטאָט" אין דער שטעטלדיקער שיל. דער וואָס ווייזט אָן יעדן דאָס פּלאַץ איז דער האָטעל־מייסטער. עס איז דער מאָמענט ווען ער איז דער הערשער און פֿילט זיך אין עקסטאַז פֿון זיין ראָלע. גלחים, דיפּלאָ־מאַטן, סוחרים, געהיים־אַגענטן און נאָך אַזוינע פּערזענלעכקייטן און שטייפֿע דאַמען — אַלע זענען אין דעם מאָמענט אונטערטעניק צו זיין ווילן, אָבער ווי אַ מייסטער אין זיין פֿאַך ווייסט ער וועמען מיט וועמען צו קאָמבינירן. ער וועט נישט קאָמבינירן אַ רעליגיעזן פֿרעדיקער מיט אַ וועלטלעכן; ער וועט נישט צעשיידן מאַן פֿון ווייב; ער וועט נישט צוזאַמענזעצן פֿרעמדע יינגלעך מיט פֿרעמדע מיידלעך, כאָטש ער ווייסט, אַז זיי וואָלטן דאָס גע־וואָלט; ער ווייסט אָפּצוהיטן די מאָראַל נישט ווינציקער פֿונעם קאָמיסאַר, וואָס צייכנט אָן יעדן זיין קאַבינעט און וועט נישט אַריינשטעלן אין איין קאַבינע אַ מאַן מיט אַ פֿרוי, וואָס זענען פֿרעמד צווישן זיך. דער האָטעל־מייסטער האָט מיר אָנגעוויזן אַ פּלאַץ ביי אַ טיש פֿון קאַוואַלירן, ער האָט קיינעם נישט געפֿרעגט צי דער קאַוואַליר, וועלכער איז דאָ אַליין האָט ערגעץ פֿאַמיליע, אָבער ער האָט פּונקט געטראָפֿן אַז אַלע פֿון אונדזער טיש זענען פֿאַמיליאַנטן. דער האָטעל־מייסטער האָט דאָס אוודאי דערזען אינטואיטיוו.

# פּאַסאַזשירן

דער טיש איז געדעקט מיט אַ שפּיגל־ווייסן טישטעך, בלאַנקענדיקע סערוויזן, קריסטאַלענע גלעזער, וואָס ווערן אָנגעגאָסן מיט רויטע און בלאַנדע ווײַנען, ביר און גאַז־וואַסער און אוניפאָרמירטע און מושטירטע קעלנער, אַלע מיט ענלעכע טאַצן, געטראָגן אויף דער זעלבער הויך מיט די לינקע הענט, מיט דעם זעלבן פּאַרשפּייז, אויסגלייגט אויף די טאַצן אין דער זעלבער פאָרעם, גיבן זיך אַ לאָז צו די טישן אָנצוהויבן מיט איילעניש צו דערלאַנגען דאָס עסן. דעם אויבנאָן האָט פאַרנומען אַ מענטש אין די יאָרן (ביי אונדזער טיש זענען נישט געווען קיין יינגערע פון פערציק און קיין עלטערע פון אַכציק), זעט אויס ווי אַ באַלעגאָלע מיט אַן אַראַביש טונקל־ברוין פּנים, מיט שוואַרצע אויגן און נישקשה פון אַ נאָז. ער הייסט זיך דער־לאַנגען אַ טעלערל אייז נישט פאַר די געטראַנקען, נאָר פאַר זיין לינקן אויג. דאָס מאַכט, אַז די טעמע פונעם ערשטן שמועס ביים טיש (און נאָך דעם אין די קאָרידאָרן און אויף די גאַלעריען פון דער שיף) זאָל זיין וועגן קראַנקייטן. יעדער האָט געהאַט וועגן דעם אַ סך וואָס צו זאָגן. איינער איז געווען דער באַלעבאָס פון וויניקער קראַנקייטן, אַ צווייטער פון מער, און יעדער האָט געהאַט צו דערציילן פון קראַנקייטן פון וועלכע עס איז כדאַי צו דערציילן. דער שמועס האָט זיך אַנטוויקלט נישט אַזוי וועגן די קראַנקייטן, ווי וועגן דער מעדיצין, דיאַגנאָסטיק, רעזשים, קלימאַט, ביאָלאָ־גיע, דיעטע, קוראַציע, פון וואָס יעדער האָט שוין געהאַט אַ סך דערפאַרונג און איז געווען באַהאַוונט, ווייל טאַקע ער אַליין האָט דאָס מיטגעמאַכט און דאָס פּראַקטיקירט אויפן אייגענעם קערפּער מיט דער הילף פון מעדיקער און אַפּטייקער. מען איז אַזוי באַהאַוונט אין דער מעדיצינישער דאָקטאָריע, אַז מען רעדט אַפילו דאָקטאָריש און מען ווייסט, אַז עס האַנדלט זיך פון אַ צערודערטן נערוון־סיסטעם ווען עס ווערט דערמאָנט דער „סימפּאַטיקער". אָבער קיינער האָט נישט באַוויזן צו רעדן אַזוי דאָקטאָריש וויסנשאַפטלעך; קיינער האָט נישט באַוויזן אַזוי צו קענען יעדעס שרייפל פון דער מענטש־לעכער מאַשין, אָנרופן אַלץ ביי די נעמען און אַזוי דערקלערן די פונקציע

און די שטערונגען פון מענטשלעכן אָרגאַניזם, ווי דאָס האָט יאָ באַוויזן דער מענטש, וואָס האָט זיך צוגעלייגט שטיקלעך אייז צום לינקן אויג און וועל־כער פאָרט קיין מיסיאָנעס, פון וואַנען ער איז און וואו ער האָט אַ זשערבע־טשאַקרע, צו וואָס ער האָט זיך גענומען, אַנשטאָט צו עפענען זיך אַ קאָנסול־טאָריע, מחמת ער האָט געלערנט מעדיצין. ער איז אויך אַ געוועזענער רע־גירונגס־פונקציאָנאַר פאַר די זשערבע־פּלאַנטאַציעס.

דער צווייטער טיש־חבר, מיין שכן פון דער לינקער זייט, איז אַן ענג־לענדער, מיט קליינע העל־בלויע אויגן, וואָס זיצן אונטערן שטערן פון אַ גרויס, קיילעכיק, רויט פּנים. דער גאַנצער ריזיקער קערפּער פון דעם ענגלענ־דער זעט אויס ווי ער וואָלט אָנגעפּילט געוועזן מיט די פּראָדוקטן פון איינער פון די גרויסע ענגלישע פלייש־פאַבריקן דאָ אין אַרגענטינע און מען שטעלט זיך פאָר, אַז דאָס עסנוואַרג פון אונדזער טיש וועט אים נישט באַפרידיקן, אָבער דאָס איז געווען אַ פאַלשע פאָרשטעלונג. דער ענגלענדער האָט כמעט נישט געגעסן און ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ זאַטן און פון איינעם וואָס האָט זיך אָנגעגעסן אַ סך און אויף אַ לאַנגער צייט.

רעדן רעדט נישט דער ענגלענדער. עס זעט אויס, אַז ער דאַרף ביי קיינעם גאָרנישט פרעגן און ער נויטיקט זיך נישט אין קיין עצות. ער באַ־טייליקט זיך אויך נישט אין אַ שמועס וועגן דעם ווער עס וועט געווינען די מלחמה און דעם פרידן, און ווען אין דעם שמועס עס צעקלינגען זיך די טענער פונעם קומענדיקן געזיכערטן אַליאירטן טריאומף, בליצן נאָר זיינע העל־בלויע אויגן, אָבער אַז מען שטעלט אים דירעקט אַ פראַגע ענטפערט ער. ער טראַכט אַביסל און עס דאַכט זיך, אַז ער וועט נישט ענטפערן, אָבער ער ענטפערט. ער מאַכט דאָס פאַרזיכטיק, כדי זיך נישט אַרויסצוכאַפּן מיט אַ וואָרט וואָס טויג נישט און וואָס מען זאָל דאַרפן צוריקכאַפּן און ער ענט־פערט קורץ, קירצער פון דער פראַגע, בעסער ווינציקער אַ וואָרט, איידער מער. יעדער איז אָבער געווען זיכער, אַז דער ענגלענדער, וועלכער איז אַן אויסדרוק פון זיכערהייט וועט נישט מאַכן אַ רייזע אויפן פאַראַנאַ צוליב גאָרנישט און אַז ער פירט מיט זיך אוודאי אַ זייער חשובע מיסיע און מען האָט נישט קיין טעות געמאַכט: אונדזער ענגלענדער איז אַ רעפּרעזענטאַנט פון אַ נאַפט־פירמע. ער פאָרט קיין מיסיאָנעס מיט אַ מיסיע פון דער „שעלמעק“.

דער וואָס זיצט קעגנאיבער, זעט אויס צו זיין דער עלטסטער פון די טיש־חברים און דער קרעפטיקסטער. אין אַ כוחות־פאַרמעסט וואָלט ער זיכער בייגעקומען דעם יינגסטן פון אונדזער טיש צוזאַמען מיט נאָך צוויי אַזוינע יונגע. זיין אַפּעטיט צום עסן האָט קיין גרענעץ נישט. ער עסט אַזוי, אַז עס נעמט אַן אַ חשק אויך צו עסן און דאָס טרינקען איז ביי אים אויך

נישט הינטערשטעליק. ער שרייבט נישט אויף דעם נומער פון זיין קאבינע אויף דער פלאש, ווי דאס טוען די אנדערע, כדי ביי די קומענדיקע מאל־צייטן צו טרינקען פון געבליבענעם וויין. ער טרינקט בעסער ביר און ליידיקט אויס עטלעכע פלעשער ביים עסן. ער איז א מענטש פון פרייען לאנד, אן אורוגווייאישער אורוגווייער מיט דיקע, פארפלאנטערטע אדערן אויף פאר־הארטעוועטע הענט מיט פינגער ווי אויסגעארבעט געצייג און מיט א ביי־נערדיק טונקל־געל פנים, וואס זעט אויס ווי אויסגעהונגערט. זיין קול איז שווער און אזוי ווי עס וואלט זיך ארויסגעריסן פון א פאס ארויס. דאך איז ער באריידעוודיק. פון זיין ריידן באקומט זיך, אז ער איז אן אידעאלער מענטש פאר די שונאים פון יעדער פאליטיק, מחמת ער ווייסט פון פאליטיק ווי א האן אין בני אדם. זיין טעמע איז האלץ. פון וואס ער זאל נישט אנהייבן, קומט ער אלץ ארויף אויף האלץ, געהילץ, מיט דעם האנדלט ער, מיט דעם איז פארבונדן זיין לעבן. ער טראגט א קאסטיום, אן אויסגעפאסטן, א פארקנעפלטן אויף אלע קנעפ און א קאלנער אויפן האלדז מיט א קרא־וואט, ווי אלע דזשענטלליים דא אין ערשטן קלאס, נישט געקוקט אויף דער שווייסיקער היץ. אבער דער קאסטיום קליידט אים נישט, אים, וועלכער זעט אויס ווי א וואלד־בוים און פון וועמען עס שמעקט האלץ. ער איז באַ־קאנט מיט אלע וועלדער פון אורוגווי, פאראגוויי און פון ארגענטינער טשאקא. ער איז באקאנט מיט זייערע ביימער, מיט דער ערד, פון וועלכער זיי וואקסן ארויס, זייער קלימאט, זייערע אינדיאנישע נעמען און זייער לעבנס־געשיכטע; ער קען זייערע אייגנשאפטן, זייערע מעלות און זייערע חסרונות און ווייסט וועלכע עס טויגן פאר מעבל און וועלכע פאר בוי; וועלכע פאר טעקסטיל און וועלכע פאר סעלולאיד און פאפיר־פאבריקאציע; וועלכע פאר גומע און וועלכע פאר פארבן; וועלכע פאר „שלאפנדיקע" אונ־טער די באן־רעלסן און וועלכע פאר „טערסיאדא". ער פארט איצט טאקע פון אורוגווי א קוק צו טון אויף דעם געהילץ אויפן צפון פון פאראגוויי, וואו עס שטייט א היץ פון פינף און פערציק גראד אין שאטן.

דעם סטראטעגישן פלאץ קעגן דער היץ האט פארנומען דער טיש־חבר, וואס קען זיך מיט זיין קערפער פארמעסטן מיטן קערפער פונעם ענגלענדער. ביי אים איז אלץ גרויס: דער קאפ, די אויגן, דאס מויל, דער האלדז, די ברוסט, די טאליע, די הענט, די רינגלעך אויף די פינגער, די פיס און די שיך אויף זיי; ער זיצט ביים אפענעם פענצטער אויפן פאראנא ארויס, פון וואנען עס יאגט אריין דער קינסטלעכער ווינט, וועלכן די שיף מאכט מיט איר גאנג און אויף זיין פארדרויטלטן פנים בלאזט איין ווענטילאטאר און פון הינטן אויף זיין קארק א צווייטער. מיטן אפעטיט צום עסן איז ער נישט הינטערשטעליק פונעם אורוגווייער, כאטש ער האט נישט דעם אורוגווייערס

כוחות און קרעכצט אביסל אונטער נאך יעדער דאפלטער פארציע עסן. ער באטייליקט זיך שוואך אינעם שמועס, אבער ער באטייליקט זיך, נישט ווייל אים אינטערעסירט דער שמועס, נאר כדי יוצא צו זיין מיט די רייזע־געזעצן און זיך נישט פילן אומבאקוועם. ער רעדט א פערפעקטן שפאניש מיט א יידישן אקצענט, אבער ער ווייסט נישט פון קיין אנדער יידישקייט, ווי נאר פון דער ביבל, אין וועלכער עס געפינען זיך גוטע פרינציפן — זאגט ער — און שיינע געדאנקען, אזוינע ווי: „דו זאלסט ליב האבן דיין חבר ווי זיך אליין", אדער: „דו זאלסט נישט טון דעם אנדערן דאס, וואס דו ווילסט מען זאל דיר נישט טון", אבער מען האלט נישט פון דעם — זאגט ער — און מען טוט דאס פארקערטע. זיין ספעציאליטעט איז ארטיקלען פאר קינ־דער, אויסשליסלעך נאר פאר קינדער און אלץ פאר קינדער. מיט די דאזיקע ארטיקלען האנדלט ער אין גרויסן פארנעם און אויף א גרויסן שטח. פאר דער מלחמה איז אין זיין האנדלס־רוים אויך אריין אייראפע און פאראייני־קטע שטאטן פון נארד־אמעריקע. איצט מוז ער זיך באגרענעצן. היינט פארט ער געשעפטלעך אויף א וואך־צוויי קיין אסונסיאן.

כמעט א יונגערמאן נאך איז דער מענטש, וואס זיצט אינמיטן ביים טיש, א סימפאטישער מיט שווארצע שאטנרינגלעך ארום זיינע ברוינע אויגן אונטערן שטערן פון א וויים־געל פנים. עסן עסט ער כמעט נישט און טרינקען טרינקט ער אויך כמעט נישט, א שטיקל שווארץ ברויט מיט אביסל טיי איז פאר אים גענוג. ער וואלט זיך אן דעם אויך באגאנגען, ווען ער ווייסט נישט, אז מען מוז זיך נערן מחמת די פילן, וואס ער נעמט פאר יעדן עסן נערן נישט. אנשטאט פלייש און אנדערע זאכן עסט ער אביסל גרינס, א טאמאטע, ער האט צו דעם אויך נישט קיין אפעטיט, אבער דאס האט וויטאמינען. מיט זיין נישט עסן געווינט ער דעם ענגלענדער, אבער ער זעט נישט אויס ווי אן אנגעגעסענער, אויך נישט ווי א הונגעריקער, נאר ווי א ליידנשאפטלעכער. ער רעדט שפאניש, פראנצויזיש, פארטוגעזיש, ענגליש, אפילו העברעאיש, נאר נישט קיין יידיש, כאטש ער איז א יידיש קינד פון ווארשע — ווי ער האט זיך פאר מיר מודה געווען, אז קיינער זאל נישט הערן. די אלע שפראכן, וועלכע ער קען, אויב ער קען זיי, זענען אויס־געלערנטע אדער וועלכע ער דארף ערשט אויסלערנען, מחמת זיי קומען ארויס פרעמד פון זיין מויל, זיי זענען נישט זיינע שפראכן און ער מאכט דעם איינדרוק פון איינעם, וועלכער האט נישט קיין אייגענע שפראך. אויף דער שיף איז געפארן א נארד־אמעריקאנישע פאמיליע, וואס וואוינט אין בראזיל, וואו דער מאן און די פרוי זענען לערער. אונדזער ווארשעווער יונגערמאן, וועלכער זוכט צו ריידן אויף אלע שפראכן, נאר נישט אויף יידיש, האט זיך צוגעזעצט צו דער נארד־אמעריקאנער פאמיליע פון בראזיל

צוליב ריידן ענגליש, אָבער דאָס איז נישט געווען גערעדט נאָר געשטאַמלט. חוץ שפּראַכן איז אונדזער יונגערמאַן אַן אַלץ ווייסער און אַלץ ענדיקט זיך ביי אים מיט נישט. לויט אים עקזיסטירן נישט קיין יידן, מחמת זיי האָבן גאָרנישט געגעבן נישט זיך און נישט דער וועלט, עס איז נישטאָ הייסט עס ביי אים קיין באַווייז פון אַ יידישער עקזיסטענץ. די ביבל איז אַ נאַרישע זאַך און מען האָלט נישט פון איר; סאָציאַלע פּראָבלעמען זענען פאַראַן, זיי זענען געווען און וועלן זיין, מחמת מען קאָן זיי נישט לייזן און דאָס זעלבע האָט ער צו זאָגן וועגן פרידן, ער עקזיסטירט נישט, ער האָט נישט עקזיס־טירט און וועט נישט עקזיסטירן. פאַר אים עקזיסטירן נאָר פּראָבלעמען, זיי זענען דאָ און זיי לאָזן זיך שאַפן אָן אַ צאָל און אונדזער יונגערמאַן האָט זיי אין קאָפּ און אין די קעשענעס, דאָס זענען נישט קיין נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַלע פּראָבלעמען נאָר מאַטעמאַטישע, אַריפמעטישע, געאָמעטרישע און גלאַט קאָפּ־ברעכערישע, זיצט ער און הרגעט אַוועק מיט דעם זיין צייט און פאַרווײַלט זיינע שיפסברידער. פאַרן פאָרט ער אויף אינספּעקציע אין די וואַטע־פאַבריק פון אַ באַשטימטער פירמע אין טשאַקאָ. ער וואָלט געקאָנט פליען מחמת די אָנגעשטעלטע פון זיין פירמע מאַכן אַזוינע רייזעס נאָר מיט אַוויאָן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט פליען, כאָטש ער אײַלט זיך שוין און שפּעקולירט ווי אַזוי צו זיין אין איין טאָג אין פאַרשידענע ווייטע געגנטן פון טשאַקאָ.

פּאַסאַזשירן פאַרן אַ סך און יעדער האָט עפּעס אייגנאַרטיקס: אַן אייגן פּנים, אייגענע זיטן, אייגענע געדאַנקען, דערפאַרונגען, שטרעבונגען, אינ־טערעסן, איינרעדענישן און טעותים. אייניקע זענען יחידיש, אינדיווידועל און אַנדערע זענען אין זייער נאַטור געמיינזאַם, קאָלעקטיוו און לאָזן זיך פאַראייניקן.

# רואיקייט

אונדזער שיף איז שוין אפגעשוואומען איבער דריי הונדערט קילאמעטער אויפן פאראנא־טייך — ארויף, און עס שפרייט זיך אויס א רואיקע רואיקייט ארום. נעכטן נאכמיטיק איז די שיף געגאנגען אין דעם ברייטן ארייננגוס, וואו דער פאראנא גיסט זיך אריין אינעם ריא דע לא פלאטא און דאס איז געשען וואונדערבאר רואיק. דער פאראנא, וואס קומט פון די בערג און פון די אורוועלדער פון בראזיל, שלייכט זיך אדורך די שטאטן סאן פאולא און פאראנא און מאטא גראסא, ביז ער שאפט א שטיקל פליסיקע גרענעץ צווישן דעם גראנדיעזן גרויסן בראזיל און דעם קליינעם פאראגוויי מיט די גרעסטע פאסט־מארקעם, וואו ער טרינקט זיך אן מיטן טייך איגוואסו נאכדעם ווי ער האט זיך פריער געהאט אנגעטרונקען פון די טייכן ריא גראנדע און פאראנאהיבא אויף בראזיליאנער ערד, כדי אין רואיקייט ווייטער צו שאפן די פליסנדיקע גרענעץ, טייך־אראפ, צווישן עקסטרעמען ארגענטינער מזרח־צפון — דארט, וואו עס פארבינדן זיך נאטירלעך דריי אמעריקאנישע לענדער: ארגענטינע, בראזיל און פאראגוויי — און דעם פאראגווייער מערב־ברעג, פון צפון ביז דרום־מיסיאנעס אין א ווינקל, וואו מיסיאנעסער ערד פאראייניקט זיך מיט דער קאריענטעסער, כדי ווייטער פארצוזעצן זיין רואיקן גאנג, נאר אין א געשלענגלטער האריזאנטאלער ליניע צווישן דעם אורוואלדיקן דרום־ברעג פון פאראגוויי און דעם אורוואלדיקן צפון־ברעג פון דער פראווינץ קאריענטעס ביז דעם פונקט קעגנאיבער ארגענטינער טשאקא, וואו דער טייך פאראגוויי וואס שאפט די פליסיקע גרענעץ צווישן דעם מערב־ברעג פון פאראגוויי און דעם מזרח־ברעג פון דער ארגענטינער פראווינץ פארמאסא, גייט אריין אינעם פאראנא, וועלכער שלענגלט זיך אלץ ווייטער טייך־אראפ, אבער שוין נאר צווישן די ארגענטינישע וואלדיקע ברעגן און שאפט די אינלענדישע פליסיקע גרענעץ־ליניע צווישן דעם קאריענטעסער מערב־ברעג און די מזרח־ברעגן פון טשאקא און סאנטא פע און דעם גאנצן מערב און דרום־ברעג פון ענטרע ריאס.

און דער פּאַראַנאַ ווערט נישט מיד פון זיין לאַנגן וועג און פון זיין אומאויפהערלעכן גאַנג. ער קרעפטיקט זיך גייענדיק, ווערט כסדר שטאַרקער פון די טייכן און די טייכלעך, וואָס פאַראייניקן זיך מיט אים און פון דעם רעגנוואַסער, וואָס ער נעמט גערן אויף און מישט עס אויס מיט זיינע וואַסערן און דאָך איז זיין אַריינגאַנג אינעם ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ אומבאַמערקט און שטיל, רואיק, אָן רעש, אָן געפּילדער, אָן שוים, אָן וואַרפעניש, אָן קאַסקאַדעס, מחמת זיין פרייער גאַנג ווערט נישט פאַרהאַלטן פון קיין דאַמבעס און ער באַגעגנט זיך נישט מיט קיין שטערונגען.

דער רואיקער פּאַראַנאַ איז נאָך רואיקער ווייטער טייך־אַרויף, וואו ער איז מיט זיך אַליין. דאָ זעט ער אויס ווי אַ גלאַטער, אַ פּולירטער ברוינער שפּיגל, וואָס איז אַריינגעפּאַסט אין אַ גרינער ראַם פון צוויי טויזנט קילאָמעטער די לענג מיט אַ קאַפּריזנער געשניצטער און געקרייזלטער ברייט פון איין קילאָמעטער ביז פינף און צוואַנציק, באַשפּרענקלט מיט אָן אַ צאָל גרינע אינדזעלעך.

פרי פאַרנאַכט, ווען די זון זעצט זיך און פאַרבט די ווייסע וואָלקנס אַרום זיך מיט רויטע און ליכטיקע קאָלירן אויף אַ דורכזיכטיק בלויער קאַנווע, שפּיגלט זיך אָפּ דאָס גאַנצע מייסטערהאַפטע פאַרבנרייכע בילד אויפן פּאַראַנאַ־שפּיגל אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אויך אָפּ די יונגפרוילעכקייט פון די פּאַראַנאַ־ברעגן און פון זיינע גרינע אינדזעלעך, וועמעס ביימער עס שטייען אין טייך מיט די קעפּ אַראָפּ און אויף וועמעס צווייגן עס טאַנצן אַ פייגל־באַלעט די פייגל פאַרפּוצטע מיט זיידענע פעדערלעך פון אַלע קאָלירן מיט פאַרשידענע טשופּיקלעך און שנאָבעלעך, בעת די קאַוואַלירן־פייגל, סאָליסטן, זינגען און שפּילן באַזונדער אָדער צוזאַמען אין פייגל־כאָר און אָרקעסטער און עס איז האַרמאָניש זייער געזאַנג, אַזוי ווי די באַגלייטונג פון די פליגן און די פליגעלעך צו דער הערשנדער מנוחה און פּאַראַנאַישער רואיקייט.

און ווען די נאַכט פאַלט צו, ווערט פינצטער דער רואיקער און גלאַטער פּאַראַנאַ און ווען די בלאַס־ליכטיקע לבנה קומט אַרויס אויף איר נאַכט־וואַנדערונג, פאַלט איר ווייס־ליכטיקער שלייער אויפן טייך־שפּיגל, פון וואַנען עס קוקט אויך אַרויס איר פּנים צווישן די אומצאָליקע פייערדיקע און בלישטשענדיקע שטערן וואָס שפּרייטן זיך אויס און פינקלען אַרויס פון די טיפענישן פון טייך אַזוי שטיל, אַזוי רואיק און עס דאַכט זיך אַז דו ביזט אַריבער אין אַן אַנדער לעבן, אין אַן אַנדער וועלט און דו שוועבסט צווישן הימל און הימל מיט ליבע לבנה פון אונטן און ליבע לבנה פון אויבן; מיט ליכטיקע שטערן פון אונטן און ליכטיקע שטערן פון אויבן און עס טראָגט זיך אַ צאַרט געזאַנג, דאָס געזאַנג פון שאַפנדיקער רואיקייט.

דער פּאַראַנאַ־שפּיגל איז אָבער נישט אַזוי האַרט און גליטשיק ווי עס איז דאָס אייז פון אַ געפרוירענעם טייך, אַז די שיף זאָל זיך קאָנען און מוזן גליטשן אויף אים, ווי אַ שליטן אָדער ווי אַזאַ גיגאַנטישער גליטשער; דער פּאַראַנאַ־שפּיגל איז ווייך, עלאַסטיש און פעלבלט זיך אפילו און שמייכלט מיט חן־גריבעלעך ווען עס גייט אויף אים אַ מילד ווינטל, אָדער ווען עס באַגעגענען זיך און עס באַגריסן זיך צוויי שיפן, וואָס איינע גייט טייך־אַראָפּ און די אַנדערע טייך־אַרויף; די שיף גליטשט זיך נישט דערויבער, נאָר זי שווימט, זי שניידט זיך אפילו אריין אביסל אין די וואַסערן פונעם פּאַראַנאַ און עס קומט אויס ווי זי וואָלט געמאַכט אַ שניט אויף זיין ווייכן שפּיגל, אָבער דאָס אַריינשניידן זיך איז נישט ווי צו טון אָדער אויס בייזוויליקייט, נאָר אויף וויפל דאָס איז נויטיק צום שווימען און דער אויבנאויפיקער שניט ציט זיך באַלד צוזאַמען הינטער דער שיף און אָן געניי, אָן מעדיצינישע שטעפּ ווערט באַלד דער פּאַראַנאַ ווידער גאַנץ אָן אַ ראַנץ אפילו. עס רוישט דאַכט זיך ווען די שיף שניידט דעם פּאַראַנאַ. עס מאַכט: ששששש... אָבער דאָס רעדט אַזוי דער פּאַראַנאַ און זאָגט: ששששש, עס שאַדט נישט. דאָס שניידט נישט, דאָס טוט נישט ווי, דאָס דריקט נישט, דאָס שווימט נאָר אויף מיר אַזאַ פרידלעכע שיף, וואָס איז אַרויס פון אַ פרידלעכן פּאָרט און שווימט צו אַ פרידלעכן פּאָרט און וואָס פירט מענטשן, וואָס אין גרונט גענומען זענען זיי אַלע פרידלעך און גוט און זיי פאָרן אין פרידן און צוליב ניצלעכע צוועקן: ווער עס פאָרט אויף אָפּרו נאָך אַ יאָר אַרבעט אָדער אַ יאָר לערנען, אָדער נאָך אַ יאָר מאָראַליש און גייסטיק געפייניקט ווערן און ווער עס פאָרט צוליב פיזישער קוראַציע אין דעם טוישן די לופט, דעם קלימאַט, די ערד און דעם אָטעם און דעם ריח פון דעם אַלעם, וואָס לעבט אויף דער אַנדערער ערד; ווער עס פאָרט פון דער פרעמד אַהיים אין דער אייגענער, אינטימער, ליבער סביבה און ווער פון דער היים אין וועמעס סביבה מען לעבט אַ גאַנץ יאָר און עס איז נויטיק אביסל אָוועקצופאָרן, כדי אויפצופרישן די ליבע צו דער היימישער סביבה; ווער עס פאָרט צוליב האַנדל, דורך וואָס עס שאַפן זיך פאַרבינדונגען צווישן מענטש און מענטש; צווישן פאָלק און פאָלק; צווישן לאַנד און לאַנד און עס ווערן איינגעטיילט די רייכטימער צום געברויך פאַר אַלע מענטשן — דערווייל ווערן זיי נאָך נישט אַזוי גערעכטלעך איינגעטיילט, אָבער זיי ווערן איינגעטיילט, דאָס איז אַ וויכטיקער און נויטיקער פאַרבאַדינג און עס איז צו האָפן, אַז די גערעכטיקייט וועט דערגרייכט ווערן — און ווער עס פאָרט צוליב פּראָדוקציע, פון זשערבע־מאַטע און פון האָלץ, פון רייז און פון וואַטע, פון טאַבאַק און פון אַלקאָהאָל, פון כעמישע און מעדיצינישע קרייטעכצער און פון ברענשטאָפן, פון מאַראַנצן, לימענעס און

מאַנדאַרינען און אייל, פון אַנאַנאַס, באַנאַנעס, מאַנדיאָקאַ און צעלולאָיד און טאָמער פאָרן אייניקע מיט אַזוינע מיסיעס און אויפגאַבן, וואָס זענען פון יעדן שטאַנדפּונקט נישט אַזוי אַנגענעם און וואָס נישט אַלע האַלטן פאַר נויטיק, זענען זיי נישט מער ווי אויסנאַמען.

עס איז שוין נאָך צוויי און צוואַנציק דער זייגער ווען דער עולם, אין וואַרעמקייט און אין ליכטיקייט, זאַט און צופרידן, הויבט זיך אויף פון די טישן מידלעך פון עסן, מיט אַ לייכטן גערויש, אין אַ סך קעפּ פון אַלקאָ־האָלישע געטראַנקען. מען גייט אַביסל שווערלעך, אַזוי ווי וואַקלדיק, ביי אייניקע האָט זיך דער שלאָף שוין אַריינגעכאַפּט אין די אויגן און זיי הויבן אָן פאַרשווינדן צו ווערן אין די קאַבינעס מיט די נומערן אויף די פּולירטע טירן. יעדער זאָל וויסן וואו אַריינצוגיין, און בעת אייניקע גייען שוין אַריין אין די בעטן, וואָס די קאַמער־דינער האָבן פאַר זיי אויפגעבעט, גייען אַנדערע, די וואָס פאָרן פון די גרויסע שטעט און זענען שלעפעריק, אַרויס אויף די גאַלערייען צו אָטעמען די שטענדיק פרישע פּאַראַנאַער לופט און קוקן אין דער אומענדלעכער נאַכט אַריין און אויף די שטערן אין איר און טראַכטן פון דער אַלטער פּאַטעטישער פראַזע, אַז „וואָס פינצטערער די נאַכט, אַלץ ליכטיקער די שטערן”, אָדער... „בעסער ווייניקער ליכטיקייט פון די שטערן און נישט אַזאַ פינצטערע נאַכט”... עס פעלן נישט אַזוינע וואָס האָבן, אַפּנים ליב די איינזאַמקייט אָדער וואָס ווילן זיך נאָך וועמען פאַר־בענקען, פאַרקלויבן זיי זיך אין באַזונדערע ווינקלען פון פאָרנט אָדער פון הינטן אָדער אויף די זייטן פון די שיף־דעקן, וואו זיי בלייבן ביז אין דער טיפער נאַכט אַריין, ווען לויטן שיף־רעגלאַמענט און לויט דעם ווי עס פירט זיך, הערשט אויף דער שיף אַבסאָלוטע שלאָף־רואיקייט ביי אויסגעלאָשענע ליכטער, פון וועלכע מען האָט איבערגעלאָזן ברענען נאָר אייניקע, עס זאָל נישט זיין אינגאַנצן פינצטער אין די שיף־קאָרידאָרן. עס האָט שוין אויך איבערגעריסן די „לאַבאַ” דער לעצטער קוואַרטעט אין סאַלאָן, וואָס ווען נישט דער רעגלאַמענט וואָלט ער אַוודאי געשפּילט ביז אינדערפרי.

וואָך איז נאָר דער שיפסקאַפּיטאַן. ער שטייט אויבן אויפן אויבערשטן גאָרן אין פראָנט פון דער שיף אין דעם שטיבל מיט די גלעזערנע ווענטלעך, וואָס איז נאָר פאַר דער שיפס־קאָמאַנדע, ווי דאָס ווערט געוואָרנט. דאָרט שטייט דער קאַפּיטאַן אין זיין גאַנצן אוניפאָרם מיט די געלע צוויי רייען קנעפּ און באַגילדעטע שליפעס, קאָקאַרדע און בענדלעך, ווי ער וואָלט מיט דעם דעמאָנסטרירט זיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פאַרזיכערונג און אויטאָרי־טעט; ער שטייט ווי צוגעשמידט צום רודער מיט די אויגן אָנגעשטעלט פאַראויס אויפן פּאַראַנאַ, וואָס נישט געקוקט אויף זיין רואיקייט קאָן דאָך חלילה עפּעס געשען אויב מען וועט נישט זיין גענוג פאַרזיכטיק, מחמת

פאַר אַזאַ שיף איז לייכטער צו גיין אויפן אַטלאַנטישן אָקעאַן איידער דאָ אויפן פאַראַנאַ, וואו די טיפעניש איז אין אַ סך ערטער זייער קליין און דער טייך איז רייך נישט נאָר מיט אומצאָליקע אינדזלען און אינדזעלעך, נאָר אויך מיט אומצאָליקע אונטערוואַסערדיקע זאַמד־בערג און בערגלעך, וואָס זענען ווי אַ פאַרבאָרגענע געפאַר ביי דער קלענסטער אומפאָרזיכטי־קייט, אָדער נאַכלעסיקייט פון קאַפּיטאַן, אָבער מיר זענען רואיק. מיר זעען ווי דער קאַפּיטאַן שטייט אויף דער וואַך און פירט די שיף מיט אַ זיכערער האַנט, מיר זעען, ווי ער איז רואיק און רואיקייט איז די גאַראַנטיע פון לעבן.

# פּאָרטן

אונדזער שיף איז שוין אָפּגעגאַנגען פיר הונדערט קילאָמעטער טייך־אַרויף אויפן פּאַראַנאַ און דערנענטערט זיך צום פּאָרט פון ראָזאַריע, וועמענס קאָנטורן עס צייכענען זיך שוין אויפן האָריזאָנט.

ביז אַהער זענען דורכגעלאָזן געוואָרן די פּאָרטן: סאַן פּעדראָ און סאַן ניקאָלאַס, אָבער „גענעראַל אַלוועאַר", ווי עס הייסט די שיף, האָט זיי אויסגעמיטן, האָט אויך שפּעטער אויסגעמיטן דעם פּאָרט פון סאַנטאַ פע; איז נישט אַריין אין קיין פּאָרט איבערן גאַנצן וועג, וואָס הייסט סאַן אָדער סאַנטאַ; איז זיי פאַרבייגעגאַנגען פון ווייטנס אַן אַ גוט מאָרגן.

שוין גאָר נאָענט פון ראָזאַריע, אָבער דאָך נאָך אויף אַ דיסטאַנץ, פּרעזענטירט זיך פאַר די נייגעריקע פּאַסאַזשירן די שטאָט מיט איר גרויס שטאָטישקייט, איז זי דאָך די צווייטע פון דער רעפּובליק דורך דער צאָל פון אירע איינוואוינער, אירע מאָדערנע קאָנסטרוקציעס, וואָס אייניקע פון זיי גייען ביז אין די וואָלקנס; אירע פּאַסאַזשן און אירע אַוועני‏דאַס; אירע פּאַרקן, מאָנומענטן און איר גיגאַנטישער טויבנשלאַק. ראָזאַריע צייכנט זיך אויס מיט דעם, וואָס זי צייכנט זיך מיט גאָרנישט אויס, אַלץ איז אַזוי ווי אַנדערשוואו, אַפילו די אַלע אַלטע גאַסן און הייזער זענען נישט קיין קאָלאָניאַלע, קיין געשיכטלעך געשטאַלטיקע, מיטן אויסנאַם פון אייניקע „פּאַטיעס" לויטן סטיל פון די אַמאָליקע שפּאַניש־אַנדאַלוזישע. אָבער ראָזאַריע האָט אַלץ פון דעם, וואָס עס האָבן אַנדערע שטעט, האָט אויך אַ פּרעכטיקן ראַסעדראָל און אַ פּלאַזשע און שפּרייט זיך אויס אויף אַ גרויסן שטח מיט איר אינטענסיווער אַרבעט און האַנדל און פאַרקער; מיט איר לערנען און מיט איר פּראָדוצירן; מיט איר רייכקייט און מיט איר אָרעמקייט. ראָזאַריע קאָן אָנווייזן אויף איר פּאָרט ווי אויף דעם ערשטן, גרעסטן און וויכטיקסטן אין דעם אינערן פון לאַנד; ער איז אַ מיטלפּונקט פון גרויסע און פרוכטבאַרע אַגראַר־זאָנעס פון די פּראָווינצן סאַנטאַ פע און ענטרע ריאָס, עס גייען אַריין און עס גייען אַרויס פראַכטשיפן, וואָס קומען פון דרום און פון צפון און וואָס גייען אַוועק אין די זעלבע ריכטונגען און אין

פרידנסצייט קומען פראַכטשיפן פון דער וועלט אין ראָזאַריער פּאָרט און לאָדענען זיך אָן מיט תבואה, מיט רינדער, מיט פּרוכטן און מיט אַלעם גוטן און פירן דאָס אַוועק אין דער וועלט אַריין.

„גענעראַל אַלוועאַר" גייט אַריין מיט אַ פייף אין פּאָרט פון ראָזאַריע. דער פּאָרט איז ווי אויסגעהאַקט אין פעלז, אין וועלכן די שטאָט האָט גע־מאַכט קאַרבן און זי באַצירט מיט גרינס און בלומען. מען לייגט אַוועק דאָס בריקל און עס גייען אַראָפּ און אַרויף פּאַסאַזשירן. דאָס וואָס ראָזאַריע האָט פאַרשידענע וואָקזאַלן אין פאַרשידענע פּונקטן פון שטאָט, וואוהין עס קומען און עס גייען אָפּ טעגלעך באַנען אין אַלע ריכטונגען פון לאַנד חוץ די אָמניבוסן וואָס קומען און גייען קיין סאַנטאַ פע און טשאַקאָ, קאָרדאָבע און בוענאָס־איירעס, שטערט דאָך נישט אינגאַנצן דאָס פאָרן מיט דער שיף. גייען אַרויף פּאַסאַזשירן ביז אין די נאָענטע און ביז אין די ווייטסטע פּאָרטן און פּאַסאַזשירן פון שיף גייען אַראָפּ אַ ווײַלע אויף צו פילן ערד אונטער די פיס, קויפן צייטונגען מיט זשורנאַלן, אייזקרעם מיט „אַלפאַכאָרעס". עס ווערט אויך אָפּגענומען פּאָסט פאַר די פּאַראַנאַ פּאָרט־שטעטלעך און פּראָ־דוקטן פאַר די צפון־טעריטאָריעס און פאַר פּאַראַגוויי און נאָכדעם גייט די שיף איר וועג, פאַרבייגייענדיק די באַוואוינטע אינדזלען עספּיניזשאָ און אינווערנאַדאָ, וואָס געפינען זיך קעגנאיבער ראָזאַריע, ווענענס אינדוסטריע־לער, קאָמערציעלער, אינטעלעקטועלער און אורבאַנישער אָטעם עס פילט זיך און ווענענס בילד פון גרויס־שטאָטישקייט מיט איר לאַנגן פּאַראַנאַ־ברעג און מיט די גיגאַנטישע טאַנקן פון איר צעלולאָיד־פאַבריק עס לאָזט זיך זען אַ לאַנגע ווײַלע ביז עס פאַרשווינדט פון הינטן אינעם ווייטן האָריזאָנט.

דער ערשטער פּאַראַנאַ־פּאָרט פון ענטרע ריאָס, אין וועלכן אונדזער שיף גייט אַריין אויף אַ ווײַלע, איז דער פּאָרט דיאַמאַנטע, הונדערט עטלע־כע דרייסיק קילאָמעטער פון פּאַראַנאַ. ער איז געשאַפן געוואָרן מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, אָבער דער פּאָרט פון ראָזאַריע פון איין זייט און דער פּאָרט פון דער ענטרע ריאָסער הויפּטשטאָט פון דער צווייטער זייט, האָבן איבערגענומען צום גרעסטן טייל די פּאָרט־טעטיקייט פון דיאַמאַנטע, אָבער ער אַרבעט דאָך, ער איז גוט געבויט מיט די געהעריקע געביידעס אונטער אַ באַרג־וואַנט און האָט זיך מיט וואָס צו גרויסן: דער גענעראַל אורקיזאַ האָט אויף דעם אָרט איבערגעקרייצט דעם פּאַראַנאַ אין דעצעמבער פון 1851, מאַרשירנדיק מיט זיין אַרמיי קיין בוענאָס־איירעס אַ סוף צו מאַכן פון דער רעגירונגס־הערשאַפט פון מאַנועל ראָסאַס.

נאָך דיאַמאַנטע טייך־אַרויף קומט דער פּאָרט פּאַראַנאַ פון דער שטאָט פּאַראַנאַ, וועלכע איז די הויפּטשטאָט פון דער אַרגענטינער מעסאָפּאָטאַמיע;

די פּראָווינץ, וואָס געפינט זיך צווישן טייכן, הייסט דעריבער ענטרע ריאָס און כּאָטש דער אורוגוויי, וועלכער געפינט זיך אויף דער מזרח־זייט פון דער פּראָווינץ און איז דער שותּפותדיקער טייך פון אַרגענטינע, אורוגוויי און בראַזיל, איז נישט אַוועקצומאַכן מיטן האַנט, איז דאָך דער פּאַראַנאַ גרעסער און איז ביי ענטרע ריאָס אַן אייגענער אָן אויסלענדישע שותּפים; עס איז די שטאָט פּאַראַנאַ, וואָס שטייט אינדערהויך איבערן טייך און לאָזט זיך זען דורך איר פּרעכטיקן און נאַטור־וואונדערבאַרן פּאַרק גענעראַל אורקיזאַ, מיטן קאָלאָסאַלן סקולפּטאָרישן מאָנומענט „דער באַפרייער".

זעקס הונדערט און איין קילאָמעטער אויפן פּאַראַנאַ האָט אונדזער שיף דורכגעמאַכט, ווען זי האָט זיך דערנענטערט צום פּאָרט מיטן זעלבן נאָמען. אויך דאָ האָט אויסגעזען ווי דער פּאָרט וואָלט אויסגעהאַקט געווען אין פעלז, אַזוי איז דאָס בילד בעת די שיף גייט ביים לאַנגן און פעלזיקן און באַרגיקן ברעג פון דער שטאָט און איר אומקרייז. אָט די הויכע ברעגן וואָס פירן צום פּאָרט פון פּאַראַנאַ, זענען ערטערווייז אויפגעריסן, אָפּגע־ריסן, צעגראָבן און וואו נישט וואו זיצט אַ פאַבריק אויף זיי.

דער פּאָרט אַליין איז אַן אויפגערוימטער, אַ באַוואַכטער, אַ באַשיצטער, פון איין זייט די צאָלאַמט־געביידע, אין וועלכער עס ווערן רעווידירט די זאַכן, וואָס מען ברענגט אַריין, ווען די שיף קומט פון אויבער־פּאַראַנאַ, וואו זי רירט אָן ברעגן פון אויסלענדישע לענדער און פרעמדע פּאָרטן, און פון דער צווייטער זייט די פּרעפעקטור. עס איז געווען זונטיק פאַרנאַכט, אָבער עס איז נאָך געשטאַנען אַ העלער, הייסער זוניקער טאָג, ווען די שיף איז אַריין אין פּאָרט, האָט עס אויסגעזען אַזוי מנוחהדיק ווי בעת אַ שבת נאָכן עסן־שלאָף אין ערגעץ אַ שטעטל: אויפגערוימט, אָפּגעשטעלט, פאַר־מאַכט און רואיק. אין פּאָרט זענען געווען אַביסל מענטשן, זענען זיי געווען יום־טובדיקע, אָרטיקע, נישט קיין פּאַסאַזשירן. די לאַדונג איז געווען אַ באַ־גרענעצטע, נישט אַזוי צוליב נישט מחלל־זונטיק זיין, ווי צוליב דעם וואָס אונדזער שיף איז דאָך נישט קיין פראַכטשיף, האָט דער קאַפּיטאַן געגעבן אַ סיגנאַל בעת עס זענען אַראָפּגעטראָגן געוואָרן די לעצטע קעסטלעך מיט פרוכטן, וואָס מען האָט געבראַכט פון בוענאָס־איירעס און עס איז אַוועק־גענומען געוואָרן דאָס בריקל און די שיף איז ווייטער אַוועק אויף איר וועג, איבערלאָזנדיק הינטער זיך שוין אויך דעם פּאַראַנאַער פּאָרט מיט דאָס מערק־ווירדיקסטע אונטער די הויכע פּאַראַנאַער ברעגן, אין וועלכע עס זענען נישט אין קיין גלייכע ליניעס אָנגעשטעלט ראַנטשאָס מיט ערדענע ווענטלעך, שטרויענע דעכלעך מיט אַריינגאַנג־לעכער פאַרהאָנגענע מיט זעק, מיט מענטשעלעך, איינגעבוירענע: פונדיקעס, פונדיטשקעס און פונדיקלעך, וואָס לעבן אין די ראַנטשאָס און אַרום זיי צוזאַמען מיט זייערע עופות און פיי־

געלעך; מיט זייערע פיש־נעצן און יאַגד־ביקסן און מען זעט ווי מען זיצט אַזוי אידיליש פֿאַר די „טירן“ פֿון די ראַנטשאָס און מען לויזט זיך בעת אײַנגאַנצן נאַקעטע קינדערלעך יאָגן זיך און שלאָגן זיך אַזוי שפּילנדיק.

אייניקע פּאָרטלעך, וואָס זענען פֿון גרויס לעבנס וויכטיקייט פֿאַר זייערע שטעטלעך, נאָר דורך זיי קומען זיי אין פֿאַרבינדונג מיטן לאַנד און מיט דער וועלט און דורך וואַנען זיי באַקומען די אַרטיקלען, אין וועלכע זיי נויטיקן זיך צום שאַפֿן און צום לעבן, דורך וואַנען זיי לאָזן פֿון זיך הערן און עקספּאָרטירן פּראָדוקטן פֿון זייער נאַטור, פֿון זייער אַרבעט — ווערן פֿאַרשלונגען פֿון די נעבט אין איינזאַמקייט. עס קומען אין די דאָזיקע פּאָרטן, ווי הערנאַנדאָ ריאָס פֿון ענטרע ריאָס, עמפּעדראַדאָ פֿון קאָריענטעס אָדער איטוסאַינגאָ נאָר די מענטשן פֿון פֿעלד און פֿון שטעטל, איינשליסלעך דער פּאָליציאַנט, וואָס דאַרפֿן קומען און פֿון דער שיף גייט אַראָפּ נאָר יענער פּאַסאַזשיר, וועלכער פּאָרט נישט ווייטער און איז דעריבער נישט געגאַנגען שלאָפֿן.

חוץ די פֿעסטע אומבאַוועגלעכע פּאָרטן און פֿון אינטענסיווער טעטיקייט, ווי דאָס זענען די ווייטע פּאָרטן פֿון דער שטאָט קאָריענטעס אינדערהויך פֿון צוועלף הונדערט קילאָמעטער אויפֿן פּאַראַנאַ, אָדער דער פּאָרט פֿון פּאָסאַדאָס, וואו דער פּאַראַנאַ פֿון אונטן אַרויף גרייכט צו 16 הונדערט קילאָמעטער, לאָזן זיך באַמערקן אויפֿן פּאַראַנאַ באַוועגלעכע פּאָרטן, שווימענדיקע, וועלכע וואָלטן אַוודאי אַוועקגעשוואומען און געמאַכט אַז מען זאָל נישט וויסן וואו אַ שטעטל אָדער אַ געגנט געפֿינט זיך, ווען זיי זענען נישט צוגעבונדן מיט שטאַרקע קייטן צו דער ערד; אַזוינע פּאָרטן וואָס זענען אַלע אוניפֿאָרמיק, אין זייער אויסזען און אין זייער קאָנסטרוקציע און זענען פֿאַרזאָרגט מיט אַלע פּאָרט־באַדערפֿענישן און מיט מער באַקוועמלעכקייט איידער אין אַנדערע סאָלידע פּאָרטלעך. אַזאַ שווימענדיקער פּאָרט באַווייזט זיך שוין אין לאַ פּאַז, וואָס איז דער לעצטער אויפֿן פּאַראַנאַ פֿון ענטרע ריאָס; אַזאַ פּאָרט איז דער פּאָרט פֿון עסקינאַ, וועלכער געפֿינט זיך ווי אין אַ ווינקל פֿון קאָריענטעס און ענטרע ריאָס; אַן אויסנאָם איז גאַזשאַ, ווען פּאָרט עס באַשטייט פֿון אַ שיף, וואָס ברענגט פּאַסאַזשירן און לאַדונג פֿאַר אונדזער שיף און נעמט פּאַסאַזשירן, פּאָסט און פּראָדוקטן פֿון אונדזער שיף אַוועקצופֿירן זיי אין שטעטל אַריין, וואָס געפֿינט זיך אַכט קילאָמעטער פֿונעם פּאָרט, וואָס באַשטייט פֿון אַ שיף און מאַכט איר פּאָרט־וועג אויף אַ פּאַראַנאַ־אָפּצווייג. ווייטער קומען די שווימענדיקע סטאַנדאַרד פּאָרטן פֿון לאַוואַזשע, וואו אַ זון פֿון מיין חבר פֿינסקער, אַ יידישער אײַנוואוינער אין קאָריענטעס איז לערער אין דער מלוכה־שול; דער באַוועגלעכער פּאָרט בעזשאַ וויסטאַ, וואָס זעט אויס פֿון ווייטנס ווי אַ צויבער־מעשהלע; דער פּאָרט עמפּעדראַדאַ, אַלץ אין דער קאָריענטעסער פּראָווינץ, אַזוי ווי די פּאָרטן איטאַטי, פֿון וואַנען עס

זעט זיך דער קופּאָל פון אַ לעגענדאַרישן סאַנטואַריום; דער פּאָרט איטאַ איבאַטע, וואָס דערמאָנט אין די גוואַראַניער, זענען אַלץ פּאָרטן אויף די ראַנדן פון קאָריענטעס, די פּראָווינץ מיט דעם שטעטעלע זשאַפּיזשו, וואו עס איז געשטאַנען דאָס וויגל פון דעם מישלינג, גענעראַל און באַפרייער, סאַן מאַרטין.

# אין וואַלד

מיר זענען שוין אָפּגעפֿאָרן זעקס הונדערט קילאָמעטער טייך־אַרויף אויפֿן פּאַראַנאַ און וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער איז דער איינדרוק אַז מיר פֿאָרן אין אַ אומענדלעכן וואַלד, אין וועלכן ס׳גייט אַדורך דער פּאַראַנאַ. וואַלד איז דער ברעג פֿון איין זייט פּאַראַנאַ און וואַלד איז דער ברעג פֿון זיין אַנדערער זייט און דער וואַלד אויף ביידע זייטן ווייזט זיך אַלץ געדיכטער, אַלץ אומדורכדרינגלעכער.

קיינער האָט אים נישט געפּלאַנצט דעם וואַלד. ער איז אַליין אַרויסגעוואַקסן אָן קיינעמס הילף, הפקרדיק, אָן ציוויליזאַציע, אָן קולטור. מען קאָן אים נישט פֿאַרגלייכן צו די פּוילישע וועלדער, וואָס זענען געוואַקסן גלייך, געמאָסטן, קולטיווירט, אָפּגעהיטן; מען קאָן אים אויך נישט פֿאַרגלייכן צו די אורוגווייער וועלדער פֿון עוקאַליפּטן און נאָדל־ביימער, וואָס מענטשן האָבן פֿאַרפּלאַנצט מיט אַ מאָס, מיט אַ סיסטעם, מיט אַ צוועק און געוואָלט זיי זאָלן וואַקסן גוט און שיין, אין דער ברייט און אין דער הייך, זיי זאָלן דינען דעם לאַנד פֿון טוריסטיק און עס זאָל אָנגענעם און געזונט זיין צו אָטעמען זייער לופֿט.

דער פּאַראַנאַ־וואַלד ווייסט נישט פֿון קיין מאָס, פֿון קיין סימעטריע און פֿון קיין דימענסיע. די וואָרצלען פֿון זיינע צעקרימטע ביימער זענען אין דער ערד פֿאַרפּלאָנטערט איינע אין די אַנדערע און אַזוי זענען זייערע צעדרייטע צווייגן, וואָס וואַקסן אַרויס פֿון די טרוקענע שטאַמען און פֿון די וואָרצלען און אויך פֿון די צווייגן פֿאַרפּלאָנטערט אין דער וועלט אַריין, און דאָרט וואו עס איז אין אים נישט אויסגעהאַקט אַ וועג, איז נאָר מעגלעך צו גיין אין אים מיט אַ האַק אין דער האַנט.

דער וואַלד, דורך וועלכן דער פּאַראַנאַ האָט זיך אויסגעהאַקט זיין לאַנגן וועג, איז יונגפֿרויעלעך און אַלט. עס האָבן זיך אין אים געבויט אין משך פֿון זיינע הונדערטער דורות לעבן אַלע מינים פֿרייע פֿייגל זייערע נעסטן און די נייע פֿרייע פֿייגל בויען זיך ווייטער אין אים זייערע נעסטן; עס לעבן אין׳אים טויזנטער מינים פֿייגל, פֿליגעלעך און אינזעקטן און עס האָבן אין

אים זייערע נעסטן שלענג און אַנדערע חיות, וואָס אַנטלויפן פון מענטשן אָדער פאַלן אָן, ס'איז געווענדט אין מאָמענט. דער וואַלד קאָן דערציילן פון די צייטן פון די גוואַראַניער, ווען זיי זענען געווען די באַלעבאַטים אויף דער ערד פוןביידע זייטן פאַראַנאַ איידער עס זענען געקומען די שפּאַניער און קעגן וועמען זיי האָבן זיך פאַרטיידיקט און אומגעקומען. דער וואַלד קאָן דערציילן ווי זיינע מענטשן באַוואָפנטע מיט פייל און בויגן האָבן אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן געקעמפט פאַר זייער פרייהייט און פאַר זייער רעכט. און ווען עס איז געקומען די אַרגענטינישע מאַי־רעוואָלוציע און געמאַכט אַ סוף צו דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער הערשאַפט פון מיטלאַלטערישן טיפּ, האָבן די אינדיאַנער נאָך אַלץ פאַרגעזעצט זייער פאַרצווייפלטן קאַמף, מחמת זיי האָבן נישט געוואוסט פון דער באַפרייערישער רעוואָלוציע. היינט איז פון די העראָישע גוואַראַניער געבליבן נישט מער ווי אַ שפּראַך, נישט קיין געשריבענע, נאָר אַ גערעדטע און נישט געקוקט וואָס די גוואַראַניער אַלס נאַציע זענען אומגעקומען איז דאָך זייער שפּראַך געבליבן לעבן, זי לעבט נישט אין די קאַנצעלאַריעס, אין די ביוראָען, אין די מאָדע־געשעפטן, אין די אוניווערזיטעטן, שולן, פרעסע און טעאַטער; זי לעבט אָבער אינעם פאָלק פון קאָריענטעס און מישאַקאַ; פון מיסיאָנעס און פון דער רעפּובליק פאַראַגוויי; זי איז די שפּראַך פון די היינטיקע שוין ציוויליזירטע אינדיאַנער, די איינגעבוירענע, אָדער אינדיכענאָס, זייערע קינדער און קינדס־קינדער און עס איז נישטאָ קיין איינוואוינער, ווי אינטעליגענט ער זאָל נישט זיין, אין קאָריענטעס, אין מיסיאָנעס און איבערהויפּט אין פאַראַגוויי, וואָס זאָל נישט ריידן און וואָס זאָל נישט פאַרשטיין קיין גוואַראַני. זי לעבט אויך אין די נעמען פון דיביימער, פון וועלדער, פון טייכן, פון אינדזלען, פאָרטן, שטעט און שטעטלעך, וואָס שפּרייטן זיך אויס אויף ביידע זייטע פאַראַנאַ.

די שיף איז שוין אָפּגעגאַנגען אַכט הונדערט קילאָמעטער אויפן פאַראַנאַ טייך־אַרויף און איז פאַרבייגעגאַנגען דעם גאַנצן מערב־ברעג פון ענטרע ריאָס און עס שפּרייט זיך אויס דער וואַלד אויף איין זייט, אַזוי ווי אויף דער צווייטער זייט אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ פע אַריין און עס ציט זיך אַלץ אויף ביידע זייטן פונעם פאַראַנאַ דער זעלבער וואַלד, ווען מיר געפינען זיך שוין איבער טויזנט קילאָמעטער אויפן טייך, צווישן די ברעגן פון די פּראָווינצן סאַנטאַ פע און קאָריענטעס נאָך דעם אָפּשטעלן זיך ביי די שווייצעריקע פאָרטן פון עסקינאַ, גאָזשאַ, לאַוואַזשע און בעזשאַ וויסטאַ. עס וואַקסט דער מהלך, אַט צייכנט זיך צוועלף הונדערט קילאָמעטער טייך און שפּעטער צייכנט זיך פערצן הונדערט מיט עפּעס קילאָמעטער און צומאָרגנס זעכצן הונדערט קילאָמעטער אויפן טייך און עס שטייט אַלץ דער זעלבער וואַלד פון ביידע זייטן. די שיף גייט פאַרביי די גאַנצע לענג פון פּראָווינץ

קאריענטעס אויף איין זייט און איז שוין אויך פארבייגעגאנגען דעם מזרח־ברעג פון טשאקא און עס איז וואלד אויף ביידע זייטן. אין פארט פון קאָ־ריענטעס, די שטאָט, דרייט זיך אויס דער פאראנא און גייט צווישן דעם גאנצן ברעג פון דער פראווינץ קאריענטעס אין דער ברייט, ביי די פיר הונדערט קילאמעטער אויף איין זייט און דעם גאנצן דרום־ברעג פון לאנד פאראגוויי אויף דער צווייטער זייט און עס איז אלץ וואלד פון ביידע זייטן.

ווען מיר שטייען אויף גאנץ פרי און מיר טוען א קוק אינעם שיפס־פענצטערל, איז דאָס ערשטע, וואָס ווארפט זיך אין די אויגן איז — וואלד. נאָכן מיטיק גייט מען זיך אביסל איבער אויף די לאנגע גאלעריעס פון דער שיף און אויף ביידע זייטן זעט זיך נאר וואלד און אין אוונט — וואלד און ביינאכט — וואלד און מארגן א גאנצן טאג און א גאנצע נאכט — וואלד און איבערמארגן — וואלד און אויפן פערטן טאג — וואלד און אויפן פינפטן טאג — וואלד.

הימל, טייך און וואלד — דאָס זענען דאָ די דריי גרויסע, די דריי אומענדלעכע, די דריי אייביקע און אין דער זעלבער צייט די נארמאלע און די געוויינלעכע דערשיינונגען די טאג־טעגלעכע אויף דער גאנצער לענג פונעם פאראנא. די פארטן און די פארטלעך, די אומבאוועגלעכע ווי די באַ־וועגלעכע, אָדער שווימענדיקע, דערשיינען ווי אקצידענטן אויף דער רייזע, אקצידענטן פון גוטס, וואָס שלאָגן איבער דאָס טרוימערישע און פאנטאַס־טישע פון דער פרימיטיווער ווירקלעכקייט און ווייזן אייך מאָדערנע מענטשן און פראָדוקטן פון מענטשלעכער פיזישער און גייסטיקער ארבעט און דער־צייגענע הויז־חיות און שטיקלעך פאסטאָרן פון קולטור, פון ציוויליזאציע און אפילו פון פארשריט.

ווען נישט ווען ווערט איבערגעריסן אויף א רגע און אויף א פינטעלע פלאַץ די נארמאליטעט, דאָס געוויינלעכע, דאָס אומענדלעכע אויף איין זייט פונעם פאראנא אָדער אויף זיין צווייטער זייט. די דערשיינונג גיט זיך איבער ווי א ראַדיאָ צווישן די פאסאזשירן אויף דער שיף, וואָס האָט צוליב רו און פרידן איבערגעריסן די באציאונגען מיט דער אויסערער וועלט אין בלוטיקער מילחמה און האָט פארשלאָסן דעם ראַדיאָ־אויפנעמער, אויך דעם טערמאָמעטער האָט זי באהאלטן און דעם קאלענדאר אפגעשאפט. לאָזן זיך די פאסאזשירן אין זייער איזאָלירטן פרידן צו די פארענטשעס פון דער שיף צו זען דאָס אויסערגעוויינלעכע, דאָס מערקווירדיקע, דאָס פרעמדע אין דער יונגפרוילעכער, אורוואלדישער נאטור, דאָס עקזאָטישע, ווי עס זעט דאָ אויס א מענטשלעכער ישוב אין באשטאנד פון איין פאמיליע, אָדער פון עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן זיך צוזאמען באזעצט דאָ אויפן ברעג אין א שטיבל און האָבן דאָ נעבן זיך זייער הונט, זייערע פערד, זייער מילך־קו.

עופות און דאָס זעלבע זעט אויס דאָ אין דער אומענדלעכער וואַלדיקער, פּרימיטיווער נאַטור אַ שטיקל גרין קולטיווירט פעלד פון רייז אָדער פון אַ אַנדערן קולטיור, וואָס זעט זיך אַזוי זעלטן דאָ אין וואַלד, אין וועלכן עס גייט דער פּאַראַנאַ.

וואָס קאָן מען טראַכטן וועגן די איינוואַנדערונג־באַשרענקונגען, ווען מען געפינט זיך אין דער אומענדלעכקייט פונעם אורוואַלד, וואו אַ מענטש און מענטשלעכער ישוב איז אַן עקזאָטישע דערשיינונג?

# חיות

ווען מענדעלעס רב בנימין השלישי פון טונעיאַרעווקע האָט אָפּגערעדט מיט רב סענדערלען די אידענע אַוועקצוגיין קיין ארץ ישראל צו די רויטע יידעלעך, צו די בני־ישראל איבערצושמועסן מיט זיי מכוח כל ישראל, האָט ער געזאָגט זיין באַגלייטער, אַז אויף דער נסיעה וועלן זיי האָבן צו טון מיט פּיפּערנאָטערס. איך ווייס נישט די געשטאַלט פון אַ פּיפּערנאָטער. איך האָב נישט געזען אַ חיה מיט אַזאַ נאָמען נישט אין וואַלד, נישט אין וואַסער, נישט אין זאָאָלאָגישן גאָרטן און אפילו נישט אויפן פּאַפּיר. אָבער אַז מענדעלע האָט אָנגערופן אַזאַ חיה, איז זי דאָך אוודאי פאַראַן; יעדנפאַל איז זי פאַראַן אין דער פאַנטאַזיע פון זיין העלד און זי איז אוודאי אַ געפערלעכע חיה, מחמת זי ווערט דערמאָנט פון אונדזער כלל־פאַרזאָרגער. כאָטש ער האָט נישט קיין מורא פאַר איר — זאָגט ער — און זי וועט אים נישט אָפּהאַלטן פון דער נסיעה, אָבער ווי זאָגט מענדעלע: נישט דאָס בין איך אויסן. עס האָט מיך דערמאָנט אין דעם פּיפּערנאָטער אַ שמועס אויף דער שיף בעת דער פאַראַנאַ האָט זיך געשלענגלט אין בראַשיתדיקן וואַלד, נאָך דעם פאָרט עסקינאַ. ווען די שיף איז שוין אָפּגעגאַנגען העכער ניין הונדערט קילאָמעטער אויפן טייך. עס איז אַפּנים דער אומפאַרמייד־לעכער שמועס אויף דער שיף, וואָס הויבט זיך אָן אין דעם ווינקל אויפן פאַראַנאַ, וועלכער האַלט פיר טויזנט אַכט הונדערט קילאָמעטער די לענג מיט צוויי פינפטל פון זיין לענג אין אַרגענטינע און מיט דעם איבעריקן אין בראַזיל. דער שמועס האָט זיך אָנגעהויבן וועגן זשאַקאַרעיען.

דאָס זענען נישט געווען קיין רייד פון אַ יידישן דאַן קיכאָט, וועלכער איז קיינמאָל נישט אַרויס פונעם שטעטל מיט פּיפּערנאָטערס אין דער פאַנטאַזיע; דאָס האָבן גערעדט מענטשן, וועלכע פאָרן נישט דאָס ערשטע מאָל אויפן פאַראַנאַ, קאָנען דעם וואַלד, ווייסן וואָס עס טוט זיך נישט נאָר אויף זיינע ברעגן, אויף ביידע זייטן טייך, נאָר אויך אינעווייניק, אין דער טיף. עס ריידן דאָ מענטשן פון טשאַקאָ און פון פאָרמאָסאַ; פון קאָריענטעס און פון דער רעפּובליק פּאַראַגוויי; פון מיסיאָנעס און פון בראַזיל, וואָס איז געאָגראַפיש פאַרבונדן מיט קאָריענטעס און מיט מיסיאָנעס. קיינער פון זיי־

מאַכט נישט קיין נסיעה צו פאַרזאָרגן דעם כלל. ווער עס פאַרט נישט אויף שפּאַציר, אָדער אויף אָפּרו, פאַרט וועגן געשעפט, אָדער וועגן אינדוסטריע, אָדער אַלס פונקציאָנאַר פון אַ רעגירונגס־אַפּטייל און זיי אַלע קענען די פּלאַר און די פאַונאַ פונעם אומענדלעכן וואַלד און פונעם אומענדלעכן טייך; זיי האָבן נישט נאָר געזען די חיות פונעם וואַסער און פונעם וואַלד, נאָר האָבן אויך געהאַט צו טון מיט זיי אינעם פאַראַנאַישן דזשאַנגל, מיט וועמען עס זענען פאַרבונדן זייערע אינטערעסן און אויפגאַבן. איינער פון זיי אַן אָנגעשטעלטער ביי דער דירעקציע פון שאָסייען־בוי, אַ מיסיאָנעסער, איז אַן אויסגעלעבטער צווישן די חיות, רופט זיי אָן מיינסטנטייל ביי זייערע גוואַראַניאַנישע נעמען, קען זייער שפּראַך, זייערע אייגנשאַפטן און ווייס ווי אַזוי מיט זיי אומצוגיין, פאַרזיכערט דאָס אַלץ אַז די חיות פון דעם שמועס, וואָס איז נאַטירלעך אין דער סביבה אין וועלכער מיר געפינען זיך און וואָס זענען פון דאָ אָן די הויפּטזאַכן פון די שמועסן צווישן די פּאַסאַזשירן אויפן שיף, זענען ווירקלעכע און דאָך זענען זיי פּיפּערנאָטערס ווי לאַנג מען זעט זיי נישט מיט די אייגענע אויגן.

די ערשטע אין שמועס זענען געווען די זשאַקאַרעיען מחמת זיי געפינען זיך דאָ, וואו מיר געפינען זיך איצט. דאָס איז אַ גרויסע וואַסער־חיה, וואָס ווערט פאַרגלייכט צו אַ קראָקאָדיל, אייניקע רופן זי אַמעריקאַנישער קראָקאָדיל צוליב די גרויס און די ענלעכקייט צו אַ קראָקאָדיל; גרויס זענען פאַרשטייט זיך די אויסגעוואַקסענע און זייער מאָס איז אויך פאַרשידן. דער זשאַקאַרע האָט זיין נעסט אויפן טייך־ברעג, פאַרשטעלט מיט פלאַנצן און אָפּגעהיטן, שטענדיק גרייט צו פאַרטיידיקן זיך, אָבער ער קאָן מאַכן אַ טעות און אָנפאַלן, ווייל ער מיינט שטענדיק, אַז מען גייט אויף אים אָנפאַלן, אַזוי מיינען אַלע חיות. דער זשאַקאַרע, וואָס איז אַ ספּעציעלע דרום־אַמעריקאַנישע חיה פון די האַלב־טראָפּיקאַלישע זאָנען, האָט אַ טבע אַרויס־צוגיין פון וואַסער אויף דער זאַמד־פּלאַזשע און נעמען אַ זון־באָד, אַזוי שעהנלאַנג, ער עפנט דאָס מאָנסטעריעזע מויל זיינס און לאָזט אַריין צו זיך אין בויך די זון; ער נעמט אַזוי פיל זון אויף זיך און אין זיך ביז ער ווערט ווי פאַרטשמעלעט און אין אַזאַ מאָמענט שטעלט ער זיך ווירקלעך אין געפאַר איבערגעפאַלן צו ווערן און נישט צו קאָנען זיך פאַרטיידיקן אַזוי ווי אין דער ניכטער, נישט זיך און נישט זיינע קינדער, וואָס נעמען אויך אַ זון־באָד און ווערן אויך פון איר פאַרשיכורט.

דער עולם האַלט אין איין קוקן אויף די קליינע זאַמד־פּלאַזשעס אויפן ראַנד פון טייך אין וואַלד, אָבער מען זעט נישט קיין זשאַקערייען אויף זיי. אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך באַהאַלטן אין די טונקעלע וואַסערן פון טייך אויס מורא די מענטשן זאָלן אויף זיי נישט אָנפאַלן און זיי וואַרטן איבער ביז

אונדזער שיף, אויף וועלכער זיי קוקן ווי אויף אַ פּיראַטן־שיף, וועט פאַרבייגיין.

און דער זשאַקאַרע איז דער קעניג פון דער רייכער און פאַרביקער פיש־באַפעלקערונג אינעם פאַראַנאַ, וואָס ווערן כסדר געכאַפּט פון מענטשן, דערהרגעט, אָפּגעבראָטן אָדער אָפּגעקאָכט און אויפגעגעסן. דער זשאַקאַרע האָט דעריבער אַ סיבה נישט צו האָבן קיין צוטרוי צו די מענטשן, ער טרעפט אויך ביי מענטשן בייטלען, גאַרטלען און שיך, וואָס זענען געמאַכט פון דער הויט פון זיין ראַסע און פון זיינע קרובים.

וואָס ווייטער אויפן פאַראַנאַ־טייך, אַרויף, אָדער שוין אויפן אויבערשטן פאַראַנאַ, וואו מען פאָרט אויף דער „גוואַיראַ" אָדער אויף דער „איגאַזו", אויף וועלכע מען זעצט זיך איבער אין פּאָרט פון קאָריענטעס צו פאָרן קיין פּאָסאַדאַס נאָכדעם ווי מען שטעלט זיך אָפּ אין די פּאָרטן איטאַטי, איטאַ־איבאַטע, איטוזאַינגאָ, ווי אויך צו פאָרן ווייטער אַרויף מיסיאָנעס ביזן פּאָרט אַגירע, וואָס איז אַ טיר צו די וואַסערפאַלן פון איגאַזו; ווען מען געפינט זיך העכער צוועלף הונדערט קילאָמעטער פאַראַנאַ־טייך — אַרויף אין אַ סביבה, וואָס איז פּרימיטיווער און ווילדער, ווי די סביבה, וואָס איז געווען ביז אַהער, מיטן אויסנאַם פון די פּאָרטן, וואו עס ווייזט זיך דער מענטש מיט זיין ווערק; דאָ, אויפן פאַראַנאַ צווישן צפונדיקן וואַלד־ברעג פון דער פּראָווינץ קאָריענטעס און דעם דרומדיקן וואַלד־ברעג פון לאַנד פאַראַגוויי און וואָס נענטער צו די וועלדער און דעם קלימאַט פון מיסיאָנעס, גייען אַריין אין די שמועסן שלענג. דעם אויבנאָן פון זיי פאַרנעמט די זשאַקאַראַ, ווי זי הייסט אין גוואַראַני. דאָס איז אַ ברוינע שלאַנג מיט ווייסע פלעקן פון אַ מעטער און פון אַנדערהאַלבן מעטער די לענג. זי פאַרנעמט דעם אויבנאָן פון די שלענג נישט צוליב איר גוטס, נאָר איבער איר שלעכטס; זי איז אַזוי ווי די נאַציס זייער גיפטיק און זייער חוצפּהדיק — געוואָגט; זי האָט נישט קיין טעות און פאַלט נישט אָן צוליב פאַרטיידיקן זיך מיט דער מיינונג, אַז מען פאַלט אויף איר אָן; זי איז בטבע אָנפאַלעריש נישט צוליב פאַרטיידיקן זיך נאָר צוליב אָנפאַלן אויפן מענטש, כדי אים צו ביסן און לאָזן גיפט, אָבער זי איז נישט אומבאַזיגבאַר, מען באַקעמפט איר און זי ווערט אפילו זייער פחדנותדיק און דרייט זיך איין אין דרייען, ווען זי דערפילט די געפאַר פון אומקום דורך דעם, וואָס מען האָט איר דערקענט און מען ווייסט איר צו געבן מיטן פוס אין קאָפּ. באַזונדערס היט זי זיך פאַר דעם מיסיאָנעסער פעלד־ און וואַלד־מענטש, וואָס קען איר און וועמען זי דערקענט אין זיין גאַנג, אין דעם ווי אַזוי ער שטעלט די טריט, ווי אויסגעלערנט, אָדער גאָר געבוירן מיט דער אייגנשאַפט צו טרעטן און צעפלעטשן די קעפּ פון גיפטיקע שלענג.

עס גייט אַריין אין דעם שמועס דער זשאַגואַרו, וועמען מען רופט אויף שפּאַניש דער וואַסער־הונט אָדער וואַסער־טיגער, אָבער אויסזען זעט ער אוים ווי אַן אייזל און אַזוי איז אויך זיין אויפפירונג — אומשעדלעך. מען דאַרף אים נאָר קענען, כדי נישט מורא צו האָבן פאַר אים.

עס קומט אונטער דער זשאַגואַרעטע — אַ טיגער, נאָר אַ לאָקאַלער, ער צייכנט זיך מיט גאַרנישט אוים פון אַנדערע טיגערס, ער איז נאָר אַזוי ווי פאַרבייגעגאַנגען דעם שמועס, ווי צו דערמאָנען, אַז ער איז אויך דאָ.

עס פאַלט אַריין דער זשאַקו, אַ פויגל, אַ גרויסער, אָבער אַ ציטער־דיקער און אוים מורא האַלט ער אין איין שרייען: זשאַק־זשאַק!

עס שלייכן זיך אַריין אין שמועס וואַלד־קעץ און עס פּלאָנטערן זיך אַריין שרעקלעכע און שעדלעכע שפּינען און אַלע מינים גרויסע און ווילדע פייגל און עס קריכן אונטער אַן אַ צאָל אינזעקטן און גיגאַנטישע פליגן, אָבער פון קיינעם האָט מען נישט אַזוי אויסצושטיין ווי פון די פליגעלעך און וואָס קלענער אַלץ אָנגרייפערישער, בייסיקער און קאַניבאַלישער זענען זיי.

איך האָב די אַלע מינים גרויסע חיות געזען נאָר אין דער פאָרשטעל־לונג. איך האָב זיי בעסער געזען ווי דעם פּיפּערנאָטער, מחמת אין די שמועסן, אין זייער סביבה, זענען זיי אַרויסגעקומען מיט זייער גאַנצער און ווירקלעכער געשטאַלט, לעבעדיק מיט אַלע זייערע אייגנשאַפטן אין לעבן. עס ווערט אָפּגעשוואַכט די מורא, אַז מען באַקענט זיך מיט זיי, אָבער זי פאַרשווינדט נישט אינגאַנצן, ווען מען געפינט זיך אַליין אין אַ ווינקל פון זייער סביבה, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט מיר אַליין אין מיסיאָנעס, ווען איך האָב זיך אַרומגעדרייט אין די יעזואיטישע רואינען פון סאַן איג־נאַסיאָ און עס האָט מיך באַהערשט אַ מורא צו באַגעגענען זיך מיט שלענג און אַנדערע מוראדיקע חיות. גייענדיק צווישן די געוויקסן וואָס וואַקסן אין די רואינען זענען די הייזן ווי באַקלעפּט געוואָרן פון עפּעס וואָס האָט אויס־געזען, ווי גרויסע גרינע וואַנצן און עס איז שרעקלעך איז אַזאַ אָרט, אַז מען דערזעט אויף זיך אַזאַ פּרעמדע גרינע מחנה, אָבער דאָס זענען נישט געווען קיין חיות, נאָר אַזאַ ווילדער געוויקס, וואָס הייסט פּעגאַ־פּעגאַ און וואָס האָט די אייגנשאַפט אַרויפצוקריכן און באַקלעפּן ביז אַרויף אַ פּאָר הויזן, וואָס רירן זיך צו צו איר.

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט לעבעדיקע חיות איז געווען אין טשאַקאָ, נישט אין דעם פּאַרוואָרפענעם ווילדן וואַלדיקן טשאַקאָ, נאָר אין דער הויפּטשטאָט פון דער טעריטאָריע און אין דעם צימער פון אַן ערשטקלאַסיקן האָטעל. עס איז געווען אין אַ הייסער־הייסער נאַכט, ווען אין די גאַסן און אויף דער פּלאַסע האָט זיך שוין קיינער נישט געפונען אויסער אַ פּאָלי־

ציאַנט, וועלכער האָט דאַכט זיך מיר אָנגעהויבן נאָכצוגיין. איך בין אַריין אין מיין האָטעל־צימער אינדערהויך אויפן צווייטן שטאָק, אָנגעצונדן די עלעקטרישע ליכט און צעעפנט טיר און פענצטער, ווייל ס'איז געווען דאָ אָנגעגליט ווי אין אַ באַקאויוון און עס זענען אָנגעפלויגן מיט אַ רעש אַ מחנה פון אַלע מינים זשוקעס מיט איינעם אַ גאַר גרויסן, אַ ברוינעם אַלם פירער בראָש און זיי זענען אָנגעפאַלן אויף מיר. איך האָט געקעמפט צו באַפרייען זיך פון זיי און נאָכדעם האָב איך געזען אַריינצוקריגן זיך אין בעט אַריין, וואָס שטייט אונטער אַ מאָסקיטן־טול, אַזוי סטראַטעגיש און געשיקט, אַז עס זאָלן נישט מיט אַריין קיין זשוקעס און עס זאָלן נישט מיט אַריין קיין מאָסקיטן, וואָס האָבן זיך שוין געהאַט גענומען צו מיין הויט און בלוט. אָבער אונטער דעם טול האָב איך זיך געפילט ווי פאַר־שפּאַרט אָן לופט און מאָסקיטן האָבן זיך באַוויזן אַרונטערצוכאַפּן אונטערן טול. און אין דער פינצטער האָט מיר אויסגעוויזן אַז אַרום טול איז פול דער צימער מיט מאָסקיטן און זשוקעס, וואָס זענען שוין אַרומגעפלויגן, אַרומגעשפּרונגען און געזשומעט און נאָר אויסגעקוקט איך זאָל אַרויס פון אונטערן טול. דער קאַמף צווישן מיר און די פליגעלעך האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט ביז אינדערפרי, ווען מיט דער הילף פון טאָג־אויפגאַנג זענען זיי פאַרשוווּנדן געוואָרן פונעם ערשטקלאַסיקן האָטעל־צימער אין דער מאָ־דערניזירטער הויפּטשטאָט פון טשאַקאָ.

ענלעכע באַגעגענישן מיט דער לעבעדיקער נאַטור האָב איך געהאַט אין מיין זייער היגיענישן האָטעל־צימער פון פּאָסאַדאַס, די הויפּטשטאָט פון מיסיאָנעס, אָבער דאָ האָב איך נישט געהאַט אַזוי צו קעמפן מיט די זשוקעס, ווי מיט די פליגעלעך, וואָס זענען זייער בראַווע און וואָס קלענער זיי זענען אַלץ אָנגרייפערישער און אַלץ בייסיקער זענען זיי.

אָבער אין פּאָסאַדאַס איז גאָרנישט געפערלעך מיט זיי, אין בוענאָס־איירעס זענען נישט פאַראַן קיין פליגעלעך וואָס בייסן? אויך זיי דאַרף מען קענען און וויסן ווי אַזוי אומצוגיין מיט זיי. עס איז אַפילו אַריין אין דער מאָדע דאָס אָנפאַלן פון „מאָסקיטן" אויף הויפּטשטעט, זינט די נאַצי־פאַשיסטן האָבן געמאַכט דעם אָנהויב און דעם פּרואוו אויף די שפּאַנישע הויפּטשטעט, אָבער די מיסיאָנעסער פליגן און פליגעלעך, וואָס האָבן זייערע קאָנצענטראַציע־לאַגערס אין די יונגפרוילעכע אַלטע און ווילדע פאַרוואַק־סענע וועלדער, וואו זיי הייבן זיך אויף כמאַרעסווייז, ווען זיי דערשפּירן דעם ריח פון אַ מענטשן, — שאַנעווען די שטאָט און שיקן אַרויס זייער קליינע מחנות אין שטאָט אַריין און די אַרויסגעשיקטע זענען מילד און שוין אין שטאָט, ווערן זיי אויך שטאָטיש...

# טאַקוואַראַ

אין דער הויך פון צוועלף הונדערט קילאָמעטער אויפן פאַראַנאַ, פאַרג־דיק פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, איז דער פּאָרט פון קאָריענטעס. דאָ שיידן זיך די וואַסער־וועגן. דער פאַראַנאַ־וועג דרייט זיך אויס אויף רעכטס צו מיזרח־צפון; דער פאַראַגוויי־טייך, וואָס האַלט זיך דאָ אין איין אריינגיסן אינעם פאַראַנאַ אריין שלענגלט זיך ארויף אויפן צפון ביז נאָך אַסונסיאָן, צווישן די מערב־ברעגן פון לאַנד פאַראַגוויי און דעם מיזרח־ברעג פון דער ארגענ־טינער פראָווינץ פאָרמאָסאַ, אויפנעמענדיק אויפן וועג דעם אריינגוס פון די טייכן בערמעכאָ און פּילקאָמאַזשאָ און לינקס גייט אַוועק אַ קורצער, אָבער דאָך אַ וואַסער־וועג קיין באַראַנקעראַס, וואָס איז דער פּאָרט פון רעסיסטענסיאַ, די הויפּטשטאָט פון טשאַקאָ, וועלכע איז געשטעלט געוואָרן אָפּגערוקט פונעם טייך.

גייען שיפלעך צווישן פּאָרט קאָריענטעס און פּאָרט באַראַנקעראַס און זיי נעמען אויף נישט נאָר גלאַט פּאַסאַזשירן, נאָר אויך פּאַסאַזשירן מיט אויטאָמאָבילן אָדער די אויטאָמאָבילן פון פּאַסאַזשירן און דינען אַזוי אַרום פאַר זיי ווי שווימענדיקע בריקן.

ביים איבערקרייצן אין אַ קרומער ליניע דעם פאַראַנאַ, קאָנט איר זען אויף אים שווימענדיק די טאַקואַראַ.

דאָס איז נישט קיין וואַסער־חיה, כאָטש איר נאָמען איז אַ גוואַראַנעי־שער; דאָס איז אויך נישט די נעאָ־נאַציישע טעראָר־באַנדע אין ארגענטינע 20 יאָר נאָך דער נאַצי־ערע; דאָס איז אַ פלאַנץ, וואָס וואַקסט אין די אַלטע יונגפרוילעכע וועלדער דאָ אַרום ביז אין דער אומענדלעכקייט; זי איז ענלעך צו דער בראַזיליאַנער באַמבו, אָבער עס איז נישט דאָס זעלביקע, נאָך ענלעכער איז זי צו דער מיטל־אַמעריקאַנישער דינער און בוויגזאַמער רער, וואָס טראָגט אויך דעם גוואַראַניער נאָמען טאַקואַרעמבאַ, אָבער איז אויך נישט דאָס זעלביקע, געננוי איז זי דאָס, וואָס זי איז אַליין: אַ מין היל־צערנע רער, וואָס איז קיין רער נישט, מחמת זי איז נישט הויל, אויך נישט מאַסיוו, נאָר אַזוי ווי לופטיק פון אינעווייניק; זי איז נישט זייער דין, אויך

נישט זייער גראָב, האָט די קאָליר פון ווייסן האָלץ, אָדער טרוקענעם שטרוי, האָט פון פינף ביז פערציק מעטער די לענג, וואַקסט בינטלעכווייז און זיין שטאַם זיצט אין דער ערד. ווען ער איז שוין אינגאַנצן אויסגעוואַקסן און קיינער שניידט אים נישט אָפּ, פאַלט ער אַנידער, אָבער דאָס טוען זיי נישט פריער פאַר די נייע טאַקואַראַ־שפּראָצונגען און יונגע געוויקסן טאַקע פונעם זעלביקן שטאַם אַרויס. די אומגעפאַלענע ביים טייך ווערן אין לויף פון דער צייט מיטגענומען מיטן שטראָם און שווימען אַזוי טייך־אַראָפּ ביז עמיצער נעמט זיי צו.

דאָס זענען טאַקואַראַ שטעקנס (זאָל מיר דערלויבט זיין אַזוי זיי אָנצורופן), אויסגעוואַקסענע, איבערגעוואַקסענע, פאַרטרוקנטע, אומגעפאַלענע און מיטן שטראָם־טייך־אַראָפּ מיטגעצויגענע אָן קיינעמס ווילן, פאַרלאָזט און אָן אַ ציל. עס שווימען אָבער אויך טאַקואַראַ־שטעקנס צוזאַמענגעבונדענע אין דער ברייט און איין בינטל הינטער דעם אַנדערן אין דער לענג און זיי אַלע זענען צוגעבונדן צו אַ גאַנץ געוויינלעכער פּרימיטיווער לאָדקע מיט וויאָסלעס אָדער זעגלען, געפירט פון איינעם אָדער פון אייניקע מענטשן, וועלכע האָבן באַקומען אַ דערלויבעניש אָפּצושניידן טאַקואַראַ וויפל זיי אַליין קאָנען באַוויזן אַליין אָפּצושניידן — שניידן זיי אַזוי די טאַקואַראַ און דערנאָך בינדן זיי זי אויפן טייך און דערנאָך שלעפּן זיי די צונויפגעבונדענע טאַקואַראַ אויפן טייך אַראָפּ ביז אַ פּאָרט.

עס איז אָבער שוין פאַראַן אַ פיל גרעסערע און ברייטערע פאָרם פון שניידן און פירן די טאַקואַראַ: אונטערנעמער, וואָס דרייען זיך שטענדיק אַרום דאָ אין די וועלדער, אָדער עס דרייען זיך דאָ אַרום זייערע אינטערעסן דורך פאַרטרעטער, אַגענטן, זעען צו באַקומען דערלויבענישן, אָדער קאָנצעסיעס צו שניידן אין גרויסן פאַרנעם טאַקואַראַ, וואָס זיי באַקומען לייכט, פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל און אָן אָן אָפּצאָל, מחמת דאָס אָפּשניידן די אויסגעוואַקסענע טאַקואַראַ איז פאַר קיינעם קיין שאָדן נישט און פאַר אַ סך איז דאָס נוצלעך: דער וואַלד ווערט ריינער, געזונטער און צוגענגלעכער דורך דעם און אויב מען וויל עס זאָל ווייטער וואַקסן טאַקואַראַ, וואַקסט זי יונגער, שענער, בעסער און אַז דער דאָזיקער אומענדלעכער וואַלד, וואו עס נעסטן מיליאָנען מינים אינזעקטן און ווילדע חיות און חיות־רעות, ווערט ריינער און קולטיווירט, ווירקט דאָס סאַניטאַריש און פּראָדוקטיוו נישט נאָר אויף דער גאַנצער געגנט, וואָס גרענעצט זיך מיט די וועלדער, נאָר אויך אויפן גאַנצן לאַנד און דורך דעם לאַנד אויף אַנדערע לענדער, אויף וויפל מען איז פאַרבונדן נישט נאָר פּאָליטיש, נישט נאָר עקאָנאָמיש, נאָר אויך אַלימענטאַריש און אינדוסטריעל. און אויסער דעם עפנט דער שניט פון טאַקואַראַ קוואַלן פון אַרבעט און פון לעבנס־מיטלען, — שניט, טראַנספּאָרט,

פֿאַבריקאַט און האַנדל. אַזאַ אונטערנעמער שטעלט פֿאַנאַנדער אין וואַלד „קוואַדריזשעס” אָדער אַזוינע טעכניש־אָרגאַניזירטע גרופּעס מענטשן מיט העקלעך צו האַקן די טאַקואַראַ אין דער זעלבער צייט ווען אַ טייל פֿון די קוואַדריזשעס, אָדער באַזונדערע גרופּעס, נעמען אַרויס די אָפּגעשניטענע טאַקואַראַ אויפֿן טייך און בינדן זיי צוזאַמען אין צענדליקער מעטער די ברייט און אין צענדליקער אָדער הונדערטער מעטער די לענג און דער דאָזיקער צוזאַמענגעבונדענער טאַקואַראַ ווערט דערנאָך צוגעבונדן צו אַ מאָטאָריזירטער שלעפּשיף, וואָס ווען זי טוט איר אויפֿגאַבע, דוכט זיך, אַז זי שלעפּט אַ וואַלד אַ גאַנצן, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אויפֿן טייך אין דער ברייט און אין דער לענג.

און דער דאָזיקער שווימענדיקער וואַלד ווערט אָפּגעשטעלט ביי אַ פּאָרט, אָפּטער שווימט, אָדער עס ווערט געשלעפּט אַזאַ וואַלד ביז אין פּאָרט פֿון ראָזאַריע, וואו עס איז פֿאַראַן די צעלולאָיד־פֿאַבריק, וועלכע קוקט אויס עס זאָל איר אָנקומען וואָס מער טאַקואַראַ, אָן וואָס זי וואָלט גאָרנישט געקאָנט עקזיסטירן. איך האָב געזען אַזאַ אָנגעקומענעם טאַקואַראַ־וואַלד אינעם טשאַקער פּאָרט באַראַנקעראַס, וואו עס פֿילט זיך דער אָטעם פֿון אינדוסטריעלער אַרבעט און וואו איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס עס שטייען נישט דאָ קיין צעלולאָיד, פּאַפּיר און אַנדערע פֿאַבריקן מען זאָל נישט דאַרפֿן פֿירן דעם טאַקואַראַ הונדערטער קילאָמעטער צו אַ פֿאַבריק.

אַ קוואַדריזשע פֿון אָפּגעריסענע און כמעט נאַקעטע מענטשן, רויטברוינע מיט קויל־שוואַרצע אויגן, מיט שאַרפֿע העקלעך אין די הענט און אין די גאַרטלען, האָבן געאַרבעט וואונדערבאַר געשיקט, אַזוי אַז ס׳האָט אויסגעזען ווי עס פֿליען שטעקנס, העקלעך און לייבער, אָנגעלייגט מיט טאַקואַראַ, וואָס איז דאָ אַרויפֿגעצויגן געוואָרן פֿון טייך, אַ לאַנגע ריי באַן־וואַגאָנען צו גיין קיין ראָזאַריע. דער קאַפּאַטאַז פֿון דער קוואַדריזשע, וואָס האָט געמיינט, אַז איך צוויייפֿל נאָך צי די טאַקואַראַ וועט זיין פֿאַר מיר אַ געשעפֿט, האָט מיר אויפֿגעוויזן, אַז קיין בעסער געשעפֿט קאָן גאָרנישט זיין און ער האָט זיך שוין געשטעלט צו דינסט מיט זיין באַהאַוונטקייט און ספּעציאַליטעט צו... מיין טאַקואַראַ־אונטערנעמונג. דאָס איינציקע וואָס איך דאַרף האָבן פֿאַר דעם, איז אַ פּאָר שלעפּשיפֿן, צום ווינציקסטן כאָטש איינע און די שניט־דערלויבענישן, דאָס איבעריקע וועט ער שוין באַזאָרגן און אויספֿירן אויפֿן בעסטן אופֿן.

— איר האָט דען אַ באַגריף וואָס פֿאַראַ געשעפֿט דאָס איז! — איז דער האַלב־נאַקעטער קאַפּאַטאַז פֿון דער טאַקואַראַ־קוואַדריזשע צוגעשטאַנען — זעקס פּראָדוקטן גייען אַרויס פֿון דעם! אפילו אַ פֿליסיקע זאַך גייט

אויך אַרויס. היינט פּאַפּיר! ער האָט מיר אָפּגעהאַקט אַ שטיקל טאַקוואַראַ. איך האָב אים צוגעזאָגט די זאַך איבערצוקלערן!..

אויף דער שיף, וועלכע איז אַרויס פון פּאָרט קאַריענטעס און איז גע־גאַנגען איבערן פּאַראַנאַ צו מיסיאָנעס צו, האָב איך געהאַט פאַר אַ טיש־חבר אַ מענטש, וואָס האָט געהאַלטן אין איין אַרויסקוקן אין וואַלד אַריין. עס איז נישט שווער געווען צו דערקענען, אַז ער קוקט נישט אַרויס אין וואַלד אָן אינטערעס און אַז ער קוקט עפּעס אויס און ער האָט פאַרשפּאַרט דאָס טראַכטן וואָס אַ מענטש קוקט דאָ אַזוי זשעדנע אויס אין וואַלד אויף ביידע זייטן טייך, מחמת ער האָט באַלד אָנגעהויבן צו ריידן פון דער טאַ־קוואַראַ, נישט אַזוי פון איר קוואַליטעט ווי פון איר קוואַנטיטעט. זיין אויס־קוקן איז נישט געווען צו געפינען די טאַקוואַראַ אין וואַלד, דאָס איז געווען איבעריק, עס איז זעלטן געווען אָן אָרט אין וואַלד, וואו די טאַקוואַראַ זאָל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן מיט איר גערדיכטקייט, מיט איר הויכקייט, מיט איר פיל־צאָליקייט, מיט איר רייפקייט און מיט איר גרייט זיין צום שנית; ער האָט אויסגעקוקט ווינקלען אַריינצונעמען זיי אין זיינע נייע שניטפּלענער און דערביי געטאַדלט די אַלמעכטיקע פּאַרוואָס זיי שטעלן שוועריקייטן דער אינדוסטריע, אַנשטאָט זי צו סטימולירן, שטיצן און שיצן. דער דאָזיקער מענטש האָט אַ שלעפּשיף, וואָס לויט זיין מיינונג קאָן מען אָן איר נישט האַנדלען מיט קיין טאַקוואַראַ און ער האָט דאָ אין אַ ווינקל פון וואַלד אַ קוואַדריזשע. ער האָט בסדר אין האַנט אָדער פאַר די אויגן אַ בוך און איז נישט פרעמד אין פילאָזאָפיע און אין עקאָנאָמישער פּאָליטיק, ער האָט מיך אָבער נישט איבערצייגט, אַז ער האָט מער אַ ידיעה אין דער קוואַ־ליטעט און פּראָדוקטיוויטעט פון טאַקוואַראַ פון יענעם קוואַדריזשע־קאַפּאַטאַז אין באַראַנקעראַס און איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך האָב צו טון מיט אַ סוחר, וועלכער וויל אויסמיידן אַ קאָנקורענט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט נישט פון קיין זעקס פּראָדוקטן, וואָס קומען אַרויס פון דער טאַקוואַראַ און ער ווייסט נאָר פון איין פּראָדוקט — צעלולאָיד.

און די טאַקוואַראַ האָט זיך דאָ אַרויסגעשטעלט אין בילד און אינעם שמועס אין דער רייזע אויפן פּאַראַנאַ, נישט נאָר ווי אַ וויכטיקער פאַקטאָר פון נאַציאָנאַלער אינדוסטריע, וועלכע דאַרף ערשט אַנטוויקלט ווערן, נאָר אויך ווי אַ סימבאָל פון אַ סך אינדוסטריעלע פאַקטאָרן, וואָס צום שאָדן פון לאַנד און פאַר די מענטשן אין וועלכע דאָס לאַנד נויטיקט זיך, געפינען זיי זיך נאָך אין דעם צושטאַנד, ווי זיי האָבן זיך געפונען אין די פאַרהיס־טאָרישע צייטן.

***

דער שרייבער פון דער באַשרייבונג איז נישט געפאָרן איבערן גאַנצן

טייך פּאַראַנאַ. ער, דאָס מיינט, איך בין געפאָרן אויפן פּאַראַנאַ ביז פּאָ־סאַדאַס — די הויפּטשטאָט פון דער געוועזענער טעריטאָריע מיסיאָנעס, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּראָווינץ. אין אַרגענטינע מיינט דאָס אַ פעדעראַטיווער שטאָט. דער פּאַראַנאַ, וואָס קומט פון בראַזיל, גייט דאָ ווייטער טייך־אַרויף צווישן דער פּראָווינץ מיסיאָנעס און דאָס לאַנד פּאַ־ראַגוויי ביז ער פאַרנעמט זיך קיין בראַזיל, פון וואַנען ער קומט.

איך בין געפאָרן אויפן פּאַראַנאַ אין איין ריכטונג פינף טעג און 5 נעכט.

# ז ש אַ פּ ע ז ש ו

קאָריענטעס איז די אַנדערע פּראָווינץ, וועלכע געפינט זיך אין דער אַרגענטינער מעסאָפּאָטאַמיע. דאָס מיינט צווישן די צוויי גרויסע טייכן: פּאַראַנאַ אויף איר מערב־זייט און צפון־זייט און אורוגוויי אויף איר מיזרח־זייט. עס פעלן איר נישט קיין אינערלעכע טייכן, טייכלעך, טייכעלעך און אפילו זומפּן — דאָס צוזאַמען מיט דעם וואָס די ערד איז אין דער פּראָווינץ פלאַך און נידעריק, און דאָס וואָס עס גייען דאָ אָפט רעגנס, מחמת די געגנט איז האַלב־טראָפּיקאַליש — וואַקסן דאָ זייער אַ סך זאַכן, אַפילו רייז, טיי און טאַביק. זי האָט נאָר ליב מ׳זאָל זיך אָפּגעבן צו איר.

די פּראָווינץ קאָריענטעס, וואָס איז פול מיט געשיכטעס, געפינט זיך איבער טויזנט קילאָמעטער פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס; איר דרום־זייט קומט זיך צוזאַמען מיט דער צפון־זייט פון ענטרע ריאָס; איר מיזרח־זייט איז אַמאָל געווען מיסיאָנעס און אויף איר צפון־זייט שטייט איר הויפּטשטאָט קאָריענטעס מיט אַ פּאָרט, אַ פּאַרק און אַ ברעג־אַווענידע צום פּאַראַנאַ־אַרויס. די פּראָווינץ קאָריענטעס איז נישט פון די גרעסטע אין אַרגענטינע, אויך נישט פון די קלענסטע, זי פאַרנעמט זיך אַ שטח פון אַזוינע 88 טויזנט 200 קוואַדראַט קילאָמעטער, זייענדיק באַזעצט פון אַ זעקס הונדערט טויזנט אַיינוואוינער מער אָדער ווייניקער.

די אור־באַפעלקערונג איז דאָ אַ אינדיאַניש־גוואַראַנאַישע.

***

מיין שיף אויפן פּאַראַנאַ דערנענטערט זיך צום פּאָרט פון קאָריענטעס, אָדער צו איר הויפּטפּאָרט, דורך וועלכן עס קומען אַריין פּראָדוקטן פון אַנ־דערע אַרגענטינער פּראָווינצן און שטעט און אויך פון פּאַראַגוויי און עס גייען אַרויס פּראָדוקטן פון קאָריענטעס. און מען גייט אויך אַריין דורך דעם פּאָרט אינעם לעבן פון דער הויפּטשטאָט און פון דער פּראָווינץ מיטן זעלבן נאָמען: קאָריענטעס; אין דעם לעבן, אין וועלכן עס געפינט זיך מער דער נעכטן איידער דער היינט און אין וועלכן עס געפינט זיך שוין אויך — מאָרגן.

מען קען אָבער אויך אין קאָריענטעס אַריינקומען דורך הינטערטירן, זייטיקע פּאָרטלעך, און דורך זיי קומט מען גיכער אַריין אין דעם עכטן, אין דעם אייגענעם און אין דעם אמתדיקן לעבן, בעת אין דער הויפּטשטאָט, דורך דער פּאַראַדנער הויפּט־טיר, וואו מען נעמט דיך אויף און מען פירט דיך און מען ווייזט דיר פון דאָס שענסטע און פון דאָס בעסטע, איז דאָס אייגענע און דאָס עכטע פאַרשטעלט מיט דעם אַרטיפיציעלן, מיט דעם נאָכגעמאַכטן און מיט דעם, וואָס צייכנט זיך מיט גאַרנישט אויס און וואָס איז דאָס אייגענע אומעטום.

און איך פיל, אַז איך בין שוין אין קאָריענטעס כאָטש מיין שיף גייט ערשט צום הויפּטפּאָרט. מער ווי אַ טאָג מיט אַ נאַכט, אַז די שיף שווימט מיט מיר ביי די ברעגן פון קאָריענטעס און אויף דער לענג פון דער פּראָווינץ, מער פון פיר הונדערט קילאָמעטער, האָט די שיף זיך אָפּגעשטעלט ביי פינף פון אירע זייטיקע און שווימענדיקע פּאָרטן: עסקינאַ און גאָזשאַ; לאַוואַזשע און בעזשאַ וויסטאַ און עמפּעדראַדאָ און איך בין אַריין אין איר סביבה און אין איר לעבן דורך דעם אָנבליק פון אירע וועלדער און אירע פעלדער פון מאַראַנצן און פון לימענעס; פון מאַנדאַרינען און פון באַנאַנעס, פון רייז און פון אַנאַנאַס; פון טאַבאַק און פון וואַטע; פון שאָף און פון רינדער — אַדאַנק דער פרוכטבאַרקייט פון איר ערד און איר וואַרעמען קלימאַט און אַדאַנק אירע אַקערבויער און אירע פּאַסטוכער, וואָס פאַרדינען זייער ברויט מיטן שווייס פון זייער שטערן; און אַדאַנק דער פאַרמערונג פון אירע אייגענע קאָנסומענטן און די קאָנסומענטן פון אַנדערע פּראָווינצן: און איך בין אויך אַריין דורך איר געשיכטע.

און אַזוי דערציילט איר געשיכטע, אַז אויף דער מערב־זייט פון דער פּראָווינץ צו דרום־צו, נאָענט פון דעם היסטאָרישן אָרט, וואָס הייסט: פּאַסאָ דע לאָס ליברעס (דורכגאַנג פון די פרייע), וואו עס איז אויסגעבויט געוואָרן איבערן טייך אורוגוויי אַ אינטערנאַציאָנאַלע בריק צווישן אַרגענטינע און בראַזיל — איז געווען אַ גוואַראַנייער שטעטל, וואָס האָט געהייסן: זשאַפּעזשו.

איז אין דעם גוואַראַנייער שטעטל זשאַפּעזשו געבוירן געוואָרן סאַן מאַרטין.

דער געבורט, ווי דאָס געבוירן אָרט פון אַ מענטשן איז גאַרנישט אַזאַ היסטאָרישע דערשיינונג. עס איז אָבער געשיכטלעך פאַר וואָס דער באַפרייער פון אַרגענטינע און דער מיטבאַפרייער פון אַמעריקע האָט געהאַט זיין וויגל אין זשאַפּעזשו.

און וועגן דעם דערציילט ווייטער די געשיכטע, אַז דער שפּאַנישער לייטענאַנט דאָן כואַן דע סאַן מאַרטין, וועלכער איז געקומען לעבן אין

בוענאָס־איירעס אין דער צייט, ווען די יעזואיטן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע מיסיאָנערישע פּאָסעסיעס, האָט זיך אָנגענומען מיט מיליטערישער אומרואיקער שטימונג קעגן די פּאָרטוגעזישע אינוואַזיעס אויף דעם גאַנצן מיזרח פון דער שפּאַנישער קאָלאָניע און ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַ פרייוויליקער מיליץ, און אין 1769 איז ער פון גענעראַל קאַפּיטאַן בוקאַרעלי באַשטימט געוואָרן פאַר זיין הויפּט־געהילף, וואָס דער שפּאַנישער קעניג קאַרלאָס דער דריטער האָט באַשטעטיקט און אין דריי יאָר אַרום האָט ער באַקומען אַ מיליטערישע מיסיע אין מיסיאָנעס. און דאָן כואַן דע סאַן מאַרטין האָט זיך באַזעצט אין זשאַפּעזשו, וואָס אַזוי האָט געהייסן דאָס שטעטל און דער דעפּאַרטאַמענט, איבער וועלכן דאָן כואַן איז באַשטימט געוואָרן גובערנאַטאָר. און דאָן כואַן דע סאַן מאַרטין, דער זעלביקער וועלכער האָט אין בוענאָס־איירעס חתונה געהאַט אין דער קירכע מיט דער „דאָנצעלאַ נאָבלע" גרעגאָריאַ מאַטאָראַס, דורך זיינעם אַ באַפולמעכטיקטן פאַרטרעטער, וואָס האָט געבראַכט זיין ווייב קיין זשאַפּעזשו און עס איז געבוירן געוואָרן אַ מיידל, וואָס האָט געהייסן העלענאַ און שפּעטער איז געבוירן געוואָרן אַ יינגל, וואָס האָט געהייסן פערמין; און נאָך שפּעטער איז געבוירן געוואָרן אַ יינגל, וואָס האָט געהייסן מאַנועל; און נאָך שפּעטער איז געבוירן געוואָרן אַ יינגל, וואָס האָט געהייסן כוסטאָ; און דאָס פערטע יינגל, וואָס איז געבוירן געוואָרן דעם 25טן פעברואַר פון יאָר 1778 האָט געהייסן כאָסע; און וואָס עלטערן זאָלן נישט פאַנטאַזירן פון זייער קינד, האָט דאָך די פאַנטאַזיע פון שפּאַנישן לייטענאַנט און זשאַפּעזשוער גובערנאַטאָר דאָן כואַן און דאָניאַ גרעגאָריאַ פון נאַוואָס אין קאַסטיליאַ לאַ וויעכאַ, נישט געקאָנט גרייכן צו דער גרויסער היסטאָרישער ראָל אַלס באַפרייאונגס־העלד פון אַרגענטינע און פון אַמעריקע, צו וואָס עס איז אויסגעוואַקסן זייער כאָסעסיטאָ.

און ווייטער דערציילט די געשיכטע אַז אין דעם יאָר 1781, ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד פון טופּאַק אַמאַרו, האָט דאָן כואַן דע סאַן מאַרטין גענומען זיין מישפּחה און געקומען קיין בוענאָס־איירעס. כאָסע פ. דע סאַן מאַרטין, דער שפּעטערער גענעראַל און באַפרייער איז אַלט געווען אינגאַנצן דריי יאָר, אָבער עס לאָזט זיך דענקען אַז דער אויפשטאַנד פאַר באַפרייאונג פון טופּאַק אַמאַרו איז אים אַריין אין קעפּל.

פיר יאָר איז דאָן כואַן מיט זיין פאַמיליע נאָך געבליבן אין בוענאָס־איירעס. כאָסעסיטאָ האָט דערווייל אָנגעהויבן גיין אין שול און דאָס האָט אים אַוודאי גענוצט שפּעטער פונאַנדערצוקלייבן זיך אין אַזוינע זאַכן ווי די אַרגענטינער מאַי־רעוואָלוציע.

נאך פיר יאר זיין אין בוענאס־איירעס האט דאן כואן געגומען זיין ווייב און זיינע פינף קינדער און איז אוועק קיין שפאניע.

און פון דער גאנצער סאן מארטין־פאמיליע האט נאר באסע זיך אומ־געקערט אין זיין געבורטסלאנד; זיך אומגעקערט שוין אן אויסגעוואקסענער, א מיליטאר, מיט אויסצייכענונגען און מיט פארשפראכענער גלענצנדער מי־ליטערישער קאריערע מצד דעם שפאנישן קעניג. אבער סאן מארטינען האט באצויבערט זיין אינדיאניש געבוירן־שטעטל, זשאפעזשו, וואס האט אים אהערגעצויגן און עס האט אים אהערגעצויגן די פרייהייט, וואס איז פראָ־קלאמירט געווארן פון דער מאי־רעוואלוציע און ער איז געקומען און פאר־מירט דא זיין פרייהייט־ארמיי אין קאמף קעגן די שפאניש קעניגלעכע אר־מייען און ער האט פון זיג צו זיג פאר דער פרייהייט געפירט זיין העלדן־ארמיי פון ריא דע לא פלאטא ביז די אנדן און איבער די אנדן און פארזי־כערט די פרייהייט פון ארגענטינע און געהאלפן די באפרייאונג פון טשילע און פון פערו.

אין אלע שטעט און שטעטלעך פון לאנד איז דער נאמען פון גענעראל באסע דע סאן מארטין פאראייביקט און פארהייליקט אין מאנומענטן; אין די נעמען פון שטעט; פון דעפארטאמענטן, אין פראווינצן (זשאפעזשו אין קאריענטעס הייסט היינט סאן מארטין); פון פארקן, פלאסעס, עפנטלעכע פלעצער, אינסטיטוציעס.

אויסער פעראנען מיט זיין ווייב עווא פעראן, וועמענס נאמען, ווען ער איז געווען ביי דער מאכט, עס איז ארויסגעשטעלט געווארן אויף אזוי פיל זאכן ווי סאן מארטינס נאמען און אפשר נאך מער, ווערט קיינעמס נאמען אזוי נישט דערמאנט און מאנומענטירט נישט אין ארגענטינע און נישט אין קיין אנדער לאנד.

און נאך מער לעבט סאן מארטין, דער באפרייער, אין די הערצער פון אלע פרייהייט ליבנדע מענטשן, און עס שיינט זיין ארעאל איבער קאריענ־טעס, וואס האט זיך מיט וואס צו בארימען. דאס וויגעלע פונעם באפרייער איז געשטאנען אויף איר ערד.

און די געשיכטע דערציילט ווייטער א געשיכטע וועגן דער אנעקסיע פון מיסיאנעס צו קאריענטעס וואס איז געשען אין פערטן יאר ארגענטי־נער פרייהייט.

קאריענטעס איז נאך נישט געווען קיין פראווינץ און האט אינגאנצן געהאט דרייצן טויזנט איינוואוינער ווען זי האט זיך אנעקסירט מיסיאנעס, וואס האט געהאט ניינצן טויזנט איינוואוינער. מיסיאנעס האט געהאט נאך מער מענטשן, אבער זיי זענען אומגעקומען אין די מילחמות מיט די קייר־

זערלעכע פּאָרטוגעזן פון בראַזיל און מיט די אינדיאַנער — מאַמעלוקעס, וואָס זענען אויסגענוצט געוואָרן נישט פאַר זייערע אינטערעסן.

מיסיאָנעס האָט געקאָנט טראַכטן, אַז איידער אַנעקסירט צו ווערן צו דער פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע, בעסער אַנעקסירט זיין פון קאָריענטעס און בלייבן איינגעגלידערט אין די באַפרייטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ. און אפשר האָט אַזוי אויך געטראַכט פּאַסאַדאַס, וואָס איז געווען העכסטער דירעקטאָר פון די פאַראייניקטע פּראָווינצן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין שאַפן.

פּאָסאַדאַס אַליין איז טאַקע אַריינגעטון געווען אין דעם באַשאַף פון די פּראָווינצן און פון דעם איז אַרויסגעקומען זיין דעקרעט אין פערטן יאָר פרייהייט צו שאַפן צוויי פּראָווינצן מיטאַמאָל: קאָריענטעס און ענטרע ריאָס.

און כערוואַסיאָ אַנטאָניאָ דע פּאָסאַדאַס האָט געזען די געאָגראַפישע און מעסאָפּאָטאַמישע אייגנשאַפטן, וואָס פאַראייניקן די צוויי פּראָווינצן און אויסער דעם האָט ער געהאַט אינזינען נישט נאָר די מילחמה, נאָר אויך דעם פרידן: באַפעלקערן דאָס לאַנד און ער האָט געזען פאַר דעם די נאַטירלעכע רייכטימער פון מיסיאָנעס, די אַרבעט, וואָס איז אין מיסיאָנעס שוין געווען אַ טראַדיציע, די אינדוסטריע, וואָס איז שוין געווען אין דער פּראָווינץ מיסיאָנעס און דערעיקר איר געדיכטערער באַפעלקערונג און ער האָט דאָס אַלץ געוואָלט געבן קאָריענטעס.

אָבער כערוואַסיאָ אַנטאָניאָ דע פּאָסאַדאַס, וואָס איז געווען העכסטער דירעקטאָר פון די פאַראייניקטע פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ (אַזוי האָט געהייסן דאָס לאַנד) אין די ערשטע יאָרן פרייהייט, אָדער נאָך דער באַפרייערישער מאַי־רעוואָלוציע, בעת די פּראָווינצן און דאָס גאַנצע לאַנד האָבן ערשט געדאַרפט ווירטשאַפטלעך און פּאָליטיש איבערגעשאַפן ווערן — איז דאָך נישט געווען קיין דיקטאַטאָר און ער האָט דורך דעם זעלבן דעקרעט פאַרזיכערט אים צוצושטעלן צו דער קאָנסטיטואירנדער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון ביידע פּראָווינצן, זי זאָל אים אָננעמען, אויב זי וועט דאָס וועלן. האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז מען האָט פאַרגעסן אין דעם דעקרעט און קאָריענטעס האָט נישט געוואוסט, אַז זי האָט אַנעקסירט מיסיאָנעס. אפילו דער גובערנאַטאָר האָט דאָס נישט געוואוסט.

דאָס איז געווען אין בוענאָס־איירעס אין צוואַנציקסטן יאָר פרייהייט, ווען דער גובערנאַטאָר פון קאָריענטעס דאָן פּעדראָ פערע איז מיט אייניקע פריינט געגאַנגען שפּאַצירן קיין רעקאָלעטאַ, צו זען אין דער זעלבער צייט די קאַווע, וואָס מען האָט דאָרט פאַרפּלאַנצט. איז אויפן וועג געקומען צו רייד וועגן דעם, וואָס קאָריענטעס איז קעגן מיסיאָנעס זאָל אַנערקענט ווערן פאַר אַ פּראָווינץ. און דאַן האָט גאַרסיאַ געזאָגט דעם גובערנאַטאָר,

אַז מיסיאָנעס געהער צו קאָריענטעס דורך אַ דעקרעט פון פּאָסאַדאַס און אַז דער דעקרעט איז באַשטעטיקט געוואָרן פון דער קאָנסטיטואירנדער גע־נעראַל־פאַרזאַמלונג פון 4טן יאָר אַרגענטינער פרייהייט. און גאַרסיאַ איז געווען סעקרעטאַר פון יענער פאַרזאַמלונג. און בלאַנקאַ האָט דאָס באַשטע־טיקט און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז געווען דער אַלקאַלדע פון קאָריענטעס, ווען מען האָט דעם דעקרעט איבערגעגעבן אין קאַבילדאָ. דער גובערנאַטאָר האָט זיך געשעמט צו זאָגן, אַז ער ווייסט גאָרנישט פון דעם אַלעם, האָט ער געזאָגט, אַז איבער די אָפטע רעוואָלוציעס וועלן די וויכטיקסטע דאָקו־מענטן פאַרניכטעט און גאַנצע אַרכיוון ווערן פאַרלוירן. דער סוף איז געווען, אַז אויפן 22סטן יאָר אַרגענטינער פרייהייט האָט די לעגיסלאַטור פון קאָ־ריענטעס דערקלערט פאַר גילטיק פּאָסאַדאָס דעקרעט פון 4טן יאָר פרייהייט. דאָס האָט לעגאַליזירט אַ היסטאָרישן פאַקט, אָבער נישט אויסגעמיטן אַ טעריטאָריעלן סיכסוך צווישן דער געבליבענער טענדענץ פון פּאָליטישער אויטאָנאָמיע, אָדער די טענדענץ פון זיין און די אַנדערע טענדענץ, וואָס האָט געמיינט, אַז צוליב זיכערהייט און צוליב קאָריענטעס איז בעסער, אַז מיסיאָנעס זאָל געהערן צו קאָריענטעס און נישט זיין קיין אויטאָנאָמישע פּראָווינץ.

און דער סוף פון דער געשיכטע איז, אַז קאָריענטעס, וואָס פאַרנעמט אַ שטח פון ניין און אַכציק טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער מיט אַ באַפעל־קערונג פון אַ האַלבן מיליאָן איינוואוינער, איז דאָס אַראַנק מיסיאָנעס. די אַנעקסיע פון גאַנץ מיסיאָנעס איז טאַקע אָפּגעשאַפט, אָבער אַ טייל פון איר איז דעפיניטיוו צוגעשריבן געוואָרן צו קאָריענטעס און דאָס איז זייער אַ גרויסער און וויכטיקער טייל, פון פּאָסאַדאַס־איטוזאַינגאָ ביז נאָך מאָנטע קאַסעראָס און דעם מירינאַי־טייך און פון אַפּאָסטאָלעס ביז מאָקאָרעטאַ ביים טייך אורוגוויי וואָס גרעניצט מיט בראַזיל.

און אין דעם דאָזיקן מיסיאָנעס, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קאָריענטעס געפינט זיך אין שכנות פון פּאַסאָ דע לאָס ליברעס דער דע־פּאַרטאַמענט און די שטאָט סאַן מאַרטין, וואָס האָט געהייסן אין גוואַראַניש זשאַפּעזשו. וואָס דער טייטש פון דעם איז: צייטיק און וואו עס איז גע־בוירן געוואָרן דער באַפרייער.

# אין דער שטאָט קאָריענטעס

פאַרטאָג, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען איז מיין שיף אַריין אין דעם הויפּטפּאָרט פון דער פּראָווינץ קאָריענטעס, וואָס שטייט ביים אַריינגאַנג פון דער שטאָט קאָריענטעס.

מיין שיף, מיט וועלכער איך געזעגן זיך אין פּאָרט פון קאָריענטעס, איז גראָד געווען אַ ספּעציעלע, אַן אַלטע, אָבער יחוסדיקע, וואָס איז אויס־געפּוצט געוואָרן צוליב דעם פּרעזידענט פון פּאַראַגוויי. זי האָט געהאַט פּאָר־צוזעצן איר רייזע אויפן פּאַראַגוויי־טייך ביז אַסונסיאָן, כדי אויפצונעמען דעם פּרעזידענט און אים פירן וויזיטירן בוענאָס־איירעס, אָבער געוויינלעך גייען נישט ווייטער פון קאָריענטעס די שיפן, וואָס קומען פון בוענאָס־איירעס און פון קאָריענטעס גייען אַרוים שיפן אין 3 ריכטונגען אויפן פּאַ־ראַנאַ און אויפן פּאַראַגוויי־טייך, וועלכער גייט דאָ אַריין אין פּאַראַנאַ.

די שיף גייט פאַרביי די קאָסטאַנעראַ, וואָס איז אין דער זעלבער צייט רויזנגאָרטן און שטאָט־פּאַרק אויפן ברעג פונעם פּאַראַנאַ און אין די שיינע זומער־נעכט ליבט מען זיך אין זיינע ראָמאַנטישע אַלייען, אונטער די אַקאָרדן פון אַ סימפאָנישן אָרקעסטער.

פאַרבייגעגאַנגען די קאָסטאַנעראַ, לאָזט זיך הערן די סירענע און די שיף גייט אַריין אין פּאָרט. ער שטייט אויף אַ ברייטער הילצערנער בריק אונטערן פייער פון דער האַלב־טראָפּיקאַלישער זון און באַלד נעבן אים שטייען און וואַרטן ריינע, אויפגערוימטע און גאַסטפריינטלעכע גאַסן, גרייט און גערן אייך אויפצונעמען מיט זייער פלאַם־פייערדיקער וואַרעמקייט און אייך אַריינפירן אין דער גוואַראַניישער שטאָט.

קאָריענטעס איז די רעזידענץ פון דער פּראָווינציעלער רעגירונג, וואָס פון צייט צו צייט אין די קורצע אינטערוואַלן פון דער פּערמאַנענטער פּע־דעראַלער אינטערווענץ אין משך פון די לעצטע פופצן יאָר (עס איז אין 1944), איז פאַראַן אַ פּראָווינציעלע רעגירונג, מיט אַ פּאַרלאַמענט מיט די אַלע חשובע זאַכן, וואָס האָבן צו באַווייזן — חוץ אַנדערע אויפגאַבן — די ווירקלעכקייט פון דער פּראָווינציעלער אויטאָנאָמיע און דעם רעפּובליקאַניש דעמאָקראַטישן רעגירונגס־סיסטעם; קאָריענטעס איז די רעזידענץ פון דער

„ליבעראַליסטישער‟ פּאָליטיק און פון דער „אויטאָנאָמיסטישער‟, וועמענס פּרינציפּיעלער און אידייאישער אונטערשייד עס איז שווער צו געפינען. ביידע ווילן די מאַכט; ביידע זענען געטרייע רעגירונגס־פּאַרטייען, ווען זיי שטייען ביי דער מאַכט און ביידע זענען אָפּאָזיציאָנעל, ווען זיי ווערן באַזייטיקט פון דער מאַכט דורך אַן אינטערווענץ אָדער דורך וואַלן.

מיטן ערשטן בליק אויף דער שטאָט, דערקענט מען איר טענדענץ צו דעם מאָדערנעם און צו דער מאָדע. עס ווייזן זיך מאָדערנע הייזער, פּירונגען, אין די קאַפעען קלאַפּן די דאַרעלעך, און די קליידונג און די פריזור איז לויטן לעצטן וואָרט פון דער מאָדע. די פלאָרידאַ אין קאָריענטעס הייסט כונין און יעדן טאָג, ווען עס הייבט זיך אָן דער שפּאַציר־גאַנג, שטעלט מען אָפּ דעם טראַפיק, און די גאַס כונין, וואָס איז די צענטראַלע גאַס, די הויפּט־גאַס און וואָס איז בייטאָג די קאָמערציעלע גאַס, ווערט פאַרוואַנדלט פאַר־נאַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט אין דעם בולוואַר, אין דעם שפּאַציר פון דער יוגנט; אין דער גייענדיקער אויסשטעלונג פון קליידער, פריזורן, פאַרבן און פיס; און די קאַפעען און די ביר־הייזער און די אייזקרעמערייען גייען אַרויס אויף דער גאַס, אויפן טראָטואַר און אויפן מיטן גאַס מיט זייערע טישלעך און בענקלעך וואָס ווערן באַזעצט. אָבער קאָריענטעס איז קאָלאָניאַל. זי אָטעמט און עס שוועבט אויף איר אַ קאָלאָניאַלע לופט. זי שטאַמט פון אַמאָל פון די שפּאַנישע אינוואַזיעס, אָקופּאַציעס, קאָלאָניזאַציעס, וואָס האָבן געשאַפן דאָס לעבן לויט זייער סטיל. די מאַי־רעוואָלוציע האָט אָפּגע־שאַפט דעם קאָלאָניאַלן רעזשים, די שקלאַפעריי, אָבער נישט דעם לעבנס־אַרט. די טירן פון די פּראַווינציעלע פּראַווינצן זענען געעפנט געוואָרן פאַר דער איינוואַנדערונג פון אַלע פרייע מענטשן און די איינוואַנדערונג פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס ברענגט מיט זיך דעם ווילן איבערצו־בויען זיך דאָס לעבן אין נייעם לאַנד, לויט די סטילן, וואָס זענען אייגן און ליב די איינגעוואַנדערטע, האָבן אוודאי אויפגעלייזט די אַבסאָלוטקייט פונעם שפּאַניש־קאָלאָניאַלן סטיל און בייגעטראָגן צו דער אויסבויאונג פון אַ נייעם סטיל, אַ געמישטן. אָבער דער קאָלאָניאַלער סטיל האָט זיך מער קאָנסערווירט און ער דאָמינירט. אויף די גאַסן פון שטאָט זעען זיך ווייניק עכטע, אומבאַרירטע קאָלאָניאַלע הייזער און די וואָס זענען פאַראַן, זענען אַלט, קוים וואָס זיי האַלטן זיך, אָבער נאָר זיי זענען געשיכטלעך און זיי זענען פאַרביק און עכט און זיי זענען איינדריקלעך און אימפּאָנירן זיך; עס לאָזן זיך אויך זען נייע הייזער אין קאָלאָניאַלן סטיל און רעמאָנטירטע הייזער אין וועלכע עס איז אָפּגעהיט דאָס קאָלאָניאַלע און אַ סך הייזער פון די אַלטע, שטאַרקע מיט בלייבע און שוואַכע פאָרמען, ווי דאָס זענען די האַלב־מאָדערנע און אַפילו גאַנץ מאָדערנע, האָבן אויך עפּעס פון קאָלאָ־

ניאַלן סטיל: די ברייטע, קוואַטראַטנע „פּאַטיע" מיט די גאַלערייען מיט פּלאַנצן, מיט בלומען און מיט בוימער אין דער פּאַטיע, אין זיינע ווינקלען און אין די גאַלעריען. און די קאָלאָניאַלע שטימונג שוועבט אויף דער רו־איקייט פון די קאָריענטעסער גאַסן און פּלאַסעס אין צענטער און נאָך מער ארויס פון צענטער; אויף דער פרייקייט און שטאָלצקייט פון דער שפּאַניש־אָפּשטאַמענדער פרוי און פון דער קריאָזשער, וואָס שטאַמט פון אויסלענ־דער און אויף דעם דרוק, געפאַלנקייט און טרויער פון דער איינגעבוירענער, אינדיאַניש־אָפּשטאַמענדיקער פרוי, גוואַראַניעשער; די קאָלאָניאַלע שטימונג פילט זיך פון דער טראַדיציע אינעם לעבן, וואָס אין צייט־פאַרלויף האָט זי אַ סך פאַרלוירן, אָבער דאָס בעסערע האָט זיך אָפּגעהיטן. און אָט דאָס קאָלאָניאַלע, וואָס פילט זיך אויך פון דער שפּראַך איז דאָס פאַרביקע, דער קאָלאָריט און דאָס באַחנטע פון קאָריענטעס, וואָס ווייזט זיך דורך דעם פאַרן וויזיטאַנט אַנדערש פון אַנדערע שטעט און זי איז די דאָזיקע קאָ־ריענטעסער לופט; זי איז אויסגערייניקט פון די גיפטן און די גאַזן פון די קאָלאָניאַלע צייטן און פון די זומפּיקע טראַדיציעס. זי איז ריין און פריי פון ראַסנהאַס, פון רעליגיעזן האַס, פון נאַציאָנאַלן האַס און במילא פון מענטשן־האַס און די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע גרופּעס לעבן אין איר בשלום אין גוטע באַציאונגען צווישן זיך און יעדע גרופּע פילט זיך ווי ביי זיך אין דער היים און עס איז דאָ אַ פרידלעך מענטשלעך צוזאַמענלעבן.

דאָס יידישע קולטור־הויז און די שיל, די קאַטוילישע קירכע און דער פּראָטעסטאַנטישער טעמפּל געפינען זיך אין איין בלאָק. דאָס איז אוודאי נאָר אַ צופאַל, אָבער אַ סימבאָלישער.

אין טשאַקאָ האָט דער קאָרענטינער אַ שם פאַר אַ שלעגער. אין קאָ־ריענטעס האָט זיך דאָס נישט באַשטעטיקט. דער פּאַציפיזם גייט דאָ אין באַגלייט מיט אַן אייזערנעם געדולד און דערגייט צום אָננעמען פאַר ליב דערשיינונגען, וואָס טראָגן אומרו און פּראָוואָקאַציע.

דער דאָזיקער פרידן הערשט אויף אַ סך געביטן און אויך אין דער באַ־ציאונג צווישן דער רעגירונג און די רעגירטע.

אין קאָריענטעס האָט די רעגירונג אין פולן פרידן מיט די לערער פון אירע שולן געהאַט אויפגעהערט צו צאָלן דעם לוין. מען האָט דאָס נישט געטון אויס האַס, מען האָט אויך נישט ארויסגעוואָרפן דאָס געלט, נאָר עס איז ווייניק געווען און דאָס ווייניקע האָט מען אוועקגעצאָלט אַנדערש. זענען אַזוי אוועק חדשים נאָך חדשים, אַז מען האָט נישט געצאָלט דעם לוין די לערער, ביז מען האָט פאַרגעסן, אַז מען דאַרף צאָלן און עס זענען אוועק יאָרן.

די לערער האָבן אין ערשטן יאָר פון נישט באַקומען דעם לוין — גע־באָרגט. זיי האָבן זיך געבאָרגט דאָס עסן, די קליידונג, די דירה און דאָס

אַלץ, וואָס אַ מענטש און דערצו נאָך אַ לערער דאַרף האָבן. עס איז אָבער געקומען אַ צייט, אַז מען האָט זיי אָפּגעשטעלט דעם קרעדיט. זענען נאָכדעם די לערער געקומען הונגעריקע אין די שולן און די קליידער זענען אויף זיי צעפּאַלן און פון די דירות האָט מען זיי אַנגעהויבן אַרויסצוואַרפן. דאָס איז אַ לאַגע, וואָס אַטאַקירט דעם שטאַרקסטן פּאַציפיזם. דאַן זענען די לערער אַרויס זוכן סוחרים צו פאַרקויפן זייער לוין: פאַרקויפן אינגאַנצן פאַר אַלע יאָרן, אָדער טיילן, פאַר חדשים, פאַר אַ יאָר; פאַרקויפן צו איינעם אָדער צו אַ סך; פאַרקויפן פאַר אַכציק פּראָצענט, פאַר זיבעציק, פאַר פופציק און אַפילו פאַר דרייסיק פּראָצענט. אויב מען האָט נישט געוואָלט געבן מער און די נויט האָט געטריבן צו פאַרקויפן פאַר יעדן פּרייז. און אויב זיי האָבן קענען זייער טבע און יאָרן געדולד ענדלעך זיך באַשלאָסן צו דערקלערן אַ שטרייק, זאָגט מען, אַז שולדיק אין דעם זענען געווען די סוחרים, וואָס האָבן נישט געוואָלט קויפן דעם לוין פאַר קיין פּרייז נישט אָן אַ גאַראַנטיע און דאָס איינציקע מיט וואָס די לערער האָבן געקאָנט גאַראַנטירן איז געווען דער שטרייק פאַר צאָלן דעם לוין.

דער קאָריענטעסער פּאָליציאַנט באַקומט אַ לוין, וואָס איז גלייך צו אַ דריטל פון דעם לוין וואָס עס באַקומט זיין קאָלעגע אין בוענאָס איירעס אָדער אין טשאַקאָ, מחמת אין דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע (דאָס לאַנד איז געווען איינגעטיילט אין „פּראָווינצן" און אין „נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס") איז דער באַלעבאָס די נאַציאָנאַלע רעגירונג און עס איז איינגעפירט אַ מי־נימום־לוין; דער קאָריענטעסער פּאָליציאַנט, וואָס שטייט מיט זיין לוין אויבנאָן פון די פּראָווינציעלע מלוכה־אָנגעשטעלטע און פון די מוניציפּאַלע, פּילט אַוודאי אַז פאַר נאָך הונדערט און צוואַנציק פּעזעס אַ חודש צו די זעכציק, וואָס ער באַקומט, וואָלט ער מיט זיין הויזגעזינט געקענט בעסער לעבן און, אַפילו שלאָפן אין אַ בעט, און נישט נאָר וואָס ער פּילט דאָס, נאָר ער ווייסט און זעט, ווי „איבערן וועג", אין טשאַקאָ פאַרדינט זיין קאָלעגע דאָס וואָס ער דאַרף אויך פאַרדינען און ווען מען ווייסט דאָס און מען זעט דאָס, רייצט עס און — גאָרנישט.

דער לוין פונעם מלוכה־אָנגעשטעלטן דינט אומעטום פאַר אַ מוסטער פאַרן פּריוואַטן באַלעבאָס; אַ מוסטער פאַר צאָלן וויניקער. קענט איר זיך שוין פאָרשטעלן דעם אַרבעטס־לוין ביי די פּריוואַטע באַלעבאַטים און באַ־זונדערס ביי דער פעלד, פי און וואַלד־אַרבעט און — גאָרנישט.

ווירטשאַפטלעך גענומען, האָט קאָריענטעס אַן אייגענע באַן, נישט אַי־בער דעם וואָס עס גייט נישט אין קאָריענטעס קיין אַנדער באַן, דאָס איז נישט דער פאַל: פון מאָנטע קאַסעראָס, וואוהין עס קומט אָן די מיזרח־צפונדיקע אַרגענטינער באַן, וועלכע גייט אַרויס פון קאָנסעפּסיאָן דעל אור־

רוגוויי, ציען זיך אַרויף ביזן אַלטאַ פּאַראַנאַ צוויי באַן־ליניעס איבער דער גאַנצער פּראָווינץ, איינע ביז העט אַרויף אויפֿן מיזרח־צפֿון און די צווייטע העט אַרויף אויפֿן מערב־צפֿון און פֿאַרמירט אַ לאַטיינישע וו. נאָר ווי האָט נישט אַ פּראָווינץ אויך אַן אייגענע באַן? אויסער דעם גייט דער גרעסטער נישט פּראָווינציעלער טראַפֿיק אַרום דער פּראָווינץ און נישט אין איר ברייטן מיטן, וואָס ליידט פֿון הינטערשטעליקייט, מחמת דאָס פֿעלן פֿון אַזאַ פּראָגרעסיוון פֿאַקטאָר, ווי דאָס איז אַ באַן. האָט די קאָריענטעסער רעגירונג געמאַכט אַן אייגענע באַן־ליניע, נישט איבער דער גאַנצער לייִדיקייט, צו דעם האָט מען באַדאַרפֿט ענגלישן קאַפּיטאַל, נאָר אין אַ ווינקל. איז פֿאַרשטענדלעך אַז אַ באַן, אַפֿילו נאָר אין אַ ווינקל פֿון דער פּראָווינץ איז — אַ באַן, וואָס גייט, קלאַפּט, רוישט, פֿייפֿט אָדער קלינגט און וואָס פֿאָרט אַוועק און וואָס קומט, אָבער דאָס איז נישט אין קאָריענטעס; דאָ אַרט נישט דער רעגירונג, אַז די באַן גייט נישט און די אַספּיראַנטן צו פֿאָרן מיט דער קאָריענטעסער באַן האָבן געדולד.

איך האָב דערזען אויף אַ באַן־מאַפּע די קאָריענטעסער באַן־ליניע אין זייער אַ מערקווירדיקער אויסגעדרייטער פֿאָרעם און עס האָט מיר אָנגענומען אַ חשק צו מאַכן אַ רייזע אויף איר — אויף איר גאַנצער ליניע ביז מבורוקוזשאַ. און איך בין אַוועק צום וואָקזאַל. עס איז געווען נאָכמיטיק און דער וואָקזאַל איז געווען געשלאָסן. עס איז „סיעסטע”־צייט — האָב איך געטראַכט, מאַכט די באַן אויך סיעסטע. אָבער איך בין נישט אַוועק, בין נישט אָפּגעטראָטן פֿון פֿאַרשלאָסענעם וואָקזאַל און געוואַרט. עס האָט דערווייל אָנגעהויבן צו רעגענען. עס האָט אויפֿגעהערט און ווידער גערעגנט. אַזוי איז אַוועק אַ פּאָר שעה ביז עס איז אָנגעקומען אַ מיידל אין שוואַרצן אונטער אַן אָפֿענעם רעגנשירעם און האָט געעפֿנט אַ טיר און איז אַריין אין וואָקזאַל. איך בין געבליבן אינדרויסן, געוואַרט אפשר וועלן אָנקומען נאָך מענטשן, אָבער קיינער איז מער נישט געקומען און איך בין אַליין אַריין. עס האָט נישט געקאָנט זיין אינעווייניק קיין ספֿק, אַז דאָס איז אַ וואָקזאַל. אַ פּלאַטפֿאָרם מיט כאַראַקטעריסטישע באַן־מעלדונגען און פּראָפּאַגאַנדעאַפֿישן אויף די ווענט און אויף די טירן; אָפּגעבלאַקעוועטע מעלדונגען און אַפֿישן, אָבער דאָך מעלדונגען כאָטש מען קען זיי שוין נישט לייענען, מחמת די טינט פֿונעם שריפֿט האָט באַקומען די זעלבע קאָליר פֿונעם פּאַפּיר. רעלסן מיט ברוינע זשאַווער־שפּרענקעלעך, אָבער אמתדיקע אייזערנע רעלסן, וואָס ציען זיך אַוועק אַהין, וואוהין עס טרייבט מיך דער חשק צו פֿאָרן; וואַגאָנען, טאַקע אמתדיקע באַן־וואַגאָנען מיט פֿענצטערלעך; שמאָלע וואַגאָנען, פֿאַרשטויבטע, מיט פֿייגל־נעסטן אויף זייערע אויבערשטע ווינקלען, שטייען דאָרט אַן לאָקאָמאָטיוון און ווייזן נישט קיין סימן פֿון אַרויסגיין אין וועג

אַריין; אַ באַנדע הינער מיט קליינינקע הינדעלעך, וואָס טשיפּיען, דרייען זיך דאָ אַרום מיט איינעם אַ גרויסן רויטן האָן, וואָס קוקט מיך אָן נישט אַזוי פריינטלעך און פון די וואַגאָנען און פון גאַנצן באַנהויף, טראָגט זיך אַ צווישצעריי, ווי עס וואָלטן זיך צעשריען מיטאַמאָל טויזנטער פייגל. זיי שטערן דאָ די טיפע שטילקייט, אָבער עס ווערט דאָך נישט הימלע־כער איינעם אַליין אין זייער שרייענדיקער געזעלשאַפט.

די אינעווייניקסטע ביורא־טירן פון וואָקזאַל זענען פאַרשלאָסן; דאָס בילעטן־פענצטערל — פאַרמאַכט. נאָר איינע אַ האַלבע אָפענע טיר האָב איך דאָך געפונען און איך בין אַריין, קומט מיר אַנטקעגן דאָס מיידל אין שוואַרצן און פרעגט וואָס איך וויל. זאָג איך; זאָגט זי, אַז היינט גייט נישט אַרויס קיין באַן און מאָרגן, דאַכט זיך איר, אַז אויך נישט און איבערמאָרגן דערגייט זי נישט ביז מאַנאַנטיאַלעס און ביז מבורוקוזשאַ אוודאי נישט. פרעג איך: סעניאָריטאַ, ווען איז דאָך דאָ אַ באַן ביז מבורוקוזשאַ? (ווייטער גייט זי קיינמאָל נישט) און ווען קומט זי צוריק אַהער? ענטפערט זי, אַז דאָס קאָן מען נישט וויסן. פרעג איך: איז דאָס די איינציקע אינפאָרמאַציע־ביוראָ פון דער פּראָווינציעלער מלוכה־באַן? — סי, סעניאָר!

אויפן קולטורעלן געביט האָט קאָריענטעס אַ ריי צייטונגען, וואָס שיידן זיך מיט גאָרנישט אונטער איינע פון די אַנדערע און זיי שרייבן וואָס מען מעג און זיי פאַרדינען זיך נישט באַשטראָפט צו ווערן; זי האָט אַ קינאָ מיט האָליוואודער, מעקסיקאַנישע און בוענאָס איירעסער פילמען און דער קינאָ פאַרטרעט אויך דאָס טעאַטער און קאָריענטעס האָט אויך אַ מוזיי. דער מוזיי דערמאָנט אין אַ שטעטלשן מאַגאַזין פון „ראַמאָס בענעראַלעס” מיט דעם אונטערשיד, וואָס אין אים פאַרקויפט מען גאָרנישט, אַפילו נישט קיין קאַ־טאַלאָג. אפנים, אַז דער מוזיי האַלט אויך נישט פון קויפן זאַכן, ווייל אויף אַ סך זאַכן, וואָס געפינען זיך דאָרט, זענען צוגעקלעפּט קוויטלעך מיט די נעמען פון די מענטשן, וואָס האָבן זיי געשאָנקען. לויט די זאַכן, וואָס זענען צוזאַמענגענומען געוואָרן ווער ווייסט אין משך פון וויפל דורות, איז דער מוזיי אַ היסטאָרישער און אַ גובערנאַטאָרישער (עס הענגען אין אַ גלייכער ליניע די פאָרטרעטן, אַלע איינגעראַמטע, אַלע אין דער זעלבער מאָס, פון אַלע גובערנאַטאָרס פון קאָריענטעס); אַ נאַטור־וויסנשאַפטלעכער און אַן אַר־כעאָלאָגישער; אַ קינסטלערישער און... פון אַלץ, וואָס קאָן אַריינגענומען ווערן אין אַלע מוזייען, נאָר מער פון אַלץ האָט איר דעם איינדרוק, אַז איר געפינט זיך אין אַ אייגנאַרטיקן מוזיי פון געשאָנקענע זאַכן. אָבער אין דער אמתן פאַרמאָגט דער קאָריענטעסער מוזיי עפּעס, וואָס איז מוזעיש עכט, גאַנץ, האַרמאָניש, אינהאַלטלעך און סטיליסטיש — דאָס איז דאָס קאָלאָ־ניאַלע הויז פונעם מוזיי.

# יידן

איך קום נישט פונדאסניי אנטדעקן יידן אין קאריענטעס, זיי האבן זיך שוין אליין אנטדעקט. די יידישע צייטונגען האבן אין קאריענטעס זייערע קארעספאנדענטן און א יידישער ישוב, אדער יידן, וואס זיצן וואו אין א ישוב, וועט נישט פארפעלן צו לאזן הערן פון זיך, פון זיין דאזיין, ווען אפילו ער האט נישט ביי זיך קיין קארעספאנדענטן פון יידישע צייטונגען. אויב איך שרייב דאך עפעס פון די יידן אין קאריענטעס, איז עס צו דערגאנצן מיין באשרייבונג פון דעם דאזיקן ווייטן, ארגענטינישן „ווינקל", וואס הייסט קאריענטעס און פארנעמט עטלעכע און אכציק טויזנט קוואדראט קילאמעטער, כמעט דריי מאל אזוי גרויס ווי בעלגיע פאר דעם נאציסטישן איבערפאל; איז עס אויך דערפאר, ווייל איך האב קאריענטעסער יידן געהאט אין זינען.

אויב דער זיכרון איז מיר נישט פאלש געווארן, האב איך פארטראכטן דאס יידישע קאריענטעס אין א מאמענט פון א ליבע פון דערוווייטנס. איך האב פארטראכטן דאס יידישע קאריענטעס אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מילחמה, ווען דאס פארשאלטענע „דייטשלאנד איבער אלעס", איז נאך געפירט געווארן פון קייזער ווילהעלם און ווען היטלער איז געווען אן עסטרייכישער דעזערטירטער סאלדאט מיט א בענדל און מיט א טויט־שטראף. די פארטרעטונג איז געווען אויף א יידישן לאנד־קאנגרעס פון דער פאלקסהילף פאר די יידישע מילחמה־געליטענע. דעמאלט איז די פאלקסהילף, אזוי ווי איר ארגאניזאציע, איר גייסט, איר אויפריכטיקייט, איר טעטיקייט און אירע באטייליקטע, ווירקלעך געווען די זאך פון גאנצן (אויסער די ספרדים) יידישן פאלק אין ארגענטינע און אויב איך זאג, אז איך האב פארטראכטן דאס יידישע קאריענטעס, די גאנצע יידישע קאלעקטיוויטעט פון קאריענטעס, איז דאס אמתדיק, ווייל די פאלקהילף איז אזוי ווי אין גאנצן לאנד, אויך אין יעדער פראווינץ באזונדער, געווען אן אלגעמיינע, א נאציאנאלע און נישט קיין פארטייאישע און די יידישע קאלעקטיוויטעט אין קאריענטעס איז אין יענע יארן נאך געווען א קליינינקע און א אינטימע און

אויב היינט, ווען דאָס יידישע קאָריענטעס האָט זיך מער באַפּעלקערט קאָן מען נאָך ביי איר געפינען נאַציאָנאַלע אייניקייט, קאָן מען זיך שוין פאָר־שטעלן, ווי אייניק דאָס יידישע קאָריענטעס איז געווען אין די טעג פון איר באַשאַף.

און איך האָב אויך אַ צווייטן מאָל פּאָרטראַטן אויף אַ יידישן לאַנד־קאָנגרעס דאָס יידישע קאָריענטעס. עס האָט זיך אויך געהאַנדלט פון הילף, יידישע הילף; הילף פון יידן פאַר יידן, פּראָדוקטיווע הילף פאַר דעקלאַסיר־טע יידן צו העלפן זיי זיך קאָלאָניזירן — אַזוי איז זי געווען, ווען זי איז דאָ אין לאַנד אָרגאַניזירט געוואָרן, זי האָט אָבער נישט באַוויזן צו זיין דאָס, וואָס עס איז יאָ געווען פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט די פאָלקסהילף אין דער צייט פון דער מילחמה. אָן אויסנאַם איז געווען דאָס יידישע קאָריענטעס, אַזאַ איינדרוק איז מיר געבליבן נאָך מיין צווייטן מאַנדאַט, וואָס איז געווען פאַרן דאָזיקן קאָנגרעס, פון וועלכן איך בין אַוועק באַלד, ווי דער קאָנגרעס האָט באַוויזן, אַז די אָרגאַניזאַציע איז מער נישט דאָס, צוליב וואָס זי איז געשאַפן געוואָרן. און דאָס יידישע קאָריענטעס האָט באַשטעטיקט מיין האַנד־לונג אַלס איר פּאָרטרעטער, כאָטש זי האָט מיר אין פאָראויס נישט געשיקט אַזאַ דירעקטיוו.

חוץ דער דאָזיקער אַמבאַסאַדע פון יידישן קאָריענטעס, האָב איך שטענ־דיק געדענקט פון מיינע צוויי באַקאַנטע יידן, וועמען דער גורל, האָט אַהין געפירט מיט אַ סך יאָרן צוריק אין פּאָטערלאַנד פונעם באַפרייער. איינער שטאַמט פון לאָדזש, דער צווייטער פון פּינסק.ביידע זענען געווען מיינע אידייען־חברים, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט זיי אין בוענאָס איירעס מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק, אָדער אין די נייַנציקער יאָרן פון דער אַרגענ־טינער פרייהייט — אויב איך וויל אָנהאַלטן דעם טאָן פון מיין ערשטן קאַפּיטל איבער קאָריענטעס. ביידע זענען באַשיידענע, שטילע, ערלעכע, פאַ־מיליאַרע, געזעלשאַפטלעכע, אַרבעטזאַמע און אַקטיווע מענטשן; ביידע זענען שוין טאַטעס פון דערוואַקסענע און פאַרהייראַטע קינדער אין קאָריענטעס געבוירענע און ביידע זענען מיט דעם אַלעם וואָס זיי זענען — קאָריענטעס־סער יידן, כאַראַקטעריסטישע, רעפּרעזענטאַטיווע, נישט אין דעם זינען, ווייל זיי זענען דאָס אויבערשטע פונעם שטויסל (דוכט זיך, אַז אין קאָריענטעס זענען גאָר נישטאָ אַזעלכע אויבערשטע, אָדער אַלע זענען אויבערשטע), נאָר טאַקע דערפאַר, ווייל זיי זענען פון די ערשטע באַפעלקערער, פון די פאַר־פלאַנצער אָדער איבערפלאַנצער פון יידישן לעבן דאָרט, פון די פאַרוואָרצל־טע, פון די אויסגעוואַקסענע און פאַרצווייגטע; פון די דורכשניטלעכע און פּראָגרעסיווע, וואָס דענקען שטענדיק פון סאָציאַלן יושר און וועמענס יידיש־קייט עס איז נישט רעליגיעז נאָר וועלטלעך; זיי זענען רעפּרעזענטאַטיווע

און לעבעדיקע עקספּאָנענטן פון די איינגעוואַנדערטע יידן, וואָס זענען גע־קומען אין לאַנד פון פרייהייט, פון גלייכהייט, פון טאָלעראַנץ און פון ווירטשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע באַדערפעניש און מעגלעכקייטן און האָבן מיטגעבראַכט זייער רייפע יוגנט, זייערע פיזישע און גייסטיקע כוחות, זייער לעבנסווילן, זייערע קענטענישן און זייער אַרבעטס־באַגער; זייער דערפאַרונג און זייערע האָפענונגען. אַזעלכע האָבן זיי זיך איינגעלעבט און איינגעליבט אין קאָריענטעס און זיך אויסגעבויט אין איר זייער נייע היים — אַ היים מיט פריידן און מיט לײדן, ווי יעדע היים.

איינער פון מיינע צוויי קאָריענטעסער יידן הייסט גראָ און איז רויט, שטענדיק אַזוי געווען, ווען איך ווייס דאָס נישט, וואָלט איך געמיינט, אַז דאָס נעמט זיך פון דעם, וואָס ער איז אַ קצב. אין די גרינע ראַנדן פון שטאָט, אין דער געגנט פון קאַמבאַקואַ שטייט דאָס הויז, וואָס אין די אַמאָ־ליקע צייטן האָבן עס אוודאי אויפגעבויט און באַוואוינט גוואַראַניער, היינט איז עס דאָס הויז פון אונדזער קאָריענטעסער ייד גראָ, וועלכער האָט עס אַביסל רעמאָנטירט, אויסגעצירט יידיש־אייראָפּעאיש, פון וואָס עס איז אָבער געבליבן אומבאַרירט די פּאַטיאָ מיט דעם ברונעם, מיט די בלומען־פלאַנצן און די פרוכט־בוימער אין דער טיף פונעם הויף, מיט עופות, וואָס דרייען זיך אַרום פראַנק און פריי און מיט יידישע הינט, וואָס בייסן נישט און בילן נישט און זענען שטיל און גאַסטפריינטלעך. דאָ לעבט זיך מיין גראָ בנימותדיק, ווי זיין טבע איז פון שטענדיק אָן, מיט זיין לאָדזשער, שיין־קלינגענדיקן יידיש, אַזוי ווי ער האָט גערעדט, ווען ער איז אַראָפּ פון שיף. דאָ לעבט ער מיט זיין הויזגעזינט, וואָס האָט דעמאָגראַפישע פאַרבינדונגען מיט מאָזעסוויל און רעסיסטענסיאַ און ביי וועמענס טיש עס זעצן זיך דריי דורות. און אַ שוואַרץ־שייניקע פונעם יינגסטן דור, אַ קאָרענטינערן ביזן מאַרך פון אירע ביינדלעך, וואָס גייט אין דער יידישער שול און איז אַ מיט־גלידערן אין דעם יידישן שול־קינדער־קלוב, שעמט זיך מיר צו ענטפערן אויף יידיש, וואָס זי לערנט ערשט און ענטפערט אויף שפּאַניש, וואָס ביי איר רעדט זיך דאָס אַליין און נישט ווי אַ שפּראַך, וואָס מען דאַרף אויסלערנען.

אונדזער גראָ, וואָס האָט שוין פּראָדוקטיוו אויסגעלעבטע זיבן און דרייסיק יאָר אין קאָריענטעס און איז איינער פון אירע ערשטע יידן, אויב נישט דער ערשטער, איז אַלס געוואָרענער קצב אויך איינער פון דעם פאַך, וואָס אין דעם אַלגעמיינעם קאָריענטעס געפינט עס זיך כמעט אין יידישע הענט אָדער ווערט פון יידן געפירט. דער פאַך אין דעם פאַל מיינט נישט נאָר דער יאַטקע־קלאַץ, אָדער די יאַטקע־זעג פון די יחידישע קצבים און די קאָלעקטיווע יאַטקעס אויף די מערק, נאָר עס פאַרנעמט די גאַנצע פלייש־אינדוסטריע און האַנדל; פון דעם פי־אויפקויף אויף די ווייטע און ברייטע

פי־ציכטערישע פעלדער פון דער פראווינץ, ביז אין דער יאטקע, וואס פונק־ציאנירט רעגלאמענטאריש און געפינט זיך אין דירעקטן קאנטאקט מיטן קאנסומענט.

און דער צווייטער הייסט, אזוי ווי א סך שפאניער און יידישע איטא־ליענער: לויטן ארט פון זיין געבורט. זיין נאמען האט קיין שייכות נישט מיט זיין אויסזען און ער זעט היינט אויס, ווי ער האט אויסגעזען, ווען איך האב אים דערקענט, נאר אביסל פארעלטערט, אבער אין קיין פאל נישט רעזיגנירט פאר דער עלטער, פונקט ווי נישט געביטן זיין פראפעסיע און באשעפטיקונג. דער האמער האלט זיך נאך פעסט אין זיין האנט.

פינסקער איז אין קאריענטעס ווייניקער יארן פון גראען. אין הונ־דערטסטן יאר פון דער ארגענטינער פרייהייט איז פינסקער נאך געווען אין ראזאריע, וואו ער האט געגרינדעט און געפירט די ראזאריער גרופע „אוואנגארד" און וואו ער האט דורך דער גרופע געגרינדעט און געפירט די ראזאריער יידישע ארבעטער־ביבליאטעק, וואס איז גראד געווען אויף דער גאס קאריענטעס און וואס האט געהאט גלענצנדע יארן אלס וויכטיק־סטער יידישער קולטור־צענטער אין דער דאזיקער צווייטער שטאט פון דער רעפובליק. אבער פינסקער לעבט שוין אויך צענדליקער יארן אין דער שטאט קאריענטעס. בלויז אין דעם קאלאניאלן הויף מיט דעם בוים, וואס האלט אין איין ווארפן רויטע בלומען ארום זיך, וואוינט ער שוין ניינצן יאר, ער מיט זיין הויזגעזינד, מיט זיינע זין — אפטייקער און א לערער — אלע קא־ריענטעסער איינגעבוירענע, כאטש נישט קיין אינדיכענאס. ער האט זיך אביסל אריבערגעבויגן צו דעם „ארבעטנדיקן ארץ־ישראל", אבער אין קא־ריענטעס שטייט ער מיט ביידע פיס און מיט די שאפנדיקע הענט און מיט דעם דענקנדיקן קאפ; דא איז ער איינגעוואקסן, פארווארצלט, אויסגעוואקסן, פארצווייגט און דא איז זיין היים, די אינדיווידועלע, די פאמיליארע און די יידישע, וועלכע ער האט געבויט צוזאמען מיט נאך קאריענטעסער יידן און וועלכע ווערט ווייטער געבויט צוליב אייגענע מאראלישע, גייסטיקע, עקאנאמישע און קולטורעלע לעבנס־באדערפענישן.

צו די יידן פון קאריענטעס געהער אויך פשעפיורקע — אן עלטערער ברודער פון דעם יונגערהייט פארשטארבענעם מענדל פשעפיורקע פון בוענאס איירעס. אז פשעפיורקע איז אין קאריענטעס נישט קיין פרעמדער דערקענט זיך באלד ווי מען גייט ארויס מיט אים אין גאס און מען זעט מיט וועמען ער באגריסט זיך אלץ און ווי היימיש עס זענען די באגריסונגען. פשעפיורקע איז פיזיש נישט מיט אלעמען און באזונדערס האבן אים די דאקטוירים גע־ווארנט אויסצוהיטן זיך פון גיין, אבער ווי ווערט פשעפיורקע זיך קענען איינ־האלטן נישט פארצושטעלן א גאסט זיין קאריענטעס?

און מיר זענען אַוועק איבער די זוניקע גאַסן, אין וועלכע אונדזער קאָ־ריענטעסער פּשעפּיורקע גייט פּעסט און מיט שטאָלץ. און מיט ליוב און ענטוזיאַזם שטעלט ער מיר אַלץ פֿאָר און רעדט פֿון די הייזער און זייערע באַלעבאַטים; פֿון די געשעפֿטן, די אַלגעמיינע און די יידישע; פֿון די פּלאַסעס און די מאָנומענטן; פֿון די שולן און פֿון אַנדערע מלוכהשע און פּריוואַטע קולטור־אינסטיטוציעס; פֿון די בענק און פֿון דעם גרויסן מאַרק, וואָס מיר האָבן וויזיטירט. ער שטעלט מיר פֿאָר די מוניציפּאַלע הייזער, די רעגירונגס־הייזער, די געשלאָסענע לעגיסלאַטור, די רעדאַקציעס פֿון די אָרטיקע צייטונגען און אַלעמען קען ער און אַלע קענען אים און מען באַגריסט זיך און מ'וואַרפֿט זיך מיט ווערטלעך, מיט פֿראַזן אין שפּאַניש און אַמאָל אויך אין גוואַראַני און אַז פּשעפּיורקע רעדט פֿון די שטאָטישע און פֿון די פּראָווינציעלע ווערק, ווערט מען אָנגעשטעקט פֿון דעם נחת און פֿון דעם געניס, וואָס קוואַלט אַרויס פֿון דעם דאָזיקן קאָריענטעסער ייד.

— און אונדזער וואַסער האָט איר שוין פֿאַרזוכט?

— יאָ, גוטע וואַסער.

— נאָר גוטע וואַסער. זייער!

זיינע אייגענע הייזער אין קאָריענטעס האָט מיר פּשעפּיורקע נישט פֿאָרגעשטעלט. אַפֿנים זיכער געווען אַז אַנדערע קאָריענטעסער יידן וועלן דאָס טון. און ער האָט נישט געהאַט קיין טעות.

אָבער פּשעפּיורקע איז נאָך נישט קיין אַנטשאָרענאַ, אַפֿילו נישט אין מיניאַטור. עס איז נאָך נישטאָ קיין יידישער אַנטשאָרענאַ אין קאָריענטעס און ווי לאַנג פּריוואַט־אייגנטום אַלס פּרנסה־מיטל איז נישט אָפּגעשאַפֿט, איז דער באַזיץ פֿון אומבאַוועגלעכע גיטער, אַזוינע ווי רענט־הייזער, אַוודאי חשוב און סאָליד און זענען אַ באַווייז פֿון זיין און פֿון באַפֿעסטיקטן זיין.

און די יידישע קאָלעקטיוויטעט פֿון קאָריענטעס, אָדער קהילה, ווי אייניקע רופֿן זי, האָט אויך איר קאָלעקטיוון אומבאַוועגלעכן פֿאַרמעגן אין געשטאַלט פֿון אַ פֿאָלקסהויז אויף דער גאַס סאַן מאַרטין. אין דעם הויז איז די שול און די שיל; דער סאַלאָן און דער אַקטן־זאַל; די ביבליאָטעק און די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע. די שול איז אַ וועלטלעכע מיט קליינע אויסנאַמען זענען די קאָריענטעסער יידן נישט רעליגיעז, אָבער פֿאַר די יידן, וואָס ווילן אַ שיל, האָט מען אָפּגעגעבן אַן אָרט.

די יידישע ביבליאָטעק פֿון קאָריענטעס שטייט אויף דעם ניוואָ פֿון ביבליאָטעקן אין אַלגעמיין אין דער איצטיקער צייט, ווען לייען־ביכער ווערן כמעט נישט געלייענט און ביבליאָטעקן אַן שולביכער זענען כמעט פּאַראַליזירט. אָבער די יידישע ביבליאָטעק פֿון קאָריענטעס איז נישט אָפּגע־

שטעלט. זי שטייט צו דיספּאָזיציע פון יעדן, וואָס קען קומען און זיך אַליין נעמען אָדער טוישן אַ בוך צום לייענען.

אין דעם זעלבן פאָלקסהויז איז די קאָריענטעסער יידישע באַנק. ווי קאָן דען געמאָלט זיין אַ יידישע קהילה אָן אַ באַנק, אָדער יידן נישט קיין באַנקירן... נאָר אויב אַ יידישע באַנק אין קאָריענטעס, איז זי אַ קאָאָפּע־ראַטיווע און איז דעמאָקראַטיש און איז גיכער אַ פאַראיין פאַר קעגנזייטי־קער הילף. איך האָב געזען אַ רשימה פון הונדערט איין און פופציק מיט־גלידער, האָט נאָר איינער פון זיי גאַנצע פיר אַקציעס אויף הונדערט פעזאָס אַן אַקציע. זיבן האָבן צו דריי אַקציעס; פיר און פופציק האָבן צו צוויי אַק־ציעס און ניין און אכציק — צו איין אַקציע. איך האָב געזען אַ באַריכט פאַר ניין חדשים, דערגייט נישט דער סך־הכל צו אַ מיליאָן, צו דרייסיק טויזנט אויך נישט און דעם דיווידענד פון אַ פריערדיקן יאָר, וואָס גרייכט ביז דריי הונדערט פינף און אכציק פעזאָס מיט סענטן, האָבן די באַנקירן נישט גע־רירט און דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט דעם פרעזידענט פאָרצושלאָגן, אַז דער דערמאָנטער דיווידענד, ווי אויך דאָס פאַרדינסט פון נייעם באַריכט־יאָר זאָל אַריין אין די פאָנדן פון רעזערוו און פאַרזיכערונג קעגן באַנקראָטן, וואוהין עס זאָל אויך אַריין דער קאַפּיטאַל פון די 6 פּראָצענט צינזן יערלעך פאַר דעם געלט, וואָס דער וויצע־פּרעזידענט און דער קאַסיר האַלטן אין דער באַנק; צינזן, וואָס זיי נעמען נישט. און אין דעם באַריכט פון דעם פינאַנציעלן יאָר זאָגט דער פּרעזידענט כאַימע יאַשפּע, אַז אין דער קאָרטאָ־טעק האָבן זיך פאַרמינדערט די דאָקומענטן לגבי דעם פריערדיקן יאָר, וואָס דאָס ווייזט, אַז אַ סך פון די אַקציאָנערן האָבן נישט געהאַט קיין אינטערעס צו בעטן הלוואות, זיי האָבן דאָס נישט באַדאַרפט; אַז אין דער קאָמערץ פעלט נישט קיין מזומן און אַז עס האָט פּאַסירט אין לעצטן יאָר, אַז די מלוכה, אַזוי די נאַציאָנאַלע, ווי די פּראָווינציעלע און די מוניציפּאַלע, האָט גע־צאָלט צום טאָג.

עס איז אַ בילד פון דער באַנקאַרישקייט פון די יידן אין קאָריענטעס.

דאָס יידישע פאָלקס־הויז, וואָס דער פּאַטראָן פון דעם איז דער קול־טור־פאַראיין אויפן נאָמען פון שלום־עליכם, איז דאָס הויז פאַר אָפיציעלע אַקטן, פאַרזאַמלונגען, אונטערנעמונגען און אויך אַנדערע פון דער נישט־יידישער געזעלשאַפט ווענדן זיך מיט בקשות צום יידישן פאָלקס־הויז פאַר דורכפירן אין זיין סאַלאָן אַ קינסטלערישן קאָנצערט, אַ ליטעראַרישע פאָר־לעזונג אָדער אַ וויסנשאַפטלעכן רעפעראַט.

אָבער אומאָפיציעל כאַפּן זיך אַריין קאָריענטעסער פּראָגרעסיווע גע־זעלשאַפטלעכע יידן צו פינסקערן אין ווערקשטאַט אָדער צו די בלאַנקאָס,

ווען עס קומט ווער, אָדער עס פּאַסירט עפּעס, אָדער עפּעס געוואויר צו ווערן אָדער מיטצוטיילן צי גלאַט אַזוי זיך צו זען.

אַט קומט אַריין אַ ייד, וואָס ווייזט אויס צו זיין אַ פּרעזידענט לויט דער געזעלשאַפטלעכער זאָרג, וואָס לאָזט אים נישט רוען. ער וויל און מוז וויסן צי ער מאַכט נישט קיין טעות אין זיין ידיעה און אין זיין מיינונג וועגן דער הילף פאַרן יידישן פאָלק און וואָס ער האָט שוין אַזוי פיל אַריינגעטראַכט.

און אָט איז אַריין ליבערמאַן, אַ יינגער, לעבנסלוסטיקער און יידיש־קולטורעלער ייד, וואָס זעט אויס אַזוי ווי ער הייסט, טראָגט אין אַ טעקע זאַכן פון דער יידישער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע, וואו ער איז כערענטע, האָט אין גוטן מוט אַ פּרעטענזיע צו בוענאָס איירעס, וואָס האָט פאַרכאַפּט די יידישע קינסטלער, די וויסנשאַפטלער, די יידישע אינטעלעקטואַלן ביכלל און זי לאָזט זיי נישט אַרויס...

עס דעפּילירן דאָ אויך יידן, וואָס אין דעם מאָמענט זענען זיי פאַר־זענלעך נישט אַריינגעקומען, זיי קומען אַריין דורך דעם, וואָס זיי ווערן דערמאָנט. צווישן די דאָזיקע געפינט זיך שוגערענסקי, אַט דער אַמאָליקער שמייכלדיקער און אַקטיווער חבר פון בוענאָס איירעסער יידישן אַרבעטער־פאַרבאַנד פאַר קעגנזייטיקער הילף. ער איז געווען דער לעצטער סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד ערב אָדער אין אָנהויב פון דער פריערדיקער וועלט־מלחמה, ווען דער פאַרבאַנד האָט געליטן פון אייניקע קראַנקע ביז ער איז אומגע־קומען. שוגורענסקים לעבן אין קאַריענטעס קלינגט לעגענדאַריש, אָבער ווי אַזוי די מעשה זאָל נישט זיין, איז שוגורענסקי אויך איינער פון די קאָ־ריענטעסער יידן.

די געוועזענע יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד" און די „ביבליאָטעקאַ רוסאַ", די יידישע ראַציאָנאַליסטישע געזעלשאַפט און די פּועלי־ציון, די פרייע ביבליאָטעק און די ביבליאָטעקן, פון וועלכע עס איז אַרויסגעקומען די צענטראַלע אַרבעטער־ביבליאָטעק און דער יידישער אַר־בעטער־פאַרבאַנד פאַר קעגנזייטיקער הילף — געוועזענע מיטגלידער, מיט־אַרבעטער און טוער פון זיי אַלע, געפינען זיך צווישן די יידן פון קאָריענ־טעס, זיי זענען די טאָן־געבער און די מיטבויער פון דער יידישער היים אינעם פּאַטערלאַנד פונעם באַפרייער סאַן מאַרטין און אינעם פּאַטערלאַנד פון זייערע קינדער און קינדס־קינדער.

# פּאָסאַדאַס

אַ טויזנט צוויי הונדערט קילאָמעטער פון דער פעדעראַל־שטאָט פון דער רעפּובליק איז פּאָסאַדאַס — די הויפּטשטאָט פון איינער פון די געוועזענע „נאַציאָנאַלע טעריטאָריעס" און איצטיקע נייע פּראָווינצן: מיסיאָנעס. זי געפינט זיך אויף צווישן די צוויי גרויסע טייכן — פּאַראַנאַ און אורוגוואַי און איז די דריטע פון די אַזויגערופענע „מעסאָפּאָטאָמישע" פּראָווינצן.

די פּראָווינץ מיסיאָנעס מיט איר רויטע ערד גייט אַוועק אויף מיזרח־צפון און גרעניצט זיך: אויף איר מערב־זייט מיט פּאַראַגוואַי, אויף איר דרום־זייט מיט קאָריענטעס, אויף איר מיזרח און צפון־זייט מיט בראַזיל.

פּאָסאַדאַס איז אַ פּאָרטשטאָט ביים פּאַראַנאַ. אויף זיין אַנדערע זייט: פון אונטן און פון הינטן פון פּאַראַגוואַי איז ענקאַרנאַסיאָן. עס שטייען פּאָרטשטעט ביי ביידע טייכן: סאַן איגנאַסיאָ, מאָנטעקאַרלאָ, על דאָראַדאָ, וואַנדאַ ביז די וואונדערלעכע וואַסערפאַלן פון איגוואַזו — ביים פּאַראַנאַ.

פון די זשערבע־וועלדער, אויסגעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט פון מיסיאָנעס, טראָגט זיך אַ ריח אין דער פּראָווינץ פון „אייביקן פרילינג", ווי עס זאָגט די לעגענדע. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז קלימאַטיש איז מיסיאָנעס איינגעטיילט אין דריי צייטן: פרילינג, זומער און הערבסט. דער ווינטער האָט דאָרט נישט קיין צוטריט.

****

אויפן ברעג פונעם אויבערשטן פּאַראַנאַ, אין דעם ווינקל, קעגנאיבער ענקאַרנאַסיאָן, דאָרט וואו עס זענען געווען די „פּאַראַגווייער טראַנשייען" מיט אַ הונדערט יאָר צוריק: טראַנשייען נישט אין דער ערד, נאָר אויף איר אין באַשטאַנד פון אַ מין „כינעזישער וואַנט" אין דער פאָרם פון אַ האַלבקרייז מיט די ווערטיקאַלע ברעגן אין טייך אַריין, געפינט זיך דער פּאָרט פון פּאָסאַדאַס אין דער הויך אַ פערציק־פופציק מעטער איבערן טייך־שפּיגל, וואו לאָפּעז דער דיקטאַטאָר פון פּאַראַגוויי איז געשטאַנען ביז 1846

מיט אַן אַרמיי פון צען טויזנט סאָלדאַטן און דערקלערט מילחמה דעם אַר־גענטינער דיקטאַטאָר ראָסאַס.

***

עס איז געווען אין אַ זוניקן טאָג, דער הימל — אַ בלויער אויסגוס אָן אַ ווייסן פלעק אפילו, ווען צוואַנציק טויזנט מענטשן, שוין מיט מיר, האָבן געאָטעמט מיט דעם אומזיכטיקן אייזנשטויב, וואָס הייבט זיך אָן אויפהער פון דער רויטער ערד און האָבן אפשר אויך אַזוי ווי איך געפילט דעם ריח, ווי פון איבערגעבאַקן ברויט, וואָס נאָרוואָס פון אויוון אַרויס, פילט זיך שטענדיק אין פּאַסאַדאַס.

אינמיטן שטאָט איז די פּלאַסע, נישט די איינציקע, אָבער די ערשטע און די צענטראַלע, מיט איר נאָמען דערמאָנט זי די היסטאָרישע פּראָקלאַמ־לונג פון 9טן יולי אין 6טן יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע; די פּראָקלאַמלונג פון פאָלקס־פאָרטרעטער אין טוקומאַן, וואָס האָט פייערלעך אָנגענומען, גע־שוואוירן און פּראָקלאַמירט די אַרגענטינער פרייהייטלעכע זעלבסטשטענדי־קייט. אינדערמיט, אויף אַ הויכן פּעדעסטאַל, שטייט די סטאַטוע פון דער פרייהייט און פון דער רעפּובליק און עס דאַכט זיך, אַז זי לעבט און שוועבט און שפּרייט אויס איר גייסט אויף אַלץ און אויף אַלעמען. אַרום דער פּלאַסע 9 דע כוליאָ איז דאָס ראָזעווע רעגירונגס־הויז פון מיסיאָנעס מיט אַ נישט געוויילטן גובערנאַטאָר און עס שטייט אַ קירכע צום פאַריכטן מיט אַלט־געוואָרענע רישטאָוואַניעס אויף איר; און עס שטייט אַ סאָלידע געביידע פון דער נאַציאָנאַלער באַנק, וואָס איז דער פינאַנציעלער יאַריד און דער נערוו פון עקאָנאָמישן לעבן; און עס שטייען דאָ אַרום דער פּלאַסע די גרויסע און מאָדערנע קאַפעען, וואָס לויט זייערע נעמען און באַלעבאַטים זענען זיי שפּאַ־נישע, בראַזיליאַנישע, יאַפּאַנישע, נאָר אין דער ווירקלעכקייט זענען זיי פרייע אָפענע קלובן פאַר אַלעמען אָן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט אָדער ראַסע; יונג אָדער אַלט; פרוי אָדער מאַן און מען טרעפט זיך דאָ מיט איינ־וואוינער פון פּאָסאַדאַס און פון עלדאָראַדאָ; פון אָבעראַ און פון בעמבערג; פון ריאָ דע זשאַנעירא און פון בוענאָס איירעס; פון מאַדריד און פון פּאַריז; פון לאָנדאָן און פון וואַרשע, און עס גייען דאָ פאַרביי פון אַלע פיר זייטן שיינע, מאָדערניזירטע, קאָמערציעלע, פאַמיליאַרע און באַבלומטע גאַסן, וואָס פירן צו די קאַזאַרמעס אין אַ פּאַרק הינטער דער שטאָט און פירן פאַרביי די טורמע, וואָס זעט אויס ווי זי וואָלט געבליבן פון די יעזואיטישע צייטן און איז נישט ליידיק; און פירן צום בית־עולם, וואו עס איז פאַראַן אַן אָפּ־טייל פאַר קינדער און אַ דעמאָקראַטישער אָפּטייל מיט גלייכהייט פאַר אַלעמען און וואו עס איז אויך פאַראַן אַן אַריסטאָקראַטישער אָפּטייל, וואו עס ווערט באַגראָבן נאָך דער יחוס; די גאַסן, וואָס גייען פאַרביי די פּלאַסע

מיט דער סטאַטוע פון דער פרייהייט, פירן אויך אין די הינטערגאַסן, אין וועלכע עס לעבט און עס פּרוכפּערט זיך די אָרעמקייט אין ראַנטשאָס, צווישן ווערעמדיקע געוויקסן און מיט אויסלעבן זיך אין די שענקלעך מיט די ביליקע געטראַנקען, וואָס קאָסטן טייער; די באַפעלקערונג אין די הינטערגאַסן איז אַ גוואַראַנישע, זי באַפעלקערט אויך די פּאָרט־זאָנע, וואָס איז אָנגעשטעלט מיט אַלט־געוואָרענע הילצערנע הייזער איינס נעבן אַנדערן און איינס אויפן אַנדערן מיט אַ סך טרעפּ, אָפענע טירלעך און פענצטער, דורך וועלכע עס קוקן אַרוים די שטוביקע בעבעכעס, ניי־מאַשינעס און אויגן פון די פרויען ביי די מאַשינען; די גאַסן פירן צו דעם געגנטלעכן מוזיי פון מיסיאָנעסער חיות און פלאַנצן, נישט קיין זאָאָלאָגישער און נישט קיין באָטאַנישער גאָרטן, נאָר אַ מוזיי פון מתים, טויטע טיגערס, שלענג, פיש, פייגל און פליגן און געקוילעטע ביימער פון הונדערטער מינים, קאָלירן און אייגנשאַפטן, וואָס האָבן געלעבט אויף דער רויטער ערד; אויך מינעראַלן זענען אויסגעשטעלט אין דעם נאַטור־וויסנשאַפטלעכן הויז, וואָס האָט בעת מיין וויזיט אויסגעזען ווי אַ מאַוזאָלעאום אין אַ גאָרטן פון לעבעדיקע האַלבטראָפּיקאַלישע בלומען אין אַ ווינקל פון דעם פּאַרק, אין וועלכן עס געפינט זיך אויך דער יאַפּאַנישער פּאַרק פון פּאָסאַדאַס, ער האָט פון יאַפּאַנישן נאָר דעם נאָמען אין שפּאַניש און שפּילט אַ ראָלע אין לעבן פון פּאָסאַדאַס.

עס איז אַ פּאַרק אויפן סאַמע ברעג פונעם פּאַראַנאַ מיט טישלעך און בענקלעך, מיט אַ בופעט פון קאַלטע געטראַנקען און מיט די „באַרימטע" טיפּישע און דזשאַז־אָרקעסטערס מיט הייסער עראָטישער מוזיק, וואוהין דער עולם פון שטאָט, יונג און אַלט, ביידע געשלעכטער און פון אַלע סאָציאַלע קלאַסן קומט אין די שבת־זונטיקדיקע און יום־טובדיקע נעכט טאַנצן און טרינקען און זיצן אויף דער פרייער לופט אונטער די שטראַלן פון די עלעקטרישע לאָמפּן, איבער וועלכע עס פינקלען די שטערן פון הימל און עס שיינט די לבנה, וואָס גייט אַרום אין אים. די איינוואוינער פון דער קופּע הילצערנע שטיבלעך אין דער פּאָרט־זאָנע, ווי די איינוואוינער פון די ראַנטשאָס אויף דעם ראַנדן־קראַנץ פון שטאָט און באַזונדערס די דינסט־מיידלעך און די קעלנער־ייִנגלעך פון די האָטעלן און די קאַמער־מיידלעך און ווייבלעך און מענער, וואָס זענען צום גרעסטן טייל גוואַראַניער פון פּאַראַגוויי, חלומען אַלע נעכט פון דער וואָך מיטן „פּאַרקע כאַפּאָנעס" און עס איז נישטאָ קיין קראַפט וואָס זאָל זיי קאָנען אָפּהאַלטן אין שבת־זונטיקדיקע און יום־טובדיקע נעכט פון לויפן אין יאַפּאַנישן פּאַרק, צוליב וואָס זיי הענגען אויף זיך אָן זייער גאַנץ פאַרמעגן: קליידער פון דער לעצטער מאָדע; צירונג — אַ גאַנצער באַזאַר פון מעשוואַרג, בלעכוואַרג און גלאָזוואַרג, פאַרב — וואָס מער אויף די ליפּן און אויף די נעגל פון די הענט

און פון די פיס. די יחוסדיקע פאמיליעס, די איינוואוינער פון שטאט־צענטער, די ווייבער און די טעכטער פון באאמטנטום, די באלעבאטים פון די האטעלן, די באלעבאסטעס און די ניניאס — באזונדערס די פערציק־פופציק יעריקע פרייליגס — פון די דינסט־מיידלעך, פון די קעלנער און פון די דינער, ווי אויך די זייערע גנעדיקע פרויען, וואס קומען מיט זייערע חשובע מענער אויף אייגענע אויטאס פון מענדאסא, פון לא פלאטא צי פון סאנטא פע אויף שפאציר צו די וואסערפאלן פון איגואזו — שטייט נישט אן צו טאנצן אויף דעם זעלביקן ארט, וואו עס טאנצט דער „עלעמענט" און עס קרענקט זיי. האט מען צוליב מילדערן זייער צארן אויסגעברייטערט דעם פארק מיט א פלאך נידעריקער, אבער אזוי ווי דער „עלעמענט" איז א סך, און עס איז אים שווער געווען צו טאנצן אויף דער באשרענקטער אויבערשטער פלאך פון יאפאנישן פארק, האט זיך זיין איבערפלוס אראפגעלאזט טאנצן אויך אויפן אונטערשטן. האט מען, דאס דערזעענדיק, נאך מער אויסגעברייטערט דעם יאפאנישן פארק און געמאכט אונטער דעם אונטערשטן פלאך נאך איינעם, אזוי אז ווען מען האט אויף דעם יאפאנישן פארק געקוקט פון א דיסטאנץ, האט ער אויסגעזען ווי א טאנצנדיקע פיראמידע, און אז דעם „עלעמענט" איז ענג געווארן אויףביידע פלאכן, האט זיך זיין איבערפלוס אראפגעלאזט טאנצן אויך אויפן דריטן, האלט עס ביי דער באדערפעניש צו מאכן א פערטן, וואס דאס קאן זיין נאר אויפן וואסער, איז דער שטאט־יחוס און די שטאט־באלעבאטישקייט אומצופרידן, דאס האלט זיי אבער נישט אפ פון קומען אין יאפאנישן פארק, מען מוז דאך ארויספירן דעם איי־גענעם אויטא און ווייזן, אז ער איז אזוי שיין ווי דאמינגאס אדער באס, אויב נישט נאך שענער... און מען דארף זיך אליין אויך א ווייז טון און זען און טרעפן זיך מיט מענטשן.

און א דריטער ווינקל אינעם פארק פון פאסאדאס איז דער ראמאנ־טישער, ער ווייזט זיך אין זיין פראכט נאר אין אוונט און ביינאכט, ווען איבער זיינע געקרייזלטע און טונקעלע אלייען, וואס קרייזלען זיך צווישן די שטענדיק גרינע ביימער און פארביקע בלומען, קינסטלעכע טרעפ און סקאלעס אראפ צום טייך און פארק־ארויף הענגען ווי גיגאנטישע פערל די מאטע לאמפן — דא שוועבן ארום די ראמאנטישע נשמות און מענטשן, וואס זענען ראמאנטיש, אדער ווען זיי זענען דאס. דער דאזיקער ווינקל פונעם פארק ווערט אויך שטארק באזוכט, כאטש יעדער מיינט, אז ער איז אליין אין דער שטילער, ליבער טונקלקייט; אליין מיט דער געליבטער פאר־אייניקט, ווייל מען זעט נאר זיך און זיך אליין זעט מען כמעט אויך נישט און די ראמאנטיקער אין דעם ווינקל פון פארק זענען פארשידן. עס זענען די, וואס האבן נעבן זיך זייערע געליבטע און קאנען זיי ארומנעמען מיט די

הענט און עס זענען אויך ראָמאַנטיקער יענע, וואָס האָבן זייער געליבטע אין דער פאַנטאַזיע, אין געדאַנק, אין האַרץ און נעמען זיי אַרום מיט די געפילן און מיט די אויגן צי זיי זענען יאָ פאַראַן אין פּאַרק, אָדער נישט.

מיטן פּנים צום פּאַראַנאַ געפינט זיך דער פּאַרק אויף דער לינקער זייט פונעם פּאָרט, פון וואַנען עס הייבן זיך און עס דרייען זיך אַרויף די גאַסן אין שטאָט אַריין און ווען די הענער הייבן אָן צו קרייען, הערט אויף דאָס לעבן אין גרינעם פּאַרק און עס הייבט זיך אָן אויפן גרינעם מאַרק, וואָס געפינט זיך דאָ נעבן דעם פּאַרק און דעם פּאָרט.

עס איז דער מאַרק פון פּאָסאַדאַס פאַר די גרינס־הענדלערנס פונעם קעגנאיבערדיקן פּאַראַגווײַ.

גלייך מיטן טאָג קרייצן דעם טייך די גוואַראַניערנס פון ענקאַרנאַסיאָן מיט זייערע קוישן מאַנדיאָקאַ און מייערן; סאַלאַט און באַנאַנעס; אייער און אַנאַנאַס; ציטרוס־פּרוכטן און בלומען; פּריצייטיקע וויינטרויבן און זיסע קוקורוזע־טשאָקלאָס; מעדיצינישע גראָזן און עופות און זיי פילן אויס דעם מאַרק מיט זייערע פרישע פּראָדוקטן, וואָס שמעקן מיט אַלע ריחות, אויסגע־מישט מיט דעם ריח פון ציגאַרן צווישן די ליפּן פון די הענדלערנס, וואָס רויכערן לייידנשאַפטלעך די ברוינע, געוויקלטע, דיקע און לאַנגע ציגאַרן, וואָס זיי וויקלען אַליין און וואָס זעט נאָר אויס קוריעז אין די אויגן פון געסט אָדער טוריסטן, אַזוי זעט אויך אויס דאָס, וואָס דער קאָנדוקטאָר פון דער „באַניאַדערא״ אָדער אָמניבוס אויף וועלכן איר פאָרט אָן אַ בילעט, אָבער נישט אָן געלט, לאָזט אייך נישט אַרויף אָדער בעט איבער אייער כבוד און טרייבט אייך אַראָפּ, אויב איר גייט נישט אָנגעטון אין אָן אויבער־רעקל. עס מעג זיין צעריסן, איינגעריסט, פאַרשמירט און נאָס פון שוויים פון דער היץ, וואָס לייזט אינגאַנצן נישט קיין קליידער אויפן לייב, אָבער „ען מאַנגאַ דע קאַמיסאַ״ קאָן מען נישט פאָרן אין פּאָסאַדאַס, מעג דאָס העמד, וואָס איר טראָגט זיין פון דער לעצטער מאָדע ספּאָרט־העמד, דער קאָנדוקטאָר אַליין וואָלט געוון אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס רעקל און ווען מען זאָל פרעגן אַלע פּאַסאַזשירן, וואָלט זיכער קיינער נישט אויפגעהויבן די האַנט פאַר אַ רעקל, אָבער מען פרעגט נישט.

די גאַסן אַרום דער פּלאַסע מיט דער סטאַטוע פון דער רעפּובליק און די פרייהייט פאַראייניקט, פאַראייניקן זיך דירעקט, אָדער דורך אַנדערע מיט די שאָסייען, שליאַכן און וועגן, וואָס פירן קיין אָבעראַ, אַ שטאָט און אַ קאָלאָניע פון פּאָלאַקן אין מיסיאָנעס, וואָס לויט זייערע אייפערזיכטיקע אַרגענטינישע נאַציאָנאַליסטן האָט מען אין אַ יום־טוב אַרויפגעצויגן די פּוי־לישע פאָן אויף דעם שטאָטישן מאַסט פון דער פּלאַסע און די דעבאַטן אינעם מוניציפּאַל־ראַט זענען געפירט געוואָרן אין פּויליש, מחמת אַלע דער־

זווײַלטע ראַטמענער זענען געווען פּאָלאַקן, וואָס האָבן נאָך געקענט און וואָס האָבן נאָר געוואָלט פּויליש. מעג מען נישט גלויבן אין דער פּינקטלעכקייט פון דער ווערסיע, אָבער דאָס פּוילישע פון אָבעראַ: די באַפעלקערונג, איר אַרבעט, איר וואוינונג, איר פירונג, איר קולטור און איר גאַנץ אייגנאַרטיק לעבן איז אַזאַ פאַקט וואָס האָט דערלויבט די אייפערזיכטיקע אַרגענטינישע נאַציאָנאַליסטן, אָדער דורכגעפאַלענע ביי וואַלן אַרויסצולאָזן אַזוינע ווערסיעס.

נישט ווייט פון אָבעראַ איז אַפּאָסטאָלעס, נישט דאָס פון די יעזואיטן, נאָר דאָס פון די דייטשן, מחמת די באַפעלקערונג איז פון דייטשן און מחמת דער דייטשער אַרבעט, ווירטשאַפט, פירונג, שפּראַך און — לעבן וואָס איז דייטש דורך דער באַפעלקערונג. עס האָט אויך אַ צייט געקלונגען מיט דעם דייטשן אַפּאָסטאָלעס, ווי מיט אַנדערע דייטשע קאָלאָניעס און שטעטלעך פון מיסיאָנעס, אָבער עס האָט זיך נישט געהאַנדלט וועגן דעם דייטשישן, נאָר וועגן דעם נאַציישן, וואָס איז אַרויס פון דער מינכענער בירשענק. עס האָט זיך געערדט פון נאַציפיצירן מיסיאָנעס און צוזאַמען מיט דעם האָט זיך געערדט פון אַ סימפּאַטאַמאַטישער וואָפן־קאָנטראַבאַנדע.

עס פירן אויך די וועגן צו די ענגלישע קאָלאָניסטן אין דער נאָענט פון דער דייטשער קאָלאָניע עלדאָראַדאָ: יחידישע קאָלאָניסטישע פאַמיליעס, וואָס זענען פון ענגלאַנד ווי פאַרוואָרפן און צעוואָרפן געוואָרן אין די ציט־רוס־וועלדער פון מיסיאָנעס. אַ טיר קעגן אַ טיר פון מיר אין האָטעל „שפּאַניע” איז געשטאַנען אַזאַ ענגלישע קאָלאָניסטישע פאַמיליע: אַ שלאַנקע בלאָנדינערן, אַ שלאַנקער בלאָנדין, זייערע צוויי שולקינדער און די קינדערס אַ באַבע. די פאַמיליע פאַרברענגט דאָ אין פּאָסאַדאָס אירע וואַקאַציעס אַזוי שטיל, אַזוי צוריקגעהאַלטן, אַזוי אינדיווידועל און אַזוי ענגליש, ווי זי לעבט אויף איר פּלאַנטאַציע. פון דער גאַנצער פאַמיליע האָט נאָר די פרוי באַוויזן צו ריידן שפּאַניש מיט די ווערטער, ווי אויף דער שפּיץ צונג און מיט אַ קלאַנג ווי פון ענגליש. עס פירן נאָר נישט די וועגן צו קיין יידישער קאָ־לאָניע, זי געפינט זיך אין צענטער פון פּאָסאַדאָס.

***

אין אַלע האָטעלן פון פּאָסאַדאָס איז שטענדיק ווי אַ צוזאַמענפאָר פון מענטשן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, וואָס לעבן זייער לעבן ביי דער פּראָדוקציע פון זשערבע־מאַטע און פון ציטרוסן; פון טאַבאַק און פון אַנאַנאַס און פון אָליי, וואָס די פרוכטבאַרע רויטע ערד גיט אַרויס; זיי קומען פון די קאָלאָניעס און פון זייערע שטעטלעך אין מיסיאָנעס, אין וועלכע עס לעבט שוין אַ באַפעלקערונג פון הונדערט נײַנציק טויזנט איינוואוינער, העכער

זעקס איינוואוינער אויף א קילאמעטער, וואס אין ארגענטינע איז דאס א רעקארד פון באפעלקערן און וואו עס איז דאך אוודאי פאראן פלאץ פאר נאך א מיליאן איינוואוינער און צווישן זיי לעבן די גווארעניער. אויסער דער געמיינזאמער לאנד־שפראך, וואס קלינגט פארשידן דורך די פארשי־דענע אויסשפראכן, רעדט מען געוויינלעך אויף פארשידענע שפראכן און מען האט און מען היט אפ אייגענע קולטורן, געוואוינהייטן, לעבנס־שטייגער אן שנאה פון איינעם צום אנדערן, אן פרעטענזיעס איינצושליגגען איינער דעם אנדערן און אנשטאט דעם אנערקענט מען זיך קעגנזייטיק און מען רעספעקטירט זיך, כאטש עס ווערן נישט געשריבן קיין פאקטן.

עס האט אויך נישט געפעלט דער ייד אין דעם קליינעם אינטערנא־ציאנאל פון מיין האטעל, אבער ער איז נישט פון קיין יידישער אגרא־קאלאניע אין מיסיאנעס; עס איז אים אויך שווער צו געפינען צווישן דעם נאציאנאלן קאלאריט פון טוריסטן, וועלכע שטעלן זיך אפ אין פאסאדאס, פארנדיק צו אדער פון די וואסערפאלן פון איגואזו. (יידן פארן קיין מאר דעל פלאטא, קארוע, פיריאפאלים, קארדאבע, ריא האנדא און ביכלל אויף קור און וויניקער אויף טור). עס איז אים נישט שווער צו געפינען צווישן די האנדלס־רייזנדע, וואס רייבן זיך איין מיט לימענע און שמירן זיך מיט א שמירעכץ פארן ארויספארן אין די שטעטלעך און זענען אויסן מיט דעם צו באשיצן זיך פון די פליגן, אבער נישט אים מיינט מען. ער איז דא א גאסט, טאקע אן אפטער גאסט, אבער דאך א גאסט, א דרויסנדיקער. מיינען מיינט מען דעם ארטיקן ייד, דעם דאיקן, דעם פאסאדעסער ייד.

קעגנאיבער דעם האטעל „שפאניע״ איז געשטאנען א געשעפט פון שפייז און אנדערע ארטיקלען, איז איבער דער טיר געווען אויפגעשריבן: „על אינגלעס״ (דער ענגלענדער). דער אויפשריפט איז מיר פון ערשטן מא־מענט אן געווען פארדעכטיקט.

— איר קענט די ענגלענדער פון דעם געשעפט קעגנאיבער?

— איך קען זיי — שמייכלט דער פאראגווייער גווארעני, וועלכער איז נאכט־וועכטער פון מיין האטעל — קיין ענגלענדער זענען זיי זיכער נישט, אבער וואויל־הארציקע מענטשן; מיר דוכט, אז זיי זענען רוסן.

— רוסן אדער יידן?

— אפשר יידן, איך וויים נישט דעם אונטערשיד.

אויף דער שיף — האב איך זיך דערמאנט — האט מיינער א טיש־קאלעגע, א מעדיציניש געלערנטער, א פונקציאנאר פון דער נאציאנאלער רעגירונגס־קאמיסיע פאר זשערבע־מאטע און אן אייגנטימער פון א זשערבאל, מיר געזאגט, אז ער קאן זיך מיט א סך יידן אין פאסאדאס און אז איינער פון זיי שטייט מיט אזא און אזא געשעפט קעגנאיבער דער פלאסע. איך

בין פארבייגעגאנגען א פופצן מאל אין טאג פאר א פרעכטיקן גאלאנטעריע־געשעפט און געזען, אז דער באלעבאס איז אפשר א טערקישער ייד, פון מיינע יידן, איז ער ניט; ער איז ווי פון אן אנדערער ראסע, א טונקעלע, א שווארצלעכע, עס איז גאר שווער אונטערצושיידן צווישן אזא ייד און א נישט־יידישן טערק, אדער אראבער, אדער גריך, אדער אפילו שפאניער צי איטאליענער און עס קאן זיך אויסווייזן, אז די מערהייט פון דער אלגעמיי־נער באפעלקערונג באשטייט פון די דאזיקע יידן, וואס ריידן נישט קיין יידיש, ווייל די מערהייט פון דער אלגעמיינער באפעלקערונג איז פיזיאנא־מיש ענלעך צום „טערקישן" יידן.

צו די יידן, וואס ריידן נישט קיין יידיש און זענען קולטורעל, טראַ־דיציאנעל און געשיכטלעך אויך אנדערש פון די יידן, וואס ריידן יידיש, געהערן אויך די ספרדים, וואס מיינט די שפאנישע און די פארטוגעזישע יידן, אדער די אפשטאמער פון זיי און זיי זענען אוודאי מער פון די טער־קישע יידן; און עס געהערן צו זיי די אראבישע יידן, וואס זענען געקומען פון נאענטן אריענט און פון אפריקע און עס געהערן צו זיי איטאליענישע יידן און יוגאסלאווישע; פראנצויזישע און דייטשע, וואס צוזאמענגענומען איז דאך זייער צאל א חשובע און זיי פילן זיך דא פעסט און זיכער און פירן א געוויסע סאציאלע און רעליגיעזע טעטיקייט אין גייסט פון זייער יידישקייט. אבער מיטן „אינגלעס" אין געדאנק האב איך ווייטער געזוכט דעם אדרעס צו מיינע יידן, די וואס ריידן יידיש אדער שטאמען פון די יידישע יידן.

אין טעלעפאן־בוך, וואס דינט אפט ווי א וועגווייזער, האבן זיך גע־ווארפן אין די אויגן די דאווידס, די אבראהאמס, די מויסעס, די גאבריעלס, די ראפאעלס, די בענכאמינס און די כאקאבאס, ווי עס הייסן א סך נישט־יידישע שפאניש־אמעריקאנער, ווען אין דער זעלבער צייט הייסן דא א סך יידן אנטאניא, סאלוואדאר, סאנטיאגא, כעראנימא, פעדרא, כואן און... איך האב געבלעטערט דעם מיסיאנעסער טעלעפאן־בוך פון לינקס צו רעכטס און פון רעכטס צו לינקס און נישט געפונען קיין איין יאנקל, קיין איין לייבל, קיין איין בערל, קיין איין פייוול, קיין איין שלמה, שמחה, אדער שלום.

ביי די פאמיליען־נעמען ווייזט שוין אויס לייכטער צו דערגיין א טאלק; לייכטער אבער אויך נישט גאר זיכער. מען קאן גאנץ לייכט א טעות האבן און אריינפאלן צו א דייטש, צו א פאלאק, צו א רוס, צו א סערב און ווער ווייסט צו וועמען נאך, אז מען פארלאזט זיך אויף די פא־מיליען־נעמען, וואס ענדיקן זיך מיט מאן, אדער שטיין, אדער סקי, אדער איטש, בין איך קודם־כל אריבער צום „אינגלעס".

עס איז געווען פארנאכט, ווען די איינוואוינער זעצן זיך אויס פאר די

טירן אויפן טראָטואַר, וואו עס ווערן אויך אויפגענומען געסט. פאַר דער טיר פונעם „אינגלעס" זענען אַרויסגעקומען אַ פּאָר מענער, פרויען און דער־וואַקסענע קינדער. עס איז געווען דער אייגנטימער פונעם געשעפט און זיין פאַמיליע — יידן, אין דעם האָט נישט געקאָנט זיין קיין ספק. דער באַלע־באָס האָט געהייסן אַרויסטראָגן נאָך אַ בענקל און באַלד בין איך געזעסן אין אַ פאַמיליאַר־יידישן קרייז און געשמועסט אויף יידיש.

דער „אינגלעס" איז אַ ייד פון פּוילן, זיין פרוי — אויך, זיי זענען פון נאָך דער פריערדיקער מילחמה־איינוואַנדערונג, די קינדער וואַרשיינלעך שוין הי געבוירענע: קריאָזשעס. די אַנדערע פרוי, זיינע, אָדער זיין פרוים אַ שוועסטער און איר מאַן.

דער „אינגלעס" איז נישט געקומען פון פּוילן קיין מיסיאָנעס, נאָר קיין בוענאָס איירעס און פון בוענאָס איירעס איז ער שפּעטער געפאָרן אין לאַנד אַריין ביז ער האָט זיך אַלס אַ סוחר באַשלאָסן צו פאָרן קיין פּאָסאַדאַס, זייענדיק דער ערשטער אָדער איינער פון די ערשטע מיזרח־אייראָפּעאישע יידן, וואָס זענען געקומען קיין מיסיאָנעס דאָ זיך צו באַזעצן.

— וואָס האָט אייך געפירט אין דעם פרעמדן, „ווילדן", וויטן און הייסן מיסיאָנעס?

— דאָס פרעמדע, דאָס „ווילדע" און דאָס וויטע, ווייל דאָס האָט פאַרזיכערט, אַז קיין יידן זענען אין מיסיאָנעס נישטאָ...

— הייסט דאָס, אַז איר האָט געזען, עס זאָלן זיין יידן דאָרט, וואו זיי זענען נאָך נישט דאָ?...

— ניין, איך בין נישט געפאָרן ווי קיין מיסיאָנער, נאָר ווי אַ סוחר, דאָרט, וואו עס געפינען זיך יידן, איז די קאָנקורענץ גרויס.

— אָבער יידן ציט דאָך צו יידן.

— דאָס איז אמת, אָבער האַנדלסשאַפט איז נישט קיין ברידערשאַפט און פרנסה איז פאַר אַלעם.

דער „אינגלעס" קאָן אַלע יידישע יידן פון פּאָסאַדאַס, ווי זיך אַליין, זיי זענען נאָך קליין אין צאָל און ציילן זיך ערשט אין די צענדליקער פאַ־מיליעס, זיי לעבן גוט, כמעט פאַמיליאַר מיט דער אַלגעמיינער באַפעלקע־רונג און געניסן גלייך פון די פאַראַנענע רעכטן און פרייהייט און דאָס זעלבע אויך פאַרקערט: כמעט אַלע זענען קלענערע און גרעסערע סוחרים און זעלבסטשטענדיקע בעל־מלאכהס. מען קען אויפזוכן אייניקע האַנדלס־אַנגע־שטעלטע, אַן אַרבעטער, אַ גרעסערן אינדוסטריאַל און אפילו אַ זשערבאַל־אייגנטימער.

— און חוץ פרנסה?

— חוץ פרנסה, לעבט מען, ווי אַלע לעבן דאָ: פאַמיליאַר, אין שטוב;

אין דער פרייער צייט, נאָך דער אַרבעט, נאָכן געשעפט, קומען געסט, אָדער מען גייט צו גאַסט, און מען שפּילט אין קאָרטן, אין אַ לאָבאַ; אָדער מען גייט אין קאַפע, אָדער אין קינאָ צי אין פּאַרק אין די שבת־זונטיק נעכט.

— און געזעלשאַפטלעך־קולטורעל־יידיש פאַרמאָגט איר גאָרנישט?

— קיין סך פון דעם האָבן מיר נישט, נאָר מער ווי גאָרנישט איז שוין דאָ. נישטאָ קיין צייט זיך אָפּצוגעבן מיט קהלשע זאַכן, דאָס איז אַ געשעפט פאַר פרייליידיקע, אָבער איך צאָל אין דער שלום־עליכם ביבליאָטעקל. אַט איז איר גענעראַל־סעקרעטאַר — האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ יונגנמאַן, וועלכער איז צוגעקומען — און אָט גייט דער ייד וואָס דאַוונט — האָט ער אָנגעוויזן אויף אַן עלטערן יידן, וועלכער איז פאַרבייגעגאַנגען מיט אַ יידישן גוטנאַוונט, איילנדיק זיך אין לאָקאַל אַריין, וואו עס געפינט זיך דאָס שלום־עליכם ביבליאָטעקל און וואו עס שטייט אַן ארון מיט אַ ספר־תורה. עס איז דער איינציקער יידישער ייד אין פּאָסאַדאַס, וואָס דאַוונט און נישט נאָר איין מאָל אין די ימים־נוראים, נאָר אַלע טאָג און דריי מאָל אין טאָג.

— עס פרייט מיך צו הערן פון אייער יידישער ביבליאָטעק — זאָג איך, בעת דער „אינגלעס" שטעלט מיר פאָר דעם צוגעקומענעם יונגנמאַן, פאַר וועמען איך האָב אָפּגענומען מיין „בוינע", שטיי איך דאָך עפּעס פאַרן פאָרשטייער פון דער יידישער קולטור־אינסטיטוציע אין דער הויפּט־שטאָט פון מיסיאָנעס!

— טענגאָ על האָנאָר! — דריקט ער מיר די האַנט און זאָגט מיר אויף שפּאַניש, אַז גראָד היינט האָט די „קאָמיסיאָן דירעקטיוואַ דע לאַ ביבליאָטעקאַ שאָלעם אַלייכעם" אַ זיצונג און ער לאַדט מיך איין. איך דאַנק דעם גליקלעכן צופאַל. איך ווייס דאָך ווי זעלטן און שווער עס איז אַ זיצונג פון אַ יידישער אינסטיטוציע אַפילו אינעם יידישן בוענאָס איירעס און אַפילו אין אַ ווינטערנאַכט.

עס איז צוגעקומען נאָך אַ יידישער יונגערמאַן פון פּאָסאַדאַס און עס איז אויך צוגעקומען מיין ברונעטער האָטעל־ברודער, דער רייזנדער פון אַפּטייק־אַרטיקלען, אַ „קינסטלער"... אין לאָבאַ, גלייכט זיך צו טשווירטשילן מיט דעם, וואָס ער לאָזט נישט אַרויס דעם ציגאַר פון מויל, גיט זיך נישט צו דערקענען פאַר קיין ייד אין אַלגעמיינע קרייזן און ס'איז אים טאַקע שווער צו דערקענען.

אונדזער יידישער קרייז דאָ פאַר דער טיר פונעם „אינגלעס" אויפן טראָטואַר, אויף דער פרייער לופט, אונטער דעם פרייען הימל און אין דער טונקלקייט פון אַ זומער־נאַכט — האָט זיך פאַרגרעסערט. ער איז נישט איינ־טימער געוואָרן, ווייל ער איז דאָס באַלד געווען. עס איז דאָ פרעמד פרעמד־קייט, אויך איך, וואָס איך בין געקומען פון ווייט און וואָס האָב זיך מיט

די דאָזיקע מענטשן געטראָפֿן צום ערשטן מאָל פֿון זייער לעבן און פֿון מיינעם, האָב נישט געקאָנט שטערן די אינטימיטעט פֿון דעם ספּאָנטאַנישן צוזאַמענקום.

דער צוגעקומענער יונגערמאַן, דער פּאָסאַדעסער מיט ליידנשאַפֿטלעכע שטריכן אויפֿן פּנים האָט אין פֿאַרבינדונג מיטן לעצטן באָקס־מאַטש, וועלכער איז פֿאָרגעקומען אין שטאָט, אַרויסגערופֿן אַ וואָרעמען שמועס, פֿון וועלכן נאָר איך בין געווען בלויז צוהערער. עס האָט אויפֿגעלעבט אין דעם שמועס דער גאַנצער ענטוזיאַזם פֿון די באָקס־מאַטשן אין פּאָסאַדאַס, עס איז גענוי אינטערפּרעטירט און אָפּגעשאַצט געוואָרן יעדער גאַנג, יעדע באַוועגונג, יעדער קנייטש, יעדעס שפּיצל און יעדער זעץ פֿון די באָקסער, וואָס זענען דאָ אין דעם יידישן קרייז מיט גרויס געניטקייט, ווי דאָס האָט מיר אויסגעוויזן, איינגעטיילט געוואָרן אין קאַטעגאָריעס און די באָקסירער זענען דאָ אַרויסגעשטעלט געוואָרן פֿון איין קאַטעגאָריע און אַריינגעשטעלט געוואָרן אין אַן אַנדערער, ווער אין אַ העכערער און ווער אין אַ נידעריקערער. דער שמועס איז אַפֿילו געגאַנגען אָן אילוסטראַציעס, אָבער די פֿאָרגעקומענע באָקס־מאַטשן זענען אַזוי טריי איבערגעגעבן געוואָרן, אַז עס האָט זיך רעקאָנסטרואירט דאָ פֿאַר די אויגן די אַרענע מיט די נאַקעטע באָקסירער, רויטע פֿון היץ און פֿון קלעפּ און נאַסע פֿון שווייס און צעבלוטיקטע. מיט דעם פּייפֿל אין מויל פֿון באָקס־מייסטער, און מיט אַ געשפּאַנט און מיטגעריסן פּובליקום, וואָס שרייט אויף אַלע שפּראַכן צו דער אַרענע צו און וואָס אַפּלאָדירט הילכיק און וואָס פּייפֿט. און די יידן זענען אַזוי אַריינגעטאָן געווען אין דעם שמועס, אַז זיי האָבן נישט באַמערקט, ווי איך בין אַוועק און אויף מיין „גוטע נאַכט" האָט קיינער נישט געענטפֿערט.

צווישן די ווינטן פֿון די מעכטיקע ווענטילאַטאָרס אין עס־זאַל פֿון האָטעל „שפּאַניע" האָבן די געסט שוין פֿאַרענדיקט דאָס נאַכט־עסן און ביים זופּן דאָס טעפּעלע שוואַרצע קאַווע באַשטימט מען זיך וואו צו פֿאַרווײַלן די נאַכט: ווער עס גייט אין קינאָ און ווער אין פּאַרק; ווער עס גייט מאַכן אַ רונדרייזע (אַ „וואָלטאַ") אויפֿן אָפֿענעם קאָלעקטיוון אויטאָבוס („באַניאַדעראַ") און ווער עס גייט אין קאַפֿע שפּילן אין דאַמעס. איך האָב זיך געאיילט צו דער „שלום־עליכם" ביבליאָטעק.

אין קאָנטראַסט צו די רואינען פֿון די יעזואיטישע מיסיעס שטייט דאָ ווי אַ פֿעסטונג, גרויס און ברייט אַ קאַטוילישער קאָנווענט, מיט אַ קירכלעכן פֿראָנט און נעבן אים ווי צוגעשטעלט צו זיין וואַנט שטייט דאָס הויז פֿון די אַנדערע יידן און ביי דער אַריינגאַנג־טיר הענגט אַ טאָוול מיט אַ שפּאַנישן אויפֿשריפֿט: „סאָסיעדאַד איזראַעליטאַ בעניי סיאָן".

די „אַנדערע" יידן, וועמען אונדזערע רופֿן „טערקישע", כאָטש זיי זע־

נען מער פון פאַרשידענע אָריענטאַלישע לענדער און פון דרום־איראָפּעאישע אײדער פון טערקײ, האָבן געגעבן אַ פּלאַץ אין זײער געזעלשאַפטלעכן הויז פאַר אַ יידישער ביבליאָטעק, וואָס איז נישט נאָר ביבליאָטעק, נאָר אויך דער אײנציקער געזעלשאַפטלעכער פונקט פון די יידן אין פּאָסאַדאַס.

איך האָב נישט געוואוסט ווי אַזוי עס פירט זיך דאָ, בין איך געקומען צו דער מינוט פון דער אײנלאַדונג אויף דער זיצונג פון דער ביבליאָטעק־קאָמיסיע. די טיר איז געווען פאַרמאַכט, ווען איך בין געקומען און אין די פענצטער — פינצטער, בין איך געבליבן פאַר דער טיר וואַרטן און צייט געהאַט צו טראַכטן, אַז דאָ אין יידישן פּאָסאַדאַס פירט זיך אַוודאי אַזוי ווי אין יידישן בוענאָס איירעס: אַז מען רופט אויף 21 אַזייגער הייבט מען 22 אַזייגער ערשט אָן צוזאַמענצוקומען זיך. אָבער אַז די ווייזערס פונעם זייגער זענען שוין אַרויף אויף דער 23סטער שעה און אין די פענצטער פון די „בעניי סיאָן" איז נאָך אַלץ פינצטער, בין איך געגאַנגען אויף דער דערנעבנדיקער פּלאַסע, וואָס איז די צענטראַלע פּלאַסע 9 דע כוליאָ מיט דער סטאַטוע פון דער פרייער רעפּובליק אויף איר, וואו עס שפּרייטן זיך אויס די קאַפעען מיט זייערע טישלעך און וואו עס קומען די פּאָסאַדעסער און די געסט אין די וואַרעמע, בלויע נעכט צו אָטעמען פרייע לופט, זען זיך מיט מענטשן און אָפּרישן זיך מיט אײזקרעם אָדער קאַלטע געטראַנקען און איך האָב געטראָפן די זיצונג פון דער „שלום־עליכם" ביבליאָטעק אַרום אַ קאַפע־טישל אויף דער פּלאַסע.

דער גענעראַל־סעקרעטאַר, וועלכער האָט מיך אײנגעלאַדן צו דער זי־צונג, האָט אַוודאי פריער נישט געוואוסט וואו זי וועט זיין, אין דער „שלום־עליכם" ביבליאָטעק ביי די „בעניי סיאָן" אָדער אויף דער פּלאַסע 9 דע כוליאָ. אָדער אפשר האַלטן די יידישע קולטור־טוער פון פּאָסאַדאַס זייער געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע פאַר אַזוי אָרעם, אַז זיי שעמען זיך מיט איר צו באַווייזן און לאָזן זי בעסער אין דער פינצטער?

דער שלום־עליכמדיקער פאַל פון דער „שלום־עליכם" ביבליאָטעק, וואָס איז די אײנציקע יידישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אינסטיטוציע פון פּאָסאַדאַס און פון גאַנץ מיסיאָנעס, האָט דאָך נישט צוגענומען דעם פאַקט פון דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן קולטורעלן אינטערעס, וואָס פּראָגרעסיווע יידן נעמען מיט אויף זייערע וואַנדערונגען, פון וועלכע עס קומען אַרויס אַלץ נייע יידישע ישובים; אַן אינטערעס, וואָס באַווייזט דאָס זיין, די עקזיסטענץ און דעם אייגענעם געזעלשאַפטלעכן קולטורעלן פאַרמעגן. די געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אינסטיטוציע פון די יידן אין פּאָסאַדאַס האָב איך געזען אין דער פינצטער און עס בלייבט איר צו ווינטשן זי זאָל האָבן אַ סך מער ביכער, ווי זי האָט און אַ סך מער לייענער און שיינע אײנריכ־

טונגען אין אַן אייגענעם לאָקאַל מיט אַ סך מער יידישער געזעלשאַפטלעכער און קולטורעלער טעטיקייט. אָבער ווי אָרעם און קליין עס איז נאָך די פּאַ־סאַדאַסער יידישע אינסטיטוציע, איז זי דאָך אַ פאַקט פון דערמאָנטן אינ־טערעס און פון דער יידישער קאָלאָניע אין פּאַסאַדאַס, וואָס איז נאָך מינ־דעריעריק, נאָך קיין צוואַנציק יאָר נישט אַלט און וועמענס באַפעלקערונג עס ציילט זיך ערשט אין די צענדליקער.

עס לעבן אַזוי אין פּאַסאַדאַס מער אָדער ווייניקער הונדערט יידן צווישן צוואַנציק טויזנט נישט־יידן און זיי לעבן אין אַ פריינטלעכער סביבה; זי איז פריינטלעך אַדאַנק דער נאַציאָנאַלער פאַרשידנקייט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג; אַ דאַנק דעם, וואָס עס איז נישטאָ קיין נאַציאָנאַליזם, וואָס איז בטבע אַ טרעגער פון האַס און שנאה; זי איז פריינטלעך די סביבה אַ דאַנק דער קעגנזייטיקער אָנערקענונג, רעספּעקט; אַ דאַנק דעם געמיינזאַ־מען אינטערעס פאַר פרייהייט, פאַר גלייכהייט, פאַר גערעכטיקייט — וואָס שליסט נישט אויס אַן אייגן קולטורעלן נאַציאָנאַלן לעבן; און פון דער דאָ־זיקער פרייער, פרידלעכער און פריינטלעכער סביבה געקוקט, פאַרגרעסערט זיך און עס דערהויבט זיך דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אינטערעס אין באַ־שטאַנד פון די יידן אין פּאַסאַדאַס.

אין 1944 איז דאָס געווען.

# ביי די רואינען פון מיסיאָנעס

עס איז געווען אַ ריינער און נאָך נישט אָנגעגליטער פרימאָרגן, ווען דער מאָטאָריזירטער אָמניבוס — אַ רויטער, נישט פון פאַרב, נאָר פון דער ערד, וועמענס לייכטער שטויב ער האָט איבערן וועג גענומען אויף זיך און אין זיך — האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אין סאַן איגנאַסיאָ.

פון פּאָסאַדאַס ביז סאַן איגנאַסיאָ פאָרט מען אין אַ האַלב־קרייז פון אַ פופציק קילאָמעטער נאָענט פונעם פּאַראַנאַ און מען שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע אין דעם היסטאָרישן שטעטל קאַנדעלאַריאַ און אין דעם היסטאָרישן סאַנטאַ אַנאַ און מען זעט זיך אָן, פאַרביי פאָרנדיק, מיט די זשערבע־מאַטע וועלדער, פון וועלכע עס טראָגט זיך אָן אַראָמאַט און מען זעט די אומצייליקע בערגלעך, וואָס די מוראַשקעס האָבן אויפגעהויבן אויף די יונגפרוילעכע פעלדער.

קיינער טרייסלט נישט אַראָפּ פון זיך דעם שטויב פון דער רויטער ערד, וואָס פאַר אַ „גרינעם" זעט זי אויס, ווי ערד פון צעמאַלענע ציגל; מען טרייסלט נישט אַראָפּ דעם שטויב, ווײַל דאָס איז נישט מעגלעך, מחמת ער דרינגט אַריין און עסט זיך איין אין אַלע דינסטע פעלדעלעך, קנייטשלעך און אין די פאָרן פון די קליידער, פון דער וועש און פונעם לייב; ער איז נישט צום אָנטאָפּן און נישט צום זען דאָרט, וואו ער ווערט נישט אויפגעהויבן אין געדיכטע וואָלקנס, אָבער ער איז דאָ אין דער לופט: ער איז דאָ אויף אַלץ און אויף אַלעמען פון קאָנטאַקט מיט דער נאַטור, מיט מענטשן, מיט חיות און מיט זאַכן.

סאַן איגנאַסיאָ פון היינט איז אַ שטאָטישער צענטער פון דער זשערבע־מאַטע פּראָדוקציע, וואָס אויף דעם געביט האָט מיסיאָנעס דאָס וואָרט אין דער רעפּובליק אַזוי ווי טשאַקאָ האָט דאָס אויפן געביט פון וואַטע; טוקומאַן — פון צוקער און קוזשאָ — פון ווײַן. סאַן איגנאַסיאָ איז אויך מיט אירע פאַבריקן און מיט אירע טויזנטער אַרבעטער — גוואַראַניער אין דער אַרבעט־צייט, — דער אינדוסטריעלער צענטער פון דער מיסיאָנעסער פּראָדוקציע; אין סאַן איגנאַסיאָ האָב איך געטראָפן די נייע שאַלעען־אַרטיקע,

קאזאַרמעס פון דער נאַציאָנאַלער זשאַנדאַרמעריע. אין דעם גאַסט־הויז, וואו דער אָמניבוס האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט מען גערעדט דייטש, דאָס איז נישט קיין סימנים פון נאַציזם און עס קאָנען זיין עסטרייכער און אַנדערע געליטענע פון די נאַצים, וואָס ריידן דייטש און וואָס זענען נישט קיין נאַצים און וואָס זענען אַפילו אַנטינאַצים. אָבער דאָ, וואו מען איז נישט באַקאַנט מיט די מענטשן, וואָס ריידן דייטש, מיינט מען, אַז מען הערט נאַצים און דייטש האָבן דאָ גערעדט אַלע: די פרוי פונעם גאַסט־הויז און דער מאַן; דער קעלנער און די דינסט; דער שאָפער און די פּאַסאַזשירן; אַ פּאָר שכנים, וואָס זענען אַריינגעקומען מאַכן אַ כוסה און אַפילו צו דער קאַץ, וואָס האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט צווישן די טישלעך, האָט מען אויך גערעדט דייטש. און סאַן איגנאַסיאָ איז נישט דער צענטער פון די דייטשן אין מיסיאָנעס. מער דייטשער צענטער איז אָפּאָסטאָלעס, אויף דער אַנדע־רער זייט ביים טייך אורוגוויי, וואָס גרענעצט מיט בראַזיל און על־דאָראַדאָ, אין צפון אויפן ברעג פונעם פּאַראַנאַ. די שטאָט און די קאָלאָניע איז אינ־גאַנצן דייטש, אָבער איך שרייב נישט איצט פונעם דייטשן מיסיאָנעס, נאָר פון מיסיאָנערישן. עס לאָזט זיך נאָר נישט אויסמיידן דאָס דייטשע, אַז מען רירט זיך צו צו אַ ווינקל עס איז פונקט פון מיסיאָנעס דריי הונדערט פינף און דרייסיק יאָר נאָך איר באַשאַף.

איך וועל זיך נאָך אומקערן צום היינטיקן סאַן איגנאַסיאָ, וועמען עס איז געבליבן פון דעם אַמאָליקן היסטאָרישן די רואינען און דער נאָמען.

די נעמען פון די הייליקע מענער, פרויען און יונגפרויען און פון אַלע קאַטוילישע הייליקייטן, וואָס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין דער צייט פון דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, לעבן אין לאַנד אויף פּראָווינצן, אויף שטעט און שטעטלעך, אויך בוענאָס איירעס הייסט נאָך אַ הייליקער, אָבער מי־סיאָנעסער שטעט און שטעטלעך טראָגן נאָך היינט צום גרעסטן טייל די הייליקע נעמען און אַמאָל זענען זיי געווען די אויסשליסלעכע. אין דער גרינדונגס־צייט פון מיסיאָנעס האָט די פּראָווינץ געהאַט פופצן שטעטלעך, זענען געווען זייערע נעמען: קאָנסעפּציאָן, קאָרפּוס קריסטי, קאַנדעלאַריאַ, נועסטראַ סעניאָראַ דע רעזשעס, סאַן כאַוויער, סאַן קאַרלאָס, סאַן איגנאַסיאָ, נועסטראַ סעניאָראַ דע לאָרעטאָ, אַפּאָסטאָלעס, סאַן כאָסע, סאַנטאַ מאַריאַ, מאַרטירעס, סאַנטאַ אַנאַ, סאַנטאַ טאָמע, לאַ קרוז — אַלץ וואָס האָט גע־טראָגן אַ נאָמען, איז ער געווען פון אַ קריסטלעך־קאַטוילישע הייליקן, אָדער פון עפּעס אַ הייליקייט. דאָס שטאַמט פון דעם, וואָס די נעמען זענען דיק־טירט געוואָרן פון די גלחים און עס שטאַמט פון די צייטן, ווען זיי האָבן געהאַט די מאַכט צו דיקטירן.

גאַנץ מיסיאָנעס הייסט אויך נאָך דער מיסיע, וואָס די קרוין פון שפּאַ־

ניע האָט איבערגעגעבן די גלחים, זיי זאָלן קאַטויליזירן די אינדיאַנער פונעם שפּאַניש־קאָלאָניאַלן אַמעריקע, וואָס דאָס האָט געמיינט צו נייטראַליזירן זיי און אַזוי אַרום באַקעמפן זייער קאַמף קעגן דער שפּאַנישער הערשאַפט. די דאָזיקע מיסיעס האָבן זיך אויסגעשפּרייט פון מעקסיקע ביז אַרגענטינע. די טעריטאָריע, וואָס הייסט מיסיאָנעס איז געווען דער מיסיאָנערישער צענטער פון אַרגענטינע, סאַן איגנאַסיאָ איז געווען די מיסיאָנערישע הויפּטשטאָט פון מיסיאָנעס און די רואינען זענען דאָס, וואָס זענען געבליבן פון יענער הויפּטשטאָט.

רואינען פון די מיסיעס זענען געבליבן אין קאָנסעפּציאָן און אין סאַנטאַ מאַריאַ; אין אַפּאָסטאָלעס און אין קאַנדעלאַריאַ; אין סאַנטאַ אַנאַ און אין נאָך פּונקטן פון די מיסיעס, וואָס האָבן אויך געהייסן דאָקטרינעס און רע־דוקציעס. „דאָקטרינעס", מחמת צענטערן פון קאַטוילישער דערציאונג און „רעדוקציעס", צוליב מאַכן זיי פאַר אויס אינדיאַנער אין זין פון אָפּטעמפּן ביי זיי דעם קאַמף קעגן די שפּאַניער; זייער זעלבסטשטענדיקייט־געפיל און זייערע באַפרייאונגס־שטרעבונגען און זיי מאַכן געהאָרכזאַם צו דער קאָלאָ־ניאַלער מאַכט.

אין דער געשטאַלט פון אַ פּאַפּירענער אינסטיטוציע איז ערגעץ אויך איצט נאָך פאַראַן אַ „רעדוקסיאָן דע לאָס אינדיאָס", וואָס האָט אין דער באַפרייטער אַרגענטינע נישט געקאָנט האָבן די אויפגאַבע פון די שפּאַניש־קאָלאָניאַלע מיליטערישע „רעדוקציעס".

און אין סאַן איגנאַסיאָ איז דער צענטער פון די דאָזיקע רואינען, וואָס ווערן גערופן יעזואיטישע, מחמת די מיסיעס אין מיסיאָנעס זענען געפירט געווען פון יעזואיטן.

די דאָזיקע יעזואיטישע רואינען זענען ווי אַ צויבער פאַר טוריסטן און פאָרשער.

קיינער איז נישט געווען צווישן די רואינען, ווען איך האָב זיך אַרומ־געדרייט צווישן זיי, אַרומגענומען מיט מיסטישע שטימונגען און וויזיעס, די שטיקער ווענט מיט זייערע גרויע טיפע קנייטשן און שפּאַלטן, מיט זייערע אַלטערטימלעכע געוויקסן אויף זיך, מיט זייערע ביימער און ביימער, וואָס האָבן זיך מיט זייערע אַרויסגעוואַקסענע גיגאַנטישע וואָרצלען אַנגע־שפּאַרט און איינגעוואָקסן זיך אין זיי — האָבן זיך דאָ אין די שטימונגען און וויזיעס שווער און טרויעריק גענומען באַוועגן צו דערציילן, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אין משך פון אַזוי פיל דורות! און וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטון אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער! וויפל מענטשלעך בלוט און טרערן די ערד האָט דאָ איינגעזאַפּט! אונטער וואָס פאַראַ פייערן זענען געברענט געוואָרן לעבנס, אונטער וואָס פאַראַ קלעפּ זענען געפאַלן שטיי־

נערנע, געמויערטע און גייסטיקע פעסטונגען. און נישט נאָר די דיקע שטי־
קער אָפּגעבראָכענע ווענט, וואָס מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָבן זיי גוואַ־
ראַניער הענט געבויט מיט קובישע, ליימיקע, געלע און רויטלעכע שטיינער
אין שפּאַניש־קעניגלעכן און קירכלעכן סטיל, נאָר יעדער ברוכשטיק, יעדער
אויסגעקרומטער קאַרניז, יעדער צעשפּאָלטענער זייל און יענער באַזונדערער
פון די הויפּנס שטיינער, וואָס זענען געבליבן פון די מיסיאָנערישע פעס־
טונגען, האָט צו דערציילן אומענדלעכע לעגענדאַרישע געשיכטעס און גע־
שיכטלעכע ווירקלעכקייטן פון קריג און פרידן און פון לעבן און טויט.

אָט דאָ, וואו עס שפּרייט זיך אויס אַ פעלד מיט ווילדע געוויקסן מיט
הייל, וואָס עס האָבן זיך אויסגעהוילט אין דער ערד די מוראַזשקעס און
מיט מיליאָנען ווערעם, וואָס קריכן דאָ אַרום אויף דער ערד, זענען געשטאַנען
די הייזער־גרופּעס פון דער הייליקער שטאָט־קאַזאַרמע אַרטיק; יעדער
הויז — איין קוואַרטיר און יעדער גרופּע — אַ בלאָק פון קוואַרטירן מיט
גאַסן און געסלעך צווישן זיך, מיט קאָרידאָרן אין די בלאָקן און מיט גאַ־
לערייען פאַר די קוואַרטירן. אין זיי האָבן געוואוינט די איינוואוינער פון
די „רעדוקציעס" און אין די גאַלערייען האָבן די גוואַראַניערנס אויסגע־
שפּינט די וואַטע פאַנאַנדערצוטיילן דאָס וועכנטלעך צווישן דער גאַנצער
באַפעלקערונג, צווישן וועמען עס איז איינגעפירט געווען אַ מין קאָמוניזם.

פון די דאָזיקע הייזער, וועלכע זענען געווען פון שטיין זענען געבליבן
סימנים, שטיקלעך פאַרגרינטע ווענט, שפּיצן פון פונדאַמענטן; עס זענען
אָבער אויך געווען אָרעמערע הייזקעס, ראַנטשעס פון בלאָטע (אַדאָבע) און
פון זיי זענען געבליבן נאָר בערגלעך ערד, ווי די בערגלעך אויף קאָלעקטיווע
קברים. אין זיי האָבן געלעבט זעקס טויזנט מענטשן אין טויזנט זיבן הונ־
דערט דריי און דרייסיקסטן יאָר און מיט פיר און דרייסיק יאָר שפּעטער,
ווען די יעזואיטן זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן, האָבן געלעבט אין זיי צוויי
טויזנט זיבן הונדערט מענטשן ווייניקער. נעבן די הייזער איז געווען אַ
פרייער פּלאַץ — די פּלאַסע און אין פראַנט פון דער פּלאַסע — די קירכע
און איר שול אויף רעכטס און דאָס הייליקע פעלד, דער בית־עולם,
אויף לינקס.

די רואינען ווי מומיעס, אין וועלכע עס פלאַטערן נשמות, פירן אייך
און ווייזן אייך, אַז: דאָ איז געווען דער טויער און דער אַריינגאַנג אין
טעמפּל, דאָרט — דער גלאָקנטורעם; דאָ, דער אַלטאַר און דאָרט די סעק־
רעטאַריאַטן פון דער מיסיאָנערישער אינסטיטוציע; דאָ די אונטערערדישע
דורכגענג און דאָרט די וואַך; דאָ די תפיסה־קאַמערן און דאָרט די קלויס־
טערס; דאָ די בעדער און דאָרט די פערד־שטאַלן; דאָ די קאַזאַרמעס און דאָרט
די ווערקשטאַטן און אַזוי פירט אייך ווער דאָ אַרום און ווייזט אייך און לאָזט

אייך אָנרירן און אָנטאַפּן רואינען פון פופצן אָביעקטן, פון צוואַנציק, פון דרייסיק, פון זעכציק געוועזענע אָביעקטן, פעסטונגען פון רעליגיעזער מאַכט און הערשאַפט; מיסיעס פון דער שפּאַנישער קרוין אין פראָנט פון מיטל־אַלטערלעכן קאַטויליציזם, אויסגעפירט אין שפּאַניש־קאָלאָניאַלן אַמעריקע — דורך די גלחים, וועלכע די שפּאַנישע קאַטוילישע מאָנאַרכיע האָט ארויסגע־שיקט קיין אַמעריקע און פון די יעזואיטישע גלחים, וואָס האָבן אויסגע־שפּרייט זייער מיסיע אין לאַנד פון די גוואַראַניער — דאָס אַלץ געפינט זיך היינט אין די רואינען, אין וועמענס סביבה מען ווערט אַרומגענומען מיט מיסטישע שטימונגען און מען הערט, ווי עס בלעטערט זיך די געשיכטע.

# גוואַראַניער

אינעם הונדערט אכצנטן יאָר פון דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע און אין פיר און ניינציקסטן יאָר פון דער אַנטדעקונג פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ האָבן יעזואיטן געגרינדעט אין היינטיקן מיסיאָנעס די ערשטע מיסיעס, וואָס האָבן אויך געהייסן „דאָקטרינעס" און „רעדוקציעס".

עס האָבן דאָן געלעבט אין זייער לאַנד די גוואַראַניער, וואָס האָבן זיך געטיילט אין צוויי שבטים: איין שבט האָט געהייסן קאַינגוואַעס און דער צווייטער גוואַיאַקיעס, אָבער די קאַינגוואַעס האָבן אין אַלעם באַהערשט די גוואַיאַקיעס און זיי זענען אריין אין דער געשיכטע נישט אויפן נאָמען פון זייער שבט, נאָר אויפן נאָמען פון זייער ראַסע — די גוואַראַניעשע.

פאַר דעם מיטלאַלטערלעכן שפּאַניע איז די אינדיאַנישע ראַסע, אָן אונטערשיד פון שבט, געווען אַן אינפעריאָרע, אַ נידעריקע, וועמען מען האָט געמעגט פאַרשקלאַפן אָדער פאַרניכטן. די מיסיעס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אין אָנפאַנג זיבעצנטן יאָרהונדערט אין די פּראָווינצן פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ (ווי עס האָט געהייסן אַרגענטינע), צווישן די טייכן פּאַראַנאַ און אורוגוויי פון אויבן־אַראָפּ, זענען פּאָליטיש און עקאָנאָמיש געווען די פאַרשקלאַפער פון די גוואַראַניער, וואָס זענען געווען די טייל פון דער אינדיאַנישער ראַסע, וואָס האָט באַוואוינט די פּראָווינץ פון פּאַראַגוויי און פון ריאָ דע לאַ פּלאַטאַ, צווישן די טייכן פּאַראַנאַ און אורוגוויי, ביז ב. איירעס.

פאַראַן אַ געשיכטלעכע ווערסיע, וואָס שטעלט פאָר די גוואַראַניער ווי מענטשנפרעסער, עס איז אָבער געשיכטלעך נישט פעסטגעשטעלט און עס איז נישטאָ אין דער געשיכטע קיין איינשטימיקייט וועגן דעם. ווען אייניקע מיינען, אַז די גוואַראַניער זענען געווען מענטשנפרעסער, מיינען אַנדערע, אַז נישט. פיזיאָנאָמיש איז שווער צו זען מיט וואָס זיי אונטערשיידן זיך פון די אייראָפּעער, עס איז אויך שווער צו זען אַ גייסטיקן אונטערשיד.

אויפן שרייבטיש האָב איך פאָטאָגראַפיעס פון אויסגעטועטע גוואַראַניער, אָדער פון באַלד נישט אָנגעטועטע, וואָס טראָגן נאָר אַ לייוונט אַרום די לענדן, אוודאי מער צוליב מאָראַל, ווי צוליב שוץ. זיי טראָגן אַ פּיילנ־

בויגן אָנשטאָט אַן אַרבעטס־האַק, אָבער די נאַקעטע גוואַראַניער אין די מי־סיאָנעסער בערג און אין די וועלדער פון אַמאָל, האָבן פונקט די זעלבע פיזיאָנאָמיע פון די אָנגעטוענע, דער זעלביקער רואיקער אויסדרוק. עס איז אויך נישט צו מערקן קיין גייסטיקן אונטערשיד, כאָטש עס וואָלט געווען פאַרשטענדלעך אַזאַ אונטערשיד צוליב דער דיסטאַנץ פון יאָרהונדערטער. עס איז, דוכט מיר, נאָר אַ לעגענדע דער נאַקעטער, ווילדער, גוואַראַניער היינט אין מיסיאָנעס. אויב עס לעבן יאָ נאָך נאַקעטע גוואַראַניער אין פאַלדן פון וואַלדיקע בערג, וואו דער ציוויליזירטער מענטש איז נאָך נישט צוגע־קומען — וואָס דאָס איז נישט וואָרשיינלעך אין מיסיאָנעס, וואָס איז נישט אַזוי גרויס, אין פאַרגלייך צו אַנדערע טעריטאָריעס, און וואָס איז אָן אַ פאַרגלייך קולטיווירטער פון אַנדערע — איז זייער איצטיק לעבן געגליכן צו דעם אַמאָליקן פון די גוואַראַניער; לעבן זיי נאָך היינט אַזוי, ווי עס האָבן געלעבט זייערע אורזיידעס און ווייזן מיט זייער לייב און לעבן, ווי זייערע אורזיידעס זענען אויך שוין נישט ווילד געווען אין די צייטן פון פאַר די שפּאַניש־קעניגלעכע־קאַטוילישע מיסיעס דאָ אין קאָלאָניאַלן אַמעריקע.

די מיסיאָנערן פון יענער צייט און די שפּאַנישע גובערנאַטאָרן, וואָס זענען געווען איבער די מיסיעס, דערמאָנען נישט אין זייערע פאַראָרדענונ־גען און אין זייערע באַריכטן פאַרן קעניג קיין ווילדע און אויך נישט קיין מענטשנפרעסער, נאָר „אומגלויביקע", וואָס אַזוי האָבן זיי גערופן יעדן נישט קאַטאָליק; זיי דערמאָנען ווי זיי האָבן געטראָפן די גוואַראַניער לעבן צעוואָרפן אין קליינע גרופּעס געפירט פון קאַציקן, וואָס דאָס דערמאָנט אין אַ סיסטעם, און אין אָרגאַניזאַציע, און אַ אָרדענונג, און וואָס דאָס שטימט נישט מיט ווילדקייט. אויב גוואַראַניער זענען דאָך אַמאָל געווען מענטשנ־פרעסער אוים נויט, צוליב רעליגיע אָדער צוליב געַנוס, זענען זיי דאָס גע־ווען נישט מער און נישט ווינציקער פון אַנדערע מענטשן אויף דער גאַנצער וועלט אויף וויפל מענטשן זענען געווען, אָדער קאָנען זיין מענטשנפרעסער.

לויט עס איז פאַרשריבן פון זייערע געשיכטע־שרייבער, זיינען די גוואַ־ראַניער שוין פאַר דער שפּאַנישער קאָלאָניזאַציע — אַגריקולטורעל און אינ־דוסטריעל. זיי האָבן קולטיווירט קודם־כל דאָס, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט פאַר אייגענעם געברויך און זיי האָבן אויך פּראָדוצירט פאַר אַ פּראָדוקטן־טויש מיט אַנדערע. מאַנדיאָקאַ, וואָס איז אַ וואָרצל־פרוכט, זעט אוים ווי גרויסע ווייסע מייערן, אָדער פּאַסטערנאַק, און ווערט גענוצט צו מאַכן פאַר־שידענע מאכלים, איז היינט איינער פון די פּאָפּולערסטע ערד־פּראָדוקטן פאַרן היימישן געברויך פון מיסיאָנעס, פון קאָריענטעס און פון פּאַראַגוויי; זיי האָבן אויך קולטיווירט אַרבעס און דיניעס און די מאַטע, וואָס מיר טרינקען, שטאַמט פון זיי. די לייוונטן מיט וואָס זייערע מענער און זייערע

פרויען האָבן אַרומגעוויקלט זייערע לענדן, האָבן זיי אַליין אויסגעאַרבעט, געשפּינט די פעדים פון וואַטע און פון אַנדערע געוויקסן ווי פּינדאָ, טאַקואַ־רעמבאָ און גואַמבע. וואָס פאַר אונדז פאַרטעניער זענען זיי נישט מער, ווי אינדיאַנישע קלאַנגען, אָבער פאַר זיי איז עס געווען רוי־מאַטעריאַל צו וועבן זייערע שטאָפן און צו מאַכן זייערע זאַכן און מיט פאַרבן, וואָס זיי האָבן אויך אַליין אויסגעאַרבעט פון פלאַנצן. זיי האָבן אויך פאַבריצירט זייערע כלים פון ליים און פון האָלץ; זייער מעבל און זייער געשיר, זייערע בויגנס און זייערע פיילן און זייערע מוזיקאַלישע אינסטרומענטן. און דאָס איז אַ צייכן פון קולטור און פון פרידלעכער אַרבעט און דערצו ווערן זיי דערמאָנט פאַר ליבלעכע און פאַר גאַסטפריינטלעכע מענטשן.

פּרימיטיווע מענטשן זענען גלויביקע, וואָס אומפאַרשטענדלעכער זיי זענען, אַלץ גלויביקער זענען זיי. אין דעם גייסט שטימט נישט די באַצייכענונג פון די קאָנקוויסטאַדאָרן, וואָס האָבן באַצייכנט די פּרימיטיווע אינדיאַנער, צווישן זיי די גוואַראַניער, אַלס „אומגלויביקע”, וואָס דאָס קאָן הייסן פריידענקער און דאָס וואָלט געווען צו פאַרשריטלעך פאַר אַ גאַנץ פאָלק אין יענער צייט און נישט נאָר אויפן נייעם קאָנטינענט. דער געשיכטלעכער אמת איז, אַז די גוואַראַניער זענען יאָ געווען רעליגיעז־גלויבעריש און זייער גלויבן איז געווען ענלעך צום יידישן, מיט אַן איינאיינציקן גאָט, וואָס זיי האָבן גערופן טופּאַ און וואָס איז געווען דער באַשאַפער פון אַלץ און אַרום וועלכן זיי האָבן זיך געשאַפן זייערע פאַרשטעלונגען און לעגענדעס. זייער גאָט טופּאַ איז געווען גוט און האָט זיי געשיצט, ווען זיי זענען אויך געווען גוט, אָבער ער איז געוואָרן פאַרצאָרנט און האָט זיי געשטראָפט, ווען זיי האָבן געטון שלעכטס. זיי האָבן אויך געגלויבט אין אַ יענער־וועלט, אין דער אומשטערבלעכקייט פון דער נשמה, וואָס קומט דירעקט צו גאָט און ער זאָגט זיי עפּעס, מיט וואָס זיי קומען צו חלום די לעבעדיקע, בעת ביים לעבן טאָרן זיך נישט די גוואַראַניער אַליין ווענדן דירעקט צו גאָט, נאָר זיי דאַרפן דאָס מאַכן דורך דער פאַרמיטלונג פון זייער קאַציק.

זייער מלוכה־רעזשים, זייער רעגירונג איז געווען אַ קאַציקישע, זי האָט זיך גענומען פון אַ געוויסער דעמאָקראַטישער פּראָצעדור און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פערסאָנאַלן אַבסאָלוטיסטישן רעזשים. אַ צאָל פאַמיליעס, וואָס האָבן געוואוינט אין שכנות אין איין געגנט האָבן זיך פאַרזאַמלט אויסצואויילן דעם קלוגסטן, דעם פעאיקסטן, דעם דערפאַרנסטן און דעם געוואַגסטן. דער אויסגעוויילטער האָט געטראָגן דעם טיטל קאַציק און האָט רעגירט מיט די, וואָס האָבן אים געוויילט. ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער געמיינדע און זיין ווילן איז געווען דאָס העכסטע געזעץ און זיין הער־שאַפט איז איבערגעגאַנגען בירושה צו זיינע זין, וואָס דאָס שטימט נישט

מיט דער „ריינער דעמאָקראַטיע", ווי דער געשיכטע־שרייבער מאָיסעס בער־טאָני באַצייכנט די פּאָליטישע קאָנסטיטוציע פון די גוואַראַניער. עס איז אָבער אָננעמבאַר, אַז דער גוואַראַניער איז בטבע געווען אַ זעלבסטשטענדי־קער, וואָס האָט זיך קעגן זיין ווילן אונטער קיינעם נישט אונטערגעוואָרפן און האָט זיך געהאַלטן פאַר גלייך און דעריבער פאַר גלייכבארעכטיקט מיט יעדן פון זיין געמיינדע אָדער שבט.

געשטיצט אויף דער דאָזיקער אייגנשאַפט — ווערט דערציילט — האָט מען געזען עס זאָל הערשן מער פּרייוויליקייט, ווי צוואַנג; אַזוי איז אַפילו אין מאָמענטן פון באַוואָפנטן קאַמף, איז קיינער נישט געצוואונגען געווען צו נעמען וואָפן, אויב ער האָט דאָס נישט געוואָלט.

צווישן די געשיכטלעכע סתירות איז אויך פאַראַן די דאָזיקע, וואָס דערמאָנט אַ זקנים־ראַט, וואָס איז געווען די העכסטע באַשטימענדיקע מאַכט ביי די גוואַראַניער וועגן די גאָר וויכטיקע ענינים פונעם שבט און ער האָט אויך געקאָנט אַראָפּזעצן דעם קאַציק.

דער זקנים־ראַט איז געווען אַ פּערמאַנענטע אינסטיטוציע, וואָס האָט זיך גענומען פונעם רעספּעקט צו אַ זקן און ס'איז געווען צו זיין אַ זקן, בדי צו קאָנען זיין אַ גלייכבארעכטיקטער מיטגליד אין דעם ראַט.

דער פאַר מיסיאָנערישער מלוכה און רעגירונגס־רעזשים פון די גוואַ־ראַניער ווערט אַפילו באַצייכנט אַלס קאָמוניסטישער, מחמת אַ פירונג לויטן גלייכהייט־פּרינציפּ אויף אַ באַזע פון אינדיווידועלע רעכטן, אָדער רעכטן פונעם יחיד, נאָר באַגרענעצט מיט די רעכטן פונעם אַנדערן, אָדער פון דער געמיינזאַמקייט. דאָס העכסטע געבאָט איז געווען: „יעדער איינער לויט זיינע כוחות; יעדן איינעם לויט זיינע באַדערפענישן".

דער דאָזיקער גוואַראַניער קאָמוניזם, וואָס לויט הייַנטיקע באַגריפן וואָלט ער געקאָנט אָנגערופן ווערן אַנאַרכאָ־ליבעראַליסטיש - אויטאָריטעטי־שער, איז געווען געשטיצט — לויט דאַימונדאָ פערנאַנדעז ראַמאָס — אויף אַן אַלטרואיסטישן סענטימענט און אויף פּערזענלעכער ווירדיקייט.

דער גוואַראַני — ווערט דערמאָנט — האָט נישט אַרויסגענומען פונעם קאָמונאַלן שפּייכלער מער וויפל ער האָט באַדאַרפט פאַר באַלדיקן אייגענעם געברויך און עס איז נישט דערלאָזט געוואָרן קיין אָנקלאַגע, אַז איינער זאָל האָבן גענומען מער, וויפל ער האָט געהאַלטן פאַר נויטיק.

און צו די דאָזיקע מענטשן מיט אַזאַ דערהויבענער לעבנס־שטופע פאַר יענער צייט אין אַרגענטינע, זענען געקומען די יעזואיטן מיט דער שפּאַניש־קעניגלעך־קאַטוילישער מיסיע.

# די יעזואיטישע רעגירונג

ווי מיר האָבן געזען זענען די גווארא־ניער אין מיסיאָנעס ווייט נישט אַזוי ווילד געווען, ווי מען האָט זיך דאָס געקענט פאָרשטעלן און די יעזויטן, וואָס זענען געקומען מיט דער מיסיע צו קאַטאָליזירן און שפּאַניזירן זיי, האָבן געטראָפן געלאָסענע ארבעטזאַמע און פאָרשטענדלעכע מענטשן, וואָס האָבן זיך עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעך פאַרנומען מיט אַגריקולטור, מיט אינדוסטריע און מיט האַנדל און זיי האָבן געהאַט זייער געמיינדע אָדער מלוכה־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען אַ געמיש פון דעמאָקראַטיע, ליבע־ראַליזם, אַנאַרכיע און אויטאָריטעט מיט אַ געמיינשאַפטלעך לעבן, אָדער רעזשים, וואָס איז באַצייכנט געוואָרן פאַר אַ קאָמוניסטיש.

אָבער דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער מאַכט האָט נאָר אינטערעסירט איינס: פאַרוואַנדלען די גווארא־ניער אין אירע וואַסאַלן, אין אירע קנעכט. איז צוערשט האָט מען לויט אַן „ערשטן געזעץ" „צוטיילט די אינדיאַנער צווישן די שפּאַנישע באַפעלקערער, זיי זאָלן זיי באַשיצן, פאַרטיידיקן און זיי פאַרזאָרגן מיט דער קריסטלעכער דערציאונג": יעדן שפּאַניער האָט מען איבערגעגעבן צוליב דעם דערמאָנטן צוועק אַזאַ און אַזאַ צאָל אינדיער פון דעם און דעם קאַציק (פירער).

מיטן ווילן פון שפּאַנישן קעניג, איז דער שפּאַניער, וואָס איז געקומען אַהער מיט גילדערנע פאַנטאַזיעס, געוואָרן דער אַפּוטרופּות איבער דעם אינ־דיער. פאַר דער דאָזיקער „טובה" האָט דער אינדיער געמוזט צאָלן אַ שטייער דעם אַפּוטרופּות, אָבער אָנשטאָט זילבער אָדער אַנדערע זאַכן, האָט דער שפּאַניער בעסער געוואָלט זייער אַרבעט, און יעדער „באַשיצטער" האָט גע־מוזט אַרבעטן פאַר זיין „באַשיצער" צוויי חדשים אין יאָר אומבאַצאָלט, פאַרן שטייער. די דאָזיקע זענען געווען פון די „גליקלעכע". די אַנדערע זע־נען געווען אונטערדריקטע רעבעלן, אָדער, וואָס האָבן אַליין נישט אויסגע־פאָלגט די קאָלאָניאַלע געזעצן און די איינפירונגען פון די שפּאַניער, וואָס האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט די געזעצן. די דאָזיקע אַנדערע זענען פאַר־שקלאַפט געוואָרן און אומקאָנדיציאָנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אייגנטום

פון די שפאניער, וואס האבן זיי באקומען מיט זייער האב־און־גוטס, געמוזט ארבעטן פארן האר אן לוין. דעם האר האט געהערט דער שקלאף, זיין פרוי, זייערע קינדער און זייערע קינדס־קינדער.

אבער אין טויזנט זעקס הונדערט איינס האט דער קעניג פון שפאניע געחתמעט א דעקרעט, דורך וועלכן ער דערקלערט פאר די אינדיער „פול־שטענדיקע וואסאלע פרייהייט" און דערלויבט נישט קיין לייב־אייגנטום און קיין פערזענלעכע דינסט אויפן חשבון פון שטייער אין די גווארַאניאישע פראווינצן.

עס איז נישט געגאנגען אין דער עוולה וואס מען איז באגאנגען קעגן די אינדיער; ס'איז אויך נישט געגאנגען אין דעם וואס די שפאנישע אפוטרופסים האבן אזוי נאכאלנע אריבערגעטראטן אפילו דעם שפאנישן געזעץ: עס איז געגאנגען אין דעם שפאניש־קאלאניאלן אינטערעס עס זאלן בלייבן אינדיער און עס זאל זיין וועמען צו קאטוליזירן, צו שפאניזירן, צו עקספלואטירן און מיט וועמען צו דינען זיך אין מלחמה, מחמת אונטער דעם אפוטרופסישן רעזשים איז געגאנגען א סיסטעמאטישע אויסראטונג פון דער אינדיאנער באפעלקערונג, וואס דאס האט נישט געלוינט פאר דער מלוכה און פון וואס די מלוכה האט גאר נישט גענאסן.

און דעמאלט האבן די יעזואיטישע גלחים, וואס האבן זיך געפונען אין די פראווינצן פון פאראגוויי און פון ריא־דע־לא־פלאטא באקומען די מיסיע צו נעמען די גווארַאניער אונטער זייער רשות, אריבערציען זיי צום קאטוליציזם און מאכן זיי פאר „פרייע (טרייע) וואסאלן" פון דער שפאנישער מאכט.

און די יעזואיטן זענען צוגעגאנגען קלוג און מיט פארשטאנד צו זייער מיסיע: אין אנבליק פון דער פארשקלאפונג, באגלייט מיט פארפאלגונג און פארפייניקונג פון די „באשיצער", האט דער יעזואיטישער צוגאנג אויסגעזען אידעאליסטיש, באפרייעריש, ליבעראל, דעמאקראטיש און דערצו ווירקלעך קאנסטרוקטיוו. פון דער צווייטער זייט, האבן די יעזואיטן נישט געהאט די מי פון זוכן אדער עקספערימענטירן א רעזשים. זיי האבן געהאט א פארטיקן מוסטער פאר די „מיסיעס", „דאקטרינעס" אדער „רעדוקציעס", ווי מען האט גערופן די שטעטלעך וואס זיי האבן פארמירט מיט די גווארַאניער; דעם מוסטער האבן זיי גענומען ביי די גווארַאניער אליין. מען האט אנגערופן זייער איינגעפירטן רעזשים „קאמוניסטישער". מיר האבן שוין דערמאנט דעם דאזיקן קאמוניזם, וואס אויף וויפל ער איז דאס געווען, איז ער געווען דער גווארַאניאישער פון פאר דער שפאנישער קאלאניזאציע.

די מיסיאנערן האבן זיך פאר זייער צוועק געדינט מיטן גווארַאניער־טראדיציאנעלן רעזשים, מיט דער גווארַאניער שפראך און אנדערע קולטור־

פאַקטאָרן, ווי זייער געזאַנג, מוזיק (דאָס גיין צו און פון דער ארבעט האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין פייערלעכע פּראָצעסיעס, מיט געזאַנג און מוזיק. דאָס צוגרייטן די גוואַראַניער צו מלחמה האָבן די מיסיאָנערן דורכגעפירט מיט טענץ). און נאָך עפּעס האָבן די מיסיאָנערן געוואוסט צו באַנוצן פאַר זייער רעליגיעזן צוועק: דעם מאַטעריאַליזם אין דער געשטאַלט פון ארבעט, פון פּראָדוקציע, פון עקאָנאָמישן לעבן און פון דער גאַנצער ווירטשאַפט, וואָס זיי האָבן באַלד פון אָנפאַנג אָן אריינגענומען אין זייערע הענט און מיט דעם אָנגעפירט און דווקא אויף דער באַזע פון גוואַראַניאַישן קאָלעקטיוויזם.

אַלע מיטגלידער פון דער „דאָקטרינע", ד"ה אַלע אינדיער גוואַראַניעס, פרויען ווי מענער און פון יונג ביז אַלט, האָבן געאַרבעט סיסטעמאַטיש פאַרן קאָלעקטיוו און דער קאָלעקטיוו האָט זיי באַזאָרגט מיט דירה, מיט עסן, מיט קליידונג און מיט דעם גאַנצן מינימום לעבנסמיטלען, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט ווי אויך מיט דעם וואָס זיי האָבן נישט באַדאַרפט.

אונטער דער קאָלעקטיווער אַדמיניסטראַציע פון די יעזואיטן, האָבן די גוואַראַניער פון דער „דאָקטרינע" אָדער „רעדוקציע" געאַרבעט אין פעלד און אין גאָרטן, אין פאַרם און ביים האַקן שטיינער פאַר קאָנסטרוקציעס, אין וואַלד און ביי האָליץ־אַרטיקלען; געבויט הייזער פאַר וואוינונגען און קירכעס און קלויסטערס און שולן און שיפן; געפירט די גאַנצע זשערבאַ־מאַטע אינ־דוסטריע און האנדל, וואָס איז געווען מאָנאָפּאָליזירט אין די הענט פון די יעזואיטן; געפירט אַ מעטאַל־אינדוסטריע מיט גיסערייען, מיט קאָוואַל־ און שלאָסער־ארבעט, מיטפאַבריקאַציע פון וואָפן, מיט דער אויסאַרבעטונג פון כלים צום געברויך, געצייג און מוזיק־אינסטרומענטן פון קופער און פון מעש, פון אייזן און פון שטאָל; עס האָבן מיט פּעאיקייט געאַרבעט די גוואַראַניער ביי טעקסטיל און באַקלייד; ביי קונסט־ארבעט און ביי שאָסייען־בוי און אַלע ארבעטן זענען אָנגעפירט געוואָרן פון טעכניקער ספּעציאַליסטן, טאַקע יעזו־איטן, אָבער מייסטערס אין יעדן פאַך, ווען די יעזואיטן האָבן געהאַט אַ רעכט צו ברענגען פון אייראָפּע, אויב זיי האָבן דאָ געפעלט, און נישט נאָר פון שפּאַניע. ווען קיינער, אויסער נעגער־שקלאַפן, וואָס מען האָט געבראַכט ווי סחורה, און פריווילעגירטע שפּאַניער פון שפּאַניע, האָט לעגאַל נישט גע־קאָנט אריינקומען אין לאַנד, זענען די יעזואיטן יאָ אריינגעקומען און עס זענען געקומען ענגלישע יעזואיטן און איטאַליענישע, פראַנצויזישע און דייטשע. און די ארבעט אין יעדן פאַך איז געווען אוועקגעשטעלט אין דער געשטאַלט פון אַ שול, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט די דיסציפּלין און די געהאָרכזאַמקייט און דערצו האָט מען די ארבעט געמאַכט אַמוזירנדיק מיט גוואַראַניאַישע פאָלקלאָרישע פאַרוויילונגען און מיט קירכלעכע פייערלעכ־קייטן.

דאָס, וואָס די „דאָקטרינעס" זענען פאַרזאָרגט געווען מיט תפיסות און מען האָט אויך באַשטראָפט מיט שמיץ אפילו פאַר אַזאַ „פאַרברעכן" ווי דאָס פעלן צו אַ תפילה, דערציילט, אַז אונטער דער יעזואיטישער רעגירונג איז אויך נישט אַלץ געווען אַזוי גן־עדנדיק. עס ווערט אויך גערעדט פון מיס־ברויכן מצד דער יעזואיטישער מאַכט איבער דער גוואַראַניאַישער באַפעל־קערונג אין דער קאָמפּאַניע, וואָס איז געפירט געוואָרן קעגן דער יעזואיטי־שער הערשאַפט. אָבער אַ דאַנק דעם עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכן סיסטעם, וואָס די יעזואיטן האָבן איינגעפירט און וואָס האָט אויסגעזען אין די אויגן פון די גוואַראַניער ווי די פאַרזעצונג פון זייער קאָמונאַלן סיסטעם, אַזוי אויך אַ דאַנק דער שפּראַך און די סיסטעמאַטיש פאָלקסטימלעכע פאַרווייַלונגען, וואָס זענען געווען פון די גוואַראַניער און אויף וואָס די יעזואיטן האָבן גע־שטיצט זייער גייסטיקע פירונג, ווי בכלל זייערע מעטאָדן צו געוואונען דעם צוטרוי און דעם גלויבן פון די גוואַראַניער, צוליב וואָס זיי, די מעטאָדן, האָבן געמוזט זיין גוואַראַניאַישע מיט גענוג ליבעראַליטעט, דעמאָקראַטישקייט און גערעכטיקייט. אַ דאַנק דעם אַלעם האָבן די יעזואיטן געהאַט אַ ווירקונג, אַן איינפלוס און זיי האָבן געקענט דורכפירן זייער מיסיע צו קאַטויליזירן די אינדיער, צו מאַכן זיי געהאָרכזאַם, אונטערטעניק; צו רעזיגנירן פון אייגענע אינטערעסן אַלס אינווידירטע, פאַרשקלאַפטע, צו זיין איינגעשלאָסן און פאַרשלאָסן אין דעם באַשטימטן קרייז און נישט קומען אין קיין קאָנטאַקט מיט דער וועלט, צו אַרבעטן אויף אויסצוהאַלטן אַ דאָפּלטע לאָקאַלע רעגי־רונג — די רעליגיעזע און די פּאָליטישע; צו אַרבעטן אויך פאַר דער גובער־נאַמענטאַלער רעגירונג און פאַר דער קאָלאָניאַלער, פאַר דער אימפּעריאַלער; צו שאַפן אויך אַ גוואַראַניער מיליץ אַלס הילפס־אַרמיי צו דער שפּאַניש־קעניגלעכער, כדי צו שיקן זיי בסדר אין מלחמה קעגן די פּאָרטוגעזער פון בראַזיל — די אַמעריקאַנישע קאָלאָניע פון פּאָרטוגאַל — וואָס האָט בסדר געמאַכט אינוואַזיעס אויף דער שפּאַנישער קאָלאָניע.

די גוואַראַניער האָבן אוודאי נישט געהאַט קיין אינטערעס, אַז די פּראָ־ווינצן פון ריאָ־דע־לאַ־פּלאַטאַ און פון פּאַראַגוויי זאָלן פאַרכאַפּט ווערן פון די פּאָרטוגעזער. עס האָט אָבער אויך נישט געקאָנט זיין זייער אינטערעס צו גיין פאַרגיסן זייער בלוט פאַר דער שפּאַנישער אימפּעריע און זיי זענען נעגאַנגען אין די מלחמות נישט פרייוויליק (דאָס דאָזיקע האָבן די יעזואיטן באַוויזן קינסטלעך אָפּצוטויטן, אַז מען זאָל עס נישט באַמערקן), נאָר אויס רעזיגנירטער געהאָרכזאַמקייט און דורך צוואַנג און גוואַלד. און אַזוי זענען זיי געגאַנגען אין די מלחמות קעגן די פּאָרטוגעזער און קעגן די מאַמעלוקן, די „גוואַראַניער" פון בראַזיל, מחמת אַזוי ווי די שפּאַנישע מאַכט האָט גע־וואוסט אויסצונוצן פאַר אירע מלחמות אירע אינדיער, אַזוי האָט די פּאָרטו־

עזישע מאַכט אויך געוואוסט אויסצונוצן פאַר אירע מלחמות אירע אינדיער, און אַזוי האָבן זיך געשלאָגן אינדיער מיט אינדיער נישט צוליב זייערע אינ־טערעסן, נאָר צוליב די אינטערעסן פון זייערע אונטערדריקער און עקספּלואַ־טירער.

און נישט נאָר קעגן זייערע ראַסן־ברידער פון פּאָרטוגעזישן בראַזיל זע־נען די גוואַראַניער, פאַרוואַנדלטע אין גלייכע געהאָרכזאַמע שקלאַפן, גע־טריבן געוואָרן אין מלחמות קעגן די גוואַיקורוס, קעגן די קאַראַקאַראַס, קעגן די קאַלטשאַקיעס און נאָך קעגן אַנדערע אינדיאַנער אין די זעלביקע פּראָ־ווינצן פון ריאָ־דע־לאַ־פּלאַטאַ, פון פאַראַגוויי און פון פּערו.

די יעזואיטן האָבן אויסגעפירט זייער מיסיע און מען האָט זיי אַרויס־געטריבן.

# זשערבאַ־מאַטע

נאָך דער מלחמה מיט פּאַראַגווייַ, וואָס איז געווען בעת דער פּרעזידענץ פון באַרטאָלאָמע מיטרע, איז געקומען אַ סוף צו די אימפּעריאַליסטישע, טער־ריטאָריאַלע און עקספּאַנסיאָניסטישע מלחמות, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף דער טעריטאָריע פון מיסיאָנעס, וואָס איז אין דער פאָרעם פון אַ רעכ־טער אויפגעהויבענער האַנט פון דער אַרגענטינער רעפּובליק צו די הימלען פון פּאַראַגווייַ און בראַזיל, געבליבן ווי אַ פּאַראַייביקטע באַגריסונג צו די ברידערלעכע לענדער און ווי אַ וואָרענונג קעגן מלחמות, וואָס ברענגען קיין מאָל נישט מער ווי פאַרלוסטן פאַרן מענטשן.

ווען איך בין אַרויס פון דעם געשיכטלעכן סאַן־איגנאַסיאָ, וואָס געפינט זיך אין רואינען און איך בין אַריין אין דעם היינטיקן, וואָס איז מאָדערן און אַלטערטימלעך, און וואָס איז גרויסשטאָטיש און קליינשטעטלדיק אין דער זעלבער צייט, האָב איך געפילט, ווי איך וואָלט אַריין אין אַ שטאָט מיט אַ ספּעציעלן ריח, וואָס טראָגט זיך פון אַלץ און פון אַלעמען און וואו אַלץ וואָס גייט און שטייט, אַלץ וואָס ווערט גערעדט און געטאָן — איז אַריינגעטאָן אין דער זשערבאַ־מאַטע, אָדער דאָס וואָס ס׳קומט פון איר אַרויס.

דער צענטער פון די יעזואיטישע מיסיעס, ווי דאָס איז געווען סאַן איגנאַסיאָ מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר צוריק, איז היינט אויך אַ צענטער, אָבער נישט פון אַ געשלאָסענער יעזואיטישער מיסיע, נאָר פון אַ פּרייער־ אינדוסטריעלער. און די דאָזיקע אינדוסטריע איז זשערבע־מאַטע — די גרינע טיי, וואָס מיר טרינקען אַלע טאָג זיס אָדער ביטער אין אַ מאַטעניצע מיט אַ רערל, כאָטש עס שטייט אין ערגעץ נישט געשריבן, אַז מען מוז דאָס דווקא טרינקען מיט אַ רערל, אַ „באָמביזשע", אָבער די דאָזיקע פאָרם פון טרינקען מאַטע האָט זיך מער אָנגענומען און מיר, יידן, דאָ אין לאַנד, וואָס האָבן זיך איינגעוואוינט מיט דעם געטראַנק, טרינקען נאָר מיט אַ באָמביזשע, אַזוי ווי די אינדיער האָבן זי געטרונקען. מען דאַרף דאָ אין סאַן איגנאַסיאָ נישט זוכן די זשערבע־מאַטע־פּלאַנץ. אירע ביימער מיט בלעטלעך, וואָס זענען ענלעך צו די לאָרבער־בלעטלעך, וואַקסן דאָ אויף די גאַסן און אויף די הויפן, אָבער דאָ דינען זיי פאַר שאָטן און פאַר שיינקייט

און נישט פאַר דער פּראָדוקציע. פאַר דעם זענען די זשערבאַלן אויף די פעלדער, קולטיווירטע, פאַרפלאַנצטע מיט די זשערבע־מאַטע ביימער אין גלייכע ליניעס. איינמאָל פאַרפלאַנצט, וואַקסן זיי שטענדיק מיט שטענדיקער געדעטעניש מיט אַ יערלעכער שניט־צייט, בעת דער אַרבעטער, דער „מענסו", ווי מען רופט אים, הענגט אָן אויף זיך אַ גרויסן זאַק אַרייַנצוואַרפן אין אים די באַבלעטלטע דינע צווייַגלעך, וואָס ער שניידט אָפּ פון יעדן בוים אינעם זשערבע־מאַטע וואַלד. אָדער זשערבאַל, נאָכדעם באַוועגן זיך ריטמיש די פינגער פון טויזנטער הענט אַראָפּצונעמען די גרינע זשערבע־מאַטע בלעטלעך פון די צווייַגלעך צוצוגרייטן זיי אַזוי צום טרוקענען, אָדער בראָטן וואָס ווערט געמאַכט אויף צעברענטע פייערן, אָבער אויף אַזאַ אופן און מיט אַזוינע מיטלען, אַז די בלעטלעך זאָלן נישט פאַרברענט ווערן און זאָלן אויך נישט פאַרויכערט ווערן. און נאָך דעם ווערן די געטרוקנטע בלעטלעך געמאָלן און זיי גייען דורך די אַלע מעכאַנישע און טעכנישע פּראָצעסן, ביז זיי קומען אין אונדזער הנעוודיקער מאַטעניצע אַריין פאַרטיק צום טרינקען.

דאָס רעדט זיך פון דער קולטיווירטער, אינדוסטריאַליזירטער און קאָמערציאַליזירטער זשערבע־מאַטע, אָבער עס ווערט נאָך היינט גערעדט פון אַ „זשערבע־מאַטע ווירבען" — אַ יונגפרוילעכע, וואָס וואַקסט אויף ביימער, וועלכע קיינער האָט נישט פאַרפלאַנצט אין די אורוועלדער פון מיסיאָנעס און פון איר דערציילן זיך לעגענדעס.

איינע שטאַמט נאָך פון דער גוואַראַניער מיטאָלאָגיע, לויט וועלכער „פּאַי טאָמע" האָט צוגעוויזן די אינדיער צו מאַכן זיך רעצעפּטן און באַקרעפטיקונגס־געטראַנקען פון דער יונגפרוילעכער זשערבע־מאַטע. נאָך היינט נוצט דער אינדיער, דער „מענסו" די זשערבע־מאַטע בלעטלעך, ווען זיי זענען נאָך העל־גרין און יונג אויפן בוים, וואָס זיי לייגן צו צום קאָפּ פונעם קראַנקן.

די יעזואיטישע מיסיאָנערן, פון וועמען עס זאָל שטאַמען דער פּרינציפּיעלער זאָג, אַז „דער ציל הייליקט די מיטלען", האָבן צוליב זייער קאָטאָליצירונגס־ציל אויך קאַטאָליזירט גוואַראַניעשע לעגענדן — אַזאַ לעגענדע איז דער הייליקער טאָמאַס אויף איינע פון זיינע גענג אַריין אין אַ וואונדערשיינעם געדיכטן וואַלד פון זשערבע־מאַטע. די אינדיער, נישט געקוקט אויף זייער וואונדערבאַרער אינטואיציע צו דערשפּירן די אייגנשאַפטן פון די געוויקסן, האָבן דאָך נישט געוואוסט פון די נוצן פון דער זשערבע־מאַטע, זיי האָבן פאַר דעם בוים מורא געהאַט ווי פאַר אַ שעדלעכע זאַך, ביז דער הייליקער טאָמאַס האָט אויס דאַנקבאַרקייט צו די אינדיער, וואָס האָבן אים נאָכגעפאָלגט, זיי געוויזן ווי אַזוי צו באַנוצן זיך מיט דער פלאַנץ, וואָס רייצט אַזוי די אינדיער מיט איר אַראָמאַט און פאַר וועמען זיי האָבן

מורא; און ער האָט אָפּגעבראָכן אַ בינטל צווייגלעך און ער האָט די בלעט־לעך געבראָטן אויף אַ פייער און בעת די בלעטלעך האָבן זיך געבראָטן האָט דער הייליקער עפּעס גערעדט און געזאָגט, אַז דאָס שעדלעכע פון די בלעט־לעך האָט דאָס פייער ארויסגענומען, האָבן די אינדיער מער קיין מורא נישט געהאַט און זיי האָבן צומאָלן די אויסגעטרוקנטע בלעטלעך און זיי אַרייַנ־געטון אין וואַסער, וואָס איז וואַרעם געווען פון דער זון און דאָס פאַר־זוכט צו טרינקען און פון דעמאָלט אָן טרינקט מען מאַטע.

נאָך אַ לעגענדע דערציילט זיך פון דער זשערבע־מאַטע, ווי פון אַ כישופמאַכעריי: אַז יעדעס מאָל ווען איינער פלעגט קומען צום כישופמאַכער נאָך אַן עצה, האָט „אניא", וואָס דער טייטש אין גוואַראַני איז שלעכטער גייסט, געטרונקען אַ מאַטע און נאָך דעם האָט ער געמאַכט די כישוף־מאַכעריי און דערביי געזאָגט און כסדר איבערגעחזרט אַז די זשערבע־מאַטע האָט אים געזאָגט דאָס און דאָס.

און נאָך אַ לעגענדע, וואָס ווערט אָנגעהאַלטן אין די זשערבאַלן פון מיסיאָנעס און וואָס פאַרפירט מענטשן אין תפיסה אריין, איז די לעגענדע פון „קאַא יאַריאַי" — די פרוי פון די זשערבאַלן, וואָס איז אומזעבאַר, איז אומשטערבלעך, איז די הערשערן און באַשטימט דעם גורל פון מענטשן און זאַכן.

אַנדערע גלויבן אַז „קאַא יאַריאַי" איז אַ יונגע און שיין־פאַרמירטע פרוי, וואָס לאָזט זיך זען נאָר פון יענע, וועלכע געבן איר זייער לעבן צו זיין מיט איר אייביק. איר פאָטער האָט געוואָלט אָפּהיטן די ריינע יונגפרוי־לעכקייט פון זיין טאָכטער, איז ער מיט זיין פאַמיליע אַוועק וואוינען אויף אַזאַ אָרט אין וואַלד, וואו קיין מאַן איז נאָך נישט געווען. און איין מאָל אין אַ טאָג איז גאָט אַראָפּ אויף דער ערד און ער האָט זיך געלאָזט גיין אין יענע ווינקלען און ער איז צוגעקומען צו דער איינזאַמער וואוינונג אין וואַלד. דער פאָטער, אַ גרויסער אָרימאַן, האָט געהרגעט די איינציקע הון, וואָס ער האָט געהאַט, כדי צו געבן דעם אָרימען גייער עסן. און דער גייער וואָס איז געווען גאָט אַליין האָט מיט עפּעס געוואָלט באַלוינען דעם פאָטער פאַר דער גאַסטפריינטשאַפט און ער האָט דעם פאָטער צוגערופן און אים געזאָגט:

— דו ליבסט זייער דיין טאָכטער, וועל איך אויס דאַנקבאַרקייט זי אומשטערבלעך מאַכן, און אַזוי איז דאָס געשען.

גייען מענטשן זוכן שוץ און גליק אין דער טרייהייט־דערקלערונג צו קאַאַ יאַריאַי און זיי גייען אין די וועלדער צוצובינדן צו די צווייגן פון די זשערבע־מאַטע־ביימער צעטעלעך פון ראַנדעוואו־באַשטעלונגען. יעדער האָלט פאַר אַ סוד זיין ראַנדעוואו און ווען עס קומט דער טאָג, מאַכט ער דעם ראַנדעוואו, וואָס איז אַ לעבנס־געפאַר און מען דאַרף האָבן איבערנאַטיר־

לעבן מוט, מחמת קאַ יאריאַי ווייזט זיך פאַר מענער נאָר דורך די גרעסטע געפאַרן פאַר זיי. שלענג, טיגערס, וואַלד־קעץ און אַנדערע חיות גייען אַנט־קעגן דעם מענטש, וואָס גייט צו דער קאַ יאריאַי און ווען ער האָט באַוויזן צו האָבן אַזוי פיל קוראַזש און איינצושטעלן זיין לעבן אויף צוצוקומען, באַווייזט זי זיך פאַר זיינע דורשטיקע אויגן און ער שווערט איר טרייהייט.

און קאַ יאריאַי באַשיצט איר טרייען אַרבעטער, העלפט אים איינעם שניט פון דער זשערבע־מאַטע, העלפט אים טראָגן דעם זאַק פון די צוואַנציק אַראָבאַס און אַזוי ווי זי איז אומזעבאַר זיצט זי אויפן זאַק זשערבע ווען מען וועגט אים און העלפט דעם מענטש ביים אָפּוועגן דעם שניט...

און ווען מענטשעס געפינען אין וואַלד זייער חבר — אַ טויטן, ווי דאָס טרעפט נאָך אַ טאָג פון חשבון, שעפּטשען זייערע ציטערדיקע ליפּן דעם נאָ־מען פון קאַ יאריאַי...

און די ווירקלעכקייט איז כמעט אַזוי ווי אַ לעגענדע.

# דער מענסו

ווען בעלגראַנאָ איז געקומען קיין מיסיאָנעס אַלס שליח פון דער רע־וואָלוציע פון מאַי 1810, האָט ער דורך זיינע געבאָטן געזען צו באַגרע־נעצן די פעאָדאַלע הערשאַפט און באַשיצן פון איר דעם אינדיער, וואָס איז געווען דעם פריצס אַרבעטער און שקלאַף. און בעלגראַנאָ האָט פאַרבאָטן צו שמייסן דעם אַרבעטער און פאַרבאָטן אויפצוהויבן אַ שטעקן קעגן אים און ער האָט דיקטירט צו צאָלן פאַר אַרבעט און צאָלן מיט געלט און אויב מיט פּראָדוקטן פאַרן געברויך פון אַרבעטער, זאָל דער רווח פאַר זיי זיין אַ באַגרענעצטער.

איז דאָך ערשט מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק אָנגענומען געוואָרן אַ געזעץ אָפּצושטעלן די פעאָדאַלע איינפירונגען אין די זשערבאַלן פון מי־סיאָנעס ווי אין די וועלדער פון טשאַקאָ און ביי דער צוקער־פּראָדוקציע פון טוקומאַן, וואָס זענען אין סתירה צו די פּרינציפּן און די געזעצן פון דער רעפּובליק.

אין מיסיאָנעס איז דער „מענסו" — אַן אַרבעטער, אָדער אַ גאַנצע אַרבעטער־פאַמיליע, וואָס ווערט געבראַכט דורך אַ „קאָנטשאַבאַדאָר (אַן אַגענט) אין דער זשערבאַליע, אויף די פעלדער אָדער אין די וועלדער, וואו עס וואַקסן די זשערבע־מאַטעביימער. דער מענסו פאַרדינגט זיך דורך דעם „קאָנטשאַבאַדאָר" צו דעם באַלעבאָס פון דער זשערבאַליע אויף קאָנדיציעס, וואָס ווייזן אים אויס צו זיין גוט, אָבער אין דער זשערבאַליע באַקומען די זעלביקע קאָנדיציעס אַן אַנדערן באַטייט.

די ווירקלעכקייט צו וועלכער דער מענסו האָט זיך געלאָזט פירן פול מיט שיינע האָפענונגען, איז שקלאַפעריי; איז אַבסאָלוטע געהאָרכזאַמקייט אונטער שמיץ אָדער שטעקנס; איז צוואַנג צו טון יעדע אַרבעט; איז אַר־בעטן אַן אומבאַגרענעצטן אַרבעטסטאָג און גיך ווערן אויסגעשעפּט פון די כוחות; איז נישט פאַרדינען אויף די מינימאַלסטע באַדערפעניש, נעמען אוואַנסן און זיך צובינדן צום שקלאַפן־פּלאַץ דורך כסדר וואַקסנדיקע חובות;

איז נישט באַקומען דעם אַרבעט־לוין אין געלט, נאָר אין באַנעם פונעם אייגנ־טימער, אָדער אַזוינע קוויטלעך צו קריגן פאַר זיי פּראָדוקטן נאָר אין דער קראָם פון זעלביקן באַלעבאָס, אָדער אין דער קראָם פון אַן אַנדערן קרעמער, וואָס האָט פונעם אייגנטימער די קאָנצעסיע צו פאַרקויפן אַרטיקלען זיינע אַרבעטער — די ביליקסטע אַרטיקלען, פאַר וועלכע מען נעמט אויף די קוויטלעך ביים מענסו די טייערסטע פּרייזן, צוויי, דריי און פיר מאָל אַזוי פיל ווי זיי קאָסטן אויפן פרייען מאַרק. און דעריבער: ווען עס קומט דער טערמין ביז וואַנען דער מענסו איז פאַרדונגען געוואָרן, האָט ער נישט קיין סענט ביי דער נשמה מיט וואָס אַוועקצוגיין און ער האָט אַ חוב אָפּצוצאָלן דעם פּעאָדאַל, דעם אייגנטימער און דער מענסו מוז ווייטער בלייבן שקלאַפן פאַרן חוב; און אויב דער מענסו אַליין איז אויסגעשעפּט; איז פיזיש און גייסטיק דערשלאָגן, אָדער שטאַרבט אַוועק, צי מען דערהרגעט אים, גייט איבער זיין חוב צו זיין ווייב און צו זיינע קינדער — אַ חוב, וועלכער מוז נאָר אָפּגעצאָלט ווערן מיט שקלאַפן־אַרבעט און פון וועלכן מען קאָן זיך נישט באַפרייען, קיינמאָל נישט.

אַזוי זענען געווען די „געזעצן", וועלכע דער פּעאָדאַל אַליין האָט איינגעפירט און ער דורך זיינע „מענטשן" האָט געזען, אַז זיינע געזעצן זאָלן שטרענג אויסגעפאָלגט ווערן און ער אַליין איז געווען דער ריכטער און דער באַשטראָפער און ער האָט געהאַט זיין אייגענע פּאָליציי צו היטן זיין אייגנטום און זיינע אינטערעסן; און פאַר זיין הערשאַפט האָט ער זיך אויך געדינט מיט דער אַרטיקער מלוכה־מאַכט דירעקט אָדער אומדירעקט דורך נישט אַריינמישן זיך, ביז עס איז סאַנקציאָנירט געוואָרן דאָס געזעץ, אָבער נישט אַלץ וואָס דאָס געזעץ שאַפט אָפּ, איז טאַקע שוין אָפּגעשאַפט און נישט אַלץ, וואָס דאָס געזעץ הייסט איינפירן איז טאַקע שוין איינגעפירט.

עס פלעגן זיך „אַריינגנבענען" אין די זשערבאַלן, צווישן די „מענסוס" אַרבעטער־אָרגאַניזירער און פּראָפּאַגאַנדירער צו זען, אַז די געזעצן, וואָס זענען לטובת די אַרבעטער זאָלן אויסגעפאָלגט ווערן און אויך צוליב קעמפן פאַר נאָך פאַרבעסערונגען, זענען זיי פאַרפאָלגט און פאַרטריבן געוואָרן און נישט אַלע פון זיי האָבן באַוויזן אויסצומיידן דעם טויט.

און די מאַכט האָט ווי פאַרלוירן איר קראַפט און איר שטרענגן ווילן, ווען עס איז געקומען צום אָנווענדן די אַרבעטס־געזעצן אויף די פעלדער, אין די וועלדער און אין די פאַבריקן פון דער זשערבע־מאַטע און דעריבער איז אויך שוין פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן איר קאָנטראָל אויף דעם לעבנס־נערוו, ווי דאָס איז אין מיסיאָנעס די זשערבע־פּראָדוקציע, איר אינדוסטריע, איר מאַסן־אַרבעט, איר האַנדל, איר קאָנסום און איר טראַנספּאָרט. אַן אויס־נאָם איז געמאַכט געוואָרן צו דעם שפּעקולאַציון רעטונגס־רוף פון די

זשערבע־מאַטע פּריצים; אַ רוף צו באַשיצן זיי נישט נאָר קעגן דער פרייער קאָנקורענץ פון בראַזיל און פון פּאַראַגווײ, נאָר אויך קעגן דער קאָנקורענץ פון זיך אַליין, פון דער אייגענער, אַרגענטינישער פּראָדוקציע, עס זאָל אָפּגעהאַלטן, באַגרענעצט און פאַרמינדערט ווערן איר פּראָדוקציע צוליב אָנהאַלטן אַ פּרייז אויפן אינערלעכן מאַרק, פאַרן אינלענדישן קאָנסומענט.

און אויף דעם רוף האָבן זיך באַלד אָפּגערופן ביידע געוועזענע מאַכטן פון דער רעפּובליק: די געזעצגעבערישע און די קאָנסטיטוציאָנעל־אויספירערישע און עס איז אַרויס אַ געזעץ, וואָס פאַרבאָט צו פאַרפלאַנצן נייע זשערבע־ביימער מיט אַ גרויסער שטראָף פאַר יעדן בוים, וואָס וועט יאָ פאַרפלאַנצט ווערן; דער געזעץ באַפעלט חוץ דעם צו באַגרענעצן די גערעטעניש פון די שוין פאַרפלאַנצטע ביימער און אויף די קאָסטן פון דער נאַציאָנאַלער מלוכה צעשטערן, אָדער נישט אָפּשניידן די גערעטעניש, וואָס איז גרעסער פון דער באַגרענעצטער צאָל און פאַר דעם צוועק איז באַשטימט געוואָרן אַ כונטאַ מיט אַ יעראַרכיע פון באַאַמטע מיט די געהעריקע חשובע געהאַלטן. און דער דאָזיקער געזעץ ווערט יאָ פּונקטלעך אָנגעווענדט און דער קאָנטראָל איז אַ געטרייער און אַ שטרענגער.

נאָך מיינע שמועסן מיט די גוואַראַניער־אַרבעטער, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום אין די גאַסן און וואַרטן אויף שניט־צייט, האָב איך אַ לעצטן בליק געגעבן אויף די שטילע און געשלאָסענע זשערבע־מאַטע פאַבריקן, וואָס וואַרטן אויפן נייעם שניט.

***

פון ווייטנס האָט זיך געזען דאָס אָנקומען פונעם אָמניבוס. אין אַ מינוט אַרום איז ער שוין געשטאַנען פאַר דער טיר פון דייטשן האָטעל. דער אויטאָבוס, שוין אַ געפּאַקטער, פּאַקט מיך אויך אַריין און נעמט זיך אויפן וועג קיין פּאָסאַדאַס.

אַ פּריציישער פּריוואַט־אויטאָ איז אַרויס פאַראויס אויפן שליאַך און אויפגעהויבן רויטע שטויב־וואָלקנס, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן קאָלעקטיוון אויטאָבוס מיט פענצטער אָן שויבן. אונדזער פאַרנדיקער קאָלעקטיוו האָט גענומען אין זיך און אויף זיך דעם שטויב און ווי פאַרשידן עס זענען נישט געווען די קאָלירן פון די קליידער, זענען זיי אַלע רויטלעך געוואָרן און שוואַרצע אויגן, ווי גרינע און ווי בלויע און ווי גרויע האָבן אַרויסגעקוקט פון די רויט־פאַרשטויבטע פּנימער פון די פּאַסאַזשירן.

אונדזער פאַרנדיקער קאָלעקטיוו, זייער אַ באַפּעלקערטער, מ׳קען זאָגן אַן איבערבאַפעלקערטער, מחמת דער אויטאָבוס איז געווען איבערגעפּאַקט און מען איז געזעסן זייער אײנטים און גוט געפילט די שכנישע וואַרעמקייט.

איז באשטאנען פון מענטשן, מער פרויען, ווי מענער, פון איין חודש ביז אכציק יאר אלט. דער איין חודשדיקער מענטש איז געווען דער אומגעדולדיקסטער. ער האט זיך צעוויינט אויף א קול אויב די מאמע זיינע, א פופצן־יאריקע גוואראניערקע האט אים נישט אזוי גיך געגעבן איר ברוסט. אן עלטער קינד, וואס האט שוין געקענט ריידן האט אויסגענוצט זיין בילדונג אן אויפהער צו שרייען וויינענדיק: וואסער! אזוי, אז אלע זאלן דאס הערן און פארשטיין און זאלן ווערן דענערווירט. די פאסאזשירן דערלאנגען אים זאפטיקע קאראמעלקעס, מיסיאנעסער פאמעראנצן, אנאנאס און ער ווארפט אלץ אפ און וויינט: וואסער! ביז פון דערוויטנס, צווישן פלאנצן און אונטער דעם ליכט פון דער זון האט זיך באוויזן א ראנטשע. דער אויטאבוס האט זיך אפגעשטעלט און דאס קינד האט זיך איינגעשטילט נאך דעם, ווי עס האט זיך ליידנשאפטלעך אנגעטרונקען מיט דעם וואסער פון אן איילבלעכל, וואס א נאקעט יינגעלע האט אנגעשעפט אין דעם ברונימל ביי דער טיר פון דער ראנטשא.

אז אונדזער קאלעקטיווער אויטאבוס האט זיך ווידער געלאזט אין גאנג, האט דער אכציק־יעריקער גוואראני ווייטער דערציילט זיינע מעשהלעך פון אמאל, בעת א צוואנציק־יעריקע מיט פעך־שווארצע גלאטע האר, מיט גלאנצעדיקע שווארצע אויגן, מיט רויטס אויף די ליפן און אויף די נעגל פון די פינגער, אזוי ווי די פרויען אין בוענאס־איירעס; מיט ברוינע פיס, מיט א רויט קליידעלע אויף די לענדן און מיט צירונג פון קאלירטן גלאז, פון צעלולאיד, פון מעש און פון בלעך אויף די פינגער, אויף די הענט, אויף דער גרינער בלוזע, אויפן ברוינעם האלדז און אין די שווארצע האר — אויך אזוי ווי די פרויען אין בוענאס־איירעס, — האט סערווירט א מאטע דעם אלטן דערציילער און די אנדערע מיטפארער נעבן איר. ווען אין אן אנדער ווינקל האט א יונגערמאן אין אלפארגאטן אויף א פאר פיס קיינמאל נישט געוואשענע, אבער מיט א רעקל, ווי עס וואלט אים נישט הייס געווען פון דער היץ און מיט א קאלנער אויפן האלדז און א קראוואט, מחמת ער פארט קיין פאסאדאס, און ער שפילט אן אויפהער אויף זיין גיטארע און ער זינגט זיך צו זיינע הארציקע צפון־לידער, ווען אין א צווייטן ווינקל זיצט איינער אויפן אנלען פון א באנק, עס איז א מענטש אין די יארן, ביי וועמען עס איז אלץ קיילעכדיק און ער זאגט וויצן, גרינע, צווידייטיקע און פוסטע און די פאסאזשירן ארום אים לאכן פון די וויצן און לאכן אויס די וויצן.

בילדלעך און עפיזאדלעך, הארציק־טרויעריקע און הארציק־פריילעכע, פילן אויס די שעהן פון אונדזער אינטערנאציאנאלן קאלעקטיוו, אין וועלכן עס געפינען זיך אינדיער נישט ווינציקער ציוויליזירט ווי די איראפעער

און אין וועלכן עס געפינען זיך קריאָזשעס: דאָ געבוירענע פון עלטערן, וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין אויסלאַנד; און פון אויסלענדער, וואָס טיילן זיך אויף נאַטוראַליזירטע און נישט נאַטוראַליזירטע; צווישן די אויסלענדער זע־נען פאַראַן אַזוינע, וואָס לעבן אין לאַנד שוין צוואַנציק יאָר און אַזוינע, וואָס לעבן אין לאַנד שוין דרייסיק יאָר און פערציק יאָר און קענען בעסער דאָס לאַנד איידער אַ סך קריאָזשעס און מער איידער אַ סך קריאָזשעס האָבן זיי מיטגעשאַפן דאָס לאַנד, ווען אפילו זיי האָבן דאָס נישט געוואוסט, אָדער זענען נאָר אויסן געווען זיך און זייער פאַמיליע צו פאַרזאָרגן: צווישן די אויסלענדער און קריאָזשעס זענען פאַראַן שפּאַניער און איטאַליענער, דייטשן און פּאָלאַקן, ענגלענדער און טערקן און עס פעלט אויך נישט אַ ייד אינ־מיטן... דער אַמניבוס מיט אַ קריאָזשאַ דייטש אַלס שאָפער־באַלעבאָס, האָט אויפגענומען זיינע ערשטע פּאַסאַזשירן אין סאַנטאַ פיפאַ און אין נאַראַנ־כיטאַ, פון וואַנען ער איז שוין געגאַנגען אַ געפּאַקטער, אָבער ער האָט מיך אויך אויפגענומען. איך האָב דערגאַנצט דעם אינטערנאַציאָנאַלן באַשטאַנד אויפן אויטאָבוס, וואָס איז געווען אַ סימבאָלישער עקספּאָנענט פון דער באַפעלקערונג אין מיסיאָנעס.

# די פּראָווינץ און איר הויפּטשטאָט

סאַנטאַ פע איז פון די פּראָווינצן אין אַרגענטינע, וועמענס הויפּטשטעט עס טראָגן דעם אייגענעם נאָמען:

סאַנטאַ פע הייסט די פּראָווינץ און סאַנטאַ פע הייסט אויך איר הויפּטשטאָט.

אויף יידיש איז סאַנטאַ פע — הייליקער גלויבן. אַ סך שטעט, שטעטלעך און אַנדערע ערטער אין דער פּראָווינץ טראָגן די נעמען פון קריסטלעך הייליקע און הייליקייטן. דאָס דערמאָנט אין צייטן פון שפּאַנישן קאָלאָניאַליזם, ווען די קירכע האָט געהאַט אַ סך צו זאָגן אין לעבן און זי — דירעקט אָדער אומדירעקט — האָט דאָס געגעבן די נעמען פון הייליקע און הייליקייטן.

אָבער נעמען בלייבן נעמען. נאָר רעוואָלוציעס קאָנען זיי ענדערן. אירבערזעצן לאָזן זיי זיך נישט.

***

די פּראָווינץ סאַנטאַ פע צייכנט זיך אין דער פאָרעם פון אַ פוס, וואָס האָט זיך אַריינגעשטעלט צווישן די פּראָווינצן קאָריענטעס און ענטרע ריאָס ביים פּאַראַנאַ־טייך אויף דער מיזרח־זייט און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און קאָרדאָבאַ אויף דער מערב־זייט, מיטן טראָט אויף דער צפון־זייט פון דער פּראָווינץ בוענאָס־איירעס. אויף איר צפון קומט זי אין באַריר מיט דער כמעט טראָפּיקאַלישער און וואַלדיקער טשאַקאָ.

דער דאָזיקער סאַנטאַ פע־פוס מעסט אַ 133 טויזנט מיט עפּעס קוואַדראַט קילאָמעטער, מער אָדער ווייניקער, זיבן מאָל אַזוי גרויס ווי מדינת ישראל.

די שפּייז־פעלדער פון דער פּראָווינץ לאָזן זיך באַוואַסערן פונעם גרויסן פּאַראַנאַ און פון נאָך טייכן, טייכלעך און אָזערעס, וואָס שטייען און גייען אויף זיי און גאַנץ אָפט פאַרנעמט זיך אויך דער סאַנטאַ פעער הימל צו באַגיסן און באַפרוכטיקן זיי.

פון סאַנטאַ פע'ס באַפּרוכטיקטע פעלדער קומט אַרויס יאָרלעך אַ מיליאָן טאָן ווייץ, פון וואָס מען מאַלט דאָס ווייסע מעל פאַר אונדזער ברויט און פאַר דעם ברויט פון אַנדערע לענדער; עס קומט אַרויס אַ מיליאָן טאָן דער שיין־געוואַקסענער בלאַנדער קאַקורוזע (מאַיס) און ביי אַ מיליאָן טאָן פאַרשידענע אַנדערע פּראָדוקטן, ווי קאַרטאָפל און צוקער, שעמען און זונקערן פאַר אייל און אַ פערציק טויזנט טאָן וואַטע גענן אויך פון זיך אַרויס די פעלדער פון סאַנטאַ פע.

און אַלפאַלפאַ ? וואָס איז אַזאַ שיינער און געשמאַקער מאַכל פאַר די וועגעטריאַנישע פערד, בהמות און אַנדערע חיות ? צייכענען זיך דאָך אויס די סאַנטאַ פּעער פעלדער מיט אַלפאַלפאַ, וואָס מען פאַרזייט איין מאָל אין זיבן יאָר און וואָס מען שניידט מער ווי איין מאָל יעדן יאָר, אָדער מען לאָזט אויף זיי אַרויף די בהמות עסן.

עס גייען אַרום אויף די סאַנטאַ פּעער פעלדער און אויף פעלדישע הייף אַ צען מיליאָן פי און עופות און עסן און טרינקען און לאָזן זיך וואויל־גיין און פּרוכפּערן זיך און מערן זיך און געבן מילך און געבן אייער און געבן פלייש.

***

לויט פאָלקסציילערישע און סטאַטיסטישע דאַטעס האָט זיך די מענטש־לעכע באַפעלקערונג אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ פע געציילט אין סוף 1964 אין צוויי מיליאָן איינוואוינער — האַלב מענער און האַלב פרויען.

אַמאָל אין פאַרגאַנגענע צייטן איז די מערהייט פון דער באַפעלקערונג געווען אַן אויסלענדישע און אַ קאָסמאָפּאָליטישע. אַ באַפעלקערונג פון פאַרשידענע פעלקער, פאַרשידענע ראַסן; געקומען פון פאַרשידענע לענדער, פאַרשידענע קאָנטינענטן. היינט איז פאַרקערט. די גרויסע מערהייט פון דער באַפעלקערונג באַשטייט פון דאָ־הי געבוירענע — קינדער און קינדס־קינדער און אור־אייניקלעך ביי אַ פאַרוואַנדלטע וואַנדערונג פון טוריסטיק און געשעפט מיט אַזאַ רעדוצירטער איינוואַנדערונג, אַז זי באַרעכטיקט זיך נישט דעם נאָמען.

אויף וויפל עס האַלט דאָך אָן אַ קאָסמאָפּאָליטיזם, נעמט זיך דאָס אוודאי פון ירושה, פון וועלן זיין און פון דעם זיין פון די עלטערן און פון די זיידעס און די באָבעס.

אַכציק פּראָצענט פון דער צוויי מיליאָנעדיקער באַפעלקערונג וואוינט אין די שטעט און שטעטלעך. אַ העלפט וואוינט אין צוויי שטעט: אין ראָזאַריאָ און אין סאַנטאַ פע. פון דעם מיליאָן וואוינט אין ראָזאַריאָ דריי פערטל און אין דער רעזידענץ־שטאָט — סאַנטאַ פע — אַ פערטל מיליאָן.

***

די שטאָט סאַנטאַ פע, וואָס געפינט זיך אויף אַ שטח פון אַ 500 קי־לאָמעטער פון דער שטאָט בוענאָס־איירעס און שטייט מיט איר פּאָרט ביים פּאַראַנאַ — איז אַ היסטאָרישע שטאָט, ווייל די אַרגענטינער היסטאָרישע קאָנסטיטוציע פון 1853 איז אָנגענומען געוואָרן אויף דער קאָנסטיטואירנ־דער פאַרזאַמלונג פון דעפּוטאַטן פון די „פּאַראייניקטע פּראָווינצן פון פּלאַטאַ", (ווי דאָס לאַנד האָט אַמאָל געהייסן), וואָס איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט סאַנטאַ פע.

ווען די שורות ווערן געשריבן, זענען אַוועק הונדערט און צוועלף יאָרן און די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע פון 1853 איז נאָך אין קראַפט.

עס איז אונדזער „קאַרטאַ מאַגנאַ", וואָס טראָגט די פרייהייטלעכע און דעמאָקראַטישע אידייען פון דער היסטאָרישער מאַי־רעוואָלוציע און וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אויפן צווייטן יאָר נאָך דעם ווי עס איז באַקעמפט און באַזיגט געוואָרן די ערשטע דיקטאַטור און טיראַנישע רעגירונג אין לאַנד.

*_*

אין יאָר 1949, ווען דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין קלעם פון אַ צווייטער דיקטאַטור — די פּעראָניסטישע — איז — אַליין אין סאַנטאַ פע — אַזוי רעפאָרמירט געוואָרן די אַרגענטינער קאָנסטיטוציע, אַז זי זאָל זיין אַ פּעראָניסטישע, אָבער די באַפרייערישע רעוואָלוציע פון 1955, וואָס האָט אַראָפּגעזעצט און פאַרטריבן פּעראָנען פון דער מאַכט און אַ סוף געמאַכט צו דער פּעראָניסטישער דיקטאַטור, האָט אויך אָפּגעשאַפט די רעפאָרמען פון 1949 און די קאָנסטיטוציע איז געבליבן אַזוי ווי זי איז אָנגענומען גע־וואָרן אין 1853.

און אין דער שטאָט סאַנטאַ פע איז אויך פאָרגעקומען די דריטע קאָנ־סטיטואירנדע פאַרזאַמלונג, וואָס איז גערופן געוואָרן פון דער פּראָוויזאָרי־שער רעגירונג פון דער באַפרייערישער רעוואָלוציע (באַפרייעריש פון דער דיקטאַטור) און איז טאַקע אויך גערופן געוואָרן צוליב רעפאָרמירן די נאַ־ציאָנאַלע קאָנסטיטוציע.

די דעפּוטאַטן פון דער „אוניאָן סיוויקא ראַדיקאַל" האָבן דאָן אָנגע־נומען אַ שטעלונג קעגן דער קאָנסטיטואַנטע, וועלכע זיי האָבן פאַרלאָזט. זי איז געבליבן אָן אַ קוואָרום און זי האָט זיך געמוזט אויפלייזן, אָבער איידער דאָס איז געשען, זענען איי‍ניקע רעפאָרמען (ווי דאָס רעכט צו שטרייקן) דאָך אָנגענומען געוואָרן. די קאָנסטיטואַנטע האָט זיך געוויזן אין אַ סאָציאַל־פּראָגרעסיווער געשטאַלט. זי איז יעדנפאַל געווען נאָך איינע פון די קאָנסטיטואַנטעס, וואָס זענען פאָרגעקומען אין סאַנטאַ פע און מיט דעם

אַלץ מער אויסגעצייכנט די שטאָט סאַנטאַ פע ווי די שטאָט פון דער נאַ־
ציאָנאַלער קאָנסטיטוציע.

חוץ דעם איז די שטאָט סאַנטאַ פע, ווי אַלע הויפּטשטעט פון די פּראָ־
ווינצן, די רעזידענץ פון דער פּראָווינציעלער רעגירונג, וואָס איז, אַזוי ווי
די נאַציאָנאַלע אָדער לאַנד־רעגירונג, איינגעשטעלט קאָנסטיטוציאָנעל אין
דריי מאַכטן: אַ לעגיסלאַטיווע, אַ יורידישע און אַ עקזעקוטיווע מיט אַן
אייגענע — פּראָווינציעלע — קאָנסטיטוציע, מיט אייגענע געזעצן, אייגענע
פּראָצעסן; אַן אייגענער פּאַרלאַמענט, אייגן געריכט און אַ אייגענע רעגירונג
מיט אַ גובערנאַטאָר בראש.

די באַפעלקערונג איז, לויט איר אָפּשטאַם, אַ קאָסמאָפּאָליטישע. די
אוראיינוואוינער זענען געווען אינדיאַנער — קיטשוער. די באַפעלקערונג
מישט זיך. אויסלענדער, אויף וויפיל זיי זענען נאָך דאָ, זענען זיי אין אַ
קליינער פּראָפּאָרץ. יידן געפינען זיך צווישן דער אַלגעמיינער באַפעלקע־
רונג, זיי וואוינען צום טייל קאָנצענטרירט צווישן זיך, אָבער נישט אָפּגע־
טיילט פון דער גוישער גאַס. יידן האָבן אויך אייגענע אינסטיטוציעס:
קהילה, קולטור־פאַראיינען, פּאָליטישע גרופּירונגען. מיט קליינע יידיש־
רעליגיעזע אויסנאַמען איז דאָס געזעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע לעבן
וועלטלעך.

***

מיין ערשטע רייזע אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ פע, ווען איך האָב אויך
באַזוכט די שטאָט סאַנטאַ פע, איז געווען אין יאָר 1917.

עס האָט נאָך אָנגעהאַלטן די ערשטע וועלט־מילחמה מיט אירע וויר־
קונגען אויף אַלע לענדער און אויך אויף אַרגענטינע.

עס איז געווען אין מערץ. עס האָט דעמאָלט אויסגעבראָכן די רוסישע
רעוואָלוציע, וואָס איז געווען אַ פּאָליטישע און אַ סאָציאַלע אין פּראָלעטאַ־
רישן און סאָציאַליסטישן גייסט. דאָס יידישע פאָלק האָט זיך דערפילט באַ־
פרייט — די ידיעות האָבן זיך דורכגעריסן דורך דער פייער־וואַנט פון דער
מילחמה און זיך פאַרשפּרייט איבער דער יידישער וועלט מיט פריידיקע
אָפּקלאַנגען.

דער יידישער קולטור־פאַראיין פון סאַנטאַ פע האָט מיך איינגעלאַדן צו
האַלטן אַ רעפעראַט. דער פירער פון פאַראיין איז געווען אַ יונגערמאַן,
וועלכער האָט געהייסן טראַסקונאָוו. ער האָט גערעדט יידיש מיט אַ רוסישן
אַקצענט. מיט אים האָב איך זיך באַקענט אויפן ערשטן יידישן קולטור־
צוזאַמענפאָר אין אַרגענטינע, וועלכער איז פאָרגעקומען אין לאַ פּלאַטאַ אין
יאָר 1915. טראַסקונאָוו איז געווען פון די ערשטע, וועלכע זענען אַוועקגע־
פאָרן זיך אָנשליסן אין דער רוסישער רעוואָלוציע.

עס איז נישט געווען קיין פראַגע, ביי דער דעמאָלטדיקער שטימונג דאָ צו רוסלאַנד, וואָס עס זאָל זיין די טעמע פון מיין רעפעראַט אין יידישן קולטור־פאַראיין פון סאַנטאַ פע. קיין טעמע האָט נישט אינטערעסירט אַזוי ווי די רוסישע רעוואָלוציע, אָדער שאַרפער: גאָרנישט האָט אינטערעסירט, נאָר די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. מיט איר בין איך דאָך עפּעס געווען פאַרבונדן פון מיינע יינגל־יאָרן אָן דאָרט, דעמאָלט, אין רוסיש־פּוילן, אונטערן צאַריזם און זינט 1906 גייסטיק און אידעיש פאַרבונדן מיט איר אויף דער זייט ים. האָט זיך געוואָלט עפנטלעך זאָגן וואָס איך ווייס, וואָס איך פיל און וואָס איך מיין וועגן דער היסטאָרישער וועלט־געשעעניש אין רוסלאַנד.

און איך האָב געהאַלטן דעם רעפעראַט וועגן דער נאָר־וואָס פאַרגע־קומענער סאָציאַל־פּאָליטישער רעוואָלוציע, אין דער גרויסער רוסישער אימ־פּעריע, פאַר אַ געשפּאַנטער אוידיטאָריע אין יידישן קולטור־פאַראיין פון סאַנטאַ פע.

דאָס איז געווען דער ערשטער רעפעראַט אין אַרגענטינע וועגן דער רוסלענדער רעוואָלוציע.

***

אין 1925 האָב איך געמאַכט אַ רייזע איבערן לאַנד אין שליחות פון דער יידישער טעגלעכער צייטונג „די פּרעסע", אין וועמענס אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיווע און רעדאַקטאָרן־קאָלעגיום איך בין שוין זיבן יאָר געווען אַ מיטגליד, בין איך דאָן צום צווייטן מאָל געווען אין דער שטאָט סאַנטאַ פע.

די שטאָט — אַ מער באַבויעטע אין פאַרלויף פון די אַכט יאָר זינט מיין ערשטן באַזוך — האָט נישט געענדערט איר געמישטע געשטאַלט פון קאָלאָניאַלער באַחנקייט און מאָדערנער שיינקייט. אירע באַבוימטע און באַ־בלומטע פּלאַסעס זענען באַצירט מיט סקולפּטאָרישע אַלעגאָריעס און מאָ־נומענטן פון היסטאָרישע פּערזענלעכקייטן. איר בולוואַר אָראָניאַ גייט אַרויס צום פּאַראַנאַ־טייך, איבער וועלכן עס לאָזן זיך זען — אין אָוונט — די ליכטער פון דער ענטערע ריאַסער שטאָט פּאַראַנאַ, וואָס איז אויף דער אַנ־דערער זייט טייך. אַלטאַ ווערדע איז איינע פון די באַוואוינטע אינדזלען וואָס די שטאָט סאַנטאַ פע האָט אַרום זיך. אין דער אייגענער רעזידענץ־שטאָט, וואָס האָט — אין איר פּראַנט — געגלאַנצט פון רייכקייט, איז אויף אירע ראַנדן געווען אַ היפּש ווינקל פון קלאַסישע ראַנטשעס, וואָס איז געווען אַ קאָנצענטראַציע פון אָרעמקייט.

עס זענען שוין געווען געבוירענע יידישע קינדער און קינדס־קינדער אין דער שטאָט סאַנטאַ פע, וואו עס האָבן אויך געלערנט, אין מלוכהשע

מיטל־ און הויכשולן, יידישע קינדער פון מאַזעסוויל און פון אנדערע ערטער, אָבער אַזוי ווי קיין יידישע מאַסן־איינוואַנדערונג איז נישט געווען, איז די יידישע באַפעלקערונג געווען אַ רעדוצירטע. זי האָט זיך געדרייט אַרום דער צאָל טויזנט. געלעבט האָט מען פון האַנדל און קליין־אינדוסטריע. נישט געקוקט אויף דער קליינער צאָל, האָט מען געהאַט אין מערצאָל אַלע מינים אָרגאַניזאַציעס, עקאָנאָמישע, קולטורעלע און אַנדערע, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער ציוניסטישע, בונדיסטישע און קאָמוניסטישע ווירקונגען. אַ צייכן פון דער מערצאָליקייט זענען געווען די נישט־באַנקאַרישע בענק („קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס"), וואָס זענען שוין דעמאָלט געווען אין יידישן סאַנטאַ פע. עס זענען געווען שטאַרק אַקטיוו זעקס יידישע בענק.

עס איז אויך שוין געווען אַ יידישע פּראָגרעסיווע שול פאַר קינדער.

# מאָזעסוויל און אומגעגנט

מיין ערשטע רייזע קיין מאָזעסוויל איז געווען צו פאַרדאַנקען מיין חבר עפּשטיין.

— ווער עס איז געווען דער חבר עפּשטיין?

— א ייד א שניידער און א שרייבער. איינער פון די ערשטע היגע יידישע בעלעטריסטן, וועלכער האָט געשריבן אונטערן פּסעוודאָנים: גרינגלאַז.

חוץ די שרייבעריי, וואָס ער האָט ליבער געהאַט ווי די שניידעריי, איז ער געווען א גוטער ברודער, א גוואַגטער, א פאַנטאַזיאָר און... ער האָט איינעם צוגעטראָפן, וואָס ער האָט געוואָלט.

דאָס איז געווען אין מיטן אַרגענטינער זומער פון יאָר 1917 (אין פעברואַר), די ערשטע וועלט-מילחמה האָט שוין באַלד דריי יאָר געפלאַ־קערט. זי האָט זיך נאָך דאָ „גוט" געלאָזט פילן, מיין חבר עפּשטיין, וועל־כער האָט דעמאָלט שוין געוואוינט אין סאַנטיאַגאָ דעל עסטערא, איז גע־קומען, געשעפטלעך, קיין בוענאָס איירעס. פאַרן צוריקפאָרן זאָגט ער צו מיר:

— טשע, וואָלדע, איך וויל דו זאָלסט מיך באַגלייטן.

איך, א ליבהאָבער צו רייזן, צו וואַנדערן, שטענדיק, ביי אַלע אומ־שטענדן, האָב נישט געקאָנט זאָגן: — ניין.

איך האָב דאָ נישט געהאַט וואָס צו טון. די מילחמה האָט מיך אַרויס־געשטעלט פון מיין מעטאַליסטישער אַרבעט. איך האָב געשריבן פאַרן זשור־נאַל „דער אוואַנגאַרד", אויך געשריבן פון צייט צו צייט פאַר דער „אידי־שער צייטונג". איך בין אויך געווען דער רעדאַקטאָר און אַדמיניסטראַטאָר און עקספּעדיטאָר און אַזוי ווייטער פון „אוואַנגאַרד", אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געקאָנט שטערן מיין רייזע.

פאַרנדיק איז איינגעפאַלן אויסצונוצן די רייזע פאַר די אינטערעסן פון „אוואַנגאַרד" און איך האָב באַשטימט אָראָפּצוגיין פון דער באַן אין פּאַלאַ־סיאָס, אָדער אין לאָס פּאַלמעראַס, אָדער אין מאָניגאָטעס, זיי זענען טאַקע באַזונדערע, אויטאָנאָמע, שטעטלעך פון זייערע אייגענע פעלדער און קאָלאָ־

ניעס. אָבער מאָזעסוויל האָט זיי אַריינגענומען אין איר „אימפּעריע"...
זיי גייען אריין אין דער אומגעגנט פון מאָזעסוויל, אין איר ראַיאָן.

און קיין מאָזעסוויל בין איך געפאָרן.

— וואָס עפּעס מאָזעסוויל?

— ווייל מאָזעסוויל איז שוין דעמאָלט, אין 1917, געווען 28 יאָר אַ יידישע קאָלאָניע מיט אַ יידיש שטעטל — די ערשטע יידישע קאָלאָניע אין אַרגענטינע — און ווייל מיט מאָזעסוויל האָב איך זיך געפילט היימיש, חבריש און אידעיש פאַרבונדן:

אין מאָזעסוויל זענען געווען מיינע חברים בונדיסטן — „אוואַנגאַר-דיסטן": יאָסל כהן (ער האָט דאָרט חתונה געהאַט מיט דאָרא — אַ יידי-שע קאָלאָניסטישע טאָכטער), רעמעס (אַ קולטור-אָנפירער פון דער מאָזעס-ווילער יוגנט), יודל ראָסיאַנסקי, פּערל לאה, אוסישקין (פון די רוסיש-רעדנער אין דער „ביבליאָטעקאַ רוסאַ" אין בוענאָס-איירעס. אַליין אַ הויכער און אַ דאַרער פלעגט ער שטיין אויפן טיש און ריידן). חוץ דעם האָב איך געהאַט געשריבן אַ סטאַטוטן-פּראָיעקט פאַר דער יידישער קולטור-אינסטי-טוציע „קדימה" בעת איר גרינדונג אין 1909 און אין מאָניגאָטעס. וואָס איז געווען אַ מאָזעסווילער „קאָלאָניע" — אַזוי ווי אין דער „מעטראָפּאָליע" זענען שוין געמאַכט געוואָרן פּראָבעס איינצושטעלן „אוואַנגאַרד"-גרופּעס. („אוואַנגאַרד" האָט געמיינט די יידישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אין אַרגענטינע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין בוענאָס-איירעס דעם 20סטן יאַנואַר 1907).

איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין חבר עפּשטיין, וועלכער איז ווייטער געפאָרן — קיין סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ, וואו ער האָט געוואוינט. איך בין שפּעטער מיט יאָרן דאָרט געווען, אָבער עפּשטיין איז מער נישט געווען, ער איז דאָרט געשטאָרבן.

***

דאָס שטעטל מאָזעסוויל, וואָס הייסט, אַזוי ווי די קאָלאָניע, אויפן נאָמען פון באַראָן הירש — דער אור-שאַפער און פינאַנצירער פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, — שטייט נישט ביי דער גרויסער באַן-ליניע, נאָר אַריינגערוקט, ביי דער פּראָווינציעלער באַן-ליניע פון סאַנטאַ פע, אויף אַ שטח פון עלף קילאָמעטער פון שטעטלע מאָניגאָטעס און 164 קילאָמעטער פון דער שטאָט סאַנטאַ פע.

אין דער מאָזעסווילער אומגעגנט גייט אַריין פּאַלאַסיאָס, וואָס הייסט אויפן נאָמען פון גרויסן ערדבאַזיצער, ביי וועמען מען האָט געקויפט די ווילדע און וואַלדיקע ערד פאַר דער יידישער קאָלאָניזאַציע דאָ, אין מאָזעל-וויל און אומגעגנט, וואו עס איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע יידישע קאָלאָניע

אין ארגענטינע; דא, אין פאלאסיאס, וואו עס האט זיך אפגעשטעלט די ערשטע גרופע יידישע מישפחות, וועלכע זענען דעמאלט, אין 1889, נאר־וואס געהאט געקומען פון פאגראמישן רוסלאנד דא זיך צו קאלאניזירן און פארנעמען זיך מיט ערד־ארבעט און מיט לאנדווירטשאפט און דא וואו עס איז געבוירן געווארן דער דאקטער מ. גאלדמאן — דער געוועזענער פרעזי־דענט פון דער בוענאס־איירעסער קהילה, ערן־פרעזידענט פון דער „דאיא" (דעלעגאציע פון יידישע אינסטיטוציעס אין ארגענטינע און יידיש־פאליטישע רעפרעזענטאנץ), ארטיקער פרעזידענט פון יידישן וועלט־קאנגרעס און — פאר אלעם און ביי אלעם — א יידיש־יידישער, ארגענטיניש־אמעריקאנישער, פרייהייטלעך־דעמאקראטישער און פאלקסטימלעכער ייד, וועמען איך דערמאן דא, אן זיין וויסן, כדי ארויסצושטעלן א רעפרעזענטאטיווע פיגור פון אר־גענטינער יידן.

***

מאזעסוויל — דאס יידיש־קאלאניסטישע שטעטל מיט אירע קאלאניעס און קאלאניסטן אין דער צאל, מער אדער ווייניקער, פון דריי טויזנט איינ־וואוינער, מיט א פארמעגן, מער אדער ווייניקער, פון הונדערט פופציק טויזנט העקטאר — איז ארומגערינגלט מיט די שטעטלעך: סונטשאלעס און פאלאסיאס, פאלמעראס און ווירכיניא, מאניגאטעס און סאן קריסטאבאל, וואס איז דאס הויפט־שטעטל פון פראווינציעלן דעפארטאמענט (אין וואס עס איז איינגעטיילט די פראווינץ), אין וועלכן עס גייט אויך אריין מאזעס־וויל, וואס איז די „מעטראפאליע" פון איר יידישער „אימפעריע", אין וועלכער עס גייען אריין די דערמאנטע שטעטלעך מיט זייערע פעלדער און זייערע פולווארקן, זייער פאונע און זייער פלאר.

און דאס אלץ גייט אריין אין דער פראווינץ סאנטא פע, אין איר מיטלפונקט אויף איר מערב־זייט, גאנץ נאענט, כמעט ביי דער גרענעץ פון דער פראווינץ קארדאבא.

און אינמיטן פון די מאזעסווילער פעלדער — באוואקסענע מיט בא־בלימלטע און פערפומירטע אלפאלפא צו שפייזן די וועגעטריאנישע בהמות און באוואקסן צוביסלעך מיט ווייץ, מיט קארן און מיט אלץ וואס מען פאר־זייט און אויף וועלכע עס דרייען זיך ארום און עסן און פרוכפערן זיך און מערן זיך א הונדערט טויזנט מילך־קי מיט זייערע אקסן און זייערע קעלבער, חוץ א פאר טויזנט ארבעט־ און רייט־פערד, חוץ אייער־הינער און אנדערע עופות און פייגל און היישעריקן — שטייט דאס שטעטל מיט איר פלאסע אויפן נאמען פון סאן מארטין, מיט אירע גאסן: באראן הירש, ד"ר הערצל און אנדערע, וואס זענען אנגעשטעלט מיט געוועלבער פון אלץ וואס מען דארף צום לעבן און ווארשטאטן; און אין די אייגענע גאסן שטייען די קאא־

פּערצעסיוועס פון מילכדיקס און פליישיקס; פון ליכט און קראַפט און קאָאָ־פּעראַטיוועס פון קאָנסום־אַרטיקלען און פון קרעדיט. און עס שטייען די קולטור־ און קולט־אינסטיטוציעס — אַלע אין אייגענע געביידעס, באַזונדערס די צענטראַלע יידישע קולטור־אינסטיטוציע, ווי דאָס איז די „קדימה״ קעגנאיבער דער פּלאַסע סאַן מאַרטין.

***

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט מאָזעסוויל אין יאָר 1917, איז מאָזעסוויל שוין אַלט געווען, אָדער ערשט אַלט געווען, אכט און צוואַנציק יאָרן.

מאָזעסוויל האָב איך דעמאָלט געטראָפן פאַרשטויבט, נישט אַזוי פון נאַכלעסיקייט ווי פון טעטיקייט. מאָזעסוויל האָט זיך געפונען אין אירע דערוואַקסענע, רייפע, קרעפטיקע יוגנט־יאָרן מיט אירע ליידן און אירע פריידן, מיט אירע איניציאַטיוון און אירע שאַפונגען; מיט אירע דורכפאַלן און אירע דערגרייכונגען. דאָס יידיש־קולטורעלע מאָזעסוויל האָט שוין דאַן אָנגעהויבן צו האָבן אַן אָפּקלאַנג אין יידישן אַרגענטינע און אַ צוזיאונג פאַר פּראָגרעסיווע יידישע אַרבעטער, קולטור־מענטשן מיט פעאיקייטן פאַר טעאַטער און פאַר אַנדערע געביטן.

איך האָב געטראָפן אַ טעאַטראַלע גרופּע פון וועלכער מאָזעסוויל האָט גערעדט מיט נחת. כ׳האָב אויך געטראָפן דאָרט דעם באַליבטן יידישן מוזיק־מייסטער יאָהאַנעס, וועלכער האָט אין פאַרלויף פון יאָרן דיריזשירט די אָרקעסטערס פון יידישן טעאַטער אין בוענאָס־איירעס; איך האָב דאָרט נאָך געטראָפן דעם לערער יוסף מענדעלסאָן, וועלכער האָט שוין געשריבן און זיך געדרוקט אין זשורנאַל „דער אַוואַנגאַרד״ אונטער מיין רעדאַקציע (אַ חודש־זשורנאַל פון דער יידיש־סאָציאַליסטישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע), וועלכער האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין בוענאָס־איירעס אין אויגוסט 1908. עס איז דער אייגענער מענדעלסאָן, וועלכער איז אַביסל שפּעטער געקומען אין, בוענאָס־איירעס און איז אַריין אין דער רעדאַקציע פון דער „אידישער צייטונג״; איך האָב זיך אויך געזען מיט דעם לערער יצחק אַלטשולער, וועלכער האָט אויך געשריבן און זיך געדרוקט (בעלעטריסטיק) אין „אַוואַנגאַרד״.

די באַפעלקערונג, וועלכע איך האָב געטראָפן אין מאָזעסוויל איז געווען אַ „קאָסמאָפּאָליטישע״... פון יידן. עס זענען געווען יידן פון אוקראַינע און יידן פון ליטע; יידן פון פּוילן און יידן פון נאָך אַנדערע לענדער און עס זענען שוין אויך געווען אַרגענטינער יידן, טאַקע געבוירענע אין מאָזעס־וויל און אין איר אומגעגנט.

פון דער ערשטער איינוואַנדערונג, די פּיאָנערן פון מאָזעסוויל, זענען שוין געווען קינדס־קינדער. די באַפעלקערונג האָט זיך פּראָגרעסיוו פאַרמערט דורך חתונות און געבורטן.

די באַפעלקערונג איז דורכאויס געווען אַ יידישע, פון יידן. גויים, טאָג־קעלע, וועמען די יידן האָבן גערופן אין גוטן מוט: „פונדיקעס" און זענען געווען די אוראייניקלעך פון אינדיאַנער, האָבן זיך יחידיש, אין אַ זייער באַגרענעצטער פּראָפּאָרץ און פרידלעך זיך איינגעשטעלט אויף אַרבעט ביי באַלעבאָטים - יידן.

דער וואָכנטלעכער רו־טאָג איז געווען שבת, אָבער דאָס איז געווען אַ וועלטלעכער שבת — אַ טאָג פון נישט אַרבעטן און פון לאָזן זיך וואוילגיין, פריי און מיט טאָלעראַנץ. די וועלטלעכע האָבן קיינעם נישט געשטערט צו זיין פרום. פאַר די פרומע האָבן נישט געפעלט קיין שילן. ס'איז אפילו אויך געווען אַ „פּראָלעטאַרישע" שיל, אָבער די פרומע — אין באַשטאַנד פון עלטערע יידן — זענען געווען אין דער מינדערהייט און עס איז זיי גאָר־נישט איינגעפאַלן צו שטערן די וועלטלעכע — אין באַשטאַנד פון דער יוגנט — אין אירע פירונגען.

און די פירונגען זענען געווען יידיש־קולטורעלע, וועלטלעך־געזעלשאַפט־לעכע, שעפערישע און פרייליך־דערהויבענע.

איך האָב זיך גערן אַריינגעדרייט אינעם לאַבירינט פון דער פאַרצווייג־טער פאַמיליע טרומפּער. מען האָט נישט געקאָנט און נישט געוואָלט נישט אַריינדרייען זיך אין דער טרומפּער־פאַמיליע, וועלכע איז געווען פאַמיליאַר פאַרבונדן מיט אַ סך פאַמיליעס אין מאָזעסוויל און איז געווען אָנגעזען, פּרעסטיזשירט און געשטאַנען — מיט נאָך ווירדיקע יידיש־געזעלשאַפטלעכע טוער — אין דער אָנפירערשאַפט פון מאָזעסוויל און אומגעגנט.

באַגלייט פון טוביה טרומפּער, ברוך טרומפּער, ברוך רעכאָוויצקי (זיי זענען שוין געשטאָרבן) און אַנדערע, האָב איך באַזוכט די 4רער גרופּעס, „ביאַליסטאָק" און אַ סך קאָלאָניסטן־מישפּחות, וואָס זענען געזעסן אויף זייערע פעלדער. איך האָב זיי, ביי דער געלעגנהייט, געמאַכט פאַר אַבאָ־נענטן פון „אַוואַנגאַרד", ריכטיקער: מיינע באַגלייטער האָבן זיי געמאַכט פאַר אַבאָנענטן. פון דעם געלט, וואָס מען האָט מיר איינגעצאָלט האָב איך געהאַט אויף דער צוריקרייזע נאָך דעם ווי איך האָב זייער גוט פאַרווײלט אייניקע וואָכן אין מאָזעסוויל.

***

דער סיסטעם פון שליחים פון אַנדערע לענדער איז דאָ נאָך נישט געווען. געסט האָבן זיך יאָ אָנגעהויבן צו ווייזן. איינער פון זיי איז געווען

דער יידישער שרייבער פרץ הירשביין, וועלכער האט נאטירלעך נישט אויס־געמיטן מאזעסוויל. פון זיין דא־זיין איז געבליבן א לידל, וואס מאזעסוויל האט געזונגען:

אויפן בוידעם שלאפט א דאך...

אויך איך האב געמוזט זינגען א לידל, וואס מען האט געזונגען אין בוענאס־איירעס:

אין וועלדל ביים טייכל דארט זענען געוואקסן...

און וואס דאס יונגע און זינגענדיקע מאזעסוויל האט געזונגען.

און אין יענעם מאמענט, ווען עס האט נאך אנגעהאלטן די ערשטע וועלט־מילחמה, האט אין צארישן רוסלאנד אויסגעבראכן די באפרייערישע רעוואלוציע.

מאזעסוויל האט מיט גרויס פרייד און באגייסטערונג אויפגעכאפט די ידיעה און די מאזעסווילער יידן, פארזאמלט, האבן געשיקט א באגריסונג־טעלעגראם קיין פעטראגראד צו דער רעוואלוציאנערער רעגירונג פון רוסלאנד.

און אין זעקס יאר ארום, ווען איך האב צום צווייטן מאל באזוכט מא־זעסוויל, האב איך גערעדט אין אקטן־זאל פון דער „קדימה", פאר די פאר־זאמלטע מאזעסווילער, וועגן דער אזויגערופענער „איבערוואנדערונג" (יידי־שער קאלאניזאציע) אין ראטן־רוסלאנד, וואו יידן, ווי יידן, זענען געווען גלייכבארעכטיקט.

און פון דער פארזאמלונג איז ארויסגעקומען א איניציאטיווע פון א באוועגונג פון מאזעסווילער סאלידארישע הילף פאר דער יידישער קאלא־ניזאציע אין ראטן־רוסלאנד.

***

אין יענעם מאמענט האב איך זיך באקענט מיט גרוזמאנען, וועלכער איז געווען יידישער לערער אין מאזעסוויל און וועלכער איז שפעטער מיט יארן געווען, אין בוענאס־איירעס, דער ארויסגעבער און רעדאקטאר פון יידישן זשורנאל „דער שפיגל".

די וויכטיקסטע עקאנאמישע ארגאניזאציע איז געווען די קאאפעראטיווע מיטן שפאנישן נאמען „לא מוטוא אגריקאלא", וועלכע איז געגרינדעט גע־ווארן אין 1908 און האט זיך פארנומען מיט פארזארגן די לאנדווירטשאפט, די פעלדארבעט; איר פראדוקציע, איר קאמערציאליזאציע און דעם קאנסום פון די קאלאניסטן.

אין דער מאזעסווילער קאאפעראטיווע מיט אדאלפא חפץ אלס בערעג־

טע האָבן דאָן געאַרבעט 23 אַנגעשטעלטע. זי האָט געהאַט אָפּטײלן אין פּאַלמירא, פּאַלאַסיאָס און אין מאָניגאָטעס.

***

אין 1964 האָט מאָזעסוויל געפּײַערט איר 75־יאָריקן יובילײ זינט איר גרינדונג. אין פּאַרלויף פון 34 יאָר, זינט מײן לעצטן באַזוך, האָט מאָזעסוויל זיך אַנטוויקלט. די שוין געוועזענע זאַכן זענען געוואָרן גרעסער, צאָלרײַכער און עס זענען צוגעקומען נײַע זאַכן, ווי למשל, אַ סעמינאַר צו פּאַרזאָרגן מיט לערער די אײגענע שולן און אויך אַנדערע. און אין גאַנג פון דער אײַנגענער צײַט האָט זיך אָנגעהויבן און זיך אַנטוויקלט אַ ייִדישע עמיגראַציע פון מאָזעסוויל. אין דער עמיגראַציע, וואָס איז געגאַנגען אין די גרויסע שטעט און הויפּטזאַכלעך קײן בוענאָס־אײַרעס, האָבן זיך אויך געפונען די ייִדישע קולטור־טוער שענדעריי, קאָוועטסקי, ראָזשאַנסקי און אַ חשובע צאָל אינטעלעקטועלע פּראָפעסיאָנאַלן און מענטשן פון דער עקאָנאָמישער וועלט.

און ענדערונגען זענען פאָרגעקומען מיט ייִדיש און מיט דער באַפעלקערונג: ייִדיש איז געוואָרן אײַנגעשרומפּן און אָפּגעלעבט, בעת דעם אויפלעב און אויסשפּרײטן זיך פון שפּאַניש און די באַפעלקערונג, וואָס איז נאָר געווען פון ייִדן, באַשטײט הײַנט פון „כמעט אַ העלפט ייִדן און אַ העלפט קריסטן" (שענדעריי — אין „די אידישע צײַטונג". יולי 1964).

ווען מען זאָל אָננעמען, אַז אַלע וואָס זענען נישט קײן ייִדן, זענען קריסטן און אַז אַלע קריסטן זענען פון דער שפּאַנישער קולטור, איז דאָס אויסגײן פון ייִדיש, נישט ווײניקער ווי אין דעם ייִדיש־ייִדישן מאָזעסוויל, נישט די ווירקונג פון די גויים, נאָר פון די ייִדן אַלײן, פון דער ייִדישער יוגנט, פון די ייִדישע קינדער, אײניקלעך און אוראײניקלעך איבער דעם נישט לעבן מיט ייִדיש; איבער פאַרנאַכלעסיקן ייִדיש; איבער אַלײן פאַרלאָזן ייִדיש; איבער דעם נישט ליב האָבן די אײגענע שפּראַך, די אײגענע קולטור און איר איגנאָרירן.

און צוזאַמען מיטן אָראָפּזעצן דאָס ייִדישע קולטור־לעבן, ווערט אָראָפּגעזעצט דאָס קולטור־לעבן בכלל.

# מאָנטעפּיאָרע

העכער אַרויף פון מאָזעסוויל, אין צפון פון דער פּראָווינץ סאַנטאַ פע, ביי דער מערב־זייט, וואָס קומט זיך צוזאַמען מיט דער מיזרח־זייט אויפן דרום פון דער פּראָווינץ סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ — געפינט זיך די קאָלאָניע מאָנטעפּיאָרע.

די קאָלאָניע מאָנטעפּיאָרע האָב איך באַזוכט אין יאָר 1923. איידער מען קומט אין דער קאָלאָניע, איז מען אין דער קליינער שטאָט סערעס. זי איז נישט קיין יידישע די שטאָט סערעס, אָבער עס וואוינען אין איר אַ שיינע פּראָפּאָרץ יידן. איינער פון זיי איז געווען יתום — אַ יונגערמאַן מיטן אויסזען פון אַ פּאָעט. ער איז דאָרט געשטאַנען מיט אַ קליינער דרוק־קעריי אויף שפּאַניש און ער האָט אַרויסגעגעבן אַ שפּאַנישן זשורנאַל, וועלכער האָט געהייסן „אדעלאַנטע" (פאָראויס) און פון וועלכן יתום איז געווען אַ שרייבער און דער רעדאַקטאָר.

***

אין דעם זומערדיקן פּאַרנאַכט ווען איך בין אָנגעקומען אין סערעס, האָב איך דאָרט געטראָפן די „בריסקער", וועגן וועמען עס האָט אַביסל גע־קלונגען אין יידישן אַרגענטינע.

די „בריסקער" זענען באַשטאַנען פון צוועלף יידישע פאַמיליעס — 63 נפשות — מיט אַ מערהייט פרויען: עלטערע, יונגערע און קינדער, וואָס זענען געקומען פון בריסק, פּוילן, צו קאָלאָניזירן זיך אין מאָנטעפּיאָרע.

עס איז געווען פינף יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. פּוילן האָט מער נישט געהערט נישט צו רוסלאַנד, נישט צו דייטשלאַנד, נישט צו עסטרייך, וואָס זענען געווען פון די מלחמה־פּאַרשפּילטע; פּוילן איז שוין געווען באַפרייט, פּאַראייניקט און אומאָפּהענגיק; פּוילנס רעזשים — אין דער טענדענץ אַ דעמאָקראַטישער, אַ פרייהייטלעכער (אין איינקלאַנג מיט דער רעוואָלוציאָנערער דערשיינונג אין אייראָפּע) איז נאָך געווען אין אַ כאַאָטישן צושטאַנד און פון דעם צושטאַנד זענען אַרויסגעקומען רעאַקציאָ־

נערע, מיליטאַריסטישע, אימפּעריאַליסטישע, אַנטי־יידישע און טעראָריסטישע אַקציעס, וועלכע האָבן נישט געקאָנט באַזייטיקן — אין דעם נייעם פּוילן — די סיבה צו עמיגרירן.

די דאָזיקע סיבה, וואָס איז געווען אַ טרייב־קראַפט פון אַ יידישער מאַסן־עמיגראַציע נאָך דער מילחמה, האָט אויך געטריבן די בריסקער צו עמיגרירן. האָבן זיי ליקווידירט זייערע „געשעפטן" און זיך געגרייט אויסצוּוואַנדערן קיין אַמעריקע. אָבער „אַמעריקע", ווי מען האָט האַלב טעותדיק גערופן פאַראייניקטע שטאַטן, האָט געהאַט אַ געזעצלעך־באַשרענקטע איינוואַנדערונג, בעת דאָ אין אַרגענטינע איז זי נאָך נישט געווען אַזוי באַשרענקט און איז נאָך געווען אַ געשטיצטע.

האָבן די בריסקער, וועלכע האָבן נישט געקאָנט פאָרן קיין „אַמעריקע", זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט דער „ייקאָ" צו פאָרן קיין אַרגענטינע אויף קאָלאָניזאַציע.

דער באַרימטער יידישער שרייבער ה. ד. נאָמבערג, נאָכדעם ווי ער האָט באַזוכט אַרגענטינע, נאָך דער ערשטער וועלט־מילחמה, האָט באַזוכט ייקאָ־קאָלאָניעס און האָט אויך באַזוכט די קאָלאָניע מאָנטעפּיאָרע. האָט ער קיין גוטס נישט געהאַט צו שרייבן וועגן דעם צושטאַנד פון די קאָלאָניעס און די קאָלאָניע מאָנטעפיאָרע, וואָס איז, דורך זיך, געווען דער עקספּאָנענט פון דלות און צרות אין די ייקאָ־קאָלאָניעס, איז געשילדערט געוואָרן ווי אַ גיהנום.

האָבן דאָס געלייענט די בריסקער און — ווי זיי האָבן מיר דערציילט אין סערעס — זענען זיי געקומען צו דער ייקאָ און געזאָגט:

— אַרגענטינע יאָ, קאָלאָניזאַציע יאָ, אָבער פון מאָנטעפיאָרע ווילן זיי זיין אָפּגעהיטן.

האָט מען זיי צוגעזאָגט און... געפירט אַהער קיין סערעס. און דאָ זענען זיי געוואויר געוואָרן, אַז סערעס מיינט פאַר זיי מאָנטעפיאָרע און עס איז זיי געוואָרן פינצטער פאַר די אויגן. זיי פילן זיך אָפּגענאַרט, פאַרביטערט און הילפלאָז. וואָס וועלן זיי, געוועזענע קרעמער, טון אין אַזאַ קאָלאָניע, וואו מען ליידט נויט און פון וועלכער עס האָבן שוין אָנגעהויבן אויסצוואַנדערן באַהאַוונטע קאָלאָניסטן? פון צוויי הונדערט זעקס און פערציק קאָלאָניסטן אין מאָנטעפיאָרע זענען געבליבן 28, וואָס מאַטערן זיך.

***

איך בין געפאָרן פון סערעס אין דער קאָלאָניע מאָנטעפּיאָרע, אַ 15 קילאָמעטער, געפאָרן מיטן ייקאָ־אַדמיניסטראַטאָר אויף זיין צוויי רעדערדיקע „סולקי" אין פערד־געשפּאַן. אויפן וועג האָבן מיר גערעדט פון דאָס און פון יענץ.

— די ערד איז גוט — רעדט דער אדמיניסטראטאר — מען דארף זי גאר באארבעטן, אפהיטן זי; אויפאקערן זי נאך א רעגן און מאכן וואס מען דארף עס זאל בלייבן אין איר די פייכטקייט.

— די צרה פון דער ערד איז — רעדט אלץ דער אדמיניסטראטאר און טרייבט דאס פערד — וואס עס פעלט איר וואסער. איבער דעם וואקסט נישט, עס טרוקנט דאס פארזייטע און עס קומט גארנישט ארויס. קוקט מען אויס אויף רעגן. און טאמער רעגנט און עס וואקסט — מאכט זיך, אז עס וואקסט מיט א ווארעם און צופרעסט די גערעטעניש איידער זי ווערט צייטיק.

איך האב זיך איבערגעגעבן אין די הענט פונעם פירער פון דער קאלאניע מאנטעפיארע, וואו עס איז געווען א קאאפעראטיווע פון צוועלף מיט־גלידער, זי האט געהייסן „פראטערנאל”. מיטן זונאויפגאנג איז אויפגעשטאנען דאס הויזגעזונט פון דעם הויז, וואו איך האב גענעכטיקט. מען האט געפרישטיקט מילכדיקס. נאכדעם האט מען געשפאנט א פערד אין א „סולקי” און זיך ארויסגעלאזן איבער דער קאלאניע.

אויף די וועגן האט זיך אויפגעהויבן א גרויסער שטויב, וואס האט זיך געלייגט אויף אלץ און אויף אלעמען. די מאסקיטן, וואס אנדערשוואו לאזן זיי זיך שפירן נאך זונאונטערגאנג, זענען דא געווען כמארעסווייז אין העלן טאג און זיי זענען געווען אנגרייפעריש. די פעלדער זענען געווען שיטער באוואקסן, האלב פארטרוקנט. די קאלאניסטן אויף זייערע פעלדער, פארשווארצטע מיט שרעק אין די אויגן און מיט קללות אויף די ליפן האבן זיך געקלאגט אויף זייער לאגע און אויף זייער לעבן אין נויט. זיי האבן אנגעוויזן אויף זייערע אויסגעקראכענע פעלדער.

ערטערווייז וויזן זיך גרינע געוויקסן, הויכע מיט שמאלע און לאנגע בלעטער. עס איז וואקסנדיקער מאיס (קאקורוזע).

— עס וואקסט דאך יא — טרייסט איך דעם באלעבאס.

— ווערים וואקסן! — ברעכט איבער דער באלעבאס א פלאנץ און ווייזט ווי עס ראיעט זיך אין דער פלאנץ א ווארים.

דער מאנטעפיארער יידישער קאלאניסט א דערשלאגענער פון הימל, וואס גיט נישט קיין רעגן און פון דער ערד, וואס גיט נישט קיין „קאסעטשע” און א דערדריקטער פון די חובות, וואס ער קאן נישט צאלן דער ייקא־אדמיניסטראציע פאר דער קאלאניזאציע און חובות פאר לעבנסמיטלען, וואס ער האט אנגעבארגט פאר זיך און פאר זיין הויזגעזינט — טוט ער א מאך מיט זיין שווערער האנט און גייט אריין אין זיין אפגעריסענער כאטע, וואס ארום איר בליען נישט קיין בלומען.

# עספּעראַנסאַ

נאָענט פון דער שטאָט סאַנטאַ פּע איז די שטאָט עספּעראַנסאַ. זי איז אַרומגענומען פון איר קאָלאָניע מיטן אייגענעם נאָמען, אָדער די קאָלאָניע עספּעראַנסאַ מיט איר שטאָט אויפן אייגענעם נאָמען.

די קאָלאָניע עספּעראַנסאַ זאָל זיין די ערשטע אַגריקולטור־קאָלאָניע אין לאַנד. זי איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1856 אויף אַ שטח פון ווילדן וואַלד און אויף דעם אייגענעם שטח איז געשאַפן געוואָרן די שטאָט עספּעראַנסאַ.

***

אין באַגלייט פון אַ ייד אַ סוחר, וועלכער האָט געוואוינט אין עספּע־ראַנסאַ, האָב איך געזען די שטאָט. עס איז געווען אַרום אַכציק יאָר נאָך איר גרינדונג. זי איז נאָך געווען די שטאָט פון דער קאָלאָניע עספּעראַנסאַ, וואָס זאָל האָבן געגרינדעט געוואָרן און הערשאַפט געפירט געוואָרן פון איינעם אַ דייטשן שווייצער, וועלכער האָט געהייסן אַראָן, אָדער אַהרן, קאַסטעזשאַנאָס.

די שטאָט עספּעראַנסאַ, נישט שטעטל, נאָר טאַקע שטאָט מיט דער גאַנ־צער שטעטישקייט, איז אַרויסגעקומען פון דער קאָלאָניע מיטן אייגענעם נאָמען.

***

צי די קאָלאָניע עספּעראַנסאַ איז טאַקע די ערשטע אין לאַנד, וואָס האָט אַ געשיכטע זינט דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע (אין 1492) און האָט אויך אַ פֿאַרגעשיכטע — איז אַ פֿראַגע; זי קאָן אויך נישט באַצייכנט ווערן ווי די ערשטע קאָלאָניע פון אויסלענדישע עלעמענטן, ווייל אויב אין דער קאָלאָ־ניאַלער צייט (פון די ערשטע שפּאַנישע עקספּעדיציעס ביז דער מאַי־רעוואָ־לוציע (1530 — 1810) האָבן נישט געקאָנט פריי אַריינקומען אין לאַנד מענטשן פון אַנדערע לענדער, אָבער שפּאַניער זענען געקומען, איז גע־דרונגען, אַז —

די קאָלאָניע עספּעראַנסאַ, וואָס אויף יידיש און אויף דייטש מיינט עס האָפֿנונג, איז די ערשטע פון אַ דייטש־שווייצערישע קאָלאָניזאַציע מיט איר שטאָט דאָ אין אַרגענטינע.

די קאָלאָניע איז שטעטיש אין זין פון טעכנישע און מעכאַנישע דער־גרייכונגען און אָנווענדונג פון די דערגרייכונגען; אין זין פון בליען און וואַקסן מיט רעגנס צי אָן רעגנס פון הימל; אין זין פון פּראָדוקטיוויטעט און קאָנפאָרט; אין זין פון מעסיקער אַרבעט, רו און פאַרווייַלונג; אין זין פון אַ קולטורעל, ליכטיק און אַ באַקוועם לעבן.

די שטאָט עספּעראַנסאַ איז דאָרפיש אויף וויפל זי שטייט אין גרינס פון אַלע מינים קליינע און גרויסע פלאַנצן און אין פערפומען פון אַלע מינים בלומען, זי אָטעמט מיט ריינע לופט און לעבט אין נאָענטן, שעפעריש באַריר מיט איר פּרוכטיקער און איר ליבער קאָלאָניע.

אַלע שטעט און שטעטלעך אין לאַנד זענען שיין, ריין און האָבן זייער חן. עספּעראַנסאַ — ווי איך האָב זי געזען אין 1923 — איז אויך אַזוי גע־ווען און איז געווען נאָך עפּעס, וואָס האָט געשמעקט און זיך געשפּיגלט מיט און אין דייטשער שווייצערישקייט.

דאָס שטילע עספּעראַנסאַ, וואָס האָט זיך מיט איר מאָדערנע שטאָ־טישקייט אויסגעשפּרייט אויף די פעלדער אַרום, האָט געלאָזט הערן איר געזונטן אָטעם פון איר טעכניק און איר מעכאַניק, וואָס האָט זיך ריטמיש געטראָגן פון אירע װערקשטאַטן און פון אירע פאַבריקן, אין וועלכע עס ווערן אויסגעאַרבעט די פּראָדוקטן פון דער קאָלאָניע און דאָס געצייג און די מאַשינען פ א ר דער קאָלאָניע און פאַר זיך. עס האָט זיך געהערט דאָס שטעפּן פון ניי־מאַשינען און די האַמער־קלעפּ פון שמידער.

אין ביידע עספּעראַנסאַס — פּאַראַייניקט — האָבן דאָן געוואוינט אַ דרייסיק טויזנט מענטשן. לויט אַ שריפט (בוך: „אַפּונטעס אינטימאָס") פון אַ גוטן ייקאַ־אַדמיניסטראַטאָר (אַזאַ איינער איז אויך געווען...): א. לייבאָ־וויטש, האָבן אין דער קאָלאָניע עספּעראַנסאַ „צוזאַמענגעלעבט, אין דער פולער האַרמאָניע, קאַטאָליקן, פּראָטעסטאַנטן און יידן". דאָס הייסט, אַז אין דער קאָלאָניע עספּעראַנסאַ זענען אויך געווען יידן. פון קיין צאָל אָרער פּראָצענט רעדט זיך נישט. אין דער שטאָט האָבן דעמאָלט געוואוינט זייער אַ קליינע צאָל. אינגאַנצן אַ זעקס מישפּחות. אָבער ס'איז דאָ נישט קיין יידן־פראַגע. עס האָט זיך נאָר דאָ פאַרצייכנט, אַזוי זיך, אַז אין עספּעראַנסאַ, זענען אויך געווען יידן. פון דער גאַנצער באַפעלקערונג זענען אַכציק פּראָ־צענט געווען דייטשן.

***

צום סוף פון דעם קאַפּיטעלע עספּעראַנסאַ ווילט זיך דערמאָנען — בן־עמין:

אַ פילם־אונטערנעמער האָט זיך אונטערגענומען צו פילמירן די קאָלאָ־

ניע עספּעראַנסאַ פאַר קינאָ־עקסהיביציעס. עס איז געפאַלן זיין אינטערעס אויף דער קאָלאָניע צוליב איר געשיכטלעכקייט, איר לאַנדשאַפט און אירע עפּיזאָדן. איז דער יידישער אַרטיסט בן־עמי, וועלכער האָט אין בוענאָס־איירעס געשפּילט גוט גוטן יידישן טעאַטער, איינגעלאַדן געוואָרן צו שפּילן די הויפּטראָל אין דעם פּילם, וואָס האָט טאַקע געהייסן „עספּעראַנסאַ״.

דער פּילם איז געמאַכט געוואָרן אין דער קאָלאָניע און בן־עמי האָט געשפּילט די ראָלע פון דאָן אָראָן קאַסטעזשאַנאָס — דער גרינדער און העראָישער פירער פון דער קאָלאָניע עספּעראַנסאַ, ווען זי האָט געהאַט אויסצוואָרצלען דעם ווילדן וואַלד און קעמפן מיט די אינדיאַנער.

עס איז געווען אַ קלאַנג־פּילם אויף שפּאַניש אין מויל פון דייטשע אימיגראַנטן.

# ראָזאַריאָ

ראָזאַריאָ איז אויך אין דער פּראָווינץ סאַנטאַ פֿע. די שטאָט, וואָס איז די גרעסטע פֿון דער פּראָווינץ, גרעסער אַ סך פֿון דער הויפּטשטאָט סאַנטאַ פֿע, געפֿינט זיך ביים טייך פּאַראַנאַ 303 קילאָמעטער פֿון בוענאָס-איירעס, אויף דער מיזרח־זייט פֿון דער פּראָווינץ.

לויט אַ פֿאָלקסציילונג אין 1960 וואוינען אין ראָזאַריאָ אַרום זעקס הונדערט טויזנט מענטשן. לויט איר גרויס, באַפֿעלקערונג און אינדוסטריע איז זי די צווייטע שטאָט אין לאַנד. איר פּאָרט, וועלכער איז דער הויפּט־פּאָרט פֿון דער אייגענער פּראָווינץ, וואָס האָט אַ מיליאָן חזירים, דריי פֿערטל מיליאָן פֿערד, זעקס מיליאָן קי און גיט אין אַ געוועטעניש אַ מיליאָן הונדערט טויזנט טאָן ווייץ, ניין הונדערט טויזנט טאָן קאָקורוזע און ביי די צוויי הונ־דערט טויזנט טאָן קאַרטאָפֿל, הונדערט דרייסיק טאָן זונקערן, צוויי הונדערט צוואַנציק טויזנט טאָן צוקער־רער, זעקס און דרייסיק טויזנט טאָן וואָטע און נאָך טויזנטער טאָנען אַנדערע פֿעלד־פּראָדוקטן — שטייט נאָענט פֿון די פֿלייש און ברויט, מילך און האָניק פּראָווינצן ענטרע ריאָס און קאָרדאָבאַ און עס גייט דורך דעם ראָזאַריער פּאָרט אַ עקספּאָרט און אימפּאָרט.

פֿון העכער ניינצן טויזנט אינדוסטריעלע איינריכטונגען געהערן זיבן טויזנט פֿינף הונדערט צו ראָזאַריאָ און איר אומגעגנט.

פּאַראַלעל צו דער אינדוסטריע גייט דער האַנדל אין ראָזאַריאָ. די קול־טור, די בילדונג און די קונסט פֿאַרנעמט אין דער צווייטער שטאָט פֿון לאַנד זייער געהעריקן אָרט.

די באַפֿעלקערונג איז אַ קאָסמאָפּאָליטישע. דורות און דורות פֿון איר זענען אין ראָזאַריאָ געבוירענע, אָבער זיי זענען די קינדער און קינדס־קינדער פֿון איינגעוואַנדערטע פֿון פֿאַרשידענע לענדער מיט פֿאַרשידענע פֿעלקער, מיט פֿאַרשידענע קולטורן און מיט יידן צווישן זיי.

די לאַנד־שפּראַך איז שפּאַניש; אַרגענטיניש־שפּאַניש, וואָס איז די שפּראַך, אויף וועלכער עס פֿאַרשטייען זיך אַלע איינוואוינער. אָבער קיינעם

שטערט מען נישט אַפּצוהיטן, זיך באַנוצן און צו אַנטוויקלען די אייגענע שפּראַך, די אייגענע קולטור אַזוי ווי דאָס אייגנאַרטיקע לעבן.

פריער, ווען די יידן אין ראָזאַריאָ האָבן זיך שוין געציילט אין אַ שיינעם פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, אָבער אין אַ פיל קלענערער צאָל ווי היינט, האָט יידיש פאַרנומען אַ סך אַ גרעסערן אָרט אין לעבן. און דער יידיש איז געווען אַ וועלטלעכער, אַ מאָדערנער אַ פּראָגרעסיווער.

עס זענען געווען לעבהאַפטיקע יידישע קולטור־אינסטיטוציעס, פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס, פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס: ציוניסטישע, סאָציאַליסטישע. אַ צענטער פון דער יידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע „אַוואַנגאַרד" האָט שוין פונקציאָנירט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין ראָזאַריאָ איז דערשינען אַ לאָקאַלע יידישע שריפט. פריער: „דער וועקער" און שפּעטער: „ראָזאַריער לעבן".

דאָס יידישע ראָזאַריאָ פון אַמאָל איז געגאַנגען פאָראויס פון דער „ליבער פּראָווינץ" און אַנטקעגן געטראָגן ברידערלעך און האַרציק איר הילף דעם יידישן בוענאָס־איירעס, וואָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי זעלבסטהילף.

***

עס איז געווען אין ערשטן חודש פון דער רוסלענדער באַפרייערישער רעוואָלוציע, אין 1917, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט ראָזאַריאָ און בין געווען דער גאַסט פון יידישן אַרבעטער־ראָזאַריאָ.

דאָס איז געווען אויף מיין רייזע פון סאַנטאַ פע צוריק קיין בוענאָס־איירעס. די יידישע אַרבעטער־ביבליאָטעק איז געווען די הויפּט־יידישע קולטור־אינסטיטוציע אין ראָזאַריאָ. חוץ איר לעבהאַפטיקייט ווי אַ ביבליאָטעק, האָט זי געהאַט אַ יידישן כאָר, וועלכער איז אָנגעפירט געוואָרן פון מייסטער גערבעראָוו און אויף איר טריבונע האָב איך דעמאָלט געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן דער גרויסער וועלט־געשעעניש, ווי דאָס איז געווען די רוסלענדער פּראָלעטאַרישע און סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף פון דער צאַרישער מאַכט און האָט מער ווי אַנדערע באַפרייט די מער אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע יידן.

# פֿון רעטירָאָ ביז לאַ פּאַלדאַ

דאָס איז געווען אין אַ געוויינלעכן אויפֿדערנאַכט פֿון יאָר 1923.

אַלע פּאַסאַזשירן האָבן זיך שוין געהאַט אַריינגעפּאַקט אין דער צענטראַל־קאָרדאָבאַ־באַן און זיך געזעגנט מיט זייערע באַגלייטער, וואָס זענען געבליבן אויף דער פּלאַטפֿאָרם.

אַ קלונג. אַ פֿייף און די באַן האָט זיך גערירט פֿון אָרט. זי האָט אָנגעהויבן לאַנגזאַם, פּאַמעלעך, אויפֿנעמענדיק די גרוסן, וואָס מען האָט געשיקט — שרייענדיק און האָט זיך געלאָזט גיין אַלץ האַסטיקער און געלאָזט הינטער זיך די באַלויכטענע שטאָט מיט העל־ווייסע און קאָלירטע ליכטער, וואָס האָט ביינאַכט אויסגעזען פֿאַנטאַסטיש יום־טובדיק.

נאָר באַלד איז פֿאַרשוואונדן די ליכטיקע שטאָט־פּאַנאָראַמע. דער לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגעזאָגט, דורך אַ מעכטיקן פֿייף, דעם אַריינפֿאָר אין אַ געדיכטער פֿינצטערניש. עס האָבן געצאַנקט צושאָטענע ליכטלעך, וואָס ווערן אויך באַלד פֿאַרלאָשן און עס ווערט שטיל. קאַלט. דער עולם צוגייט זיך, גענעצנדיק, אין די שלאָף־צימערלעך אַריין. די פּאָר וואַגאָנען פֿון ערשטן און צווייטן קלאַס, וואָס זענען צוגעטשעפּעט געוואָרן פֿאַר די, וועלכע האָבן זיך נישט באַזאָרגט, אָדער האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן אויסצוגעבן אַריבער אַכט פּעזעס פֿאַר אַ בעטל, באַקומען אויך אַ שלעפֿערדיקן אויסזען. מען דרייט זיך צונויף אויף די קורצע און שמאָלע בענק און מען פֿאַרמאַכט די אויגן מיט דער האָפֿנונג, ווי עס איז איבערצוקומען די נאַכט.

עס איז נאָך רעגנס. די אומענדלעכע ערד־פֿלאַכן, וואָס שפּרייטן זיך אַוועק פֿון ביידע זייטן באַן, זענען דורכגענעצט, דאָס איז אַ טרייסט, עס וועט זיך פֿון זיי נישט אַריינטראָגן אַזוי פֿיל שטויב, דאָך ווערן אַלע פֿענצטערלעך פֿאַרהאַקט און נישט אַזוי קעגן דעם שטויב, וואָס די ווינטן שיטן אַריין, ווי קעגן דער באַלאַגערונג פֿון די ביסנדיקע פֿליגעלעך, וועמענס מחנות עס זענען געדיכטע, בייזע און אָנגרייפֿנדע דאָ, וואו עס איז פֿייכטלעך און וואו עס איז פֿינצטער. אָבער אינגאַנצן זיך באַשיצן פֿון דער באַלאַגערונג איז דאָך נישט מעגלעך. זיי פֿאַרנעמען סטראַטעגישע פּונקטן און פֿאַרזעען

נישט די קלענסטע געלעגנהייט אריינצורייסן זיך דורך די שפּאַלטן, דורך די עפענונג פון א טיר און דורך דאָס עפענען פון אַ פענצטערל פון איינעם, וואָס כאַפּט זיך אויף און שטעקט אַרויס זיינע פאַרשלאָפענע אויגן אין דער פינצטערניש אַרויס צו זען ווי מען איז אין דער וועלט און זעט דאָך גאָר־נישט... און רייסן זיי זיך אַריין, די פליגעלעך, אַזוי באַזעצן זיי זיך אויף דיר מיט זייערע שפּיזלעך און שטעכן און עס איז פון זיי נישט פּטור צו ווערן. ערשט ווען עס הויבט אָן טאָגן, די זון באַווייזט זיך אַ רויטע אינעם האָריזאָנט און עס ווערט ליכטיק, צולויפן זיי זיך אין זייערע זומפּיקע נאָרעס אַריין, ווערן פאַרשוואונדן און דו פילסט זיך ווידער פריי און אָטעמסט פריי.

***

סטאַנציע ראָזאַריע. עס איז שוין טאָג, אָבער די שטאָט שלאָפט נאָך. די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פערציק מינוט. דאָך די צווייטע אַר־בעט־ און האַנדלס־שטאָט פון לאַנד. פרישע אָרטיקע צייטונגען אין וואָקזאַל־קיאָסק, און פריש ברויט אין וואָקזאַל־קאַפע, איז שוין פאַראַן. עס זענען דאָ אויך שוין פאַראַן נעכטיקע צייטונגען פון בוענאָס־איירעס, וואָס אַ פריער־דיקע באַן האָט זיי געבראַכט. כאַפּט מען אַ „קאָמפּלעטאַ” און מען כאַפּט אַ פּאָר צייטונגען. אייניקע כאַפּן אויך אַ קוק אויף דער ביכער־אויסשטעלונג אינעם קיאָסק און מען קויפט זיך מיט אַ בוך אין וועג אַריין. די באַן באַ־זאָרגט זיך מיט קוילן, טרינקט זיך אָן מיט וואַסער פון אַ ריזיקן לאַגל, באַ־זאָרגט זיך מיט עסנס און געטראַנקען, נעמט אויף ראָזאַריער באַגאַזש און פּאַסאַזשירן און גרייט זיך אין וויטן וועג אַריין.

***

איצט לויפט שוין די באַן מיט אָפענע פענצטער. עס כוואַליעט אַריין דורך זיי די פרישע לופט פונעם פרימאָרגן און די ריחות פון דעם פעלד־טוי, וואָס הויבט זיך אָן צו טריקענען אונטער די זונשטראַלן, וואָס קומען אַלץ נענטער און לאָזן אַלץ מער פילן זייער וואַרימקייט.

די באַן האָט אָנגענומען אַ צוויי־טאַקטיקן טאַקט און קלאַפּט אים כסדר אויס:

— טאַקע — טאַקע — טאַקע — טאַקע —

יאָרן און דורות לויפט זי, די באַן, אַלץ אויפן זעלבן וועג און אַלץ מיטן זעלביקן טאַן.

און אַזוי ווי די באַן, איז אויך צוויי־טאַקטיק און צוויי־פאַרביק די נאַטור. דער הימל איז געפאַרבט אין העל־בלוי און דו זעסט נישט קיין אָנהויב און קיין סוף — אַן אומענדלעכער אויסגוס פון העל־בלוי. דאָס פעלד האָט זיך

אויסגעשפּרייט אין אַ אומענדלעכער פלאַכקייט, אַן אַ בערגל, אַן אַ טייכל, אַן אַ וועלדל; איז אויסגעשפּרייט און טריקנט זיך אונטער דער זון און נעמט אויף זיך שטויב און איר פאַרב, וואָס איז אפשר אַמאָל געווען גרין, איז היינט אָפּגעבליאַקעוועטער געל־ברוין.

און די באַן לויפט שעהן נאָך שעהן און קלאַפּט צו —

— טאַקע — טאַקע — טאַקע — טאַקע —

מאַיס —

שוין צוגעטריקנטער, געל־ברוינלעכער, אָפּגעבליאַקעוועטער, האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער ברייט און לענג פון פעלד.

פאַרסט און פאַרסט, ביזט שוין אָפּגעפאָרן פינף שעה, צען שעה, פופצן שעה און די פלאַכע פעלדער זענען אַלץ באַזעצט מיט מאַיס, הימל און מאַיס. עפּעס אַזוי ווי דאָס וואָלט געטון געוואָרן צו להכעיס דעם רייזנדן, אים צו דענערווירן מיט דריי זאַכן: פליגעלעך, שטויב און מאַיס, און די באַן, וואָס איז שוין אָפּגעלאָפן הונדערטער קילאָמעטער אויף די מאַיס־פעלדער, קלאַפּט צו —

— טאַקע — טאַקע — טאַקע — טאַקע —

פאַרסט מיט אייראָפּעאישע זעאונגען אין דער טיף פון לאַנד און פרעגסט זיך: וואו האָבן זיך ערגעץ באַהאַלטן די דערפער מיט זייערע לאַנקעס, מיט זייערע גערטנער, מיט די קליינע, ריינע און אידילישע הייזקעס, מיט די פרישע געזונטע פויערים און פויערטעס און זייערע אייגנאַרטיקע פאַרביקע קליידער, מיט דעם זאַפטיקן דאָרפישן לעבן, וואָס שלאָגט אַרויס פון זיי; אָדער דו פרעגסט זיך: וואו האָבן זיך ערגעץ באַהאַלטן די שיינע ווילעס און די פּרעכטיקע שלעסער פון די פּריצים און די גוט־באַזיצער, וואָס דערציילן געשיכטעס פון אַמאָל, פון פאַרגאַנגענע דורות און יאָרהונדערטער און הויכן מיט זייער ווירטשאַפטלעכער פעסטקייט און שיינקייט? אָדער וואו האָבן זיך ערגעץ באַהאַלטן די שטעטלעך, די קליינע, באַשיידענע, נאַאיווע שטעטלעך, וואָס לעבן צווישן די אידילישע דערפלעך און די לעגענדאַרישע ווילעס און שלעסער און האָבן זיך געשאַפן אַן אייגנאַרטיק, טראַדיציאָנעל, נאַטירלעך, פאַרוואָרצלט, ליב קליינשטעטלדיק לעבן, מיט אייגענע געשיכטעס און געשיכטעלעך, מיט אייגענע לעגענדעס און פאַנטאַזיעס? וואו האָט זיך דאָס אַלץ באַהאַלטן?

דאָ, פונעם באַן־פענצטערל, זעסטו נישט מער ווי סטאַנציעס, שאַבלאָנע, קאַלירלאָזע, לויזע, עפּעס אַזוי ווי אויף דערווייל אַוועקגעשטעלטע אין מיטן פעלד און אַרום די דאָזיקע סטאַנציעס האָט מען אַוועקגעשטעלט קאַסטנס פון ציגל, פון האָלץ, פון בלעך און פון בלאָטע, וואָס זאָלן דערווייל דינען פאַר וואוינונגען און פאַר קלייטלעך. אויך זיי זענען שאַבלאָניש, אַלע כמעט פון

דער זעלבער פאָרם אָדער פאַרמלאָזיקייט, פאַרבלאַז, גרוי, פאַרשטויבט, זיי זענען אוועקגעשטעלט אבי וואו און אבי ווי און זיי דערציילן, אַז די מענטשן וואָס האָבן זיי אוועקגעשטעלט, האָבן זיך נישט געזאָרגט פאַר זייער שטאַנדהאַפטיקייט, פאַר זייער באַקוועמלעכקייט, פאַר זייער שיינקייט, האָבן נישט געפלאַנצט דאָ זייער לעבן, זענען נישט געקומען פון אַלטע דורות מיט דער מיסיע צו שאַפן נייע דורות און זיי פאַרזאָרגן, נאָר ווי זיי וואָלטן געשיקט געוואָרן פון אימיגראַנטן-הויז אָדער פון אַגענטורן אָפּצואַרבעטן אָדער אָפּצוהאַנדלען אַ שטיקל צייט און אוועק.

און כאָטש די מענטשן זענען שוין דאָ אַלט און גרוי געוואָרן און האָבן שוין דאָ קינדער און אייניקלעך און די הייזער, וואָס זעען אויס ווי קאַסטנס, אבי צונויפגעקלאַפּטע, אבי צונויפגעקלעפּטע, זענען שוין טיילווייז צעפרעסן פון דער צייט, טיילווייז פאַרלאַטעטע און עס זענען שוין אויך צוגעשטעלט געוואָרן נייע, בלייבט אַלץ דער איינדרוק אַז אַלעם: די מענטשן, די הייזער, די פּרנסות, זענען אויף דערווייל, אָפּצואַרבעטן, אָפּהאַנדלען און אוועק...

***

צייטנווייז שוואַרצלט זיך עפּעס דאָרט פון ווייטנס און מען טרייסט זיך, אַז צו די מאַיס-פעלדער נעמט דאָך אַמאָל אַ סוף... און ווי וועלנדיק באַפרידיקן דעם רייזנדן, אײַלט זיך די באַן אַהין. דאָס זענען ווילדע פעלדער, אומבאַרירטע, באַוואַקסענע מיט קליינע, פאַרפּלאָנטערטע, געקרייזלטע ביימלעך פון קיינעם נישט פאַרפלאַנצטע. ווער ווייסט מיט וויפל הונדערטער יאָרן צוריק. זיי האָבן פון דער ערד אַליין אַרויסגעשפּראָצט און זענען געבליבן ווי פאַרטריקנט אין די ערשטע יאָרן פון זייער וואוקס, נישט זיי בליען נישט זיי וועלקן. זיי ווערן נישט פאַרענדערט פון די יאָר-צייטן, פאַר זיי איז אַלץ איינס זומער ווי ווינטער, פרילינג ווי הערבסט. און די דאָזיקע ווילדע פעלדער, אויף וועלכע עס לויפט שוין די באַן און ווערט פון זיי באַשאָטן מיט שטויב און פליגעלעך, זענען דאָך נישט פריי, זיי זענען אויך פאַרדראָטעוועט, צו עמעצן געהערן זיי שוין: ער זיצט אוודאי אין בוענאָס-איירעס אָדער אין פּאַריז און לעבט אויף זייער חשבון, לעבט פון דעם מערווערט, וואָס וואַקסט אָן אויף זיי דורך דער מאַיס-אינדוסטריע פון אַרום און אפשר אויך דורך אַנדערע תבואה-אינדוסטריען, אויף די אַנדערע זייטן פון די מאַיס-פעלדער, ווי אויך דורך די סטאַנציעס און די שטעטלעך, וואָס האָבן זיך פאַרמירט פון די קעסטלדיקע הייזקעס.

***

ווייט אויפן האָריזאָנט צייכענען זיך די סילועטן פון די קאָרדאָבער בערג. די באַן יאָגט צו זיי.

דער עולם כאַפּט זיך צו די זייגערלעך: — אַ וואונדער: די באַן האָט נישט פאַרשפּעטיקט! מען שאָקלט פון זיך אַראָפּ דעם שטויב. מען וואַשט זיך אָרום און ווער עס דאַרף אַראָפּ אין קאָרדאָבאַ, נעמט צוזאַמען זיין באַגאַזש.

הויך־קאָרדאָבאַ, אַזוי הייסט די סטאַנציע נאָך דער געגנט, אייגנטלעך אַ פאַרשטעטל, וואָס איז אָפּגעטיילט פון דער שטאָט מיט אַ טייך, דער ערשטער פון די פיר טייכן, וואָס קומען פון די בערג און צעלויפן זיך אין פאַרשידענע ריכטונגען פון דער פּראָווינץ; הויך־קאָרדאָבאַ האָט זיך טאַקע אַוועקגעשטעלט העכער פון דער שטאָט, וואָס האָט זיך באַזעצט אין טאָל מיט אירע קירכעס און קאָנווענטן, וואָס זי האָט אַוועקגעשטעלט אויף יעדע פּאָר טריט, אין משך פון הונדערטער יאָרן און עס זענען געבליבן צווישן זיי קירכעס און קאָנווענטן, וואָס דערציילן פון איזאַבעלאַס צייטן און פון דער „הייליקער" אינקוויזיציע, און צווישן די קאָלאָניאַלע הייזער שטייט נאָך דאָס הויז פון לעצטן שפּאַנישן וויצע־קעניג, סאָברעמאָנטע, וועלכער איז אַנטלאָפן, מיט הונדערט און איינאונצוואַנציק יאָר צוריק קיין קאָרדאָבאַ, ווען די מאַי־רעוואָלוציע האָט שוין געקלאַפּט אין די טירן פון בוענאָס־איירעס.

***

אָבער קאָרדאָבאַ איז שוין נישט נאָר די שטאָט פון קירכעס און קאָנ־ווענטן, שוין נישט נאָר די שטאָט וואָס דערמאָנט מער ווי אַלע אַנדערע שטעט, אין די קאָלאָניאַלע צייטן, זי איז אויך אַ שטאָט פון בילדונג, פון וויסנשאַפט, פון וועלטלעכקייט; קאָרדאָבאַ שפּייזט מיט בילדונג נישט נאָר איר אייגענע באַפעלקערונג, נאָר אויך די באַפעלקערונג פון דער גאַנצער פּראָווינץ און פון די פּראָווינצן אַרום; זי איז איינע פון די פיר שטודיר־צענטערס פון לאַנד, איינע פון די פיר אוניווערסיטעט־שטעט. קעגן אירע קירכעס האָט זיך אויפגעהויבן אַן אַסטראָנאָמישער אָבסערוואַטאָריום, וואו עס זיצט דער נישט־באַטיטלטער, אָבער דער גרעסטער אַרגענטינער אַסטראָ־נאָם, מאַרטין כיל (ער איז געשטאָרבן) און קוקט אין די הימלען און אַנט־פּלעקט זייערע סודות און צושטערט דורך דעם די מיסטעריעזע מאַכט פון דער קירכע.

***

אין קאָרדאָבאַ האָט, דאַכט זיך, די אינדיאַנישע ראַסע זיך קאָנסערווירט און נישט נאָר וואָס זי האָט זיך קאָנסערווירט — זי אימפּאָנירט זיך אויך אויף די אַנדערע ראַסן. דאָס איז צו באַמערקן אין דער קאָליר. דער קאָר־דאָבער איז טונקל־ברוין, ער רעדט מיט אַ באַזונדערן אינדיאַניש־קלינגעדיקן אַקצענט און מיט אַ באַזונדער קורץ־אָטעמדיקע, זינגעדיקע אינטאָנאַציע,

און ער ווערט נישט באַווירקט פון די צוגערייזטע פון אַנדערע פּראָווינצן און פון די צוגערייזטע פון אַנדערע לענדער. פאַרקערט, די מענטשן, וואָס שטעלן זיך דאָ אָפּ, הויבן אויך אָן צו באַקומען אַ ברוינע הויט און הויבן אויך אָן ריידן מיט קאָרדאָבער אַקצענט, די קאָליר מיטן אַקצענט האַרמאָנירט. נישט האַרמאָניש איז ווען דער קאָרדאָבער אַקצענט ווערט אויסגעריערט פון אַ ווייסהויטיקער פּרוי אָדער מאַן, עס זעט אויס ווי נאָכגעשפּעט.

אָבער די אייגנאַרטיקע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פונעם קאָרדאָבער, זענען דאָך גאָרנישט קיין אָפּהאַלט אין זיין שטייגן אויפן טורעם פון דער ציוויליזאַציע. אויסער אַן אונטערערדישן טראַמוויי אָדער באַן, וואָס איז נאָך אין קאָרדאָבע נישט פאַראַן, איז נישט צו געפינען עס זאָל עפּעס פעלן פון דאָס אַלץ וואָס איז ביז היינט דערגרייכט געוואָרן דורך דער ציוויליזאַציע, דורך דער טעכניק, דורך דער קולטור, דורך דער בילדונג, דורך דער וויסנשאַפט, דורך דער קונסט און דורך דער אַרבעט.

***

כ'האָב איבערגעלאָזט מיין רענצל אין „אייראָפּע" (אַזוי הייסט דער האָטעל) און בין אַרויס אין יידישן צענטער, וואָס איז אויך דער צענטער פון שטאָט, זיך טרעפן מיט באַקאַנטע. אַוודאי איז מיר באַלד אַנטקעגן געקומען דער, וועמען איך האָב פאַר אַלע אין זינען געהאַט, לעסניק (ער איז געשטאָרבן), דער פּריווויליקער און ענערגישער פאַרטרעטער פון דער יידישער קולטור אין קאָרדאָבע, איינער פון די גרינדער פון דער איינציקער און זייער שיין איינגעאָרדנטער, כמעט מוסטערהאַפטער ביבליאָטעק, וואָס טראָגט דעם נאָמען יידישע יוגנט; דער זעלביקער לעסניק, אַ היטלמאַכער פון פאַך, וואָס האָט אַזאַ וואַרימע באַציאונג צו דער יידישער מאַסן־קולטור־באַוועגונג און צו וועמען עס ווייסן זיך צו ווענדן די היגע יידישע שרייבער, וואָס געבן אַרויס אין בוך־פאָרם זייערע שאַפונגען און צו וועמען מען ווייסט זיך צו ווענדן אין יעדן פאַל פון גרעסערע קולטור־אונטערנעמונגען און פון ברייטערע קאַמפּאַניעס לטובת יידישע קולטור־צוועקן.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דער געהעריקער דערקלערונג, אַז איך בין נישט געקומען אין קיינעמס אינטערעסן און פאַר קיין שום צוועקן און אַז איך האָב זיך נאָר אָפּגעשטעלט אין קאָרדאָבע, פאַרבייפאָרנדיק, צו וואַרטן אויף דער שטאָטס־באַן, וואָס זאָל מיך אַוועקפירן אין די בערג, זענען מיר אַריין אין יידישן קאַפע.

צו דעם באַלעבאָס פון דער קאַפע איז צוגעשטאַנען פאַר אַ שותף אַ יידישער שרייבער, וועלכער האָט אַריינגעלייגט אין דעם געשעפט זיינע גאַנצע הונדערט פּעזעס וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פון „קלאַפּעריי". ער

איז צוגענומען געוואָרן פאַר אַ שותּף נישט אַזוי צוליב דעם, וואָס ער האָט געהאַט בייצוטראָגן, אויך נישט אַזוי צוליב זיין פּראַקטיק אין אַזאַ געשעפט, וואָס ער האָט אפשר נאָר געהאַט אַלס קאַווע־טרינקער; אויך נישט אַזוי צוליב זיינע פעאיקייטן צו שטיין אונטערן בופעט, וועלכע דאַרפן זיך ערשט אַרויסווייזן. ער איז צוגענומען געוואָרן פאַר אַ שותּף ווייל ער איז אַ שרייבער... דער באַלעבאָס פון קאַפע פאַרשטייט, אַז אַ געשעפט דאַרף האָבן אַ מענטש מיט אַ פּען, מען דאַרף פאַרשרייבן די לייזונג, מען דאַרף פאַרשרייבן אין די ביכער: איינקונפטן, אויסגאַבן — מען דאַרף שרייבן.

האָט זיך מיין קאָלעגע, אַ פאַרשעמטער אונטערן בופעט, דערפרייט, דערזעענדיק מיך אין זיין קאַפע, אָבער די קעלנער האָבן אים נישט געלאָזט פאַטערן קיין צייט, שטייסטו אונטערן בופעט — דערלאַנג! און עס טראָגן זיך זייערע קולות:

— פיר ביר!

— דריי עקספּרעס!

— איין קאַרטאַדע!

איז מיין קאָלעגע, דער שרייבער, צופרידן, וואָס עס לייזט זיך, ער איז דאָך עפּעס שותּף, און אומצופרידן וואָס מען לאָזט אים אַ מינוט נישט רוען, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געוואָרן אַ רעדל אין אַ קאַפע־מאַשינקע, און קלערט איצט נישט צו שרייבן אַ ווערק וועגן גאָט און וועלט, ער קלערט איצט וועגן צייט גוט אויסצושלאָפן זיך...

די קאַפע איז צוטיילט אין צוויי טיילן. אַ פאָדערשטע און אַ הינטערשטע. די הינטערשטע טייל איז געדיכט און אַקטיוו און דער עולם אין איר איז זייער פאַרטון ביים שפּילן אין דאָמינאָ, דאַדעס און נאָך אַזוינע שפּילן, פון וואָס עס טראָגט זיך כּסדר אַ דריבנער געקלעפּער און אַ זשום. די פאָדערשטע טייל איז שיטערער און פּאַסיווער. אַרום אירע טישלעך טרעפן זיך די יידיש־געזעלשאַפטלעכע טוער, קולטור־טוער און מען רעדט, ביי אַ טעפּעלע קאַווע, פון געזעלשאַפטלעכע ענינים, אידעאַלן, סאָציאַלע באַוועגונגען, פּאַרטייען און אַלץ וועגן העכערע ענינים.

***

קאָרדאָבע איז נאָך געשלאָפן, ווען איך האָב איר פאַרלאָזט. עס איז נישט געווען זייער פרי. די זון איז שוין געשטאַנען גאַנץ הויך און געטרוקנט די ליידיקע גאַסן פון ביינאַכטיקן רעגן. די געשעפטן עפענען זיך ערשט אַכט אַזייגער און דאָס נישט צוליב דעם, וואָס די קונים קלאַפּן אין טיר, נאָר אַזוי אויס געוואוינהייט. די טראַמווייען האָבן ערשט אָנגעהויבן צו גיין. איך בין געווען דער איינציקער פּאַסאַזשיר אויף דעם טראַמוויי,

וועלכער האָט מיך צוריקגעפירט אויף הויך קאָרדאָבע, פון וואַנען איך בין געקומען, כדי דאָרט אָפּצעוואַרטן אויף דעם שטאָטס־באַנדל, וואָס גייט אַוועק אין די בערג.

דער וואָקזאַל איז אַ קליינער, אַן אָרימער, אַן אָפּגעלאָזטער, וואָס אין דעם אַליין דערקענט מען שוין זיין אַנגעהעריקייט... פאַר אַ באַן־בילעט דאַרף מען גוט באַצאָלן. דער טאַריף שטייט הויך, דוכט זיך נאָך העכער פונעם טאַריף אויף די גרויסע און באַקוועמע פריוואַטע באַנען. איך האָב גענוג צייט צו וואַרטן ביז די באַן וועט זיך אָנהויבן רירן, דריי איך זיך אַרום אויף דער פּלאַטפאָרם און טראַכט.

אַ פייף פון דעם לאָקאָמאָטיוו שלאָגט איבער דאָס טראַכטן. די צוויי וואַגאָנען פון דער באַן פילן זיך אָן מיט פּאַסאַזשירן, קאַסטנס, וואַליזקעס און רענצלעך. עס זענען זומער־פּאַסאַזשירן, וואָס קומען פון בוענאָס־איירעס, פון ראָזאַריע, פון סאַנטאַ פע און פון אַנדערע שטעט. די באַן רירט זיך פון אָרט און הויבט אָן מיט לאַנגזאַמע באַוועגונגען ביז זי צעוויגט זיך אַלץ האַסטיקער און לאָזט זיך אַוועק אין די בערג.

***

פאָרן מיר אין אַ ווינקל, וואו עס איז אפשר אַמאָל, ווער ווייסט מיט וויפל טויזנטער יאָרן צוריק, געווען אַ ים, און אונטער דעם ים איז געווען ערד, און אין דער ערד איז געווען פייער, און אין דעם פייער האָבן זיך געשמאָלצן מעטאַלן און מינעראַלן, אַזוי לאַנג, ביז דער אינעווייניקסטער, צעשמאָלצענער, פייערדיקער מאַסע איז געוואָרן ענג און זי האָט אָנגעהויבן אויפהויבן איבער זיך דעם ערדפלאַך און געמאַכט, אַז דער ים זאָל זיך צעטיילן אין טייכן, אין טייכלעך און אין אָזערעס, אָבער די פייערדיקע מאַסע האָט זיך מיט דעם נאָך נישט באַנוגנט, זי האָט זיך געריסן אַרויס אויף דער פרייער לופט, זי האָט זיך געריסן צום הימל און צו די וואָלקנס און זי האָט אויפגעריסן די ערד, וואָס זי האָט שוין פאַרוואַנדלט אין בערג, און האָט באַגאָסן אירע בערג מיט לאַווע, און ווען זי האָט שוין אָנגעגאָסן אויף זיי דיקע שיכטן לאַווע, איז זי אַליין געבליבן אויסגעשעפּט און האָט זיך אָנגעהויבן אָפּצוקילן און פאַרגליווערט צו ווערן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אָפּקילן און גליווערן דער גאַנצער אויסגוס אויף דער הויך אויפגעהויבענער ערד, און אַזוי האָט זיך דאָס געקילט אין משך פון הונדערטער יאָרן ביז די בערג זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קאַלטן שטיין און זעען אויס ערטערווייז ווי אויסגעגאָסענער מעטאַל.

און אויף די קאָלאָסאַלע, גיגאַנטישע, פאַרשטיינטע קאָרדאָבער בערג, אויף וועמענס אַקסלען עס גייען די וואָלקנס און ביי וועמען צופוסנס עס

לויפֿן די טייכן, זענען אויסגעוואַקסן בוימער, אין שטיין פאַרוואַרצלטע און ברייט פאַרצווייגטע בוימער.

און אין אָט דער אוראַלטער פאַנטאַסטישער געגנט, וואָס ווען מ'זאָל צוזאַמענגעמען אַלע סקולפּטאָרן און אַלע מאָלער פון דער וועלט און פון אַלע צייטן, וואָלטן זיי נישט באַוויזן צו שאַפן אַזאַ גראַנדיעז קונסט־ווערק, ווי די נאַטור אַליין האָט דאָ באַשאַפן. שלענגלט זיך אונדזער באַן און האָט אַ פנים ווי אַ קינדער־שפּילכל צווישן די ריזיקע בערג און די טיפע טאָלן.

און אַזוי ווי די באַן, וואָס שלענגלט זיך דאָ צווישן בערג און טייכן זעט אויס ווי אַ קינדער־שפּילכל, זענען אויך אויס אַזוי די שאָלען פון קאָלאָניאַלע, גאָטישע, גריכישע און געמישטע סטילן, וואָס זענען דאָ צושטעלט געוואָרן אויף די רוקנס פון די בערג אָדער אין זייערע טאָלן, און עס זעען אויס ווי דינע זיג־זאַג שטריכן די וועגן וואָס זענען אויסגעהאַקט אויף די בערג און עס זעען אויס ווי מילבן די מענטשן וואָס אַרבעטן אויף זיי.

***

קריכן מענטשן אויף די בערג, בויערן אין זיי לעכער, לייגן אונטער דינאַמיט, שפּאַלטן און רייסן אָפּ שטיקער פון זיי. אין לאַ קאָלעראַ ווערן שטיקער בערג געוואָרפן אין קאַלך־אויוונס און עס ווערט געברענט קאַלך שוין יאָרן און יאָרן פאַרן געברויך פון לאַנד. אין אַנדערע ערטער ווערט געריסן גראַניט־שטיינער, אין אַנדערע — מירמל־שטיינער, און נאָך אַנדערע ערטער רייסט מען בלישצנדיקע מיקאַ־שטיינער און אין נאָך אַנדערע ערטער רייסט מען שטיקער פון די בערג, כדי אַרויסצוציען פון זיי פאַרשידענע מינעראַלן, אָבער וואָס זעט זיך דאָס אָן! עס איז ווי אָפּגעקלאַפּט דעם שטויב אויף דעם פוס פון אַ העלפאַנט.

אויף די קעפּ פון די בערג ליגט נישט קיין שניי וואָס זאָל זיך שמעלצן אונטערן פייער פון דער זון און אויסגיסן טייכן. אויף די בערג גייען נאָר די וואָלקנס איידער עס קומט אַרויס די זון, גייען ביז וואַנען זיי ווערן מיד, אַפּנים אַז די וואָלקנס איז אויך נישט גרינג צו גיין אויף די בערג, און ווען זיי ווערן מיד, זעצן זיי זיך צו אָפּצורוען זיך, דערנאָך, אויסגערוטע ווייטער צו גיין אָדער צו אַנטלויפן און זיך באַהאַלטן ערגעץ, אין די טאָלן, ווען די זון קומט אַרויס, אַ גרויסע, אַ רויטע, אַ פייערדיקע. אין אַזוינע מאָמענטן שוויצן די בערג, און עס רינט פון זיי דער שווייס אַ קלאָרער, אַ דורכזיכטיקער, אַ בלישטשנדיקער, ער רינט דורך די מיליאָנען קנייטשן און פאַלדן, און שפּאַלטן און פאַרבאָרגענע לעכעלעך; רינט און פילטרירט זיך און גיסט זיך צוזאַמען אין הונדערטער פלוסן און וואַסערפאַלן, וואָס רוישן און שפּילן אין די באַבוימטע ווינקלען פון די בערג, ווי זיי וואָלטן מוזיקאַליש באַגלייט

די סימפאָנישע קאָנצערטן, וואָס עס גיבן די פייגל אין די בערג־וועלדער, אַזוי פליסן די פלוסן אין זייערע אָפענע און פאַרבאָרגענע וועגן און איילן צו באַפרישן די אָזערעס, אויסגעשפרייט צווישן די בערג, וואָס גלחים האָבן אַ נאָמען געגעבן סאַן ראָקע און אָזערעס מיט נאָך אַנדערע נעמען וואָס אַנדערע מענטשן האָבן זיי געגעבן; עס פליסן אָן אויפהער די פלוסן פון די בערג און איילן זיך צו די קריסטאַלענע טייכן, וואָס לויפן און פאַלן און הויבן זיך און צושפריצן זיך ביי די שטיינער, וואָס ליגן זיי אין וועג און גיסן זיך ווידער צוזאַמען, און שפרייטן זיך אויס דאָרט וואו די בערג האָבן זיי געלאָזט אַ ברייטערן וועג, און ציען זיך צוזאַמען דאָרט וואו דער וועג איז זיי שמעלער, און יאָגן זיך, כסדר, און טרייבן, דורך זייערע וואַסער־פאַלן, דאָס ווערק, וואָס שיקט עלעקטרישע שטראָמען קיין קאָרדאָבע און טראָגן, מיט אימפעט, וואַסער פאַר די מענטשן און פאַר אַלץ וואָס לעבט און דורשט אין קאָרדאָבע.

****

און אָט זעט זיך פון דערווייטנס, ווי אויסגעמאָלט אויף טונקל־גרינער קאַנווע, אַ גרופע הייזער, געפאַרבטע אין ליכטיקע קאָלירן, ווייס און רויט — עס איז די נאַציאָנאַלע סאַנאַטאָריע סאַנטאַ מאַריאַ, וואָס שטייט דאָרט אָפגערוקט פון וועג, אויף דער אַנדערער זייט פון אַ טייכל, וואָס דינט אויך פאַר אַ גרעניץ צווישן דער נאַציאָנאַלער טעריטאָריע סאַנטאַ מאַריאַ און דער טעריטאָריע פון דער פראָווינץ.

די באַן קומט צו, שטעלט זיך אויף אַ מינוט, אָבער נישט ביי דער סאַנאַטאָריע, נאָר אויף דער זייט טייכל, אויף דער זייט גרעניץ, וואו דאָס בריקל, וואָס איבערן טייכל איז באַוואַכט פון אַ באַוואָפנטער מיליטער־וואַך. די סאַנאַטאָריע זעט מען נאָר פון דערווייטנס, וואו זי שטייט אָפגע־זונדערט און איינזאַם דאָרט אונטערן רוקן פון אַ הויכן באַרג. אַ באַזונדער וועלטל, אַ וועלטל פון טובערקולאָזע, וואָס איז גרויס און איז דאָך קליין, ווייסנדיק, אַז דאָס איז די איינציקע סאַנאַטאָריע פאַר טובערקולאָזע אין לאַנד, וואו די שלאַפקייט איז זייער פאַרשפרייט. שטייט דאָרט אונטערן באַרג די סאַנאַטאָריע און שווייגט און פון איר שווייגן גייט דאָך אַריבער אַזאַ גרויל איבערן לייב. עס קוקן אַהער, שווייגנדיק, די פענצטער פון די פּאַוויליאָנען און פון די פענצטער קוקן אַרויס אַזוינע בלייכע האָפנונגען אויף דער געזונטער וועלט אַרויס, און עס דאַכט זיך אַז דאָרט אינעווייניק, אונטער די פאַרשלאָסענע טירן פון סאַנטאַ מאַריאַ, דרייט זיך אַרום דער טויט און קוקט ווען פריער אַוועקצושיקן און ווען שפעטער, און די קראַנקע זעען אים און זיי האָבן שוין איבערגעגעבן זייער גורל אין זיינע

הענט און זיי ווילן דעריבער געניסן פון לעבן מיט מער אימפּעט, געוואַגטער, פאַרשייטער אַפילו, נאָר מען לאָזט זיי נישט, עס ווערט אויסגעאיבט אויף זיי אַ שטרענגע דיסציפּלין. זענען דאָך די לעבנס־רעגונגען און עקסצעסן פאַר זיי געפערלעך, און ווי שוואַך און בלייך עס זאָלן נישט זיין דאָ די לעבנס־האָפנונגען, זענען זיי דאָך פאַראַן און ווערן אויפגעהאַלטן און באַקרעפטיקט פון דער באַרג־לופט. עס טרעפט דאָך אַז מען גייט אַרויס פון סאַנטאַ מאַריאַ געהיילטע און אַפילו יענע וועמען עס איז שוין שווער צו לעבן אין אַנדערע געגנטן פון לאַנד, פילן זיך אָבער בעסער און קאָנען אויסלעבן זייערע יאָרן אין דער לופט פון די קאָרדאָבער בערג.

***

די געפילן און די געדאַנקען וואָס האָבן זיך צושפּילט אין דער מינוט, ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט קעגנאיבער סאַנטאַ מאַריאַ, האָבן זיך מיטגעטראָגן ביז קאָסקין — אַ חשוב שטעטל אין די בערג, צווישן וועלכע עס שטייט אויך דער „פּאַן דע אַזוקאַר" (אַ באַרג אין דער פאָרם פון אַ היטל־צוקער), און פון וועלכע עס פליסט אַ קריסטאַל־דורכזיכטיק טייכל, וואָס שפּילט זיך, ערטערווייז מיט די שטיינער־בערגלעך, וועלכע זי באַשפּריצט און וואַשט, און ערטערווייז גליטשט זיך דאָס טייכל פון דער הויך פּערפּענדיקולאַר אַראָפּ און שפּילט זיך אַזוי אַרום אין קליינע וואַסערפאַלן, וואָס ווערן דאָ גערופן „קאַסקאַדאַס".

קאָסקין, דאָס שטעטל, מאַכט דאָך דעם איינדרוק (כאָטש עס זיצט אין דער מיט פון אַזאַ פּרעכטיקער, פאַרברייכער, סקולפּטאַרישער און קרעפּטיקער נאַטור), ווי עס וואָלט געווען אַ צוגאָב צו סאַנטאַ מאַריאַ, אַ פאָר־און נאָך־שטעטל, וואו מען וואַרט אַריינצוקומען אין סאַנטאַ מאַריאַ און וואו מען בלייבט נאָך דעם ווי מען איז אַרויס פון סאַנטאַ מאַריאַ. און עס מאַכט דעם איינדרוק, אַז ווען נישט סאַנטאַ מאַריאַ, ווען נישט אַט דאָס וועלטל פון די טובערקולאָזע, וואָלט גאָר קיין קאָסקין נישט געווען. אהער זענען געקומען קראַנקע אין באַגלייט פון זייערע נאָענטע און זענען שוין דאָ געבליבן זיצן און איינאָרדענען זיך דאָ זייער לעבן; דאָ האָבן זיך אָפּגעשטעלט פיל פון די, וואָס זענען אַרויס פון סאַנטאַ מאַריאַ און עס זענען געקומען צו זיי זייערע פאַמיליעס און זיי האָבן זיך דאָ אויך איינגעאָרדנט זייער לעבן, אַזוי איז דאָס געווען און אַזוי איז דאָס ווייטער, און אַזוי איז דאָס שטעטל געוואַקסן און האָט זיך פאַרצווייגט, און אַזוי וואַקסט דאָס און עס פאַרצווייגט זיך כסדר, כאָטש עס שוועבט איבער דעם שטעטל דער גייסט פון סאַנטאַ מאַריאַ.

***

די שפּיטאָל־שטימונג מיט וועלכער מען איז אַרומגענומען געווען ביי סאַנטאַ מאַריאַ און קאָסקין, צוגייט זיך אין דער אַלץ שאַרפערער לופט, וואָס מען פילט, פאָרנדיק ווייטער אַוועק אין די קאָרדאָבער בערג.

מען פאָרט אַריין אין צענטער פון די זומער־וואוינונגען, וואָס זענען באַזעצט מיט שאַלעען, פאַרביקע, סטיליסטישע, באַבלומטע, זיי זענען צע־וואָרפן אין די טאָלן, צופוסנס און אויף די שויסן פון די בערג, אָבער נישט אַלע וואָס פאָרן אַהער אויף זומער־וואוינונג אָדער אויף שפּאַציר, פאָרן זיך באַזעצן אין די אייגענע שאַלעען. צווישן זיי אויך יידישע. פאַר די אַנדערע זענען צוגעגרייט האָטעלן, לויט יעדנס געשמאַק און לויט יעדנס קעשענע.

די באַן האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אין לאַ פאַלדאַ. עס איז אַ שטעטל מיט ווילעס, מיט שאַלעען, מיט האָטעלן, וואָס איינער פון זיי, אפשר דער עלטסטער איז זיכער דער גרעסטער און דער רייכסטער, האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „גן־עדן". אפשר איז ער דאָס טאָקע. די געגנט אַרום אים דערמאָנט זיכער אין גן־עדן, וואָס מען זעט אין דער פאַנטאַזיע.

צווישן עולם, אויף דער סטאַנציע, האָט איך געטראָפן דעם באַלעבאָס פון יידישן האָטעל, איז געווען דער מיטגרינדער פון יידישן קולטור־צענטער אין קאָרדאָבאַ; אויך געווען אַמאָל, און אין משך פון אַ סך יאָרן אַן אַקטי־ווער סאָציאַליסט, היינט איז ער פאַרטון מיט באַזאָרגן זיינע זומער־געסט און ווען עס ענדיקט זיך דער סעזאָן, נעמט ער זיך ווידער צום וואַרשטאַט.

באַלד פאָרן מיר מיט זיין אויטאָ איבערן שטעטל. מיט אונדז פאָרט אַ ראָזאַריער ייד, וועלכער האָט געבראַכט זיין פאַמיליע, אויף זיין אייגענעם אויטאָ, פון ראָזאַריאָ ביז לאַ פאַלדאַ, און שטייט ביי לאַזאַרן אין פּענסיאָן, וואָס לויט דעם אויפשריפט אויף אַ פליגל פון זיין ווינטמיל, הייסט זי „לאַס פּלאַזשאַס". לאַזאַר האָט אַזוי אַרום פאַראייביקט דעם פרימיטיוון נאָמען פון דער געגנט, וואָס דערמאָנט אַז אַמאָל, אין אדם הראשונס צייטן, זענען דאָ געווען ברעגן פון אַ ים. דער ראָזאַריער ייד מיט נייגונגען צו מוזיק, און נישט אַזוי צו מוזיק, ווי צו פאַרוויילונג, האָט זיך באַזאָרגט מיט אַ פייפערל און פייפט אויס אויף דעם, פריי און הפקרדיק איבערן שטעטל, זיינע וואָ־לעכישע און יידישע לידער.

פּענסיאָן „לאַס פּלאַזשאַס" געפינט זיך אויסערן שטעטל. דער הויפּט־אַריינפאָר איז דורך אַ מין טריאומף־טויער אויף וועלכן עס שטייט אויפגע־שריבן „ווישאַ קאַפּריטשאָסאַ". מיט וואָס דאָס ווינקל איז מער קאַפּריזנע פון אַנדערע ווינקלען אין דער געגנט, בין איך נישט דערגאַנגען. איך האָב

זיך נאָר דערוואוסט, אַז דאָס איז דער טויער וואָס עפֿנט דעם פּרימיטיוון וועג אַהין צום „גן־עדן"...

***

איך בין פֿאָרגעשטעלט געוואָרן פֿאַר די געסט: פּוילישע יידן, רוסישע יידן, רומענישע יידן און יידישקעס און קינדער, וואָס לעבן זיך דאָ אינאיינעם דאַכט זיך ווי איין פֿאַמיליע, פֿריי, היימיש, אינטים און שפּילעוודיק. אַלע אינטערעסן האָט מען איבערגעלאָזט דאָרט פֿון וואַנען מען איז געקומען: פֿון בוענאָס־איירעס, פֿון ראָזאַריע און פֿון אַנדערע ערטער. דאָ איז פֿאַראַן נאָר איין איינציקער אינטערעס: געניסן.

און עס באָט זיך אָן צום געניס די הערלעכע נאַטור־פּאַנאָראַמע, די בערג און די טאָלן, די ריינע קרעפּטיקע לופֿט, די הויכע בערג־שפּיצן און די לאַקנדיקע, פֿאַנטאַסטישע בערג־פֿאַלדן.

און ווען די זון לאָזט זיך אַראָפּ דאָרט אויף דער אַנדערער זייט פֿון די בערג און עס קומט אָן די נאַכט, קומט זיך צוזאַמען דער היימישער עולם און מען גיט זיך איבער איינע די אַנדערע די איבערלעבענישן פֿון טאָג און עס ווערן געמאַכט ביים געמיינזאַמען נאַכט־עסן די פֿאַרוויילונגס־פּראָגראַ־מען אויף מאָרגן און עס טרעפֿט, אַז נאָכן נאַכט־עסן ווערן, ווי פֿון זיך אַליין, צערוקט די טישן און עס גייט אַוועק אַ טאַנץ, אַ היימישער יידישער טאַנץ אין אַ יידישן פּענסיאָן אין מיטן פֿון די קאָלאָסאַלע קאָרדאָבער בערג.

# אין דער „שטאָט פון די געלערנטע"

דאָס איז געווען אין 1941.

אינעם פרימאָרגן האָבן די שטאָטישע גאַסן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן אויפגעשטאַנען פון שלאָף, נאַקעטע, ברודיקע און צעשויבערטע.

פריער זענען אויפגעשטאַנען די בולוואַרן, גאַסן און געסלעך פון אַרום שטאָט, אויף דער זייט און אויף דער אַנדערער זייט פון ריאָ פרימערא און עס האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט פון זייערע הייזער די ערשטע פון די דריי הונדערט טויזנט פאַרשידנפאַרביקע און פאַרשידנשפּראַכיקע איינוואוינער; עס האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט פון די הייזער מענער און פרויען, אַלט און יונג און זיי האָבן זיך געאײַלט צו דער אַרבעט.

נישט געאײַלט זיך זענען אויפגעשטאַנען די באַשיידענע גאַסן פון שטאָט. עס ליגט אויף זיי די באַלעבאַטישקייט, נישט קיין אויפגעקומענע גבירישקייט, נישט קיין אויפגעריסנקייט, נאָר אַ באַלעבאַטישקייט, שוין אַ טראַדיציאָנעלע. און עס דערציילן זייערע גאַסן פון אַלטע צײַטן און פון דורות, וועלכע זענען אין זיי געבוירן געוואָרן, האָבן זיך אין זיי דערצויגן, זיך אַנטוויקלט און וואָס זענען אַוועק אין דער געשיכטע.

אָט זענען שמאָלע געסלעך טונקעלע מיט ברייטע פּאַטיאָס ליכטיקע, וואָס דערמאָנען אין אַנדאַלוסיע און אין דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער צײַט מיט איר חן און מיט איר גרויל. אַ קאָפּ פון אַ סעניאָריטאַ באַווײַזט זיך אונטער די שוואַרצע אײַזערנע קראַטעס פון אַ הויז־פענצטער אַ קוק צו טון ווער עס האָט אָנגעקלאַפּט מיטן מעשענעם הענטל ביי דער שווערער גאַסנטיר.

צום שפּעטסטן שטייען אויף די אַווענידעס אין מיטן צענטער פון שטאָט. זיי זענען רײַכע, ברייטע, מאָדערנע, גלענצנדע אַווענידעס און עס פּאַסט זיי נישט אויפצושטיין זייער פרי און גלייך מיט אַלעמען. די קליענטן און איבערהויפּט די אַריסטאָקראַטישע קליענטקעס פון זייערע לוקסוס־געשעפטן שלאָפן נאָך זיכער. עס איז פון יענעם עלעמענט, וועלכער איז אויף ביינאַכט און שלאָפט פאַרטאָג און אין דער פרי, אַזוי ווי דאָס מאַכן די קאַפּעען פון די אַווענידעס.

פרויען נעמען אַריין די אויסגעליידיקטע מיסטקעסטלעך און בעת די

טראַטואַרן, הויבן אָן געבעזימט און געוואַשן צו ווערן, ווערט אַ געגיי פון אָנגעשטעלטע אין די געשעפטן, וועמענס טירן עס עפענען זיך מיט אַ גערויש; קינדער אין ווייסע פאַרטעכלעך גייען אין די שולן אין די מלוכהשע, אין די קירכלעכע, וואָס זענען פאַראַן אַ סך און פון צייט צו צייט זענען דאָס אויך די מלוכהשע פון דער פּראָווינץ; עס גייען אויך יידישע קינדער אין „מאָדערנעם" חדר וואָס מען רופט אויך שול, אָבער עס גייען אויך שוין יידישע קינדער אין דער יידיש־וועלטלעכער שול, וועלכע פונקציאָנירט ביי דער יידישער ביבליאָטעק אין קאָרדאָבע — אַ ביבליאָטעק, וועלכע איז פּרינציפּיעל, טעאָרעטיש און טיילווייז אויך פּאַקטיש דער יידישער קולטור־צענטער פון שטאָט און איז דער אַדרעס פון די אויף שנעל צוזאַמענגעשטעלטע יידישע טעאטער־טרופּעס, וועלכע קומען פון בוענאָס־איירעס נאָכן סעזאָן און פאַרן סעזאָן, אָדער אין סעזאָן־צייט פון יידישע אַרטיסטן, וואָס זענען אין בוענאָס־איירעס געבליבן נישט אַנגאַזשירט; עס איז אַ געגיי פון יוגנטלעכע יינגלעך און מיידלעך אין די מיטלשולן און אין די ספּעציעלע שולן און עס איז אַ געגיי פון סטודענטן און סטודענטקעס אין די פּאַקולטעטן אין דער „שטאָט פון די געלערנטע", כאָטש נישט אַלע, וואָס גייען אין די פּאַקולטעטן, קומען אַרויס פון זיי איינשטיינס און טאָמער האָט קאָרדאָבע אַרויסגעגעבן אַ מאַרטין כיל, וועלכער איז היימישער מיט די שטערן אין הימל איידער מיט זיין היים, וואָס האָט אים גאַנץ אָפט געפעלט, איז ער גראָד אין די פּאַקולטעטן נישט געגאַנגען; עס גייען באַאַמטע אין די רעגירונגס־אָפּטיילן און עס גייען ביוראָליסטן אין די פּריוואַט־ביוראָס; עס גייען גלחים און עס גייען מאָנאַשקעס אין די קירכעס און קאָנווענטן, וואָס איבערצוציילן זיי דאַרף קאָסטן מי; עס גייען פרויען אויפן מאַרק און עס גייען מענטשן מיט טעקעס אַלס צייכן פון לעצטע איינוואַנדערונגען, מחמת דאָ פּלעגט מען נישט טראָגן קיין טעקעס. און נישט אַלע גייען צופוס. מע פאָרט אויך אויף די קלינגנדיקע עלעקטרישע טראַמווייען און אויף די טרובנדיקע אויטאָבוסן, קאָלעקטיוון און אויטאָמאָבילן, וואָס איילן אין אַלע ריכטונגען און פירן אַהין און אַהער און פילן אויס די צענטראַלע גאַסן; עס פאָרן שווער־באַלאָדענע קאַמיאָנען מיט פּראָדוקטן און אַרטיקלען און עס פאָרן וועגענער און וועגעלעך געשפּאַנט אין פערד, אין מוילאייזלען און אין אייזלען און נעמען אַרויס פון געדולד די אויטאָ־פירער. קליינע וועגעלעך מיט שוואַרצע קוילן, מיט גרינס, מיט פרוכטן און מיט אַנדערע לעבנסמיטלען ווערן נאָך געשלעפּט פון מענטשן און עס לאָזט זיך אויך נאָך הערן מיט גדלות די קלאַסישע דראָשקע — אַן אָפּגעבליאַקעוועטע, אַן אָפּגעקומענע.

און אָט איז דאָס מאָנומענטאַלע קאָרדאָבע.

עס שטייט נאָך אויף דער הויפּט־פּלאַסע, אין מיטלפּונקט פון שטאָט

די קירכע, וועלכע מען האָט געבויט הונדערט יאָר און שוין דריי הונדערט יאָר, אַז זי שטייט דאָרט — אַמאָליקע צייטן האָט זי אָנגעוואָרפן אַ מורא און געהערשט, זי האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן פון לעבן און אַלע האָבן איר געמוזט אינזינען האָבן; היינט דאַנקט זי גאָט, אַז מען שענקט איר אַ בליק. אָבער מען קוקט אויף איר נישט ווי אויף אַ הייליקייט, נאָר ווי אויף אַ זאַך פון אַ היסטאָרישן מוזיי און נישט ווי אויף אַ פריידיקע זאַך, נאָר ווי אויף אַ שרעקלעכע זאַך, וואָס דערמאָנט אין רעליגיעזע מילחמות, אין אויסשלאַכטונגען אין נאָמען פון גאָט; דערמאָנט אין די פאַרפאָלגונגען פון דער קריסטלעכער מאַכט אויף יידן און אויף אַלע אַנדערש־גלויביקע און אויף פריידענקער; דערמאָנט ווי מען האָט געריסן די גלידער פון לעבעדיקע מענטשן, ווי מען האָט זיי לויט רעגלאַמענט געשטאָכן מיט רויטע אָנגעגליטע שפּיזן און ווי מען האָט ביי גרויסע, פּאָמפּיעזע רעליגיעזע צערעמאָניעס געוואָרפן מענטשן לעבעדיקערהייט אין פייער פון די צעפלאַקערטע שייטערהויפנס — צוליב „רייניקן" זייערע נשמות!..

און אָט שטייט נאָך דאָס הויז וואו עס האָט געלעבט דער שפּאַנישער וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע. עס איז אַלט דאָס הויז מיט די שווערע, צעגעסענע הילצערנע „בלינדע" טירן, מיט די שוואַרצע און פאַרזשאַווערטע אייזערנע גראַטעס אויף די אונטערשטע פענצטער אין צוויי אַלטע און שמאָלע גאַסן אַרויס; מיט די שוין פאַרשימלטע און פאַרשוואַרצטע, אָבער נאָך רויטע האַלב קיילעכדיקע, צעראַמישע, שפּאַנישע קאַכלעס אויף די געזימסן און מיטן גאַנצן קאָלאָניאַלן סטיל. עס איז פאַרוואַנדלט אין אַ „היסטאָרישן" מוזיי דאָס דאָזיקע הויז, וואו סאָברעמאָנטע האָט געלעבט אין די סוף יאָרן פון דער קאָלאָניאַלער הערשאַפט. עס איז געווען אַך און וויי צו אַזאַ לעבן פון אַ וויצע־קעניג, וועלכער האָט געמאַכט פּליטה פון דער וויצע־קעניגלעכער רעזידענץ־שטאָט בוענאָס־איירעס, מחמת ער האָט זיך דערשראָקן פאַר אַן ענגלישער אינוואַזיע און איז אַנטלאָפן מיט אַלע זיינע אַטריבוטן, פולמאַכטן, גאָטגעוואָלבטע מעכטיקייטן און אַזוי ווייטער אַזש קיין קאָרדאָבע; איז ער דאָך געווען דער וויצע־קעניג פון איינער פון די גרעסטע אימפּעריאַליסטישע מלוכות פון פופצנטן ביז דעם נייַנצנטן יאָרהונדערט, און וועלכע האָט געהאַט פאַרכאַפּט פאַר זיך די גרעסטע טייל פון דער נייער וועלט — אַמעריקע, אַפּנים אַז אימפּעריאַליסטישע גרויסקייט שטערט נישט קיין פּחדנות; און געטריבן פון דעם פּחדנות איז דער שפּאַנישער וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע אַנטלאָפן אַזש קיין קאָרדאָבע... מ'דאַרף וויסן אַז קיין עראָפּלאַנען איז דעמאָלט נאָך נישט געווען און עס איז נאָך נישט געווען קיין באַן און קיין אויטאָמאָביל איז אויך נישט געווען און קיין געפּלאַסטערטע וועגן זענען אויך נאָך נישט געווען. עס זענען גאָר קיין וועגן נישט גע־

ווען — אויסער די קאָנקיסטאַטאָרישע צו באַרויבן די איינגעבוירענע פון זייער פאַרמעגן, פון זייערע רעכטן, פון זייער פרייהייט און צו באַרויבן זייער לעבן. און מען האָט זיך געדאַרפט אונטערגאַרטלען צו מאַכן אַ פליטה פון בוענאָס־איירעס ביז קאָרדאָבע, אָבער סאָברעמאָנטע אויף וויפל ער האָט געהאַט צו טון מיט קעניגלעכס, איז ער געווען געהאָרכזאַם און טריי דעם פחדן, וואָס זיצט אין יעדן ווירקלעכן קעניג, אַליינהערשער, דעספּאָט, טיראַן און דיקטאַטאָר.

זאָל מיר דאָ דערלויבט זיין זיך אָפּצושטעלן אויף אַן אומרואיקן געדאַנקען־גאַנג, וועלכער וויל קומען צום אויסדרוק ביי דער געלעגנהייט פון דערמאָנען היסטאָרישע פאַקטן: די ענגלישע אינוואַזיע, זאָגט ער און שטעלט פעסט מיט דעם היסטאָרישן פאַקט, אַז ענגלאַנד איז געווען אימפּעריאַליסטיש שוין מיט 134 יאָר צוריק און נאָך פריער. פאַר וואָס האָבן געוויסע עלעמענטן אַזוי נישט געשריען קעגן ענגלישן אימפּעריאַליזם פאַר דעם רוסיש־דייטשן פאַקט, ווי זיי שרייען קעגן ענגלישן אימפּעריאַליזם זינט דעם רוסיש־דייטשן פאַקט? פאַרוואָס זעען זיי נישט דעם דייטשן, דעם נאַציסטישן אימפּעריאַליזם, וועלכער האָט שוין פאַרן פאַקט געהאַט פאַרכאַפּט עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע און מעמעל און ערב דעם פאַקט האָט ער פאַרכאַפּט דאַנציק און באַלד צומאָרגנס נאָכן פאַקט האָט ער פאַרכאַפּט פוילן און דערנאָך דענעמאַרק און האָלאַנד און נאָרוועגן און בעלגיע און פראַנקרייך און כמעט שוין אויך פאַרכאַפּט אונגאַרן און רומעניע? פאַרוואָס זעען זיי נישט דעם רוסישן אימפּעריאַליזם, וועלכער האָט זינט דעם רוסיש־דייטשן פאַקט „אָפּגעראַטעוועט" פאַר זיך אַ שטיק פוילן און געמאַכט „קעגנזייטיקע הילף" מיט ליטע, מיט לעטלאַנד, מיט עסטלאַנד און מיט פינלאַנד? פאַרוואָס זעען זיי נישט דעם איטאַליענישן אימפּעריאַליזם, דעם פאַשיסטישן, וועלכער האָט אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאָרן פאַרכאַפּט עטיאָפּיע און אַלבאַניע? פאַרוואָס זעען זיי נישט דעם יאַפּאַנישן אימפּעריאַליזם, וואָס שפּרייט זיך אויס דורך מלחמה און מיט זיינע אָקופּאַציעס איבער כינע און שפּרייט אויס זיין פּרעטענזיע איבער גאַנץ אַזיע?

די נייע, די שרעקלעך גרויסע, די גרענעצלאָזע, די צעשטורעמטע, שוואַרצע און מיט בלוטגיסנדיקע כמאַרעס — אימפּעריאַליזמען — זעען זיי נישט. איצט זעען זיי נאָר דעם ענגלישן אימפּעראַליזם און נאָר דעם ענגלישן און שרייען קעגן אים און נאָר קעגן אים!

איך האַלט נישט פון קיין אימפּעריאַליזם און במילא אויך נישט פון ענגלישן, אָבער ביי דעם פאַקט פון עקזיסטירנדע אימפּעריאַליזמען, ווען מען זאָל מיך פרעגן, וועלכן אימפּעריאַליזם איך וויל בעסער, וואָלט איך געענטפערט, אַז אויב מען מוז נאָך אויסקלויבן צווישן איין אימפּעראַליזם און אַ

צווייטן, וואָלט איך געזאָגט, אַז איך וויל בעסער אַן ענגלישן אימפּעריאַליזם איידער איין טראָפּן דייטש־נאַציסטישן.

ענגלאַנד האָט זיך אַנטשלאָסן אַריינצוגיין אין קאַמף קעגן דער נאַצי־מאַכט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זי איז מיליטעריש נישט געווען אַזוי צוגעגרייט און איז אַריין אין קאַמף און האַלט אים אויס העראָיש און וואונדערלעך; האָט דאָך ענגלאַנד זיך געשטעלט פּאַרטיידיקן די אַנגעגרי־פענע וועלט־דעמאָקראַטיע, צי ענגלאַנד האָט דאָס יאָ געמיינט אָדער נישט (און פאַרוואָס זאָל דאָס דעמאָקראַטישע ענגלאַנד דאָס נישט האָבן גע־מיינט?). און ווען ענגלאַנד האָט דערקלערט איר קאַמף פאַר אַ דעמאָקראַ־טיע קעגן דער אַנטידעמאָקראַטיע, האָבן נאָר אַנטידעמאָקראַטן, אויטאָמאַטן און נאַראָנים געקענט שרייען אַנדערש. פאַר יעדן דעמאָקראַט און פאַר יעדן מענטש וואָס דענקט מיטן אייגענעם מוח, איז דער קאַמף קעגן דעם נאַציזם געווען אַ טרייסט, אַ פרייד, אַ האָפענונג, און אויב דער דאָזיקער קאַמף איז דערצו דערקלערט געוואָרן פאַר אַ דעמאָקראַטישן, האָט די דאָזיקע דעקלאַ־ראַציע כסדר געדאַרפט אונטערגעשטראָכן ווערן צוליב דער ווירדיקייט פון דער דעמאָקראַטיע און צוליב דער לויבבאַרקייט פאַר איר צו האַלטן ענגלאַנד ביי איר דעמאָקראַטישן וואָרט. עס נעמט אָן אַ גרויל, אַז מען גיט אַ טראַכט וועגן דעם וואָס עס וואָלט געווען ווען קיין דעמאָקראַטישע מאַכט שטעלט זיך נישט קעגן דעם נאַצי־פאַשיסטישן אַוואַנס אויף דער דעמאָקראַטישער וועלט! און עס איז אפשר נישט בלויז אַ צופאַל דאָס, וואָס דער היסטאָ־רישער גורל איז געפאַלן אויף ענגלאַנד צו פירן דעם קאַמף לטובת דער גאַנצער דעמאָקראַטישער וועלט. דאָס פילט און פאַרשטייט יעדעם לאַנד, יעדעם פאָלק, יעדער דעמאָקראַטישער יחיד, אויך דאָס דעמאָקראַטישע אַמעריקע פילט און פאַרשטייט, אַז אין דער איצטיקער וועלט־מלחמה צווישן דער אַנטידעמאָקראַטיע און דער דעמאָקראַטיע ווערט זי באַשיצט און פאַר־טיידיקט פון ענגלאַנד דורך איר אומפאַרגלייכלעכן העראָישן קאַמף.

און דאָך געפינען זיך עלעמענטן, וועלכע זעען איצט נישט עפּעס אַנ־דערש, ווי נאָר ענגלישן אימפּעריאַליזם. אין דעם איז פאַרשטענדלעך זייער פאַראינטערעסירט די נאַצישע מאַכט און אירע אַליאירטע.

עס איז געווען אַ דושנער הייסער טאָג אין קאָרדאָבע, ווען איינער אַ געוועזענער אידייען־חבר מיינער האָט מיט שוויים אויפן פּנים געהאַלטן אין איין אַטאַקירן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם, וועלכן ער האָט געזען אין אַלץ און עס האָט געפעלט אַ קלייניקייט, אַז ער זאָל אויך זען דעם ענגלישן אימ־פּעריאַליזם אין דער קאָרדאָבער היץ...

***

איך האָב געלאָזן אין היסטאָרישן הויז פון קאָרדאָבע דעם שפּאַנישן וויצע־קעניג סאָברעמאָנטע דעם אַנטלאָפענעם אויס שרעק פאַר דער ענגלישער אינוואַזיע, וואָס איז געוואָרן באַזיגט, נישט פון דער שפּאַנישער וויצע־קעניגלעכער אַרמיי נאָר פון דער פאָלקס־מיליץ, פון די פרויען וואָס האָבן פון די דעכער געגאָסן זידיקע וואַסער אויף די קעפּ פון די אינוואַזאָרן; באַזיגט פון פאָלק און נישט צוליב דער שפּאַנישער אימפּעריאַלער מאַכט. דורך דער אינוואַזיע האָבן די ענגלענדער געבראַכט און פאַרשפּרייט צווישן פאָלק געדאַנקען פון פרייהייט, פון ליבעראַליזם, פון דעמאָקראַטיע. די קריאָזשעס און אַלע, וועלכע האָבן זיך שוין געוואָלט באַפרייען פון קאָלאָניאַלן יאָך, האָבן די אידייען פון די ענגלענדער זייער גערן אויפגענומען, — און אין דער געשיכטע פון דער באַפרייטער אַרגענטינע איז נישט פאַרגעסן געוואָרן איינצושרייבן זיי אַ דאַנק, — אָבער די אַרגענטינער האָבן שוין דעמאָלט, ערב דער מאַי־רעוואָלוציע, נישט געהאַלטן פון אינוואַזיעס און זיי האָבן אויך די ענגלישע אינוואַזאָרן אַרויסגעטריבן.

עס איז געווען צוועלף אַזייגער, אין מיטן טאָג, ווען דאָס נייע פּראָדוקטיווע, דאָס מאָדערנע און פּראָגרעסיווע, דאָס קאָמערציעלע און דאָס געלערנטע קאָרדאָבע איז געגאַנגען עסן און אָפּרוען זיך ביז זעכצן אַזייגער, — אַזוי הייסט דער נייער סאָציאַלער געזעץ דער פּראָווינציעלער, וואָס דריקט אויס אַ ווילן פון די אַרבעטער.

# פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג

אין טאָל איז אויפגעשטאַנען אַ ווייס־בלויער פרימאָרגן. ער האָט זיך אַ ווײַלע געדרייעלט אין דער הויך אויף די קאַרבן פון דעם מיזרחדיקן באַרג־קרייז אין אָנבליק פון דער אויפגייענדיקער זון, וועלכע קלעטערט אַרויף אויף יענער זייט באַרג ווי אַ טוריסט און ווען זי קומט אויפן שפּיץ באַרג, רוט זי זיך אָפּ אַן אויגנבליק און אָטעמט זיך אויס מיט אַזאַ ווײַסן פֿײַער, אונטער וועלכן עס פאַרשווינדן באַלד די לעצטע שפּורן פון נאַכט און קעלט.

די פלאַנצן פון באַרג און טאָל, די ווילדע, די דורותדיקע, אַזוי ווי די קולטיווירטע, די פרישע, וואָס פאַר זונאויפגאַנג זענען זיי געווען שווערצער פון דער נאַכט, באַגרינען זיך, וואַשן זיך אין טוי און טריקענען זיך אונטער דער זון.

ווען די זון האָט זיך אויפגעהויבן הויך איבער די שפּיצן פון באַרג־קרייז און מאַכט שוין לאַנגזאַם און זיכער איר האַלב־קײַלעכדיקן וועג אי־בערן טאָל, וואָס ווערט באַגאָסן פון ליכט, באַווייזן זיך דאָ און דאָרט גרויע ראַנטשעס, באַצירטע מיט באַרג־בלומען, אין ווינקעלעך, אויף דער שויס, צופוסנס און אויפן רוקן פון באַרג. אויך אַלטע שאַלעען און נײַע הײַזער אין קאָלאָניאַלן סטיל און אין אַנדערע סטילן מיט האַלב־גראַניטענע ווענט און רויטע דעכער, שײַנען אַרויס פונעם באַרג־קרייז, אויף וועלכן עס פלעכטן זיך שטעגן און וועגן, וואָס קומען צוזאַמען אין טאָל.

אויף די ביימער פון טאָל און פון באַרג צעזינגען זיך די פייגל, אין די הויפן צעקרייען זיך די הענער, עס בילן הינט נישט פון בייזקייט, נאָר פון צופרידנקייט, און זיי באַטייליקן זיך אין פרימאָרגן־קאָנצערט פון דער באַרגיקער לעבעדיקער נאַטור; עס בעטשען די ציגן, עס גראַגערן די אייזלען, עס הירזשען די פערד און עס מעקען די קי. עס הערן זיך אויך מענטשי־שע שטימען אין דער פרימאָרגן־סימפאָניע פון טאָל און עס רייסן זיך אַרײַן די טענער פונעם מאָטאָריזירטן טראַנספּאָרט אויפן „נאַציאָנאַלן וועג" דעם אַספאַלטירטן.

פון די ראַנטשעס קומען אַרויס די אינדיאַנער און אינדיאַנערקעס, זיי

זענען נישט טאַטואירט, טראָגן נישט קיין רינגען אויף די ליפּן, אויף זייערע קעפּ טראָגן זיי נישט קיין פאַרביקע פעדערן, נאָר די אייגענע פעך־שוואַרצע גלאַטע האָר, אַזוי שוואַרץ זענען אויך זייערע אויגן. זיי טראָגן אויך נישט קיין פאַרביקע פעדערן אָדער פעלן אַרום די לענדן, נאָר הויזן און קליידער, וועלכע קומען אפשר פון „קאַנינג"... און זיי שיסן נישט מיט פייל און בויגן, נאָר גייען זוכן פּרנסה אין דער באַדינונג פונעם טוריסט.

די אינדיאַנער און די אינדיאַנערנס, איך מיין די איינגעבוירענע פון די קאָרדאָבער בערג, וואָס האָבן, דאַכט זיך, טרייער אָפּגעהיט די אינדיאַנישע ראַסע איידער זייערע ברידער און שוועסטער אין אַנדערע רעגיאָנען פון לאַנד; נישט געמישט זיך אַזוי פיל ווי אין אַנדערע רעגיאָנען מיט אַנדערע ראַסן און אפשר דערפאַר נישט פאַרלוירן געגאַנגען; זייערע אורעלטערן זענען דאָ אפשר ווייניקער אויסגעראָטן געוואָרן דורך גוואַלד, איידער די אינדיאַנער פון פּאָרטלאַנד, אָדער דאָס לאַנד אַרום די טייכן און נעבן ים, דורך וואַנען עס איז געקומען די ווייסע קולטור און די ווייסע באַרבאַריע; עס האָט זיי, די אינדיאַנער פון די קאָרדאָבער בערג, געשיצט די ווייטע דיסטאַנץ פון פּאָרטלאַנד מיטן צענטער אין בוענאָס איירעס און פון זילבערלאַנד וואָס האָט געגרייכט פון הויך־פּערו ביז טוקומאַן און מער ווי די דיסטאַנץ האָט זיי געשיצט די בערג, אָבער מער ווי אַ שמאָלע פיגור, טונקעלע הויט, שוואַרצע גלאַטע האָר, שוואַרצע אויגן און אייניקע כאַראַקטעריסטישע געזיכטשטריכן ווייזן זיי נישט אַרויס קיין אינדיאַנישקייט. מען הערט נישט זיי זאָלן ריידן אויף אַן אייגענער שפּראַך, מען זעט נישט זיי זאָלן לייענען אַן אייגענע שריפט, זאָלן פייערן אייגענע יום־טובים, אָדער זאָלן האָבן אייגענע און אייגנאַרטיקע קינסטלערישע פּאַרווייַלונגען. זיי ריידן אַפילו נישט אויף קיין באַזונדערן דיאַלעקט און אויב זיי באַטאָנען אַנדערש דאָס שפּאַנישע וואָרט, שטעלן אַנדערש דעם טראָפּ אויף די זילבן און עס באַקומט זיך אַ געוויסער געזאַנג אין דער שפּראַך, זענען זיי, די אינדיאַנער, נישט קיין אויסנאַם. אַזוי רעדט מען אין קאָרדאָבע, אַזוי אין דער הויפּטשטאָט ווי אויף די בערג; מען הערט נישט זיי זאָלן זינגען אייגענע אייגנאַרטיקע אינדיאַנישע לידער, אָדער שפּילן אייגענע מוזיק אויף אייגנאַרטיקע אינסטרומענטן. זיי האָבן איינגעהיט זייער פיזיאָנאָמיע, אָבער נישט זייער קולטור, מיטן אויסנאַם פון זייערע האַנט־אַרבעטן פון פעל, פון וואָל, פון מעטאַל, פון ביין און פון שטיין, דורך וואָס עס ווערן נאָך אָפּגעהיט געוויסע אינדיאַנישע שטריכן.

מיט קיין אַנדערע איינגנטימלעכקייטן באַווייזן זיך נישט די אינדיאַנער, וואָס זענען נישט ווייניקער ציוויליזירט ווי די מענטשן פון אַלע אַנדערע ראַסן, וועלכע לעבן דאָ צוזאַמען אַ גאַנץ יאָר און ווי יענע וואָס קומען

אויף א ווייל צו אָטעמען די העכערע באַרג־לופט. זייערע טעכטער וואָס אַרבעטער אין די האָטעלן, פּענסיאָנאַטן און „האָסטעריעס" ווייסן צו ריידן מיט די טוריסטן זייער העפלעך און זיך קעמען לויט דער לעצטער מאָדע און זיך פאַרבן די ליפּן.

אין פרישן אינדערפרי, באַלד ווי די פרימאָרגן־זון האָט זיך אויפגע־הויבן איבער די בערג און איידער עס האָט אויפגעהערט דער פאונא־קאָנצערט, הויבט זיך אָן דער ריטעם פון אַקטיוון לעבן אין דער באַרג־סביבה.

אויף געקרייזלטע זוניקע וועגן, גייען אייזלען טראָט ביי טראָט און אייזל הינטער אייזל. אויף די רוקנס טראָגן זיי שטייגן עופות, קעסטלעך פרוכטן, קוישן גרינוואַרג, בינטלעך האָלץ. זיי גייען נישט געשפּאַנט די אייזלען און האָבן זייער פירער נישט פאַר די אויגן, נאָר פון הינטן. און דאָך גייען זיי נישט אַראָפּ פון וועג, ווייסן זיך וואו צו פאַרקירעווען און וואו זיך אָפּצושטעלן; מען פירט ציגן. זיי בענקען צום פרייען באַרג פון וואַנען מען האָט זיי צוגענומען און זענען טרויעריק פאַר דעם גורל וואָס דערוואַרט זיי; עס קומען פון ערגעץ רייטנדיק אויף אייזלען אינדיאַנישע סוחרים, באַלעבאַטים און אָנגעשטעלטע, וואָס פירן אויף די רוקנס פון אייזלען זייערע קראָמען פון טעפּיכער און צודעקס, טישטעכער און גאַרט־לען, אויסגעאַרבעט פון ציגענע און אַנדערע פעלעכלעך, ווי אויך פאַנטשעס און אַ צאָל אַנדערע אַרטיקלען, האַנט־אַרבעט פון וואָל און געפאַרבט מיט בונטע קאָלירן פון די באַרג־קרייטעכער, אויך אַרטיקלען פון ביין, שטיין, מעטאַל און פון שטרוי. עס ווערן געפירט די דאָזיקע אינדיאַנישע אויסאַר־בעטונגען זיי אויסצושטעלן אויף די שפּאַציר־וועגן אין די בערג; עס לאָזן זיך אַרויס איבער די געקרייזלטע זוניקע וועגן פון באַרג און טאָל טוריסטן און טוריסטקעס אין באָמבאַטשעס, רייטנדיק אויף טוריסטישע פערד, וואָס ווערן באַזאָרגט פון די אינדיאַנער, ווי אויך קליינע אייזלען, אויף וועלכע עס רייטן קינדער, און גרעסערע אייזלען, אויף וועלכע עס האָבן ליב צו רייטן פרויען און אין דער זעלבער צייט פליען אַרויף און אַראָפּ איבער די גע־דרייטע וועגן אימפּראָוויזירטע קאָלעקטיוואָס און פּריוואַטע אויטאָס מיט „טשאַפּעס" פון בוענאָס־איירעס, פון סאַנטאַ פע און פון אַלע אַרגענטינער פּראָווינצן און טעריטאָריעס צו פירן טוריסטן אין דער פאַנטאַסטישער ווירק־לעכקייט פון די בערג־שפּאַלטן, וואו עס פליסן קרישטאָלענע טייכלעך, עס רוישן וואַסער־פאַלן און עס בלישטשען אין די זונענשטראַלן די פעלדזן־ווענט פון מולטיקאָלירטן שטיין מיט זילבערנעם און גאָלדענעם מיקאַ; פון באַרג־ווינקלען וואו נישט וואו און ווען נישט ווען טראָגן זיך האַמער־קלעפּ אויף אייזן און עס קייקלען זיך גראַניט־שטיינער.

און ווען די ווייזערס אויף די זייגערס ווייזן צוועלף שטעלט זיך אָפּ

דער ריטם פון אַרבעט, פון האַנדל, פון שפּאַציר, אַלץ ציט צום עסן און נאָך דעם צו אָפּרו, „סיעסטע", כדי אין פיר שעה אַרום צו באַנייען די אָפּגע־שטעלטע אַקטיוויטעטן.

עס איז זיבעצן אַזייגער אין אַ יאַנואַר־טאָג ווען די טעמפּעראַטור שטייגט צו איר העכסטער הויך, און צוואַנציק מיט אַ האַלב אַזייגער שרייבט מען ביי טאָגליכט. די זון גרייט זיך ערשט צו פאַרגיין, אַראָפּצולאָזן זיך הינטער דעם מערבדיקן באַרג־קרייז, אָבער איידער זי לאָזט זיך אַראָפּ, רעפלעקטירט זי מיט איר ווייס־פייערדיקער אויסשטראַלונג דעם קעגנאיבער־דיקן באַרג־קרייז, פונוואַנען זי איז גאַנץ פרי אַרויסגעקומען. און ווי טונקל עס זאָל נישט זיין דער באַרג, וואָס שפּאַרט זיך אין העל־בלויען הימל אַריין, ווייזן זיך גרין זיינע פלאַנצן, וואָס זעען אויס פון אונטן און פון ווייטן ווי מאָך.

און ווען די זון איז שוין צוגעקומען צו די שפּיצן פון די מערב־בערג, גיט זי זיך אַ לאָז אַראָפּ דאָרט אויף דער אַנדערער זייט און גיסט אויס אויפן באַרג־שפּיץ אַ ווייסע לאַווע און צינדט אָן די ברעגן פון די וואַלקנס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרזאַמלען אויף די קאַרבן פון די בערג און עס צייכענען זיך מיט זוניקע פאַרבן ליכטיקע ווענגן און וואַלקנס; ווענגן גע־קרייזלטע, באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ, צווישן ווייסע, געלע, רויטע און בלויע בערג — ווזיע פון אַ פאַנטאַסטיש לאַנד.

# אַ סאַנאַטאָריע פון אַ קראַנקער וועלט

מיין קאָלעקטיוו האָט געלאָזט הינטער זיך די שטילע אַרגענטינישע אַוויאָנען־פאַבריק ביי דער שטאָט קאָרדאָבאַ און האָט אָנגעהויבן אַ גאַנג, ווי פון אַ שיכור, אָבער מיט אימפעט און מיט אַ טרובעריי אין דעם באַרג־לאַבירינט פון ווינקלען, וואו דאָס טרובען מיידט אויס צוזאַמענשטויסן, פון וועלכע עס איז נישט שווער צו פליען אין די אָפּגרונטן אַריין... און אַזוי ווערן מיר אַריינגעדרייט אין דער באַרג־סביבה אויף זיג־זאַגן, וואָס זענען דער וועג באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ און ווידער באַרג־אַרויף, קומענדיק אַלץ העכער...

***

פאָרן פאָרן קיין קאָרדאָבאַ, ביים געזעגענען זיך, האָט מען מיך באַ־דויערט, נישט אויסדריקלעך, נישט מיט ווערטער, נאָר מיט אַזאַ שטילן בליק, אַזאַ ווייכן טאָן, וואָס גייט אַריין אין דער נשמה און דורך וואונטשן צו דער לופט פון די קאָרדאָבער בערג פאַר מיין געזונט וועגן... איז ווען איינער פאָרט מיט אַזאַ באַדויער פילט ער זיך זייער קראַנק, ווען ער איז נאָר עפּעס קראַנק און עס פילט זיך איינער עפּעס נישט מיט אַלעמען, ווען אַפילו אים איז גאָרנישט און ער פאָרט נאָר צוליב פאָרן, אָדער צוליב זיין דאָרט וואו ער איז נאָך נישט געווען, אָדער צוליב באַהעפטן זיך מיט דער געזונטער, מעכטיקער און שיינער נאַטור, אָדער גאָר צוליב אַוואַנטורע פון וואָס קיינער איז, דאַכט זיך, נישט פריי.

און פאָרנדיק אַזוי מיטן באַדויער מאָלן זיך אויס אין דער פאַנטאַזיע די קאָרדאָבער בערג אין דער געשטאַלט פון אַ סאַנאַטאָריע וואָס שפּרייט זיך אויס אונטער אַ ווייסן הימל פון וואַטע און פון וואַנען עס טראָגט זיך אַ ריח פון כלאָראָפאָרם; אַ גרויסע אומענדלעכע סאַטאַנאָריע פון דער נאַטור מיט אָן אַ צאָל סאַנאַטאָרישע אָפּטיילן פאַר די פאַרשידענע ראַסן פון דער מענטשהייט, פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, סאַטאַנאָרישע אָפּטיילן פאַר פרויען און פאַר מענער; אָפּטיילן פאַר קינדער און פאַר דערוואַקסענע און אַז אין צענטער פון די באַזונדערע סאַנאַטאָריעס זענען פאַראַן די געמיינ־

זאַמע, די ראַסן אויסגעמישטע און די אינטערנאַציאָנאַלע, וואָס זעען נישט אויס אַזוי בייז און אַזוי טרויעריק, ווי די אָפּגעזונדערטע, אָבער באַדויערלעך זענען זיי אויך, ווייל ווי קאָנען זיי זיין נישט באַדויערלעך, אַז זיי זענען די וועלט פון קראַנקע, אַן אומענדלעכער וואַריאַנט, פון האָפענונגסלאָזע ביז כמעט געזונטע, אָבער דאָך — קראַנקע, קראַנקע אויף די בערג און קראַנקע אין די טאָלן. קוממט אַריין מיט דער דאַזיקער וויזיע אין אַ שטעטל, איז דאָס אַ שטעטל פון קראַנקע, פון כלאָראָפאָרמירטע; גייען מענטשן איבער די גאַסן, זענען זיי קראַנקע; זיצן מענער און פרויען אין זייערע הייזער ביי וואַרשטאַטן — קראַנקע; שטייען סוחרים אין די קלייטן און עס קומען קונים, יונגע, אַלטע און מען דינגט זיך און מען קויפט, אָבער — קראַנקע; פאָרן פירן, פאָרן אויטאָס, פאָרן קאַמיאָנען און די באַלעגאָלעס, און די שאָ־פערס אייזן שטאַרקע, אָבער — קראַנקע; זיצן געסט אין קאַפע און טרינקען „וויסקי" און טרינקען „ווערמוט" מיט ביטער און עסן אייַלבירטן און קייען מאַניס און ברעכן צאָן־שטעקעלעך — קראַנקע; שפּילט דאָרט אַן אָרקעסטער זשאַז און טיפּיש פאַר די געסט און ווי פאַר זיך אַמאָל אַ קלאַסיש שטיקל און די מוזיקאַנטן הויכע, ברייטע מיט ספּאָרט־העמדלעך אויף שטייפע ברוסטן — קראַנקע; קומען אַלטע מיידלעך און יונגע ווייבלעך און קאַוואַ־ליערן אַלטע און יונגע און די פרויען עסן אייזקרעם און טרינקען זיסעס און די מענער טרינקען ביר און רויכערן און ווען די מוזיק שפּילט אַ טאַנצנדיקס, לאָזט מען די טישלעך מיט די געטראַנקען און מען שטעלט זיך טאַנצן — קראַנקע; אין דעם פּאַרק דאָרט פון פאַרווײַלונגען, אַטראַקציעס אַזוינע, פאַר קליינע און פאַר גרויסע, שטייען אויף אַ בינע אַטלעטן, ריזן, רייסן קייטן, בויגן רעלסן, קייען טשוועקעס, טראָגן אַן אויטאָמאָביל אונטערן אָרעם — קראַנקע; רייטן רייטער און רייטערקעס, שיין און קרעפטיק ווי די פערד, אויף וועלכע זיי רייטן — קראַנקע; איינגעבוירענע — קראַנקע; איינוואוי־נער — קראַנקע; טוריסטן — קראַנקע! אויפן נאָענטסטן האָטעל איז אַרויס־געשטעלט אַ שילד און מיט זייער שיינע און פעטע בוכשטאַבן זאָגט זיך דאָרט אַז „קראַנקע ווערן נישט אָנגענומען", זעט דאָס אויס ווי אַ שפּאַס, וואָרום — פון וואַנען וועלן זיך נעמען געזונטע? און איז דען די קראַנקן־וועלט בלויז אין די קאָרדאָבער בערג; געפינט זי זיך דען נישט אויף אַלע אַנדערע בערג און מער נאָך ווי אין די בערג — אויף די פּלאַזשעס, ביי די טייכן, ביי די ימים און ביי די זאַלציקע אָזערעס? און אין די שטעט פון וואַנען מען כאַפּט זיך אַרויס, ווען עס קומט דער ליבער זומער, איז מען דען געזונט? און אין שטעטל, וואָס פאַרטרעט דאָ דעם דאָרף און אויף די פעל־דער, די „קאַמפּאָ" איז מען דען געזונט? איך דערמאָן זיך אין מיינע הונ־דערטער און טויזנטער באַקאַנטע און קיין איינער פון זיי איז דאָך נישט

פולשטענדיק געזונט; ווער עס טראָגט זיך אַרום מיט מער שלאָפקייטן און ווער מיט וויניקער; ווער מיט שאַרפע און ווער מיט כראָנישע — קראַנק דאָס זענען אַלע, אויך די דאָקטוירים, וואָס פאַרנעמען זיך מיט היילן קראַנ־קע. איינער ליידט פון אַזאַ שלאָפקייט, אַ צווייטער פון אַן אַנדערער שלאָפ־קייט און זענען דען נאָר די מענטשן קראַנק? עס זענען קראַנק די חיות און די בהמות וואָס דרייען זיך אַרום צווישן אונדז; עס זענען קראַנק די ביימער, די גרינסן, די בלומען; עס איז קראַנק די לופט, וואָס מיר אָטעמען און עס איז קראַנק דער וועטער, וואָס וואַרפט מיט היץ און מיט קעלט. עס איז קראַנק דאָס לאַנד און עס איז קראַנק די וועלט. פאַראַן מילדע קראַנקייטן און פאַראַן אַנגרייפערישע; אומשעדלעכע און שעדלעכע; שיינע און מיאוסע; צאַרטע און ברוטאַלע; גיפטלאָזע און גיפטיקע; נישט אַנשטעקנדיקע און אַנ־שטעקנדיקע; פאַראַן אויך איינגערעדטע קראַנקייטן, סוגעסטיווע, עס ליידן אויף זיי מייסטנטייל די דיקטאַטאָרס און זייערע ליבזינגער, מיטלויפער און אויטאָמאַטן; פאַראַן גייסטיקע קראַנקייטן, וואָס אַז מען וויל זיי אַנטאַפּן איז דאַכט זיך גישטאָ וואָס אַנצוטאַפּן און דאָך קומען אַרויס פון זיי די גרעסטע צרות; פאַראַן פּאָליטישע קראַנקייטן, זיי זענען אויך פון אַזאַ מאַ־טעריע, וואָס איז נישט צום אָנטאַפּן, אָבער זיי זענען פאַראַן און האָבן דעם כוח צו מאַכן רעוואָלוציעס און קאָנטררעוואָלוציעס ערטערווייז און צייטנ־ווייז; פאַראַן עקאָנאָמישע קראַנקייטן, ווען דאָס עקאָנאָמישע לעבן קלאַפּט נישט ווי עס דאַרף צו זיין און די דאָזיקע עקאָנאָמישע קראַנקייטן אַנטוויקלען זיך ביז קריזיסן מיט אַרבעטסלאָזיקייט, מיט פאַרקויפלאָזיקייט און מיט אַ סך נויט; פאַראַן... אָבער ווי עס איז צו זען איז אַלץ קראַנק און נישט אומ־זיסט געזעגנט מען זיך און מען באַגעגנט זיך און מען באַגריסט זיך אין יידיש אַזוי ווי אין שפּאַניש מיט אַ „זיי געזונט", אָדער „סאַלוד".

און צוליב דעם געזונט טוט מען אַ סך זאַכן, אפילו אומגעזונטע זאַכן טוט מען צוליב געזונט און צוליב געזונט מאַכט מען וואַקאַציעס און מען פאָרט אויף די פּלאַזשעס אָדער אין די בערג, איז פאָר וואָס באַדויערט מען איינעם, וואָס פאָרט אין די בערג? פאַרוואָס באַגריסט מען אים נישט? ער פאָרט דאָך נישט ווערן קראַנק, נאָר ער פאָרט צוליב געזונט. אמת, אַז עס קומט פאָר די אויגן די „סאַנטאַ מאַריאַ" ווען מען דערמאָנט די קאָרדאָבער בערג; עס ווערט קאַלט ביי די פערציק גראַד היץ אונטערן געמיינזאַמען בליק פון די אויסגעלאָשענע אויגן פון די טובערקולאָזע אין יענער ערשטער און גרעסטער לאַנד־סאַנאַטאָריע ספּעציעל פאַר לונגען־קראַנקע, וואָס טראָגט דעם נאָמען נאָך דער „מוטער" — דער „הייליקער" און שטייט דאָרט אין אַ ווינקעלע אונטערן „פּאַן דע אַסוקאַר", דעם באַרג פון 1257 מעטער די הויך נעבן קאָסקין, די באַרג־שטאָט אין טאָל, וואו קראַנקע וואַרטן אויף

ארײַנצוקומען אין „סאַנטאַ מאַריאַ” און וואו עס בלײַבן אַ סך פון די אַרוים־געקומענע פון דער סאַנאַטאָריע, ווײַל נאָר דאָרט קאָנען זײ זײַן געזונט; און דער אויסגעלאָשענער בליק שנײַדט זיך אַרײַן אין דער נשמה ווען דו דער־קענסט אין אים די אויגן פון חברים, אידעאַליסטן, געזעלשאַפטלעכע בויער, פּיאָנערן, וועמענס לעבן עס איז דאָ אויסגעגאַנגען, מחמת עס האָט זײ מער נישט געקענט ראַטעווען אַפילו די „סאַנטאַ מאַריאַ” פון די קאָרדאָבער בערג, אָבער —

אין די שטעט זענען דאָך פאַראַן מער סאַנאַטאָריעס, וואָס הײלן ווינ־ציקער, און עס זענען פאַראַנען אין די שטעט שפּיטאָלן און אויף די שטעט־טישע בית־עולמס איז אַן ענגשאַפט, און עס זענען נויטיק אין די שטעט אַ סך מער סאַנאַטאָריעס און שפּיטעלער, ווײַל צווישן די געזונטע (אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן) גײען אַרום אַ סך קראַנקע און שטעקן אָן מיט שלאַפקײטן די געזונטע, אָדער די אַנדערע, וואָס גײען אַרום מיט אַנדערע קראַנקײטן.

און איבער אַזאַ שטאָטישער פּאַנאָראַמע אויף פלאַכלאַנד דערשײַנט די בארג־פּאַנאָראַמע. זי איז טאַקע סאַנאַטאָריש אָבער נישט דורך דעם, וואָס זי האָט אַן אַלגעמײנע סאַנאַטאָריע „סאַנטאַ מאַריאַ” אין באַרג־שטעטל סאַנטאַ מאַריאַ, אויך נישט דורך דעם, וואָס זי האָט שוין אויך אַ ײדישע סאַנאַטאָריע אין שטעטל אונקיזשאַ און וואָס זי האָט און קאָן נאָך האָבן אַנדערע סאַנאַטאָריעס אין אַנדערע ערטער, זי איז סאַטאַנאַריש דורך איר קלימאַט; זי איז נישט אַזוי סאַנאַטאָריש דורך קראַנקן־בעטלעך, רעצעפּטן, „דיעטעס”, ווי זי איז דאָס אַדאַנק דער געזונטקײט און קרעפטיקײט פון איר באַרגיקער נאַטור און אַדאַנק איר העכערער, רײנערער און לופטיקער לופט, וואָס הײלט קראַנקע און קרעפטיקט געזונטע, זײ זאָלן זיך קאָנען באַשיצן און פאַרטײדיקן פון קראַנקײטן.

חוץ די צוגערײזטע, די טוריסטן, לעבן אין די בערג שטענדיקע אײנ־וואוינער און עס לעבן אין די בערג אײנגעבוירענע, אינדיאַנער. זענען זײ שטענדיק געזונט?

אויף באַשטימטע קראַנקײטן איז שווערער דאָרט קראַנק צו ווערן און זײ זענען נישט אַזוי געפערלעך ווי אַנדערשוואו, אָבען זײ זענען נישט אויס־געשלאָסן בײ די שטענדיקע באַרג־אײנוואוינער און חוץ זײ זענען נישט אויסגעשלאָסן אַלערלײ אַנדערע קראַנקײטן. עס איז געווענדט אין דעם ווי אַזוי מען לעבט.

מען קאָן אויך אין די בערג לעבן אין ענגשאַפט, אין מיסטקעסטלעך, אין נויט און אין אומוויסנהײט און זײער ווײניק זיך אָננעמען מיטן געזונט פון דער שײנער, אָפענער, ברײטער און פרײער נאַטור — אַזאַ לעבן געפינט

מען דער עיקר צווישן די איינגעבוירענע, די אינדיאַנער, וועלכע האַלטן אויך נישט פון היגענע און מעדיצין און היילן זיך נישט. דער שטענדיקער איינוואוינער, וועלכער שטאַמט פון דער איינוואַנדערונג איז קולטורעלער, אינטענסיווער, דיסציפּלינירטער און געזונטער.

און בעסער נאָך פונעם תושב לעבט דער גאַסט, דער טוריסט.

פּאַראַן טוריסטן און טוריסטן; טוריסטן גאָר רייכע ביז טוריסטן גאָר אָרימע און אַזוי פאַרשידן ווי עס איז זייער פאַרמעגן איז אויך זייער לעבן. פריער זענען טוריסטן געווען נאָר רייכע און מיטלקלאַס-מענטשן; אָרימע אויב זיי פלעגן פאָרן, פלעגן זיי פאָרן אין „סאַנטאַ מאַריאַ”, היינט זענען שוין אויך פאַראַן אָרימע טוריסטן, וועלכע כאַפּן זיך אַרויס איין מאָל אין יאָר, וואַקאַציע-צייט, זיך איבערצוגעבן צו אַן אַנדער לעבן, אַ זאָרגלאָז, אַ פאַרזאָרגט לעבן, אין רו, אין זעט, אין פאַרווייַלונג, אָדער אין לאַנגווייַלונג; אַ לעבן מיט אַן אַנדער „טאָג-אָרדענונג”; פאַר די נייע טוריסטן, פאַר די טוריסטן-אָנפאַנגער איז דאָס דאָזיקע לעבן נאָך נישט היימיש און זיי פילן זיך און פירן זיך עפּעס מאָדנע און זעען אויס קאָמיש, אָבער געניסן געניסן זיי אויך עפּעס פון דאָזיקן לעבן און פון דער שיינער נאַטור, פון דער ריינער לופט און פון דעם גן-עדן אויף דער ערד פאָרן טוריסט אין די קאָרדאָבער בערג.

***

דער זיג-זאַגישער און געקרייזלטער וועג פירט אַלץ באַרג-אַרויף. מיין קאָלעקטיוו וואָס זעט אויס ווי אַ קליינינקע שפּילצייג אין דער דאָזיקער גיגאַנטישער סביבה גייט מיט אַלע זיינע בוחות און טרובעט, כדי אָנצוזאָגן אין די ווינקלען, אַז ער גייט און ער גייט טאַקע און קומט אַלץ העכער. אַרום און אַרום אָטעמט מיט קראַפט, עס אָטעמט מיט קראַפט פון דער שטיינערנער ברייט, פון דער הויך און פון דער טיף. די וואונדערבאַרע קאָלאָסאַלע לאַנדשאַפט עמאָציאָנירט און קיין קונסט-אויסשטעלונג פון קיין צייט און אין קיין מוזיי קען מען נישט זען אַזאַ סקולפּטאָריש-מאָלעריש ווערק, ווי עס איז דאָס ווערק דאָ פון דער נאַטור, וואָס נעמט דיך אַרום מיט אירע שיינע, געזונטע און פעסטע אָרעמס און צערטלט דיך און באַגריסט דיך שטיל און מעכטיק: זיי געזונט, סאַלוד!

# טייכן און טאָלן

עס איז אין יאָר 1931. אין אַ העל־בלויען פרימאָרגן, זענען מיר אין אַ „פולמאַן" אַרויס פון הוינקאַ רענאַנקאַ און פון מינוט צו מינוט זיך דער־ווייטערט פון דער פּאַמפּאַ און פון אירע ווינטן.

מיר פאָרן שוין אין דעם באַרגלאַנד — קאָרדאָבאַ. עס איז געאָגראַ־פיש דאָס האַרץ פון אַרגענטינע; עס איז מיטללענדיש. עס פאַרנעמט אַ שטח פון קנאַפּע הונדערט זיבעציק טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער און האָט אַרום זיך די פּאַמפּאַ און בוענאָס־איירעס; סאַנטאַ פע און סאַן לואיס; סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און לאַ ריאָכאַ און קאַטאַמאַרקאַ פעלט אויך נישט אין דעם קאָלאָסאַלן קרייז וואָס רינגלט איר אַרום.

דאָס באַרגלאַנד האָט אויסגעשפּרייט אירע טעפּיכער פון פאַרביקע פלאַכפעלדער אויף איר מיזרח־זייט פאַרן אויפגיין און פאַרן אַרויפגיין פון דער זון אויף זיי. אירע פלאַכפעלדישע טעפּיכער זענען אויך אויסגעשפּרייט אויף איר דרום, אָבער וואָס נענטער צו איר צפון און צו איר מערב הויבן זיך אירע פלאַכפעלדער אָן צו כוואַליען, זייער איבערפלאַך ווערט בערגלדיק און פונוויטנס צייכענען זיך העכערע און נאָך העכערע סילועטן.

עס גייט אָן אויסגעפלאַסטעטער וועג אויף די גרינע און בלאָנדע פעל־דער פון מאַיס; אויף די גרינע און געלע פון די גיגאַנטישע זונקערן. אויף די גרינע און ווייסע פון די קאַרטאָפל; אויף די וויאָלעטע פון אַלפּאַלפּאַ און אויף די ברוינע, וואָס רוען נאָכן שניט פון ווייץ און פון קאָרן; פון גערשטן און פון האָבער און עס טראָגט זיך פון זיי אַן אויסגעמישטער אַראָמאַט, וואָס די צאַרטע ווינטלעך פאַרשפּרייטן.

אויפן וועג פון דרום צו צפון זענען מיר אַריבער דיאָ קינטאָ. איינער פון די פינף נומערירטע טייכן, וואָס גייען איבער קאָרדאָבאַ און זיי זענען נישט די איינציקע. אַ נעץ פון טייכן און טייכלעך; קוואַלן און וואַסער־פאַלן; אַזערעס און פלוסן איז אויסגעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט איבער דער מיטללענדישער טעריטאָריע, אויף וועלכער דער רעגן לאָזט אויף זיך צו לאַנג וואַרטן. עס רעגנט זייער זעלטן און ווען עס רעגנט אַמאָל, איז דאָס אויך נישט שטענדיק, ווען מען דאַרף. קומען די וואַסערן

פון די בערג און פון די טאָלן און גיבן צו טרינקען די פעלדער און די פלאַנצן; די מענטשן און די ציגן; די פייגל פון הימל און די פיש אין די אָזערעס. און זיי גיבן לעבן די בעדער פון מאר טשיקיטאַ און פון מינאַ קלאַווערא; פון אַניסאַקאַטע און פון מאָלינאַ דע אַרא און זיי גיבן ליכט און קראַפט צו באַלייכטן די שטעט און די שטעטלעך און צו טרייבן די רעדער פון די מאַשינען.

קרעמעריאַ, קאַנסועלאָ, מאַקענאַ, קאַרמענסיטאַ, קאַבאַזשעראַ, מאַלענאַ, טראַוואַליאַ, האַלמבערג — זענען נעמען פון איי‌ניקע פון די צענדליקער שטעטלעך און שטעטעלעך וואָס זענען צעוואָרפן אין דער געגנט און פון די הונדערטער, וואָס זענען צעשפּרייט איבער די פאַרשידענע געגנטן פון קאָר־דאָבאַ, אין וועלכע עס וואוינען אירע מענטשן — אָפּשטאַמער פון אַמערי־קאַנער אינדיאַנער — קיטשוער און פון איי‌ראָפּעער, אַזיאַטן און אַפריקאַנער און פון איינגעוואַנדערטע, וואָס צוזאַמענגענומען און אַרום און אַרום גרייכן זיי נאָך נישט צו קיין צוויי מיליאָן.

און אָט האָט אונדז דער פּולמאַן אַריינגעפירט אין ריאָ קוואַרטאָ — אַ שטאָט וואָס שטייט ביים „פערטן טייך” פון קאָרדאָבאַ און וואָס טראָגט דעם טייכס נאָמען.

פאַר אונדז איז ריאָ קוואַרטאָ — נישט צום ערשטן מאָל, — אַ טראַנ־זיט־שטאָט מיט אַ צענטראַלער פּלאַסע, אַרום וועלכער עס דרייט זיך דאָס צענטראַלע פון דער שטאָט, די צענטראַלע טייל פון די גאַסן מיט די מוני־ציפּאַלע דעפּאַרטאַמענטאַלע, פּראָווינציעלע און נאַציאָנאַלע איינריכטונגען, מיט געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און קאָמערציעלע געוועלבער, אַזוי ווי אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון דער פּראָווינץ און פון דער רעפּובליק; מיט ערשטקלאַסיקע האָטעלן, קאַפעען און רעסטאָראַנען ביז פינפקלאַסיקע און מיט אַזאַ קאָכעדיקן צענטער פון פּאַסאַזשירן־טראַנספּאָרט, וואו מען קומט אָן פון אומעטום און פון וואַנען מען פאָרט אַוועק אין אַלע ריכטונגען פון דער פּראָווינץ און פון לאַנד, וואָס נישט אין אַלע שטעט און שטעט־לעך איז דאָס.

און ריאָ קוואַרטאָ איז נישטאָ אויף דער מאַפּע פון דער טוריסטישער קאָרדאָבאַ. זי איז אַ שטאָט פון דער אַגריקולטורעלער קאָרדאָבאַ, פון דער קאָמערציעלער און פון דער אינדוסטריעלער. פאַר דער אַנדערער קאָרדאָבאַ איז זי אַ טראַנזיט־שטאָט.

***

אויף די פאַרגליווערטע כוואַליעס פון באַרגיקן לאַנד, וואו עס הויבט זיך אָן דאָס אַנדערע קאָרדאָבאַ — קרייזלט זיך אַ וועג. עס קרייזלט אויף אים אונדזער פּולמאַן. עס עקסהיבירט זיך פאַר אונדזערע אויגן אין פּולמאַן־

פענצטער אַ פּרעכטיקע לאַנדשאַפט פון גרינע טאָלן צווישן פאַרביקע בערג מיט צויבער־הייזער אין די טאָלן און אויף די בערג און מיט ווייטערע באַרג־בילדער, וואָס לאָזן זיך זען אין דער אויפגעלעבטער געדעכעניש.

דער וועג קרייצט דעם ריאָ טערסעראָ, וואָס גייט אַוועק צום קאָקאַראַניאַ אין דער שכנישער סאַנטאַ פע; ער גייט פאַרביי מאַר אַסול פון וואַנען עס גייט אַרויס דער ריאָ טערסעראָ און אין וועלכער עס פליסן אַריין די וואַסערן פון די אַרומשטייענדע בערג און ער ווערט אַריינגעצויגן אין דעם פאַנטאַסטישן טאָל פון קאַלאַמוטשיטאַ.

דער טאָל פון קאַלאַמוטשיטאַ איז אַ טאָל פון טאָלן, וואָס באַהעפטן זיך, וואָס פלעכטן זיך אין די בערג פון גאָר אונטן ביז גאָר אויבן און ווייזן, אַז טאָלן געפינען זיך אויך אינדערהויך, נישט נאָר אינדערנידער.

פון מאַר אַסול און קאַלאַמוטשיטאַ־טאָל אויף מערב הויבן זיך אַלץ העכער די הויכע בערג פון קאָרדאָבאַ, די סיעראַס גראַנדעס. זיי זעען אויס ווי אַ באַרג פון בערג, איינער איבערן אַנדערן, איינער הינטער דעם אַנדערן, וואָס האָבן זיך אַהער פאַרזאַמלט, דאָ פאַראייניקט, צוזאַמענגעוואַקסן זיך און אויסגעוואַקסן. קאַמעטשינגאַנע, אַטריראַס, טשאַמפּאַקי, האָבן זיך הימליש דערהויבן, זיי שטייען ביז צוויי טויזנט אַכט הונדערט מעטער איבער דער אויבערפלאַך פון ים.

אויף דער מיזרח־זייט פון אונדזער וועג, פון דרום צו צפון האָבן זיך אויסגעשטעלט די הינאַכאַ־בערג, וואָס גיבן וואַסער דעם ריאָ סעגונדאַ, ער זאָל עס אַוועקטראָגן קיין מאַר טשיקיטאַ, וואו יידן און אויך גויים קומען פון קאָרדאָבאַ און פון אַנדערע ווינקלען פון דער רעפּובליק אין די זאַלצבעדער. דער וועג גייט פאַרביי ראַנטשעריטאַ און סעראַניטאַ, וואו יידן בויען זיך אַ גן־עדנדל אויף דער געבענטשטער ערד.

דער פּולמאַן נעמט זיך רעכטס און דערווייטערט זיך נאָך מער פון די אַטשאַלאַ־פעלדער, פון וועלכע ער איז פריער שוין אויך געגאַנגען פונוויטנס. אָבער דאָס וואָס אַ פּולמאַן און אַ וועג דערווייטערט זיך שטערט נישט דאָס זיין פון די מערקווירדיקע פעלדער פלאַטשיק ווי אַ טיש אויף די בערג דריי טויזנט מעטער די הויך.

אפנים, אַז די קיטשואַר זענען דאָ געווען אויף די „פּאַמפּאַס" איידער זיי זענען געקומען אין דער פּאַמפּאַ. אַרויסגעגאַנגען פון דער אינקאַישער מעטראָפּאָליע, וואָס איז געווען אין די אַנדן, אינדערהויך פון באָליוויאַ, אָדער אַלטאָ פּערו, האָבן זיי נישט אויסגעמיטן די הויכקייטן אויף זייערע וועגן אויסצושפּרייטן די אינקאַישע אימפּעריע, דורך אינוואַדירן, אָקופּירן מיט דעם רעכט צו קולטיווירן און ציוויליזירן און אַלץ וואָס זיי האָבן געטראָפן

האָבן זיי אָנגערופן אויף זייער שפּראַך און אויף זייער שפּראַך איז פעלד — פּאַמפּאַ.

שפּרייטן זיך טאַקע אויס אין דער זאָגע פון די גרויסע בערג אויף דער מערב־זייט פון קאָרדאָבאַ די פעלדער אינדערהויך, וואָס הייסן פּאַמפּאַ, נישט ווייל זיי זענען אינדערהויך, וואו מענטשן פאַלן אוועק צוליב דער הויכקייט, נאָר ווייל זיי זענען פעלדער, ברייטע פעלדער. פּאַמפּאַ דע אַטשאַלאַ (וואו איך בין געווען, געזען און — דאָך נישט אוועקגעפאַלן); פּאַמפּאַ דע אַספּע; פּאַמפּאַ האַיאַרע; פּאַמפּאַ אַלאַין; פּאַמפּאַ סאַן לואיס; פּאַמפּאַ פּאַטשאַ; פּאַמפּאַ סאַן כאַסע; פּאַמפּאַ רעאַרטעס און פּאַמפּאַ אַט־אַספּאַמפּאַ.

העכער פון די פּאַמפּאַס אויף די מערב־בערג שווימט די זון אין דעם אויבערשטן ים פון לופט. לויטן זייגער האָבן זיך שוין אָנגעצונדן די שטערן אין דער פינצטער פון בוענאָס־איירעס, דאָ איז דעמערונג. די זון אַ שעמעוו־דיקע, רויטלט זיך בעת זי לאָזט זיך לאַנגזאַם און שטיל אַראָפּ אין איר בעט דאָ צווישן די בערג.

באַלד ווי מיר האָבן געקרייצט דעם טייך אַניסאַקאַטע, וואָס גייט פאַרביי סעראַניטאַ און ראַנטשעריטאַ, וועלכע געפינען זיך אין וואַלדיקע טאָלן אין דער זאָגע פון די סיעראַס טשיקאַס, האָט זיך די זון מער נישט געלאָזט זען, פאַרשטעלנדיק זיך מיטן „שפּאַניש ווענטל" פון די הויכע בערג און עס איז געוואָרן נאַכט. זי האָט אונטערגעטריבן דעם אויטאָבוס, וועל־כער האָט אָנגעהויבן צו באַלייכטן דעם וועג מיט זיינע אייגענע ליכטער, ווייל די לבנה איז נישט אַרויס און די שטערן האָבן געפינקלט, געבלישטשעט, אָבער נישט געלויכטן.

אויפדערנאַכט זענען מיר אַריין אין דער באַשטראַלטער שטאָט פון עלעקטרישע ליכטער און פונעם אוניווערזיטעט.

***

די שטאָט שטייט אינדערנידער און אינדערהויך. עס שלענגלט זיך אַדורך דער ריאָ פּרימעראָ צווישן דעם אויבערשטן קאָרדאָבאַ און דעם אונטערשטן ביז דער אַוועניִדאַ גענעראַל פּאַז — וועלעז סאַרספיעלד — ראָקע סאַענז פּעניאַ, וואו ער דרייט זיך אויס און גייט אוועק צום וואונדערבאַרן זאָאָלאָגישן גאָרטן, וואָס איז אויך אַ באָטאַנישער און אַ נאַטור־אַרכיטעק־טאָנישער, אין שכינות מיטן גרויסן פּאַרק סאַרמיענטאָ, וועלכער פּאַראַיי־ביקט אַזוי צוטרעפלעך דעם נאָמען פון דעם היסטאָרישן אַרגענטינער, וועל־כער האָט אויס ליבע צו פלאַנצן פאַרפלאַנצט ביימער אויף אַ אינדזל אינעם דעלטאַ (טיגרע) און אינספּירירט די בוימער־פלאַנטאַציע אין דער רעפּובליק.

דער ריאָ פּרימעראָ וואָס גייט צו די געזאַלצענע בלאָטעס פון מאַר טשי־קיטאַ, גייט פאַרביי פּאַרק סאַרמיענטאָ מיט זיינע נאַטורוויסנשאַפטן, קונסט, אַלעגאָרישע און געשיכטלעכע מאָנומענטן, היסטאָריש־גריכישער טעאַטער אָן ווענט, אָן אַ דאַך, אויף טרעפּ, אונטערן פרייען, בלויען, אויסגעשטערנטן הימל, צווישן טויזנט און איין מינים שמעקעדיקע און פאַרביקע פלאַנצן און בלומען: דער פאָלקס־פּאַרק פון פרייער צייט, פון פאָלקסטימלעכקייט, פון עסטעטישער רו, פון פייגל־סימפאָניעס און פון לעבעדיקן ראָמאַנס.

***

מיר געפינען זיך אין דער הויפּטשטאָט פון דער מיטללענדישער פּראָ־ווינץ וואָס האָט אַמאָל געהייסן קאָרדאָבאַ פון טוקומאַן און וואו דער שפּאַ־נישער דאָן כעראָנימאָ לואיס דע קאַברערא האָט געגרינדעט די שטאָט מיט 378 יאָר צוריק אויפן נאָמען פון זיין הײמלאַנד קאָרדאָבאַ, אין שפּאַניע. דאָס איז געמאַכט געוואָרן דאָ אויף דעם אָרט, וואָס האָט געהייסן קיסקי־סאַקאַטע, אַ נאָמען וואָס די אוראַיינוואוינער, די אינדיאַנער האָבן עס געגעבן.

היינט אין 1951 איז קאָרדאָבאַ אַ שטאָט פון אָנגעזאַמלטע דורות אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער: אַ שטאָט פון צונויפגעזאַמלטע באַפעלקערונגען פון די אייראָפּעאישע לענדער, פון די אַזיאַטישע מיט זייערע אייגנאַרטיקייטן און קולטורן; מיט זייערע מעלות און חסרונות; זיי האָבן אַריינגענומען די אָרטיקע, אַמעריקאַנער אינדיאַנער אין דעם געמיינזאַמען פּראָצעס פון אַ צוזאַ־מענלעבן, אין וועלכן מיר יידן פאַרנעמען אונדזער אָרט, אַ וויכטיקס און ווירדיקס — קען מען זאָגן אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן שאַפן, זייענדיק אויך נומעריש אַ באַדייטנדיקער טייל פון די דריי הונדערט דרייסיק טויזנט איינוואוינער. ס'איז צונויפגעזאַמלט די פאַרשידנסטע בויקונסט און סטילן פון פאַרשידנסטע פעלקער, פאַרשידנסטע לענדער און פון די פאַרשידנסטע צייטן אין משך פון פיר הונדערט יאָר. עס אימפּאָנירט זיך דער שפּאַניש־קאָלאָניאַלער געבוי פון די הייזער און פון דער שטאָט אויף דעם אינדיאַניש־פּרימיטיוון. עס קומען און עס שטעלן זיך צו די גריכישע געבויען און די רוימישע, נאָר עס אימפּאָנירט זיך מעכטיק דער מאָדערנער אַמעריקאַנער געבוי, וואָס גייט אַרויף אינדערהויך מיט אַ סך שטאָקן, מיט רעזערוון פאַר לופט און ליכט אין קאָנטראַסט צו די געבויען, וואָס גייען אינדערברייט מיט די פירקאַנטיקע פּאַטיעס.

ביי דער פּלאַסע סאַן מאַרטין, וואָס איז דער צענטראַל־פּונקט פון דער שטאָט און פון דער פּראָווינץ מיטן געמיינזאַמען נאָמען, שטייט דער קאַבילדאָ פון דער שפּאַניש־קאָלאָניאַלער צייט און דינט פאַרן הויז פון דער היינטיקער פּאָליציי, דערנעבן איז די קאַטעדראַלע פון די קאַבילדאָס צייטן, אָדער פון

נאָך פריערדיקע צייטן, די צייטן פון די יעזואיטן, מיסיאָנערן און פון דער אינקוויזיציע, ווען די קירכעס, קלויסטערס און קאָנווענטן, וואָס זענען פול אין די אויגן אויף די קאָרדאָבער גאַסן, זענען געבויט ווי פעסטונגען פאַר דער אייביקייט.

דאָס געשיכטלעכע קאָרדאָבאַ פירט אונדז אויך קיין באַראַנקאַ זשאַקאַ, אַ פוסטע פאַמפאַ, רעכטס פון די סיעראַס טשיקאַס, וואו עס געפינט זיך סאַנטאַ קאַטאַלינאַ און אַן אַלטער קלויסטער פון הונדערטער יאָרן מיט שפורן פון אינקוויזיציע און פון אונטערגעבן זיך דעם אָנגריף פון דער צייט, וואָס האָט געמאַכט שפאַלטן אין איר און געריסן פון איר שטיקער, כאָטש אירע פעסטונג־ווענט זענען געבויט ווי פאַר דער אייביקייט.

דאָ אויפן וויסטן פעלד איז אינעם פינף און צוואַנציקסטן יאָר פון דער מאַי־רעוואָלוציע אומגעקומען פאַקונדאָ קיראָגאַ, דער גענעראַל ביים אומקערן זיך פון אַ שליחות פון דאָן מאַנועל ראָסאַס דער דיקטאַטאָר, וועלכער האָט זיך געלאָזט רופן: „דער באַנייער פון די געזעצן".

עס איז פאַקונדאָ דער העלד פון סאַרמיענטאָס מאָנומענטאַלן „פאַקונדאָ". עס איז דער גענעראַל פאַקונדאָ קיראָגאַ, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די באַוואָפנטע כוחות פון דער מאַי־רעוואָלוציע אין קאָרדאָבאַ און פון די שכנישע פראָווינצן, און וועלכער האָט געטראַכט וועגן דער באַדערפעניש באַלד צוצוטרעטן צו דער קאָנסטיטוציאָנעלער אָרגאַניזירונג פון דער רעפובליק אין גייסט און מיט די פרינציפן פון דער מאַי־רעוואָלוציע, וואָס איז געווען דער גייסט און די פרינציפן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע — דער גייסט און פרינציפן פון דער וועלט־רעוואָלוציע. און אין די פראָווינצן אונטערן פראָטעקטאָראַט פון פאַקונדאָ האָט זיך געשאַפן אַזאַ באַוועגונג, וואָס האָט נישט געשטימט מיט דער דיקטאַטור פון מאַנועל ראָסאַס. און אין דעם צוזאַמענשטויס פון געדאַנקען און סיטואַציעס איז פאַקונדאָ אומגעקומען — נישט אין אָפענעם און דערהויבענעם קאַמף, נישט פון אַ גייסטיק שטאַרקערן, אויך נישט פון אַ פיזיש שטאַרקערן, נאָר פון דעם אופן, ווי אַזוי ראָסאַס האָט געזען צו פאַרניכטן מענטשן, וועלכע ער האָט געזען, אָדער ער האָט חושד געווען אַז זיי וועלן אים דעקן, אַז זיי וועלן שטערן זיין רעגירן, זיין טאָטאַליטאַרע הערשאַפט און ער האָט זיינע אופנים פון פאַרניכטונג אָנגעווענדט וואָס גיכער.

איז אין יענעם מאָמענט געווען אַ קאָנפליקט צווישן די גובערנאַטאָרן פון סאַלטאַ און פון טוקומאַן. האָט ראָסאַס דעמאָלט געשיקט צו זיי קיראָגאַן, זיי איינצושטילן און איינשטעלן אָרדענונג. דאָס האָט זיך קיראָגאַן זייער לייכט און זייער גיך איינגעגעבן און ער האָט זיך אומגעקערט אָפצוגעבן אַ ראַפּאָרט פון זיין מיסיע. ראָסאַס איז נישט אויסן געווען דאָס וואָס פאַקונדאָ קיראָגאַ האָט געמיינט. ראָסאַס איז אויסן געווען צו פאַרניכטן קיראָגאַן. פאַר

דעם צוועק האָט ער אויסגענוצט דעם האַס צו פאַקונדאָן פון דעם קאָרדאָבער קאַודיזשאָ עסטאַניסלאַאָ לאָפּעז, וועלכער האָט אינטריגירט און געוואָרנט ראָסאַסן קעגן קיראָגאַן און ראָסאַס האָט דאַן באַלד פאַרזאָרגט אַז לאָפּעז זאָל זיין געגנוי אינפאָרמירט, ווען, מיט וואָס און אויף וועלכן וועג פאַקונדאָ וועט צוריקפאָרן פון טוקומאַן.

און עס איז געשען, אַז אויף דעם אָרט וואָס הייסט באַראַנקאַ זשאַקאָ האָט מען אינמיטן פעברואַר 1835 געמאַכט אַ באַוואָפנטן איבערפאַל אויף דעם קאַטש, אין וועלכן עס זענען געפאָרן קיראָגאַ און זיינע באַגלייטער און אים צוזאַמען מיט די באַגלייטער דערהרגעט.

דעם 7טן מערץ האָט די „האָנאָראַבלע רעפּרעזענטאַנטן סאַלע" באַשטימט דעם בריגאַדיר גענעראַל דאָן כואַן מאַנועל דע ראָסאַס פאַר גובערנאַטאָר און „קאַפּיטאַן גענעראַל" פון דער פּראָווינץ בוענאָס-איירעס (פאַקטיש איבערן גאַנצן לאַנד) מיט „דער גאַנצער סומע פון דער עפנטלעכער מאַכט".

דעמאָלט, נאָך דעם איבערפאַל אין באַראַנקאַ זשאַקאָ, האָט זיך אָפיציעל אָנגעהויבן די ראָסיסטישע רעגירונג, וואָס נישט אָפיציעל איז זי שוין פריער געווען און וועלכע איז היינט הונדערט יאָר באַקעמפט געוואָרן. זי האָט זיך פאַרענדיקט אין אָנהייב פון 1852, מיט דער דעמיסיע פון בריגאַדע גענעראַל און קאַפּיטאַן גענעראַל מיט דער „גאַנצער סומע פון דער עפנטלעכער מאַכט" דאָן כואַן מאַנועל דע ראָסאַס, וועלכער איז באַלד אַוועק קיין סאַוטהעמפּטאָן, ענגלאַנד, וואו ער איז אויף אַ נאַטירלעכן אופן געשטאָרבן.

***

אין דעם „טערמינאַל"-קעסל נאָענט פון דער פּלאַסע וועלעז סאַרספיעלד, וואו עס קאָכט דער אויטאָבוס-טראַפיק, ברענגענדיק אָן אויפהער פּאַסאַזשירן פון טויזנט און 1 פונקטן פון די שטעט און שטעטלעך, פון די פּלאַכן, בערג און טאָלן פון דער נאַטור-פּרעכטיקער און געשיכטלעכער פּראָווינץ, כדי אין אימפּעט, דערהיצט און דערשוויצט, אין טומל, אין געפּילדער און קאָכעדיק — אויפצונעמען די אומדערמידלעכע פּאַסאַזשירן און טוריסטן-שטראָמען, זיי אַוועקצוטראָגן איבער דער אָנגעגליטער שטאָט אין די טויזנט און איין פונקטן פון דער פּראָווינץ, זיי צו פאַרשפּרייטן אין די שטעט און אין די שטעטלעך, אויף די פּאַמפּעס און צו די אייגענע ימים און אָזערעס, אין די טאָלן און אויף די בערג. מען טראָגט זיך צו די רויטע בערג פון אָנגאַמיראַ און צו די בלויע וואַסערן פון קאַלאַמוטשיטאַ; מען טראָגט זיך צו די געזאַלצענע וואַסערן פון מאַר טשיקיטאַ און צו די זיסע און קרישטאָלענע פון מינאַ קלאַווראַ; מען טראָגט זיך צו די מאַיס-פעלדער פון מיזרח-דרום און צו די קאַקטוס-פעלדער פון מערב-צפון. אונדז טראָגט מען דאָס מאָל אויף דער בערג

און טאַליקער קייט פון די סיעראַס טשיקאַס פּאַרביי אונקיזשאַ, וואו עס געפינט זיך דער סאַנאַטאָריום פאַר יידישע לונגען־קראַנקע און פּאַרביי סאַנטאַ מאַריאַ — דער סאַנאַטאָריום פאַר אַלגעמיינע לונגען־קראַנקע. עס טראָגט אונדז דער פּולמאַן אַרויף ביז אויפן שפּיץ פונעם פּאַן דע אַסוקאַר און אַראָפּ אין פּאַרביקן טאָל פון וואַזשע הערמאָסאַ; ער שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע ביי דער גן־עדן־גאַס פון לאַ פּאַלדאַ אַראָפּצולאָזן דאָ טוריסטן, זומערניקעס, אָרטיקע איינוואוינער, און אויפצונעמען אַנדערע און באַלד טראָגט ער אונדז פּאַרביי דאָס צויבערהאַפטע הוערטאַ גראַנדע, דערנאָך דאָס פּרעכטיקע אַפּרוהויז פון טעאַטער אויפן באַרג פון טעאַ, איידער ער טראָגט אונדז פּאַרביי לאַ קומברע, וואָס געפינט זיך, ווי אַלע שטעטלעך אין דער בערגיקער קאָרדאָבאַ אין טאָל אויף טויזנט הונדערט פופציק מעטער הויך איבערן ים־ניוואָ. באַלד דרייט ער זיך אַריין אין אַ ווינקל אינגאַנצן אָן פלאַכקייטן, נאָר פון הויכקייטן און טיפקייטן אין אַ קראַנץ פון גרינע בערג, מיט גאַסן און געסלעך וואָס קרייזלען זיך אין די טאָלן און אויף די בערג, וועלכע האָבן זיך דאָ דערנענטערט, צוזאַמענגענומען און אַרומגענומען זיך און מ׳ווייסט נישט וואו עס הויבט זיך אָן טאָל און — מען וויל דען דאָס וויסן?

דער מיקראָ לאָזט אונדז אַראָפּ אין לאָס קאָקאָס, אין אַ טאָל פון טאָלן, צוועלף הונדערט מעטער אינדערהויך איבערן ים און ער טראָגט זיך אוועק קיין קאַפּיזשאַ דעל מאָנטע, וואָס איז דאָ באַלד און וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אַ קלויסטער, וועלכן מען האָט אָנגעהויבן בויען אין דער צייט פון די קאָנקיסטירער און איז נאָך נישט פאַרענדיקט.

דער אוריטאָרקאָ וואָס איז מיט זיינע צוויי טויזנט מעטער הויך, דער העכסטער רינג פון דער באַרג־קייט סיעראַס טשיקאָס, שטייט זינט די בערג זענען דאָ באַשאַפן געוואָרן און רופט אַרויף צו זיך. אַמאָל איז דאָ געווען אַן ענגלענדער האָט ער געהערט דעם רוף און ער איז געגאַנגען אויף דעם צויבערהאַפטן און מיסטעריעזן באַרג אַרויף. אין צייכן פון זיין דערגרייכן דעם שפּיץ, האָט ער דאָרט אויפגעשטעלט אַזאַ ווייסע זאַך, וואָס די קאָקאָסער רופן אָבעליסק. אָבער נאָר דער ענגלענדער, כאָטש ער איז מער וואַסער־מענטש ווי באַרג־מענטש, איז אַרויף אויפן קאָפּ פונעם העכסטן באַרג.

די אָרטיקע מענטשן, געבוירענע אין די בערג, דערציילן לעגענדעס, מיסטעריעס פונעם באַרג, אָבער זיי זענען אינדערהויך נישט געווען. זיי גייען נישט העכער פון די ציגן און פון די אייזלען, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום.

מיר זענען איינמאָל געגאַנגען באַרג־אַרויף. אונטן איז געווען דער וועג אַ ברייטער, נאָר וואָס העכער איז ער געוואָרן אַלץ שמעלער ביז ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שמאָלע סטעזשקע, וואָס האָט זיך געצויגן אַרויף אַלץ העכער אָן אַ סוף און איז אַרומגעוואַקסן געווען מיט פאַנטאַס־

טישע צווייגן פון דור־דורותדיקע ווילדע ביימער און עס איז אויסגעקומען ווי צו קלעטערן אין א טונעל בארג־ארויף — פון לעבעדיקע פלאנצן, וואס קרעכצן, מורמלען, שושקען זיך. מען ווערט מיסטעריעז געשטימט. עס טראגן זיך ריחות פון פעפערינע און פון טויזנט און איין אנדערע פלאנצן און בלומען, וואס די נאטור אליין גייט אום מיט זיי. עס פליען ארום טויזנט און איין מין פייגל, וואס לאזן זיך הערן מיט אלערליי שטימען און טענער. עס איז א פאנטאסטישער כאר און ארקעסטער פון פייגל, וואס שפילט אזא אומבאקאנטע סימפאניע אין טיפן וואלד, וואס שפרייט זיך אויס אויפן צויבער־בארג.

# צווישן פאַן דע אַסוקאַר און אוריטאָרקאָ
# אויף די בערג פון קאָרדאָבאַ

אַז מען קומט אַרויף אינדערהויך אויפן פאַן דע אַסוקאַר מאַכט מען אַ קורצן צופוס־שפּאַציר אַן אָרטיקן אויף דער פלאַך פונעם באַרג־שפּיץ, אויף זיינע באַזונדערע געקרייזלטע שטעגן, אַלייען, וואו עס באַגעגענען אייך — נישט קיין גרויסע, פעטע — קי, וועלכע טראָגן אין זייערע אייטערס זייער געשמאַקע און נאַטירלעכע מילך און עס באַגעגענען אייך ציגן, וואָס טראָגן אויך מילך פאַר זייערע באַלעבאַטים און פאַר די געסט, וועלכע האָבן ליב אָדער ווילן אַמאָל פאַרזוכן ציגענע מילך און עס באַגעגענען אייך הינער, וואָס טראָגן אייער און עס פליען אַרום פאַרשידענע קאָלירטע און וואונדערבאַר געצייכנטע שמעטערלינגען און פייגל צווישטשען אַראָפּ פון די צווייגן פון די ביימער, וועלכע די נאַטור האָט דאָ פאַרפלאַנצט ווער ווייסט אין וועלכן יאָרהונדערט אָדער אין וועלכן יאָרטויזנט. און צווישן די אַלייען, די שטעגן, דאָס כמעט קיילעכדיקע פלאַץ, וואָס דינט פאַר אַ שפּיל און טאַנץ־פלאַץ אין הימל, אָדער אין די וואָלקנס ווען זיי פאַרבלאָנדזשען אַהער און האַלטן זיך דאָ אַזוי לאַנג ביז די זון מאַכט זיי זאָלן זיך צעגיין; איז צווישן דעם אַלעם און גרינס און באַרג־בלומען און צעקרישלטן שטיין שטייען זיך ווי צעוואָרפן די שטאַלעכלעך פאַר די בהמות און די ראַנטשעס פאַר די מענטשן, וואָס זענען די באַלעבאַטים פון דער שפּיץ־באַרג ווירטשאַפט — ווירקלעכע מענטשן נישט קיין לעגענדאַרישע, כאָטש זיי זענען פון די איינגעבוירענע, ברוינע, שוואַרץ־אויגיקע, שוואַרץ־האָריקע און ריידן מיט אַ געזאַנגעלע. אין איינער פון די ראַנטשעס האָבן זיי געמאַכט אַ „באָליטשע" צו דינען טוריסטן מיט קאַלטע און הייסע געטראַנקען, אויך מיט פעפערינעטיי פון בלעטלעך, וואָס וואַקסן דאָ אַרום און וואָס איז ווי עס איז דאָ אָנגענומען מעדיציניש; עס פעלט אויך נישט אין דער „באָליטשע" דער שאַרפער געטראַנק און עפּעס איבערצובייסן און צו פאַרזיכערן און אַלץ, וואָס איינער קאָן דאַרפן אָדער ווען אינדערהויך אויפן באַרג צווישן בערג, וואו

אַהין מען איז געקומען פון די טאָלן און וואו מען שטעלט זיך אָפּ און מען פאַרווײלט אַ ווײלע, כדי ווײטער צו פאָרן.

***

דאָס פאָרן ווייטער איז אַ פאָרן באַרג־אַראָפּ אָבער אָן דעם געפיל פון פאָרן באַרג־אַראָפּ. אויף דעם זעלבן וועג פאָרט מען אויך באַרג־אַרויף. דער וועג לאָזט זיך נישט אַראָפּ אין אַ גלייכער ליניע, נאָר ער קרייזלט זיך און קאַרבט זיך און עס דאַכט זיך אַז מען פאָרט אַראָפּ און אַרויף און אַרויף און אַראָפּ און גלייך און האַלב קרייזלדיק. מאָמענטנווייז נעמט אָן די געגנט די געשטאַלט פון אַ פאַנטאַסטישן גרינעם ליעק מיט דער ברייט אַרויף און מיטן קאָלעקטיוו פליסטו אַרום אויף דער וואַנט פון דעם גיגאַנטישן ליעק. עס איז אינמיטן צווישן די בערג־שפּיצן, וואָס הויבן זיך אַלץ העכער בעת מען פאָרט אָדער מען גייט אַראָפּ און די טאָלן, וואָס קומען אַרויס און אַרויף פון די פריער „געזעענע" אָפּגרונטן; עס איז דאָרט וואו ער קייטלען זיך און עס באַהעפטן זיך די „קליינע בערג" און עס פאָרמירן זיך די באַרג־קרייזן. עס איז טיף רואיק און שטיל — אַ פאָרכיקע, אַ ריהותדיקע. אַ לעבעדיקע רו פון געוויקסן, וואָס וואַקסן דאַכט זיך פון אייביק אָן און וואַקסן אייביק און אַזאַ געזונטע, אַזאַ מעכטיקע שטילקייט, וואָס שפּילט זיך מנוחה־דיק מיט די קרישטאָלענע וואַסער־פלוסן, וועלכע פליסן אַרויס דאָ און דאָרט פון שפּעלטלעך אָדער פון לעכלעך, וואָס דאָס וואַסער האָט זיך אויסגעבויערט אין די בערג אין משך פון יאָרטויזנטער און עס קייקלען זיך איבער דער מעכטיקער שטילקייט פון די בערג דאָס געזאַנג פון די פייגל אין די באַרג־וועלדער און די פאַרשידנאַרטיקע שטימען פון די אומצייליקע פאַר־שידענע חיהלעך אויפן באַרגלאַנד.

און מיט אַזאַ רואיקייט און אַזאַ שטילקייט קומען מיר אין די טאָלן.

***

וואַזשע הערמאָסאַ — אַ טאָל אויף ניין הונדערט מעטער הויך. מיט אַ שטעטל ווי אַ מעשהלע, אַ דריי טויזנט איינוואוינער, אַ קאַלך־אויוון, וואו קאַלך־שטיין וואָס ווערט אָפּגעריסן פון די בערג ווערט פאַרוואַנדלט אין קאַלך; מיט מעכאַנישע וואַרשטאַטן; מיט עלעקטריציטעט, טעלעפאָן און ראַדיאָ; מיט אַן אָרימע, אָבער ווי מען דערציילט — אַ יחסנותדיקע קאָ־פּיליע, וועלכע האָט זיך אויסגעדרייט מיטן הינטן צו דער אַספאַלטירטער הויפּטגאַס, אומצופרידן אוודאי פון איר שיינעם טאָל מיט אַזוינע ערטלעך, ווי דער באַרג פון אינטימיטעט, דער פרייליכער וואַלד, אונטער די פייגן־בוימער, די באַד צווישן שטיינער־ווענט אונטערן פרייען הימל און נאָך

אזוינע ערטער, וואו די זינדיקע מענטשן גייען געניסן פון נאטור־לעבן, אדער גאר דארט ביים „טייכל פון די קי", וואס דאס טייכל פון די קי איז נישט מער פון לעגענדע און אין דערווירקלעכקייט זענען דארט כמעט קיין קי נישטא, נאר מענטשן, פרויען, מענער, וואס קומען אין יענעם פאנטאסטישן ווינקל און טוען זיך אויס און שטעלן זיך אונטערן ווייסן וואסערפאל, וואס שפילט זיין אומאויפהערלעך ליד אויף די שטראלן פון דער זון, אדער זיי קייקלען זיך אין די קוואלן, וואס פליסן דא פארביי אויף שטיינער. און אין דער קאפיליע קומט מען נישט... מען קומט אפילו נישט מודה־זיין זיך, כדי נאך דעם ווייטער צו זינדיקן, מען מאכט דאס אן דעם מודה־זיין זיך, און טאמער קומט מען, זענען דאס טוריסטן צו באפרידיקן זייער נייגיריקייט.

***

דאס איז געווען אויפן צווייטן יאר פון דער צווייטער וועלט־מילחמה.

מיר האבן זיך געפונען אין טאל א טויזנט מעטער איבער דער ים־פלאך. דא האט זיך ארייגעשטעלט אין די בערג, ווי אין די פאלדן פון א קלייד — לא פאלדא. א שטעטל שוין מיט אומגעגנטן. איינע פון זיי רופט מען „עדען" — גן־עדן אויף דער ערד, אזוי הייסט דער האטעל, וועלכער האט זיך אוועקגעשטעלט פאלאצארטיק מיט זיינע גערטענער, מיט זיינע פארקן, סעדער, מיט זיינע שווים־רייט און גאלף־פלעצער און מיט זיינע האניק און מילך־פליסנדיקע ווירטשאפטן — אויף דער שוים פון בארג. עס איז א זעלטענער פאל פון א האטעל וואס טראגט, א דאנק דער נאטור, א ריכטיקן נאמען. עס וויקלען זיך שוין אפילו ארום דעם נאמען שמועסן וועגן א נאצי־נעסט און פעסט. אז נישט געקוקט אויף דעם וואס לויט די „נירנבערגער געזעצן" זענען די באלעבאטים יידן, קומען זיך דא צוזאמען נאציס פון לאנד און אויך פון אויסלאנד און עס איז דעריבער קיין וואונדער נישט, אז אלס „אנגעשטעלטע" זאלן זיין דארט א צאל פון יענע נאצי־מאטראזן, וועלכע האבן אזוי לאנג אויפגעריסן און אונטערגעטונקען אנדערע שיפן, ביז זיי האבן אויפגעריסן און אונטערגעטונקען די אייגענע מארד־שיף, די „גראף שפעע". עס איז אפילו זייער מנוחהדיק דער גאנצער אויסערלעכער אויסזען פון „עדען", ס'איז אבער גענוג צו וויסן אז דארט אינווייניק קומען נאציס, אז מען זאל פילן אן עקל, געמישט מיט גרויל ווען מען גייט פארביי דאס ארט, וואו זיי געפינען זיך, מעג זיין נאר אויף א ווייל, מעג זיין נאר צו פארוויילן זיך און מעג זיין, אז פערזענלעך זענען א סך פון די „נאציס" אנטינאציס לויט זייער איבערצייגונג, און לויט זייער געפיל.

דער געפיל פון עקל און גרויל דויערט אבער נישט מער ווי אן אויגנ־בליק מחמת די גן־עדנדיקייט פון דער נאטור דא באהערשט דיך, ווערסט

אַריינגעצויגן מיט אַלע דיינע חושים אין דער פאַרביקער, קלינגנדיקער, סקולפּטאַרישער, זינגענדיקער און שמעקנדיקערווירקלעכקייט פון אַן אומ־ענדלעך גרויס נאַטור־ווערק, מיט ליכט און שאָטנדיקייט, מיט ווינקעלעך וואָס זענען די ווירקלעכקייט פון פאַנטאַזיע, אַזאַ איז די שוים פון „גן־עדן"־באַרג, וועלכער האָט זיך צוגעטוליעט צום קוואַדראַט באַרג, וואָס האָט מיט זיין כוח באַוויזן זיך אויפצוהויבן מיט פינף מאָל פופציק מעטער העכער פונעם פּאַן דע אַסוקאַר און וועלכער קוקט אַראָפּ דאָרט אויף דער אַנדערער זייט צום גאָלדענעם וואַסער און צום עפּל־באַרג. ווען אויף דער זייט זעט ער גערן ווי מען גייט און מען רייט אויף זיינע געקרייזלטע וועגן און מען רוט זיך אָפּ אין זיינע אויסהוילונגען, וואָס אויפן באַרג־פּנים זעען זיי אויס ווי חן־פּינטעלעך. אין איינעם אַזאַ פּינטעלע גייט שטענדיק, בייטאָג און ביינאַכט אַ קרישטאָלן וואַסערל ווי פון אַן אָפענעם קראַן, ביי וועלכן עס שטילן זייער דורשט מענטשן און חיות; אין אַזאַ צווייטן פּינטעלע אויפן גן־עדן־באַרג טרעפט איר אַ קאַטשקעס־אָזערע, וואו עס שווימען אַרום ווייסע קאַטשקעס און קאַטשקעכעס און מאַכן דאָרט אַ שיין לעבן מיט וואָס זיי שטאָלצירן פאַר די טוריסטן, וועלכע רוען אויך דאָ אָפּ אויפן וועג באַרג־אַרויף אָדער באַרג־אַראָפּ און פון וואַנען עס לאָזט זיך אַראָפּ די גן־עדן־גאַס אין שטעטל אַריין.

***

אין אַן אַנדערן פונקט פון דער אומגעגנט דאָרט אונטער אַ טריאומף־טויער פון דער „קאַפּריזנער ווילע", שטייט און בויעט זיך כסדר און שפּרייט זיך אויס דער יידישער האָטעל „לאַס פּלאַזשעס" — אַ נאָמען נאָך די פּלאַ־זשעס, וועלכע זענען דאָ געווען אפשר אין אדם הראשונס צייטן. אַ סימן פון יענע פּלאַזשעס איז דאָס קלאָרע וואַסער וואָס שטייט, אָדער וואָס באַ־קומט זיך אונטער עטלעכע מעטער ערד — ערד און נישט שטיין פון וואָס עס באַשטייען געוויינלעך די בערג און זייערע טאָלן. עס איז דער האָטעל פון מיין יוגנט־חבר לאַזאַר. ער איז געווען אַ גוטער סעקרעטאַר פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע „אוואַנגאַרד" אין אַרגענטינע מיט דרייסיק יאָר צוריק. היינט האָט ער צו טון מיט יידישע געסט פון אַלע פונקטן פון דער רעפּובליק, די גרעסטע צאָל פון בוענאָס־איירעס, וואָס ווען זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ לענגערע צייט, וואָלטן זיי געקענט מאַכן אַ גרויסן ב. איירעסער לאַנדסלייט־פאַראיין. זיינע יידישע געסט רעפּרעזענטירן אַלע אידעאָלאָגיעס, פּאָליטישע טענדענצן און פּאַרטייען, אויך די אומפּאַרטייאי־שע פּאַרטיי, וואָס איז אָפּט פּאַרטייאישער, פאַרביסענער און קעמפּערישער פון די אויסגעשפּראָכענע פּאַרטייען; און די יידישע געסט פון „לאַס פּלאַ־

זשעס" „פּאַרוויילן" זיך אָפּט מיט אַזוינע דעבאַטן און קעגנזייטיקע אָנגריי־פונגען איבער די וועלט־ענינים, אַז מיין יוגנט־חבר דער האָטעל־אייגנטימער, וועלכער הלשט זיך צו באַטייליקן אין די דאָזיקע דעבאַטן, ווערט גאָר פאַר־זאָרגט. קיין פייער־וואָפן איז ביי די קאָמבאַטאַנטן נישטאָ, די מילחמה איז אַ יידישע אָבער דאָך אַ „מילחמה" און מען זאָגט זיך אַריין אַזוי שאַרף און שפּיציק פּונקט ווי מ'וואָלט נישט באַלד געדאַרפט זיך זעצן עסן צו איין טיש און צוזאַמען גיין זיך פּאַרוויילן. און ער אַפּעלירט, מיין חבר, אין די אינ־טערעסן פון זיין האָטעל, אַז מען זאָל זיך נישט נעמען די זאַכן אַזוי צום האַרצן און מען זאָל אָפּשטעלן דעם קאַמף...

***

מאַלינאַ דער אָראַ — די גאָלדמיל — אַ דריטער פּונקט אין דער אומ־געגנט. דער וועג צו איר איז איבער אַ פלאַכן באַרג אין דעם קעגנאיבער־דיקן האַלב־קרייז פון גן־עדן האַלב־קרייז. דאָרט צווישן באַגרינטע און באַ־בלומטע פעלדזן שטראָמט אַ טייכל מיט שמאָלע און ברייטערע וואַסערפאַלן איבער קינסטלעכע באַריערעס און נאַטירלעכע פון שטיינער, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אויפן וואַסערוועג.

אין איינעם פון די אַלייען פון דעם פּאַרק צווישן פעלדזן אויפן גע־קרייזלטן ברעג פון דעם וואַסער־פאַלנדיקן טייך געפינט זיך אין אַ באַוואַקסן ווינקעלע אַ שטיינערנער ראָד אויף אַ שטיינערנעם דיסק — די מיל וואָס רייצט די פאַנטאַזיע און וואָס איז אין דער ווירקלעכקייט אַ זייער פּרימי־טיווער מעכאַניזם. די גאָלדמיל איז נישט מער ווי אַ חן־פינטעלע אויפן שיינעם פּנים פון דער ראָמאַנטישער נאַטור. חוץ דעם מורמלט מען דאָ פון אַ מאָנטע קאַרלאָ אין מיניאַטור, פון אַ שפּילנדיק און טאַנצנדיק נאַכטלעבן, וואָס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן אין די פאַלדן פון די בערג און פון פאַרוואַנדלען דאָס פּרימיטיווע שטיינראָד אין אַ מאָדערן מעטאַל־רעדל פון דער רולעטע, וואָס קאָן זיין אין דער זעלבער צייט פאַר איינעם אַ מיל פון גאָלד און פאַר אַ צווייטן אַ מיל פון טרערן...

ווייטערע אומגעגנט־פּונקטן געהערן צו פאַרשידענע טאָל־שטעטלעך, וועמענס אומגעגנטן עס גיסן זיך צוזאַמען. ריאָ גראַנדע געפינט זיך אין אַזאַ צוזאַמענגוס. נישט אַלע נעמען זענען די טרייע אויסדריקער פון זאַכן. וואָס ווערט דען היינט אַמתדיק אָנגערופן? דאָס פאַלשע וואָס האָט זיך מיט אַ גרויסן פאַרנעם אָנגעהויבן פון דער פריערדיקער מילחמה, איז צווישן איר און דער איצטיקער מילחמה מיטן גרעסטן דערפאָלג פאַרשפּרייט געוואָרן איבער דער וועלט דורך די דיקטאַטורן, אָבער אין די בערג גיסט זיך נישט קיין בלוט פון די פאַלשע נעמען, נישטאָ אונטער זיי קיין בייזוויליקייט; זיי

זענען אפשר גאָרנישט פֿאַלש נאָר קאַפּריזנע, אַזאַ נאָמען איז אויך ריאָ גראַנדע, אונטער וועלכן עס פֿליסט דווקא יאָ אַ טײַכל, וואָס איז נישט קלענער, נישט גרעסער ווי עס איז דאָס זעלביקע טײַכל אין אַנדערע ווינקלען פֿון די ברייטע באַרג־שפּאַלטן, אָדער אונטער הויכע ווי אָפּגעהאַקטע באַרג־ווענט; עס איז גאָרנישט קיין באַזונדערער טײַך, נאָר דער טײַך, וועלכער קומט פֿון ערגעץ, פֿון די ווײַטע בערג און נעמט זיך אָן אויף זײַן לאַנגן געשלענגלטן וועג מיט נײַע וואַסערן, וואָס פֿילטרירן זיך אַרויס פֿון די באַרג־שפּעלטלעך און פֿאַרבײַגייענדיק, גייט ער אַזוי ווײַטער זײַן ווײַטן וועג ביז ער פֿאַלט אַרײַן ערגעץ אין אַ גרויסער אָזערע אָדער אין די טײַכן איינס, צוויי, דרײַ און פֿיר פֿון דער פּראָווינץ. אין יעדן ווינקל האָט מען אים געגעבן אַן אַנדערן נאָמען, דאָ איז זײַן קאַפּריזנער נאָמען ריאָ גראַנדע און נישט נאָר דער טײַך, נאָר אַלץ, דער גאַנצער שטיינערנער אַרום הייסט אַזוי: דער באַרג וואָס איז דאָ ווי אַ הויפֿן גיגאַנטישע גראַניט־בלאָקן צו וועלכע עס קומען כסדר קאַמיאָנען און פֿירן אַוועק פֿריש אויסגעהאַקטן שטיין; דער אורוואַלד אויפֿן באַרג פֿון בוימער געקרײַזלטע, וועלכע האָבן זייערע וואָרצלען אַרײַנגעלאָזט טיף אין שטיין און זיך דאָרט אינעם שטיין צעוואַקסן און זיך צעשפּרייט; די אינדיאַנישע ראַנטשע פֿון שטיין, וואָס האָט זיך צוגעשפּאַרט צום באַרג איבערן טײַכל, וואָס איז דאָ ווי אַ וואַסער־געפֿלעכט מיט וואַסער־פֿאַלעכלעך אויף שטיין און צווישן שטיין, אויסגעגאָסן אין קלענערע און גרעסערע פֿאָרמען. עס איז אַ שטיינערנע פּלאַזשע אויף די ברעגן און אינמיטן טײַך, וואו אינדיאַנישע, יידישע, איטאַליענישע, שפּאַנישע און אַנדערע אַרגענטינער קומען זיך באָדן אין וואַסער, אין זון און אין לופֿט און וואו מען באָדט זיך פֿרײַ און פֿריילעך נישט געשטערט פֿון קיינעם נישט, אויך נישט פֿון קיין באָד־הויזן רעגלאַמענט.

****

אין מיטלפּונקט איז דאָס שטעטל מיט אַ געפֿלעכט פֿון געסלעך מיט הײַזער פֿון אַלע סטילן און פֿון אַלע צײַטן, אין וועלכע עס לעבט דער איינוואוינער־אינטערנאַציאָנאַל פֿון פֿינף טויזנט מיטגלידער מיט דער טוריסטיק און קוריסטיק אַלס עקאָנאָמישע באַזע. דער גאַסן־געפֿלעכט ווערט דורכגעשניטן פֿון די באַן־ליניעס און פֿון נאַציאָנאַלן אַספֿאַלטירטן וועג, וואָס לויפֿט איבער גאַנץ פֿוניזשאַ. פֿון נאַציאָנאַלן וועג גייט באַרג־אַרויף די אייגענע אַספֿאַלטירטע הויפּטגאַס, די גן־עדן־גאַס מיט געשעפֿטן פֿון אַלעם גוטן, מיט מוזיקאַלישע קאַפֿעען, מיט געוועלבלעך פֿון יידיש־דײַטשע פּליטים; מיט אינקאַישע, קאַטאַמאַרקישע און כינעזישע אויסשטעלונגען פֿון אינדיאַנער, דײַטשן און קריאָזשעס; מיט אַ יידישן אַפּטייקער אין אַ שפּאַניש־סטילים־

טיש הויז; דער אַפּטייקער, וואָס פאַרנעמט אַ חשובן פּלאַץ אין שטאָטראָט און פאָרט אין דעם מוניציפּאַלן אויטאָ נומער 1 פונעם אינטענדענט, וועלכער איז זומער שטאַרק פאַרנומען ביים האַנדל מיט זאַדעוואַסער; מיט פּערסאָנאַלע נעמען אויף די פראָנטן פון די סטיליסטישע פּריוואַט־הייזער, צווישן וועלכע עס שיינט אַרויס „טייבעלע” אויפן הויז פון אַ יידישן דאָקטער; אַ קינאָ, וועלכער פונקציאָנירט אפשר דריי מאָל אין וואָך פאַר אַ געקליבענעם עולם, כאָטש מען זעט אין אים די שענסטע בילדער און עס מאַכט זיך, אַז מען זעט זיי דאָ פריער ווי אין בוענאָס־איירעס.

און ווען עס קומען די ליבע שבת־זונטיק־נעכט צינדן זיך אָן די קאָלירטע לעמפּלעך דאָרט אין דעם טאַנץ־זאַל אונטער אָן אויסגעשטערנטן הימל און עס קומען די האָטעל־דינערנס און די דינער; די קעלנערנס און די קעלנער און די קאַמער־מיידלעך און די פּאָרטיערן און עס קומט די פּעאָנאַדע און די פאַך־אַרבעטער און עס קומען טאַטע־מאַמעס פאָלקס־מענטשן מיט זייערע טעכטער און מיט זייערע קליינינקע און גרעסערע קינדערלעך. און פון דעם פאָלקסטימלעכן עולם און פון די האַרציקע טענץ אונטער סענטימענטאַלע טענער, וואָס קומען אַרויס פון די טיפּישע מוזיקאַנטן אויף דער עסטראַדע וואַרעמט זיך אָן די לופט מיט ראָמאַנטישע שטימונגען.

***

מאַלינאַ דע טהעאַ איז אין דער אומגעגנט פונעם פּאַרביקן שטעטעלע הוערטאַ גראַנדע. אפשר מער צוליב דעקאָראַציע ווי צוליב פּראָדוקציע שטייט דאָרט עפּעס אַזאַ לעגענדאַרישער טורעם מיט פליגל ווי פון אַ ווינטמיל, וואָס דערמאָנט אין די „שלאַכטן” פון דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאַ... אָבער פון דער מאַלינאַ דע טהעאַ — אַ נאָמען פון אַ מענטש צו וועמען עס האָט געהערט די פּרעכטיקע געגנט אַזוי ווייט ווי דאָס אויג קען זען און נאָך ווייטער מיטן אויסנאַם פון די טייכן, וואָס טאָרן נישט געהערן צו איינעם, ווייל זיי זענען פריי פאַר אַלעמען — שיט זיך נישט קיין מעל, נאָר עס פאַלט אַ רוישיקער, לופטיקער און זוניקער וואַסער, וואָס איז ווייסער פון מעל, פאַלט אויף קאַלטן פעלדז און וואַרימע לייבער פון פרויען און מענער, וועלכע ווילן פאַרזוכן דעם טעם פון שטייפע וואַסער־שמיץ. דער ווייסער־שטראָם פאַלט אַזוי אומאויפהער אַריין אין דעם שטילן פליסנדיקן טייכל פון וואַסער, וואָס פילטרירט זיך אין די בערג; דאָס טייכל קומט פון ערגעץ, פליסט דאָ פאַרביי אויף אַ באָדן ווי פון אַנגעוואָרפענע אויסגעגלעטע שטיינער־ווינקלען פונעם באַרג, פון וועמען מען האָט דאָ אָפּגעשפּאַלטן די ריזיקע שטיינער־בלאָקן און זיי צעוואָרפן אויפן באָדן פון אויסגעגאָסענעם

גראַניט און וואָס איז די פּליאַזשע נעבן דער אויסגעהוילטער און ווינקלדיקער באַרג־וואַנט אַ בלישצנדיקע אין זונליכט.

און אויף דער אַנדערער זייט שטייט אין דער הויך אַלטאַ סאַן פּעדראָ אין אַ פּאַרק, וואָס איז די ווירקלעכקייט פון אַ רייכער פאַנטאַזיע. שטיינערנע טרעפּ אויסגעהאַקט אין באַרג פירן אַרויף אויף דער הויך־פּלאַך, וואו עס שטייט אַ קליין קאָלאָניאַל־הויז און עס דאַכט זיך עפּעס אַזוי ווי די הויך־פּלאַך דאָ וואָלט געווען אַ בינע אונטערן פרייען הימל אינמיטן פון אַ פאַנטאַסטישן אַמפיטעאַטער פאָרמירט פון די אַרומיקע טאָלן און די בערג און אַז באַלד וועט פון יענעם הויז ווי פון אַ קאַמאַרין אַרויסקומען די דעקלאַמאַטאָרן און עס וועט זיך צעקלינגען דאָס פּאָעטישע וואָרט איבער בערג און טאָלן (עס האָט דאָ צייטנווייז געוואוינט בערטאַ זינגערמאַן).

*_*

אינעם טאָל פינף מאָל פופציק מעטער העכער פון אַלטאַ סאַן פּעדראָ און העכער פון אַלע טאָלן אין פּוניזשאַ שטייט לאַ קומברע מיט איר אינטערנאַציאָנאַל פון פינף טויזנט איינוואוינער מיט איר ענגלישן גאָלף וואָס מעג זיך איבערנעמען מיט זיין שיינקייט; מיט איר ווייסן שלאָס־פּאַלאַץ דאָרט אויפן גרינעם קאַרק פונעם באַרג און וועמען דער פאָלקס־מענטש רופט „מיראַדאָר" — קוקער, מחמת פון אים זעט מען די גאַנצע פאַרביקע פּאַנאָראַמע פון די בערג און פון די טאָלן; שטייט דאָרט אין העכסטן טאָל פון די בערג דאָס שטעטל לאַ קומברע מיט אירע ראַנטשעס און מיט אירע שאַלעען, וואָס טייל פון זיי זענען די אייגענע זומער־וואוינונגען פון בוענאָס־איירעסער יידן, דאָקטוירים און סוחרים; דאָס לאַ קומברע וואָס צווישן אירע נאַטור־מערקווירדיקייטן האָט זי אויך אַ קרישטאָלענעם וואַסער־פלוס פון באַרג אַרויס אין אַ וואונדערבאַרן נאַטור־ווינקל און עס קומען אַהין די פאָלקס־מענטשן אָנטרינקען זיך ביים וואַסער־פלוס און אַהיימנעמען וואַסער אין פלעשער, ווייל זיי גלויבן אַז דאָס וואַסער איז היילנדיק, עס רייניקט און עס היילט; לאַ קומברע, דאָס שטעטל, אין וועמענס שטילע געסלעך איר טרעפט אויך אַ יידישן פידלער, וועמענס פידל מען הערט שוין לאַנג נישט אויף די יידישע קאָנצערטן פון בוענאָס־איירעס, אפשר דערפאַר ווייל די קאָנצערטן זענען היינט אַנדערע... און איר טרעפט דאָרט ווי אַן איינוואוינער שוין פון לאַנגע יאָרן אונדזער אַ געוועזענער יונגער יידישער אַרטיסט, אַרויסגעקומען פון אונדזער מיט, וואָס שטייט דאָ מיט אַ שיין געשעפט מיט אַן אויסשטעלונג פון קינסטלעכע „אינקאַאישע" אַרטיקלען און מיט אַ פינצטערער לאַבאָראַטאָריע פאַר ליכטיקע פאָטאָגראַפיעס. פון זיין היינטיקער קונסט קען ער זיך דערלויבן פאַרלירן עטלעכע טויזנטער ביי נייע פּרואוון,

פון דער פריערדיקער קונסט איז קיין מאָל נישט געווען וואָס צו פאַרלירן. קורצע ווײַלעס וויזיטירט לאַ קומברע און יעדעס מאָל אוועקגעפאָרן מיט בענקשאַפט.

***

ווײַטער אַהין אין אַ טאָל אַ צוויי הונדערט מעטער נידעריקער פון לאַ קומברע אָבער אַלץ ביי די טויזנט מעטער הויך, שטייט קאַפּיזשאַ דעל מאַנטע — אַ שטעטל מיט אַ מער אינדיאַנישער באַפעלקערונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון אַ קירכע, וועלכע די מיסיאָנערן פון די שפּאַניש־קאָלאָניאַלע צייטן האָבן דאָ אָנגעהויבן צו בויען און וועלכע איז נאָך היינט נישט פאַר־ענדיקט. עס זענען קענטיק די אַלטע צייטן, וואָס האָבן איבערגעלאָזן זייערע גרינגע שפּורן אויף די רויטע ציגל פון די ווענט, וועלכע זענען ערטערווייז געלעכערט און געלאַטעט. פון דער דאָזיקער באַרג־קאַפּיליע האָט זיך אָנגע־הויבן דאָס שטעטל. אָבער דאָס שטעטל האָט זיך אויסגעבויט מיט מאָדערנע קאָנסטרוקציעס און שיינע גאַסן, וואָס דרייען זיך נישט אַרום דער קירכע נאָר האָבן זיך דערווייטערט פון איר, איבערלאָזנדיק זי פאַרלאָזן הינטערן שטעטל אויפן וועג צום אוריטאָרקאָ.

***

אויף דער אַנדערער זייט הינטערן שטעטל שטייט אויף אַ שטיין־באַרג אַ בערגל וואָס האָט די פאָרעם פון אַ שוך, אָבער דער דאָזיקער טאָקע וואונ־דערבאַרער אָדער קאַפּריזנער פּראָדוקט פון דער נאַטור, ווי דאָס איז דער באַרג אין דער פאָלקאָמער פאָרעם פון אַ שוך, איז נישט די איינציקע וואונ־דערלעכע נאַטור־באַשעפעניש דאָ. אויך אין אַנדערע ווינקלען פון די בערג באַגעגנט מען זיך מיט קאָלאָסאַלע שטיין־באַרג פיגורן פון בערן, פייגל, דאָ נישט ווייט איז פאַראַן אַ באַרג אין דער געשטאַלט פון אַ פּנים, וואָס איז ענלעך צו מוסאָליניען בעת ער האָט געמאַכט זיינע אָנשטעלן אין די אָנגע־בלאָזענע פּאָזעס, אָבער דאָ אויפן באַרג זעט אויס ווי די נאַטור וואָלט גע־האַט אַ גאַנצן סקולפּטאָרישן וואַרשטאַט, מחמת איר זעט דאָ און טאַפּט אָן און קלעטערט אַרום אויף בערג אין דער פולשטענדיקער געשטאַלט פון זאַכן, וואָס ווערן אויסגעאַרבעט אין הײַנטצײַטיקע פאַבריקן און פון אַלע מינים חיות, וואָס לעבן אין וואַסער, אויף דער יבשה און אין דער לופט. נעבן דעם שוך ציט זיך אויס מיט זיין גאַנצער גיגאַנטישער לענג און ברייט אַ קראָקאָדיל און עס זעען אויס ווי מילבן אין זיין אָנבליק די מענטשן און די אייזלען, וואָס גייען אַרום אויף זיין רוקן און לאָזן זיך אַזוי פאָטאָגראַ־פירן ווי צו דאָקומענטירן זייער דאָ־זיין.

דער אוריטאָרקאָ, אַ באַרג פון צוויי טויזנט מעטער איבער דער ים־פלאַך, דערמאָנט און פאַראייביקט די שפּראַך פון די באַרג־אינדיאַנער; אור־ריטאָרקאָ — דער באַרג פון די פּאַפּוגייען — טראָגט דעם נאָמען, וואָס די אינדיאַנער האָבן אים געגעבן דעמאָלט, ווען זיי האָבן נאָך נישט געוואוסט פון שפּאַניע.

דער אוריטאָרקאָ איז דער העכסטער באַרג פון דער געגנט, זיין שטיין איז רויט און שוואַרץ און בלישצנדיק, ביי זיין צופוסנס לויפט אַ טייך אויף שטיינערנעם באָדן. עס שפּיגלען זיך אין טייך די ביימער פון אַן אורוואַלד און אין זייער הייסע טעג קומט מען אַהער זיך אָפּפרישן, ווייל דאָ איז שטענדיק קיל מחמת דער אוריטאָרקאָ פאַרהאַלט אויף דער אַנדערער זייט די זון און לאָזט אַהער נאָר איר ליכט און אַ מעסיקע וואַרימקייט.

# אַ שטעטעלע אין די בערג

אין די קאָרדאָבער בערג איז דאָ אַ שטעטעלע, וואָס הייסט טעאַ. אין צענטער פון דעם שטעטעלע, אין טאָל, צוועלף הונדערט מעטער הויך, געפינט זיך אַ נאַפט־סטאַציע, וואו עס שטעלן זיך אָפּ אויטאָמאָבילן אָנצוגיסן זיך מיט נאַפט, וואָס האָט זיך זיי אויסגעברענט אויפן „נאַציאָנאַלן" שאָסיי דעם אַספאַלטירטן און אויף אינעווייניקסטע פּראָווינציעלע שאָסייען. נעבן דער נאַפט־סטאַציע, אויפגעבויט אין סטיל פון די מאָדערנע קאָנסטרוקציעס, איז געבליבן אַ בוים פון דעם אַלטן אַמאָל. ווען די בערג דאָ אַרום און די טאָלן זענען געווען אַזוי ווי די נאַטור האָט זיי באַשאַפן און זיי האָבן זיך געלאָזן באַוואַקסן מיט אַלע מינים גראָזן און ביימער, קרייטעכצער און בלומען, וואָס באַדעקן נאָך היינט די ברייטע נישט קולטיווירטע ערטער פון באַרג און טאָל און באַשיצן זיך מיט זייער אויסגעשפּרייטער קאַקטוס־פאַמיליע. שטייט ער דער אַלטער, אָבער נאָך געזונטער און שטאַרקער בוים און עס שושקען זיך זיינע פאַרבלעטערטע צווייגן, ווי זיי וואָלטן זיך געאַמפּערט איבער עפּעס. אפשר איבער דער געשיכטע פון טעאַ? אַ געשיכטע, וואָס הויבט זיך אָן מיט אַ מענטש, וועלכער איז געקומען אַהער ווער ווייסט פון וואַנען? און זינט ער איז געקומען וואַקסן דאָ הייזער און עס איז אויסגעוואַקסן אַ באַן־סטאַנציע צווישן זיי און אַ וואַסער־סטאַציע, וואָס טרייבט דורך רערן וואַסער אין די הייזער אַריין און אַ עלעקטרישע סטאַציע, וואָס טרייבט דורך דראָטן דינאַמישע קראַפט פאַר די מאָטאָרן און ליכט פאַר די לעמפּלעך אין די הייזער און אויף דער גאַס, וואָס צינדן זיך אָן אַפילו אין אויסגעשטערנטע און אין פולע לבנה־נעכט...

און בעת עס האָבן זיך אַזוי געשושקעט די צווייגן פונעם אַלטן שטאַרקן בוים, האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער נאַפט־סטאַציע אַ שפּיגלדיקער אויטאָ פון יאָר 42 און עס זענען אַרויס פון אים דער סעניאָר איסאַק מאַוריסיאָ און סעניאָראַ כואַניטאַ מיט דער סעניאָריטאַ עוכעניאַ, זייער דרייסיק־יעריק „קינד", אַביסל אויסצוגלייכן די פיס פון זיצן אַזש פון בוענאָס־איירעס אָן.

און קעגנאיבער אַ פּופציק טריט אויף דעם שאָסיי, וואָס בויט זיך אויס באַרג־אַרויף צו אַלטאַ סאַן פּעדראָ־צו, שטייט אויף דער זון, וואָס ברענט

ווי אַ העליש פייער — אַן אייזל און קייעט אַ בלאַט פון אַן אַלטער צייטונג און וואַרט אויף זיין באַלעבאָס — אַ צוועלף־יעריקער אינדיאַנערל, וועלכער איז אַריין דאָ אין דערבייאיקן האָטעל מיט אַ ציגעלע אויף נאַכטמאָל, וואָס ער האָט געבראַכט פון דער אַנדערער זייט באַרג, דאָרט וואו עס שטייט די ראַנטשאָ פון זיינע עלטערן.

די אַלטע הייזער מיט דעם שטויב פון יאָרן וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו זייערע אויסגעגעסענע ווענט, שטייען מיט זייערע פענצטער, אָדער טירן־פענצטער צום אויפגאַנג פון דער זון און אויף זייערע ברייטע אָפענע הייף, דרייען זיך אַרום עופות פון אַלע ראַסן; עס שפּרינגען אַרום קרוליקעס; הינט זיצן מיט פאַרלייגטע פיס, קוקן אין דער וועלט אַריין; קעץ ציען זיך און לאַנגווייליקן זיך; וועגענער שטייען אויף זייערע צוויי רעדער אָנגעשפּאַרט מיטן הינטן אויף דער ערד און מיט די דישלעס, ווי צוויי אויסגעצויגענע הענט אויפגעהויבן צום הימל. ביי די הייזער מיט קראָמען — קליינע, וואָס האָבן צו פאַרקויפן אַביסל זשערבע צו מאַטע, פּעפּערינאַ־טיי, אַ קעסטל פּאַרוויאַנטעט פּרוכטן, אַלפּאַרגאַטן — שיך, בענדלעך און דער עיקר — ווייַן און גרויסע קראָמען, וואָס האָבן אַלץ און האָבן אויך אַ יאַטקעלע אין אַ ווינקל, אַן אַפּטייקעלע און אַ שניידערייעלע, אָדער מאָדעס — איז אַ געשטיי פון יחוסדיקע פערד, אויף וועמען עס האָבן געריטן שוין אַ סך ריטערלעכע טוריסטן און שיינע טוריסטקעס און עס שטייען שווייגנדיקע מויל־אייזלען, וואָס זענען האַלב פערד און האַלב אייזל און טראַכטן צופרידן פון זייער כוח צו טראָגן אויף זיך שווערע לאַסטן און פון זייער פעאיקייט צו גיין אויף די בערג לייכטער ווי אַ פּראָסט פערד גייט אויף דער פלאַכער ערד און פון זייער פאָרגעפיל פאַר געפאַרן, אַדאַנק וואָס עס ווערן אויסגעמיטן אומגליקן. און עס שטייען גאַנצע אייזלען מיט אָפּגעבליאַקעוועטע פעלן אויף זיך, האָריקע מיט אַן אַש־גרוי קאָליר און לאָזן אַרויס פון צייט צו צייט נאַרישע קולות. דאָס שטייען זיי פאַר די טירן פון די קראָמען, וואו עס זענען אַריין זייערע באַלעבאַטים — אַ טרונק טון ווייַן; אַ שפּיל טון אין „טרוקאָ״ אָדער אין „עסקאָבאַ״ און עפּעס איינקויפן. אָט די אַלטע הייזער נישט איבעריק גרויס אין צאָל, לעבן זיך זייער לעבן, אַ געמיטלעך לעבן און כאָטש זיי נעמען גערן אויף אַ פרעמדן, אַ טוריסט, וועמען זיי זענען גרייט אַוועקצוגעבן דאָס בעסטע וואָס זיי פאַרמאָגן, זענען זיי דאָך אָפּגעזונדערט אָער אָפּגעטיילט פון די נייע הייזער. די שאַלעען מיט די אויסגעפוצטע גערטענער, מיט די בלאַנקנדיקע אויטאָס אין די שאַלעען, וואָס האָבן זיך צושטעלט און וואָס פאַרמערן זיך אין דער טייל, וועלכע הייסט ווישאַ דזשיאָרדינאָ־באַרג — אַרויף אויף דעם באַרג פון וועמענס קאָפּ עס קוקט אַראָפּ מאַיעסטעטיש דאָס רו־הויז פון טעאַטער־מענטשן. זיי זענען חלילה

נישט צעקריגט די אַלטע הייזער מיט די נייע, די שאַלעען און די מאָדערנע מיט דעם באַר, וואו מען טרינקט קאָקטייל און נאָך אַזוינע מאָדערנע גע־טראַנקען, דעם פּענסיאָנאַט, די „האָסטעריאַ“, די האָטעלן און אַפילו די קאַ־טוילישע שול, וואָס דינט אויך פאַר דער שטעטלדיקער קירכע, מחמת עס איז ווייט צו דער קאַפּיזשאַ דאָרט אויפן צווייטן באַרג איבער דער הייל; נישט אַלע נייע הייזער זענען אָפּגערוקט פון די אַלטע, אַנדערע נייע שטייען נענטער צו די אַלטע ווי צו די אַנדערע נייע און די אָפּגערוקטע זענען דאָס נאָר צוליב גרוימקייט, עס פעלט דאָ ערד און הימל? און צוליב גרוימקייט שטייען זיי אויך אָפּגערוקט איינע פון די אַנדערע, אָבער קיין אינטימע פאַר־בינדונג איז נישטאָ צווישן די אַלטע הייזער און די נייע. אַן אַנדער לעבן, אַנדערע פּירונגען און זייערע מענטשן, ווען זיי קומען אין באַריר איז דאָס נאָר צוליב מאַטעריעלע און פיזישע באַדערפענישן.

טאָל — אַראָפּ צום טייך — צושפּרייטן זיך אויס גערטנער, נישט די צירונג און לוקסוס־גערטנער, וואָס אַרום די שאַלעען און די פּאַלאַצלעך באַרג־אַרויף, נאָר גערטנער מיט מאַיס־זאַנגען, מיט קאַרטאָפל־קוסטעס, מיט געוויקסן פון מייערן און ציבעלעס, מיט גלאַטע סאַלאַט־בלעטער און גע־קרייזלטן עסקאַראָלאַ, מיט אַרבעס און פּאָמעדאָרן, מיט קאַבאַק און רויטע פעפערלעך און ראש־חודש רעטעכלעך און גערטנער מיט פּרוכטן: קאַרשן און פלוימען, פערעשקעס און שאַפּטאַלן, באַרנעס און עפּל און וויינטרויבן און, צווישן די גערטנער שפּרייטן זיך אויס ביז אין ווייטן האָריזאָנט אַריין קליינע, פּוקלדיקע, בתולהדיקע פעלדלעך, אויף זיי דרייען זיך אַרום בהמות מיט די מיילער אויף דער ערד, עסן עפּעס צו דערהאַלטן זיך ביים לעבן, אָדער צו נעמען אויף זיך פלייש פאַר די טעפּ — קיעלעך און שעפעלעך און ציגן, אונטער דער אויפזיכט פון שוואַרץ־אויגיקע און ברוין־הויטיקע קינדער אויף די רוקנס פון אייזעלעך איז צווישן די שיטערע הייזקעס אין די גער־טענער און אויף די פעלדלעך פאַרנעמט נאָך די טרויעריקע און ליבע ראַנטשע איר געשעפטלעכן פּלאַץ אויף אַ פּיצעלע ערד, וואָס געהערט נישט דעם אייגנטימער פון דער ראַנטשע, אויב ער זיצט דאָ נישט לאַנג, אָדער עס געהערט אים שוין יאָ פאַר דאָס רעכט פון אָקופּאַציע, אויב ער זיצט שוין איבער דרייסיק יאָר אויף דעם פּלאַץ.

גאָר אונטן פליסט פאַרביי אַ טייך, וואָס קומט פון ערגעץ ווייט דורך די שפּאַלטן פון די בערג און דרייט זיך ערגעץ ווייט אַוועק צווישן אויס־געגאָסענעם שטיין און אָפּגעהאַקטע שטיין־בלאָקן פונעם באַרג־געפּלעכט. דאָרט האָט טעאָ געשטעלט זיין הויז און אַרום הויז זיין גאָרטן און אַרום גאָרטן האָט ער דערקלערט פאַר זיינס דעם טייך און די בערג און די פעל־דער מיט דער פלאָר און מיט דער פאַונאַ אויף זיי אַרום און אַרום אַזוי

ווייט, ווי מען קאָן מיטן אויג דערלאַנגען. אויפן טייך דאָרט וואו עס פליסט אַדורך זיין גאָרטן, האָט טעאַ אַוועקגעשטעלט אַ מיל מיט אַ טורעם און מיט פליגלען, וואָס כאָטש זיי באַוועגן זיך נישט גיבן זיי דאָך דאָס בילד פון אַ מיל. און די דאָזיקע טעאַ־מיל מאָלט... וואַסער, וואָס שטראָמט אַרויס פון איר מיט אַזאַ ווייסקייט, וואָס זעט אויס ווי פליסיקע מעל און אונטער דעם רוישיקן פאַלן פון דעם קאַלטן, דורכזיכטיקן וואַסער־מעל, וואָס פאַלט פון דער טעאַ־מיל אַראָפּ אין טייך־פלוס אַריין כאַפּן זיך אונטער מיט פריילעכע קעלעכלעך יונגע און עלטערע טוריסטן און טוריסטקעס, מיינסטנטייל יידן, וואָס קומען פון די האָטעלן, פון די פּענסיאָן־הייזער, פון די „האָסטעריאַס" און פון די אייגענע שאַלעען פון שטעטעלע טעאַ, פון דער ווישאַ דזשיאַרדינאַ באַרג־אַרויף, פון אַלטאַ סאַן פּעדראָ, פון לאַ קומברע, פון הוערטאַ גראַנדע און אַפילו פון לאַ פאַלדאַ.

אין מאַלינאַ טעאַ קומט מען רייטנדיק און מען קומט צו פאָרן אויף בריטשקעס, וואָס האַלטן זיך אויף צוויי אויטאָמאָביל־רעדער און ווערן געשלעפּט פון פערדלעך אָדער פון מוילאייזלען און מען קומט מיט אייגענע אָדער געדונגענע אויטאָס און מען קומט אויך צופוס. עס קומען יחידים, עס קומען פאָרפעלקער, וועלכע זענען דאָס שוין און אַנדערע וואָס האַלטן דאָס אין ווערן; עס קומען פאַמיליעס אַזוי ווי זיי גייען און שטייען פון אַלט ביז אַ ליאַלקעלע ביי דער ברוסט; עס קומען קאָלעקטיוון פון מענטשן מיט קורצע וואַקאַציעס, וואָס שטייען אין אַ באַשיידענעם האָטעל און לייגן זיך צוזאַמען אויף דער רייזע מיט אַ געדונגענעם אויטאָ אַהין און צוריק קיין מאַלינאַ טעאַ. מען קומט נישט נאָר זיך שטעלן אונטער דעם ווייסן וואַסערפאַל פון דער דעקאָראַטיווער מיל, נאָר זיך אויך באָדן אין דעם פלאַכן, אָבער אין דעם קרישטאָל־וואַסער פונעם אַדורכפליסנדיקן טייך, אָדער זיך באָדן דאָ אין דער זון און אין דער באַרג־לופט אויפן פינקלדיקן שטיין־אויסגוס, ווי אָפּגעקילטע לאַווע, אָדער אין שאָטן פון די אייביקייטס־ביימער, וואָס האָבן זייערע מעכטיקע וואָרצלען איינגעבויערט און פאַרצווייגט אין דער טיפעניש פונעם באַרג־שטיין. מען קומט אַהער אָן עסן און מען קומט זיך לאָזן דאָ וואוילגיין אויף אַ גאַנצן טאָג און מען ברענגט זיך מיט אַלערליי געבעקסן און פליישן און קאָמפּאָטן און אַן אייזקאַסטן מיט אייז און אַ קיך מיט אַלערליי טעפּ צו קאָכן יויך און אַנדערע זאַכן און מען ברענגט זיך מיט גענוג גרינס און פרוכטן און געטראַנקען און מען קומט אַזוי ווי אַ בעסאַראַבער יידישע פאַמיליע קומט אויף אַ פיקניק אין אַ „קינטע" פון ווייסענטע לאָפּעז, אָדער ווי אַ פּויליש־יידישע פאַמיליע קומט אין „קעמפּינג" פון אויטאָמאָביל־קלוב אין פּונטאַ טשיקאַ — מען קומט, כאָטש אויפן טויער־

פון דאָזיקן גן־עדן איז פאַראַן אַן אויפשריפט: „אַריינגאַנג־פאַרבאָטן”, אָבער דער טויער איז דאָך נישט פאַרשלאָסן, נאָר אויפגעפּראַלט.

און נישט אַלע ווייסן, אַז דאָ איז פאַראַן אַזאַ אויפשריפט און יענע, וואָס ווייסן, האַלטן נישט פאַר נויטיק דאָס אויסצופאָלגן. מאָלינאָ טעאַ פיגורירט אַלס צויבער־פּונקט אין דער טוריסטיק־ליטעראַטור און דער טור־ריסט האַלט נישט פאַר נויטיק אָפּצוטרעטן פון זיינע רעכטן. חוץ דעם איז נאָך אַ פראַגע צי מעגן טעאַס יורשים פאַרבאָטן דעם אַריינגאַנג. יעדער טייך איז לויט דעם געזעץ אַן עפנטלעכע זאַך, אַ פרייע און עס טאָר נישט זיין פאַרבאָטן דער צוגאַנג צו אים און עס טאָר נישט זיין קיינעם געשטערט דער גענוס פון אים. זאָגן אָבער טעאַס יורשים, וואָס זיצן אין פאַרלאַמענט, אין דער לאַבאָראַטאָריע פון געזעצן, אַז די ערד איז זייער פּריוואַט זאַך און לויט אַן אַנדערן געזעץ איז דער אייגנטימער דער באַלעבאָס פון זיין אייגנטום, ער מעג טון מיט דעם וואָס ער וויל און מעג אויך פאַרבאָטן דעם אַריינגאַנג, אָבער אַזוי ווי די פראַגע דאַרף אַנטשיידן דאָס געריכט, קומט מען דערווייל אין מאָלינאָ טעאַ, אַזוי אין משך פון די לעצטע פינף יאָר זינט דער ענין איז אַריין אין געריכט, וואָס איז אין דער הויפּטשטאָט פון קאָרדאָבאַ און מ׳וועט אוודאי נאָך קומען אין פאַרלויף פון עטלעכע קומענדע דורות ביז דאָס געריכט וועט אַרויסטראָגן זיין משפּט.

ווען עס דערנענטערט זיך די 12טע שעה, לאָזן זיך די טעער טוריסטן אַרויס צו דער פּאָסט אין דער באַן־סטאַנציע, וואָס זענען פאַראייניקט.

קיין בריוו־טרעגער איז נישטאָ, דאָס גייט נישט אַריין אין דער פונקציע פונעם „אַזשודאַנטע כענעראַל”, וועלכער טראָגט פאַנאַנדער נאָר טעלעגראַ־מעס, אָנטוענדיק זיך צוליב דעם דאָס פּאָסט־היטל. אַז ער נעמט אַראָפּ דעם באַגאַזש פון דער באַן, טוט ער זיך אָן צוליב דעם דאָס באַן־היטל. עס גייט אויך אַריין אין זיין פונקציע סערווירן מאַטע דעם שעה, וואָס דאָס מאַכט ער אָן אַ היטל און ווען ער פּלומפּט וואַסער, אָדער פּאַשעט די עופות פון דער טעאַ־סטאַנציע, אָדער מעלקט די ציגן, מאַכט ער דאָס אָן אַ היטל, אָן אַ רעקל און ווען עס איז זייער היים — אויך אָן אַ העמד.

נישט אַלע טעער טוריסטן און שטענדיקע איינוואוינער, קומען יעדן טאָג צו יעדע אָנקומענדיקע אָדער אַוועקגייענדיקער באַן, אָפּצונעמען אָדער אַוועקצושיקן בריוו. עס קומען די האָטעל־אייגנטימער אָדער אָנגעשטעלטע און נעמען די פּאָסט פאַר זיך און פאַר די געסט, עס קומען אייניקע געסט פון די פּריוואַטע שאַלעען און עס קומען — ווייניקער, אָבער עס קומען — אויך אָרטיקע איינוואוינער. זאַמלט זיך אַ קליינע באַפעלקערונג אויף דער סטאַנציע אָפּצוואַרטן די באַן, וואָס קומט אָן פון דעם געשלענגלטן און באַרגיקן וועג מיט אַ געקליפּער, אַ פאַרסאַפּעטע און פאַרשוויצטע.

דער שעף פֿון דער פּאָסט און טעלעגראַף, אַ שוואַרץ־חנוודיקער מישלינג מיט אַ לאַכנדיק פּנים, וואָס פֿירט די סטאַנציע־בוכהאַלטעריע, קלאַפּט אויפֿן טעלעגראַמען־אַפּאַראַט, מאַכט די עקספּעדיציעס און פֿאַרקויפֿט אויך בילעטן ביים פֿענצטער — טוט זיך אָן דאָס שעף־היטל פֿון דער באַן־סטאַנציע, קומט אַרויס אין דער טיר פֿון דער דרייפֿאַכער ביוראָ, וואָס קוקט אַרויס אויף דער פּלאַטפֿאָרם און ווען אַלץ איז אין אָרדענונג: עס איז אַראָפּ אָדער אַרויף דער פּאַסאַזשיר, ווען עס מאַכט זיך אַזעלכער און עס זענען אַראָפּגעוואָרפֿן און אַרויפֿגעוואָרפֿן געוואָרן די פֿראַכט־קעסטלעך און די פּאָסט־זעקלעך, טוט ער אַ ציִ ביים גלאָק און די באַן ווייסט שוין דעם דאָפּלטן באַדייט פֿון דעם קלונג: דאָס דערלויבט מען איר צו רירן זיך פֿון אָרט און דאָס באַפֿעלט מען איר זי זאָל ווייטער גיין איר וועג.

די קליינע באַפֿעלקערונג איז אומגעדולדיק. עס איז עסנצייט און עס איז היים און מען איז נייגעריק, באַפֿאַלט מען דעם באַן־שעף מיט אַ געבעטן ער זאָל עפֿענען די פּאָסט־זעקלעך, אָבער דאָס איז נישט זיין זאַך. ערשט נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגעטון דאָס באַן־שעף־היטל און ער האָט אָנגעטון דאָס פּאָסט און טעלעגראַף־שעף־היטל, האָט ער געעפֿנט די פּאָסט־זעקלעך און אויסגעשאָטן אויפֿן שרייבטיש די בריוו און די צייטונגען, וואָס זענען צעכאַפּט געוואָרן פֿון די אַדרעסאַטן, ווען דער פּאָסט־ און טעלעגראַפֿן־שעף האָט שוין געקאָנט פּערזענלעך, געוואוסט וואו יעדערער שטייט און צופֿרידן געווען מיט דער שנעלער צעטיילונג פֿון דער פּאָסט, קיינער נעמט נישט פֿאַר זיך דעם צווייטנס קאָרעספּאָנדענץ, דאָס קען נאָר טרעפֿן מיט אַ צייטונג, וואָס ווערט געהאַלטן פֿאַר נישט אַזאַ פּערזענלעכע זאַך. פֿון דעם אויסנאַם האָט נישט געליטן „די פּרעסע“, וואָס איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע אָנגעקומען קיין טעאַ. קיינער האָט זי נישט גענומען, אויך נישט די סעניאָריטאַ טינאַ, די פֿאַרוואַלטערן פֿונעם רו־הויז פֿאַר טעאַטער־מענטשן דאָרט אויבן, וואוהין „די פּרעסע“ איז אַדרעסירט געווען אויף מיין נאָמען, ווייל וואָס וועט זי נעמען אַ צייטונג, וואָס זי ווייסט גאָרנישט אויף וועלכער שפּראַך זי איז און וואָס איז פֿאַר אַ גאַסט, וועלכער איז ביי איר אין טעאַטער־הויז נישטאָ? דער גאַסט איז געקומען גאָר מיט אייניקע טעג שפּעטער. איך האָב אָפּגענומען ביים פּאָסט־שעף „די פּרעסע“ פֿאַר אַלע פֿאַרגאַנגענע טעג. קיין איינע האָט נישט געפֿעלט. אַ יידישקע, אַ דאַמע אין העל־בלויע הויזן האָט געוואָרפֿן בליקן אויף דאָס יידישע פֿון דער צייטונג, דאָס איז איר קענטיק געווען היימיש, אָבער אירע אויגן האָבן נישט אויסגעדריקט קיין פֿרייד נאָר שטוינונג, ווי זיי וואָלטן געפֿרעגט, ווי קומט אַהער אַ יידישע צייטונג? און אַז אַפֿילו אַהער ברענגט

מען אזא צייטונג! און עס איז געווען קלאר, אז זי וועט „די פרעסע" נישט צונעמען...

***

אין דעם שטעטל טעא זענען דא א סך זאכן און עס זענען אויך נישטא א סך זאכן, אזוי איז אין שטעטל נישטא קיין שוסטער. איר האט שוין געזען א שטעטל אן א שוסטער? אין טעא זאלט איר קיין שוסטער נישט זוכן, איר וועט אים נישט געפינען. און דאס איז נישט קיין צופאל, נאר א פעסט-געשטעלטע און באגרינדעטע זאך. די פילאזאפיע, וואס גייט דארט ארום וועגן דעם זאגט: נייע שיך פון אלע שטאפן מיט אלע פארמען און פון דער נייעסטער מאדע, קומען אן אזוי פיל, וויפל מען דארף און נאך מער וויפל מען דארף. קיין שוסטער וועט נישט מאכן א פאר שיך, פון אלפארגאטן, ביז לוים פופצן, פאר אזא פרייז, פאר וויפל מען קריגט זיי דא פארטיקער-הייט. און פון פאריכטן אלטע שיך האלט מען דא נישט, ווייל דא טראגן אלע לייוונטענע שיך. זענען זיי ביליקע אלפארגאטן, אדער סאפאטיזשעס, לוינט נישט זיי צו פאריכטן, ווען זיי הויבן זיך אן צו צרייסן און אויב זיי זענען טייערע לוקסוס-שיך, הערן זיי דאס אויף צו זיין, ווען זיי הויבן זיך אן צו צרייסן און די שענסטע לאטע איז מיאוס, און שיך האבן שוין אזא אייגנשאפט צו עפענען נייע לעכער נעבן די אלטע לאטעס. און אין טעא האלט מען נישט פון ביידע זאכן און מען לעבט אן א שוסטער.

פאליציי איז אויך פון די זאכן וואס אין טעא איז זי נישטא. און מען פארשטייט דא נישט צוליב וואס מען דארף פאליציי, אז גנבענען גנבעט מען דא נישט. ביינאכט ווערן אפילו די טירן פארשלאסן, אבער דאס איז נישט קעגן גנבים, (וואס דארט, וואו זיי זענען דא, לאכן זיי זיך אויס פון פארשלאסענע טירן), נאר אויס געוואוינהייט, וואס מען האט מיטגעבראכט אהער; מען פארשטייט דא נישט צוליב וואס מען דארף פאליציי, אז הרגע-נען הרגעט מען זיך נישט און קיין איבערפאלן קומען נישט פאר און עס איז דא נישט געשטערט קיינעמס רעכט און קיינעמס פרייהייט דורך פא-ליציי-עדיקטן אדער באלאגערונגס-צושטאנד און מען פילט נישט קיין בא-דערפעניש אין פאליציי, וואס האט צו באוואכן די שטערונגען, וואס דא זענען זיי נישט פאראן, אדער צו אונטערדריקן, ארעסטירן, באשטראפן, פארשליסן אין תפיסה פאר נישט אויספאלגן די פרייהייט און רעכט-שטערונגען. אז עס זענען נישטא קיין שטערונגען, איז נישטא אויך וואס עובר צו זיין און אז עס איז נישטא אויך וואס עובר צו זיין איז נישטא וועמען צו פארפאלגן. אביסעלע שווינדל איז אוודאי דא און אפשר אמאל א גאר קליינע אדער א גאר גרויסע גניבה, ווייל וואס מען איז, איז מען, אבער מענטשן איז מען דאך און צווישן מענטשן קאן זיין אייפערזוכט און

קנאה און א מענטש מיט א מענטש קאָן זיך אמאָל צעקריגן און עס קאָן אמאָל פּאַסירן א נישט ווילנדיקער אַקצידענט, אָדער א נישט ווילנדיקע שריפה, אָדער א מענטש קאָן גאָר אמאָל וועלן באַגיין זעלבסטמאָרד מחמת ער וויל זיך באַפרייען פון לעבן, אָדער פון ליידן און קיין אַנדערער הרגעט אים נישט... אָבער — זאָגן די טעער — וואו און ווען האָט פּאָליציי גע־מאַכט עס זאָל נישט זיין קיין שווינדל? וואו און ווען האָט פּאָליציי גע־מאַכט עס זאָל נישט זיין קיין גניבה? וואו און ווען האָט פּאָליציי געמאַכט עס זאָל נישט זיין קיין אַקצידענט, קיין שריפה, קיין איבערפאַל, קיין מאָרד? די פּאָליציי קומט נישט פאַר דער טאַט, נאָר ערשט נאָך איר, ווען דער מאָרד, אָדער זעלבסטמאָרד איז געשען, סיידן ער איז נישט געלונגען; די פּאָליציי קומט, ווען די גניבה איז דורכגעפירט. און ווען מען כאַפּט אפילו דעם גנב — האָט דער באַגנבעטער נאָר קדחת פון דעם און דאָס זעלביקע האָט ער ווען די פּאָליציי געפינט אמאָל די גניבה. און אַזוי האָט נישט דאָס שטעטעלע קיין פּאָליציי, אפילו קיין איין פּאָליציאַנט נישט און עס פילט נישט אין דעם קיין באַדערפעניש און טעער איינוואוינער האָבן גאָר מורא מען זאָל זיי נישט צושיקן פּאָליציי...

פון די זאַכן, וואָס דאָס שטעטעלע האָט יאָ, איז א טעלעפאָן, נישט טעלעפאָנען, נאָר איין איינציקן טעלעפאָן און ער איז נישט קיין קהלישער, אָבער זיין אַבאָנענט זאָגט קיינעם נישט אָפּ צו ריידן אויף זיין טעלעפאָן, פּאַרקערט, ער האָט ליב, אַז מען קומט און מען בעט אים זיין דערלויבעניש, וואָס ער גיט מיטן גאַנצן הארצן, מחמת ער פילט שטענדיק א באַדערפע־ניש עמיצן א טובה צו טון. און כאָטש עס איז דער איינציקער טעלעפאָן אין שטעטעלע, ווארט ער שטענדיק, אַז מען זאָל אויף אים ריידן, ער איז במעט קיינמאָל נישט פאַרנומען, אפילו נישט פון „שלייפער", אָדער גע־ליבטע, וואָס באַמערקן גאַרנישט, ווי זיי דענערווירן א שעה צייט דעם גע־צוואונגענעם צוהערער — דאָס קאָן דאָ נישט זיין, ווייל עס איז דער איינ־ציקער טעלעפאָן אין שטעטעלע. דאָס טעלעפאָנישע ריידן דאָ איז נאָר מיט אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וואָס דאָס קאָסט געלט פאַר יעדן מאָל ריידן און דאָס איז זעלטן נויטיק.

ראַדיאָ־אַפּאַראַטן זענען דאָ אַזוי פיל וויפל הייזער און נאָך מער, אָבער נאָר געציילטע פון זיי האָבן דעם כוח אויפצונעמען די קאָנצערט־ און ידיעות און אַנאָנסן־כוואַליעס, וואָס ווערן ערגעץ ווייט, אויף דער אַנדער זייט בערג, אַרויסגעלאָזט און נאָר איינער פון זיי לאָזט זיך הערן איבערן גאַנצן שטעטעלע. דאָס איז דער ראַדיאָ פונעם אָפּרו הויז פון די טעאַטער־מענטשן, אויף וועמענס ברייטער ווערענדע, וואָס קוקט צום שטעטעלע אַראָפּ, איז אינסטאַלירט א הויכריידער — צום גליק, דער איינציקער אין

שטעטעלע, ווייל ווען עס וואָלטן געווען מער, וואָלט שווער געווען דאָ איינ־צוזיצן — די קאָנצערטן און די ידיעות, וואָס ווערן אַהערגעטראָגן אויף די ראַדיאָ־כוואַליעס, קומען מיט אַלע מינים געררויש און קראַקערייען, וואָס לויפן מיט און עס ווערן אַנגעצויגן די נערוון, ווען אַזאַ מוזיק זעצט אַרוים פונעם הויכרייידער.

***

באַרג־אַרויף אויף דער זייט פון וויזשאַ דזשיאַרדינאַ — דער נאָמען פון אַ בוענאָס־איירעסער וואָל־שטאָף פאַבריקאַנט, זענען צעשטעלט אין אַ שיינער אומאָרדענונג שאַלעען — קונסט־געביידעס מיט רויטע שיפע דעכער און דעכלעך, מיט אַרטיסטישע טיר און פענצטער און לאַדנס, וואָס שטייען אינמיטן פון אויסגעצירטע גערטנער און זענען פאַרשידן אין זייער שיינ־קייט איינס פון דאָס אַנדערע. דזשיאַרדינאַ האָט אָפּנים זיך נישט באַנוגנט אויף דער ווייט־זעעוודיקייט פון די אייגענע אויגן אָנצוצייכענען די גרע־נעצן פון דער ווילע און ער האָט אוודאי געקוקט דורך גלעזער, וואָס ציען צו און דערנענטערן דאָס ווייטע. אַנהויבנדיק פון דעם באַרג, וואָס שטייט אויף אַ באַרג, שפּרייט זיך אוים די ווילע איבער נאָך בערג מיט זייערע פאַלדן, וואָס קייטלען זיך אַוועק ביז אַהין, וואו די זון גייט אויף יעדן פאַרטאָג אַ דערהיצטע, אַ רויטע, ווען זי קומט אַרויף אויפן שפּיץ פון ווייטסטן באַרג, איידער זי שווימט אַוועק פריי אינעם בלויען ים פון הימל. עס גייען אַריין אין דער וויזשאַ דזשיאַרדינאַ גרינע באַרג־פעלדער, פרוכטן־סעדער, בלומען־גערטנער, ווילדע וועלדער, באַוואַקסענע בערג מיט בוימער און אַנדערע מינים פלאַנצן פון די בראשית־טעג; עס גייען אַריין אין דער וויזשאַ די ציגן, די אייזלען און די פערד, וואָס קריכן אַרום אָן אַ פּאַסטעך אין די באַרג־פאַלדן און וואָס האָבן מורא און אַנטלויפן פאַר אַ מענטשן. עס גייען אַריין אין דער וויזשאַ די סטעזשקעס אויסגעטראָטענע פון מור־ראַשקעס און פון מענטשן, די שטעגן און די וועגן, וואָס קרייזלען זיך דאָ אַרום באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף און אויך דער וועג, וועלכער דרייט זיך אַרויף און דרייט זיך פאַרביי אַלטאַ סאַן פּעדראָ.

אין די פאַלדן און אויף די שויסן פון די בערג, וואָס גייען אַריין אין דער ווילע, געפינט זיך אַ „גרוטאַ" — אַ „הייליקע" הייל אין באַרג מיט שטיינערנע, הילצערנע, געוואַנטענע און אָפּגעפאַרבטע „הייליקייטן", וואָס איז געמאַכט געוואָרן נישט אַזוי פאַר די אָרטיקע קאַטוילישע פרומע, ווי אַלס אַ מערקווירדיקייט פאַר די דרויסנדיקע טוריסטן און וואָס דערפילט נאָך „הייליק" איר מיסיע, דאָס טוט אויך די קאַפּיליע, וואָס שטייט אַביסל אויף אַ דיסטאַנץ פון דער הייל און וואָס שטייט אויך אַלס מערקווירדיקייט פאַר טוריסטן; דאָ אין די בערג־פאַלדן פון דער ווישע האָט דזשיאַרדינאַ

אויך אויפגעשטעלט אַ פאַבריק, וואו עס ווערט געברויכט אינדיאַנישע ציווילזאַציע און קולטור דורך ציוויליזירטע און קולטורעלע אינדיאַנער צו פאַבריצירן אינקאַישע פאַנטשאָס, דעקעס, טעפּיכער, גאַרטלען און נאָך אַזוינע בונטפאַרביקע און וויקוניע־קאָלירטע „אינקאַישע" אַרטיקלען, וואָס ווערן אָנגעבאָטן אין די גאַלאַנטעריע־קראָמען און אויף די אויסשטעלונג־פּעריעס אין אַלייען אונטערן פרייען הימל.

אויף די טויערן פון טעאַ און דזשיאָרדינאָ שטייען טאָוולען אויף שטאַנגען איבער די וועגן, וואָס גייען אַדורך דאָס שטעטעלע אין די ווזשעס און וועגן, וואָס פירן אַריין אין זיי, איז אויפגעשריבן מיט גרויסע אויסיעס דאָס וואָרט: „ביענוועניִדאָ" — ברוכים הבאים — פון וואָס איר פילט זיך גוט און אַ דאַנק וואָס עס בליט שטענדיק דאָס שטעטעלע אין די בערג און עס צעוואַקסט זיך.

# מאַר טשיקיטאַ

די קאָרדאָבער טעריטאָריע צייכנט זיך אויף דער מאַפּע אין דער פאָרעם פון אַ פּראָפיל פון אַ מענטשן־קאָפּ, מיט דער נאָז צו די אַנדן און מיטן קאַרק צו סאַנטאַ פע און סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ. נאָענט צו דער יידישער קאָלאָניע מאָזעסוויל איז דאָס אויער פונעם קאָפּ און דאָס אויער איז די אָזערע, וואָס הייסט מאַר טשיקיטאָ.

יענע, וועלכע האָבן דער אָזערע אַזאַ נאָמען געגעבן, האָבן אַפּנים גע־האַלטן, אַז ים מיטן פולן מויל קאָן אָנגערופן ווערן נאָר דער אַטלאַנטיק אָדער דער פּאַסיפיק, זיי האָבן אָבער געהאַט פאַר זיך אַזאַ גרויס וואַסער, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט און פאַרנעמט אַ שטח פון פינף טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער, אָדער 50 קילאָמעטער די ברייט אויף 100 קילאָ־מעטער די לענג און זיי האָבן דאָס אָנגערופן מאַר טשיקיטאַ — קלייניקער ים. און אָט צו דעם קליינינקן ים, וואָס געפינט זיך אין מזרח־צפון־ווינקל פון דער קאָרדאָבער פּראָווינץ, מאַכן מיר איצט (אין 1941) אַ „נאָענטע" רייזע פון אַ צוויי הונדערט און איין קילאָמעטער פון דער שטאָט קאָרדאָבאָ.

***

פאָרן פאָרן מיר מיט אַן אָמניבוס־פּולמאַן, וועלכער פירט מיט זיך אַ ראַדיאָ־אויפנעמער און צעטרייבט אַביסל די לאַנגווייליקייט איבער אַ פאַרב־לאָזן און מאָנאָטאָנעם וועג. דאָס קליינע קעסטעלע דאָרט אין אַ ווינקעלע פונעם פּולמאַן, וועלכער פאָרט איבער וויסטע פעלדער פון דער פלאַכער קאָרדאָבאָ, שטעלט אונדז פּאַסאַזשירן אין פאַרבינדונג מיט דער גאַנצער וועלט. עס ווערט אונדז איבערגעגעבן גענוי וואָס עס האָט נאָר וואָס פּאַ־סירט אין ניו־יאָרק און אין טאָקיאָ, אין ריאָ דע זשאַנעירא און אין בערן און וויפל טאָנען צינד־באָמבעס און אויפרייס־באָמבעס די נאַצים האָבן די לעצטע נאַכט פון זייערע אַוויאָנען אַראָפּגעוואָרפן אויף לאָנדאָן און אַז די ענגלישע אַוויאַטאָרן, וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען צו וויזיטירן דעם דריטן רייך יעדן טאָג, וויזיטירנדיק אים שוין אַזוי מער פון זעקס חדשים, האָבן די לעצטע נאַכט, אַזוי ווי אַלע נעכט, אַראָפּגעוואָרפן... באָמבאָנעס

אויף בערלין („באָמבאַנעם״, מחמת לויט די דייטשע ידיעות ווערט אין דריטן רייך גאָרנישט צעשטערט פון דעם, וואָס ער וואַרפן אַראָפּ די ענגלישע פליער); דאָס ראַדיאָ־קעסטעלע דערציילט ווי אַזוי דאָס גריכן־לענדעלע, איבער וועלכן דער גרויסער דיקטאַטאָר פונעם שוואַרצן העמדל, האָט געוואָלט גיין קיין מצרים, שלאָגט דעם אַלמעכטיקן מוסאָלינין און טרייבט אים, און ווי אַזוי היילע סעלאַסיע, דער אַנטלאָפענער מלך פון שולמית־מדינה, האָט זיך אויף ענגלישע פליגל אומגעקערט קיין אַביסיניע און מעקט דאָרטן אָפּ דעם „דוטשעס״ אימפּעריע; דאָס קעסטעלע דערציילט נישט קיין מעשות פון אַמאָל, נאָר מעשים פון היינט און דערציילט ווי אַזוי עס פירט זיך די מילחמה אין אייראָפּע און אין אַפריקע; אין אַזיע און... אין פולמאַן, וואָס פאָרט קיין מאַר טשיקיטאַ — אַ מילחמה צווישן דער דעמאָקראַטיע און דער דיקטאַטור פאַר באַהערשן די וועלט, אָבער דאָס ראַדיאָ־קעסטעלע האַלט נישט אָן אויפהער געשפּאַנט אונדזערע נערוון. זיסע, סענטימענטאַלע לידעלעך לאָזט מען אונדז הערן: לידער פון ליבעס, פון בענקשאַפט און פון נעכטיקע טעג, וואָס ווערן אויסגעזונגען פון די זינגערס און פון די זינגערנס פאַר די מיקראָפאָנען אין בוענאָס־איירעס, אין מאָנטעווידעאָ, אין לאָנדאָן און... אין דער יידישער ראַדיאָ־שעה און דערנאָך טראָגט זיך אַרויס פונעם קעסטעלע אַ טאַנצנדיקע מוזיק, זי ווערט פונעם שאָפער אָפּגעהאַקט באַלד ווי דער פולמאַן קומט אין דער סביבה פון מאַר טשיקיטאַ.

***

מיר האָבן שוין פאַרלאָזט באַלנעאַריאַ, דאָס באַן־סטאַנציע שטעטל, וואוהין עס קומט אָן און פון וואַנען עס גייט אַוועק די מאָטאָר־באַן ברענגענדיק און אָפּפירנדיק טוריסטן און קוריסטן און וואוהין עס קומען טוריסטן און קוריסטן פון די מאַר טשיקיטאַ־פּלאַזשעס אָפּוואַרטן, אָדער באַגלייטן טריסטן און קוריסטן; מיר זענען שוין פאַרבייגעפאָרן אַ פעלדיש געסל, וואָס פירט אַריין אין דער נאַטוראַליסטישער קאָלאָניע און בעת מיר הערן אויס די פּרעטענזיעס פון אַ יידישקע, וועלכע איז אַרויף אין באַלנעאַריאָ; פּרעטענזיעס צו דער מוניציפּאַליטעט פון מיראַמאַר פאַרוואָס זי האָט אַרויסגעגעבן אַזאַ געזעץ, וועלכער דערלויבט נישט מער דעם פולמאַן צוצופירן יעדן אין זיין האָטעל און זי מוז דעריבער גיין אין אַזאַ היץ אפשר זעקס קוואַדרעס צופוס, זענען מיר אָנגעקומען אין מיראַמאַר.

***

ביים אָנקומען אויף דעם מיראַמאַרער פולמאַן־סטאַנציע זענען געשטאַנען, ווי אין אַ לעבעדיקער אויסשטעלונג אַ מאַסע מענטשן און זיך ווי

עפּעס געבעטן מיט זייערע האָטעלערישע אויגן. איך האָב אַ רוף געטון: „דאַנוביאַ" לויט אַ צייטונגס־אַנאָנס און עס האָט זיך אָפּגעטיילט איינער פון דריי אַלצאַיינסיקע האַרטע פעלד־אינזשעניער־קאַפּעלושן, אונטער וועמענס ברייטע ראַנדן מען זעט קוים אַרויס דאָס פּנים פון אַן אונגאַרישן ייד.

אונטער די דאָזיקע אַלצאַיינסיקע פעלד־אינזשעניער־קאַפּעלושן געפינען זיך די דריי יידישע האָטעל־אייגנטימער פון מיראַמאַר. די קאַפּעלושן ווערן אָנגעטון איינצייטיק פון אַלע דריי, ווען זיי גייען אַרויס אויף דער פּולמאַן־סטאַנציע און איינצייטיק ווערן זיי אויסגעטון ווען זייערע באַלעבאַטים קערן זיך צוריק פון דער סטאַנציע.

די דריי יידישע האָטעל־אייגנטימער, לעבן זיך אין גוטער שכנות־שאַפט, זענען גוטע ברידער, איינער ביים אַנדערן שלעפּט נישט קיין קליענט ביי די פּאָלעס און זיי האָבן אַוועקגעשטעלט זייערע געשעפטן אויף דער באַזע פון הויך־שפּעקולאַציע.

איינער פון זיי האָט אַמאָל אַ נאָמען געגעבן זיין האָטעל „תל־אביב". דאָס איז געווען אין די ציוניסטיש אויפגעלעבטע יאָרן, ווען אויף די פליגל פון גרויסן ענטוזיאַזם און פּאַר געלט פון דער יידישער וועלט, איז אויפגעבויט געוואָרן די שטאָט תל־אביב. עס איז נישט די איינציקע שטאָט, וועלכע איז אויפגעבויט געוואָרן אין דער וועלט, אָבער דאָס האָט געהייסן אַ יידישע שטאָט, און מען האָט גערעדט און געשריבן וועגן דעם אַזוי פיל, אַז עס איז אַזש דערגאַנגען צו די ברעגן פון מאַר טשיקיטאַ. צי תל־אביב איז געווען אָדער נישט געווען אַ ישועה פאַרן יידישן פאָלק, האָט אונדזער מיראַמאַרער (נישט מיראַמאַר אין דרום אויפן ברעג פון אַטלאַנטיק, נאָר מיראַמאַר אויפן ברעג פון מאַר טשיקיטאַ) האָטעל־באַלעבעסל נישט אינטערעסירט. אים האָט אינטערעסירט תל־אביב אויף וויפל זי קאָן טויגן פאַר זיין האָטעל צו ברענגען אים קליענטן.

שפּעטער האָט אונדזער מיראַמאַרער האָטעל־באַלעבאָס אָפּגעמעקט פון זיין האָטעל דעם נאָמען „תל־אביב" און אויפגעשריבן אויפן זעלביקן אָרט „בירעבידזשאַן". דאָס איז געווען, ווען צו די ברעגן פון מאַר טשיקיטאַ האָט אָנגעהויבן דערגיין מער שיינע גערייד פון בירעבידזשאַן איידער פון תל־אביב און מען האָט געקלונגען מיט בירעבידזשאַן נישט נאָר ווי מיט אַן אָרט אין ווייטן אַזיע פאַר קאָלאָניזאַציע פון די יידישע דעקלאַסירטע מאַסן אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָר ווי מיט אַ גאַנצער יידישער מלוכה.

אונדזער מיראַמאַרער האָטעל־באַלעבאָס האָט באַמערקט אַז „תל־אביב" ציט נישט מער, האָט ער געביטן דעם נאָמען פון זיין האָטעל אויף „בירעבידזשאַן", ביז ער האָט באַמערקט ווי דער נאָמען פון דער דאָזיקער יידישער מלוכה ציט אויך נישט מער, עפּעס אַזוי ווי די מלוכה וואָלט אַראָפּ פון

מאַרק, אָדער אַרויס פון דער מאָדע און מען רעדט שוין כמעט נישט פון איר און עס האָט זיך אים אָנגעהויבן אויסוויַיזן, אַז „בירעבידזשאַן" אַנשטאָט ברענגען אים קליענטן, טרייַבט גאָר אַוועק קליענטן, האָט ער גענומען און אָפּגעמעקט דעם נאָמען „בירעבידזשאַן" פון זייַן האָטעל און אויפגעשריבן אויף דעם זעלביקן אָרט אַ קלאַסישן האָטעל־נאָמען ווי „פּרינצעסן", „פּאַלאַץ" אָדער „פויגלמילך".

***

די מענטשן פון מיראַמאַר לעבן מיט דער צוקונפט. זיי האָבן נישט קיין פאַרגאַנגענהייט, קיין לעגענדעס, קיין געשיכטע. עס פעלן נישט קיין אַלטע הייזער, וואָס ציט זיי שוין צו דער ערד, אָבער זיי זענען אויך געשאַפן געוואָרן און האָבן אויסגעלעבט זייערע יאָרן מיט שטרעבונגען צו דער צוקונפט, וואָס ווערט געזען אין דער גרויסער אָזערע מיטן נאָמען מאַר טשיקיטאַ. אָבער אויסער די גוטמוטיקע אַלטע, וואָס זאָלן לעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר איז דאָס אַ שטעטל און אפשר אין דער צוקונפט גאָר אַ גרויסע שטאָט, וואָס בויט זיך. אומעטום נייַע ציגל, קאַלך, זאַמד, צעמענט, אייַזנוואַרג, קאַבלעס, מאָזאַיקעס, וואַסער־רערן, עלעקטרישע דראָטן, אַרבעטער, רישטאָוואַניעס, געצייג און ליידיקע פּלעצער וואָס קוקן אויך אויס אויף זייער זיך בויענדיקער צוקונפט. עס בויען זיך גאַסן און עס בויען זיך הייזער — אין דער ברייט דערווייַל; מען בויעט צו און מען בויעט איבער און מען ברייטערט אויס און מען מאַכט גרעסער און שענער; מען בויעט אינדיווידועל און מען בויעט קאָלעקטיוו; מען בויעט היינט און מען בויעט אין דער צוקונפט, און אין דער בויאונג פון דער צוקונפט נייַען אַרייַן אַספאַלטירטע בולוואַרן, אַלייען פון עוקאַליפּטוס, נאָדל און לינדן־ביימער, גערטנער און פּלאַזשעס פון בלאָטע, פון זאַמד און פון מאַרמאָל...

אָט דאָס שטעטל האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן סאַמע ברעג פון מאַר טשיקיטאַ און קוקט שטענדיק אויפן ים און דער „דאַנוביאָ", וואָס שטייט מיט זייַן מויער אינמיטן מיראַמאַר אויף דער הויפּטגאַס, האַלט אָפן זייַן הויף אין ים אַרייַן און אין די צוויי אומפאַרמייַדלעכע באַדצייַטן פון טאָג איז אויפן פרייַען הויף און אין דעם אָפענעם האָל פון האָטעל ווי אויף דער פּלאַזשע; ווער עס גייט אין וואַסער און ווער פון וואַסער; ווער עס נעמט אַ זון־באָד און ווער אַ לופט־באָד; ווער עס שמירט זיך מיט ווייַסן ניסזאַפט און ווער מיט שוואַרצער בלאָטע פון דער אָזערע.

באָדן באָדן זיך אַלע אויסער דער האָטעל־באַלעבאָס, זייַן הויזגעזינט און דער פּערסאָנאַל. אָרטיקע איינוואוינער באָדן זיך זונטיק, נישט אַזוי דאָ אויפן ברעג, ווי דאָרט אויף איינע פון די אינדזלען אין מאַר טשיקיטאַ.

וואוהין מען שיפט זיך דריי שעה אויף אַ מאָטאָרשיף, וואָס גייט מיטן גאַנצן כוח און אויף וועלכער מען טרינקט און מען זינגט האַלב איטאַליעניש, האַלב שפּאַניש; צו איינער פון יענע אינדזלען, וועלכע זענען באַפּעלקערט נאָר פון ווייסע שוואַנען, ברוינע קאַטשקעס און ראָזע פלאַמענקן און וואו מען כאַפּט אַ באָד אַזוי ווי אין פאַרגאַנגענע ליבע צייטן אין טייך הינטערן שטעטל, ווען באָד־קאָסטיומען זענען נאָך נישט געווען.

***

יעדער נייער גאַסט ווערט גערן אויפגענומען. ווען מען שעמט זיך נישט, וואָלט מען פון פרייד זיך אַרומגעכאַפּט מיט אים. עס איז נישט זעלטן, אַז אין אַ געפּאַקטן האָטעל מיט טוריסטקעס זאָל זיין איין איינציקער מאַן: דער באַלעבאָס. מענער זענען דאָ אין אַ קליינער מינדערהייט אין האָטעל, אין דער פּריוואַטער שטוב, אויף דער פּלאַזשע און אין גאַנצן שטעטל.

עס הערשט די פרוי אויף אַלע געביטן: אין דער קאָמערץ, אין דער פּראָדוקציע, אין דער פאַרוויילונג, דאָ וועט אַ פרוי נישט מורא האָבן צו גיין אַליין שפּעט ביינאַכט. דאָ קומען מיידלעך אָן באַגלייטער אינמיטן נאַכט אָדער פאַרטאָג פון בעלער, וועלכע ווערן דאָ געטאַנצט יעדע נאַכט אויף טאַנץ־פּלעצער אונטערן פרייען הימל און אָן ווענט, אונטערן טאַקט פון טיפּישע אָרקעסטערס און הערצער און וואו מען טרינקט און מען זינגט אַמאָל אָן און אַמאָל מיט די „וואונדערבאַרסטע" „וועלטבאַרימטסטע", „אַרטיסטן", קונצן־מאַכער און שוואַרצקינצלערנס. דאָ ווערן נישט נאָר פרויען־פאַכן פאַרנומען פון פרויען, נאָר אויך מענער־פאַכן, און אַ סך קינדער, מייסטנטייל מיידלעך, האָבן דאָ נאָר מאַמעס... דאָס באַחנטע צוועלף־יעריקע טעכטערל פון דער האָטעל־וועשן האָב איך אַמאָל, בעת זי האָט מיר סערווירט אַ מאַטע, געפרעגט אויף איר טאַטן, האָט זי געענטפערט, אַז זי האָט נאָר אַ מאַמען, אַ טאַטן האָט זי קיינמאָל נישט געהאַט...

***

ביים מיניסטעריום פון עפנטלעכע ווערק פון דער קאָרדאָבער פּראָווינץ איז פאַראַן אַ טוריסטישע דירעקציע. זי גיט אַרויס פּובליקאַציעס. איינע פון זיי איז אַ קליינינקער אָבער שיינינקער אַלבום מיט בילדער פון מאַר טשיקיטאַ און אַ פיזישן, כעמישן און מעדיצינישן אַנאַליז פון דעם וואַסער און פון דער בלאָטע פון מאַר טשיקיטאַ. דער אַנאַליז ווייזט אַזאַ און אַזאַ פּראָצענט אָדער ציפער פון קלאָראַ, קלאָרוראָ, קאַרבאָנאַטאָ, סולפּאַטאָ, אָקסיד דע קאַלסיאָ טאָטאַל, מאַגנעזיע, ניטראַטאָ, ניטריטאָ, פאָספאַטאָ, סולפורישע זיירע, קלאָרהידרישע זיירע, ניטרישע זיירע, ניטראָשע זיירע, סול־

פּוראַטישער הידראַגען, סיליצע, אייזנשטאָף, אַלומיניע־שטאָף, פּאַטאַסע, אַל־קאַליניטעט, יאָד, בראָמאַ, גאַז טאַטאַל, אַקסיגען, קארבאַנישע זיירע און אַזוי ווייטער, וואָס צוזאַמען איז דאָס אַזאַ צעטל מיט סובסטאַנצן, וואָס איז דאַכט זיך נישט אויפגעשריבן אויפן עטיקעט פון גרעסטן רעצעפּט־פלעשל און פון דעם גרעסטן ספּעציפישן מעדיצין־פאַרמאַצעווטישן צוזאַמענשטעל, וואָס טויג פאַר אַלע קראַנקייטן. לויט די דערמאָנטע און נאָך אַנדערע סוב־סטאַנצן איז מאַר טשיקיטאַ אַזאַ רעצעפּט פון פופצן טויזנט מיליאָן ליטער, אַריינגעגאָסן אין אַ שוואַרץ־ערדישער שיסל פון פינף טויזנט קוואַדראַט קי־לאָמעטער אויבערפלאַך; אַ רעצעפּט, וואָס ווערט כסדר געמאַכט פון דער נאַטור מיט מאַטעריאַלן, וואָס נעמען זיך פון אייגענעם ימישן באָדן און פון די אייגענע קוואַלן, וואָס קומען אַרויס פון דעם באָדן און וואָס ווערט גע־מישט מיט לופט און מיט זון און מיט רעגן און מיט די טייכן, וואָס קומען פון די בערג און גיסן זיך אַריין אין מאַר טשיקיטאַ נאָך דעם ווי זיי האָבן אַדורכגעפלאָסן די גאַנצע ברייט פון דער קאָרדאָבער טעריטאָריע פון מערב צו מזרח.

איז דעריבער קיין וואונדער נישט, דער וואונדער פון ליגן און פאַר־ווילן זיך, לייענען אַ צייטונג זיצנדיק אָדער ליגנדיק מיטן פנים אַרויף און קאַטשען זיך אויף דער אויבערפלאַך פון וואַסער, אַזוי ווי מען טוט דאָס אויף סאָלידער פלאַזשע. עס איז אַ געזאַלצענער ים פון סובסטאַנצן דער מאַר טשיקיטאַ, וואָס נעמט צו די קראַנקייטן ביי די קוריסטן און פאַרניכ־טעט זיי, די קראַנקייטן, און די געזונטע מאַכט ער זיי זאָלן זיין פאַרהיט פון קראַנקייטן און די מיאוסע מאַכט ער שיין און די שיינע מאַכט ער שענער.

מער וואונדער איז דער ברונעם אויפן הויף פון האָטעל, עטלעכע מעטער פון ים־ברעג, פון וואַנען עס פלומפּט זיך זיסע, קלאָרע, ווייכע, פרישע וואַסער. עס איז דער וואונדער פון יעדן הויף און פון גאַנצן שטעטל מיראַ־מאַר, וואָס שטייט אויפן סאַמע ברעג פון געזאַלצנסטן ים און טרינקט און וואַשט זיך אין האַלב־קוואַלנדיק, זיס, קלאָר און ווייך וואַסער.

***

ביי טאָג זענען די מיראַמאַרער מאָסקיטן ערגעץ באַהאַלטן און קיינער האָט נאָך נישט אויסגעפונען וואו. מען ווייסט אַז אין דער אָזערע זענען זיי זיכער נישטאָ. ווען עס פאַלט זיי איין אַמאָל קומען אין דער אָזערע, וואָלט מיראַמאַר געבליבן אָן מאָסקיטן. אויף דער אינדזל פון די פלאַמינקען האָב איך געטראָפן הויפנס מיט אומגעקומענע שמעטערלינגען, זיי האָבן נאָר באַרירט מיט זייערע בייכלעך אָדער מיט זייערע פליגלען דאָס וואַסער פון דער אָזערע און דערנאָך האָט זיי די אָזערע אַרויסגעוואָרפן אויפן ברעג פון

דעם אינדזל. אינעם מאר טשיקיטא לעבן נישט קיין פיש און עס קאָנען אין אים נישט לעבן קיין אנדערע באשעפענישן. אבער די מאָסקיטן לאָזן זיך אין קיין פאַל נישט פאַרנאַרן אין דער דאָזיקער באָד אריין און קיינער ווייסט נישט פון וואַנען קומען זיי מיטן צופאַלן פון דער נאַכט. פּונקט דאַן ווען די הינער זעצן זיך שלאָפן שטייען זיי אויף די מאָסקיטן און באַפאַלן. דאָס פּנים דאָס מענטשלעכע שווינען זיי נאָך ווי עס איז. די פעלדער פון זייערע אָפּעראַציעס זענען די מענטשלעכע פּיס און די הענט. דאָ איז זייער טעטי־קייט זייער אַ פּלייסיקע און עס שרעקט זיי נישט דאָס געקלעפּ אויף די הענט און אויף די פיס, אין דעם ליבן פאַרנאַכט און אין אָוונט, ווען דער עולם איז אויסגעבאָדן, אָרומגעוואַשן, פּערפומירט, צוגעפּאַרבט, אויסגעפּוצט און אויסגעזעצט אויף די טראָטוארן, שמועסנדיק און וואַרטנדיק אויפן זיכערן רוף צום נאַכטעסן. זיי קאָנען נאָר נישט ליידן קיין רויך; זיי האָבן נישט ליב קיין שום רויך און ווען דער רויך איז מיט אַ ריח אַנטלויפן זיי אַהין וואו אַזאַ רויך מיט אַ ריח איז נישט פאַראַן. רויכערט זיך פון פייער־טעפּלעך אויסגעשטעלטע אויף די טראָטוארן און אויף די הויפן און עס רויכערט זיך פון די ספּיראַלן אויסגעשטעלט אין די שלאָף־צימערן און וואו עס איז פאַראַן רויך מיט ריח זענען די מיראַמאַער מאָסקיטן פאַרשוואונדן.

***

פאַר איינעם מיט אַביסל פּאָעזיע אין דער נשמה איז אויך די זון דאָרט אין מיראַמאַר אַן אַטראַקציע. נישט די זון וואָס גייט דאָרט אויף, ווי עס דאַכט זיך אַ בוענאָס־איירעסער, אין מערב־זייט און קומט פון פּעלדישן האָ־ריזאָנט אין דער געשטאַלט פון אַ פייערדיקן דיסק, נאָר די זון וואָס פאַר־גייט דאַכט זיך דאָרט אויף מזרח־זייט אין ימישן האָריזאָנט פון מאַר טשי־קיטאַ און איז נישט רויט נאָר פאַררויטלט ווען זי לאָזט זיך אַראָפּ לאַנגזאַם אין ים אריין, וואָס ווערט אונטער איר שיין פאַרוואַנדלט אין אַ דורכזיכטיקן שפּיגל, אין וועלכן עס שפּיגלט זיך אַ הימל, פאַרוואַנדלט אין אַן אַ צאָל רעגנבויגנס, ווי טויערן פון אַלע ליכטיקע קאָלירן, וואָס פירן דער פאַר־רויטלטער זון צו איר פאַרביק באַלויכטענער נאַכט־רו, אונטער דעם ווייסן בליק פון אַ קיילעכדיקער לבנה, וועלכע איז אַרויסגעקומען פון אַ בלויען הימל מיט פינקלדיקע שטערן און האָט זיך אָפּגעשטעלט קעגנאיבער דער זון ביז זי איז פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט די ליכטיקע פאַרבן. דער ים איז געוואָרן צוגעדעקט פון דער נאַכט און די לבנה איז ווייטער אַוועק אויף איר קיילעכדיקן וועג אַרום דער ערד...

# מיט אַרגענטינער יידן אין לאַס קאַקאַס

מיט זיינע צוויי טויזנט מעטער הויך איבערן ים איז ער דער העכסטער פון די „קליינע" קאָרדאָבער בערג, וואָס קייטלען זיך און פלעכטן זיך אויף דער זייט, קעגנאיבער דער קייט פון די „גרעסערע" קאָרדאָבער בערג, וואָס טראָגן אויף זיך אַ פלאַך פעלד אינדערהייך פון דריי טויזנט מעטער איבערן ים.ביידע בערג־קייטן שטעלן מיט זיך פאָר די מיטללענדישע בערג פון דער רעפובליק.

מיר געפינען זיך אויף אַ באַרג אין געפלעכט פון בערג מיטן אורי־טאַרקאַ בראש און ווי עס פירט זיך צווישן בערג, שטייט אונדזער באַרג מיטן „קאָפּ" ביי די באַרגישע „פיס" פונעם העכערן באַרג, וועלכער שטייט פון זיין זייט מיט זיין קאָפּ צופוסנס דעם באַרג וואָס איז נאָך גרעסער. אויף אונדזער באַרג, וואָס גייט אַ געפאַלדעוועטער באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף און האָט נישט פון דער נאַטור קיין איין מעטער פלאַכלאַנד, ליגט נישט קיין שניי אין זומער; אין ווינטער, געוויינלעך, אויך נישט. טאָמער פאַלט אַמאָל דאָ אַ שניי, ווערט ער באַוואונדערט און באַשריבן און פאָטאָ־גראַפירט. רעגענען רעגנט אין זומער, גאַנץ אָפט — גיסט, נאָר קיין בלאָטע מאַכט זיך נישט, די וואַסערן לויפן באַלד אַפּ און באַלד נאָכן רעגן איז טרוקן און דאָס גרינס און די פילפאַרביקייט פון די פלאַנצן, וואָס באַדעקן דעם באַרג און לאָזן אים נישט קיין שטיקל נאַקעטקייט, זענען זיך מחיה, קוויקן זיך פון געגוס און עס בלישטשן ווי בריליאַנטן טראָפּנס אויף די גראָזן און אויף די בלומען אנטקעגן דער באַלד־אַרויסגייענדיקער זון.

פון די ימי־בראשית אָן, ווען די בערג זענען אַרויסגעקומען פון דער ערד־פלאַך־אַרויס, גייט אַ געדיכטער וואַלד אויפן באַרג, וואָס איז פאַרביק, פינקלדיק און שטיינערדיק אין וואָס עס זענען וואונדערבאַר פאַרוואָרצלט די באַיאָרנטע און פאַרצווייגטע און שטענדיק באַבלעטלטעביימער.

די וועגן און די שטעגן, די סטעזשקעס און די אַלייען, די גערטענער און דער גן־עדנדיקער פּאַרק — זענען אויסגעשניטן אינעם באַרגיקן וואַלד. וואָס געפינט זיך נישט אויף דעם צויבערבאַרג פון אונדזער האָטעל?

— איר וועט מיר גלייבן? איך ווער נאָך פאַרבלאָנדזשעט דאָ אין ווינקלען, אין וועלכע איך טרעף זאַכן, פון וועלכע איך האָב קיין אַנונג נישט געהאַט — זאָגט מיר דער בערענט אַליין.

קינסטלערישע האָטעל־געביידעס זענען נישט אין קיין גלייכער ליניע צעשטעלט אין די גערטענער פונעם באַרג־פּאַרק, אין וועלכן עס געפינען זיך שווים־באַסיינען אונטערן בלויען הימל, סאָלאַריומס פאַר זונבעדער, טעניס־פּלאַץ אויף דער פרייער לופט, ספּאָרט־פּלעצער, סאַלאָנען פאַר אַלערליי אינ־ווייניקסטע שפּילערייען, קאָנצערט־סאַלאָן און טיי־צייט קאָנצערטן, געשיכט־לעכער און אַנטראָפּאָלאָגישער מוזיי, זאָאָלאָגישער גאָרטן, מוזיי־אויסשטע־לונג און פּעריע פון קונסט־היסטאָרישע אַנטיקן, מיט אַ וואונדערבאַרער זקנה — אַ וויסערין, אַ געדענקערין און אַן אויפקלערערין וועגן יעדן עקספּאָ־נאַט, וואָס איז אינטערעסאַנט, נאָר אינטערעסאַנטער פון אַלע איז דער לע־בעדיקער עקספּאָנאַט — טאַקע די זקנה אַליין, וועלכע איז אויך די ביבליאָ־טעקאַרין; זי רעדט שפּאַניש מיט אַ פראַנצויזישן קלאַנג, אירע ווערטער טראָגן אַ ריח פון אַ אַנטיקוועער ענציקלאָפּעדיע.

מיר גייען אויף קינסטלעריש געשניטענע סטעזשקעס אין אַ געפלעכט פון גערטענער, פרישע, פאַרביקע און אַראָמאַטישע, מייסטעריש צעשטעלט אין זיי אַלעגאָריעס פון ווייסן מאַרמאָר און טונקעלן בראָנדז און קונסט־זאַכן פון צעראַמיק; מיר גייען אַזוי און מיר צייכענען מיט אונדזער גאַנג קינסט־לערישע צייכנונגען אין דער לופט און מיר צייכענען זיך אַזוי אַריין אין אַ גרינעם אַלייען לאַבירינט פון פלאַנצן, וואָס פלאָנטערן זיך, קריכן און דראַ־פּען זיך אויף די ווענט — און נישט נאָר אויף ווענט — און דו קאָנסט זיך פאַרפלאָנטערן אין דעם גרינעם לאַבירינט, צווישן די ווענט פון פלאַנצן, וואָס איז בכיוון געמאַכט געוואָרן אַלצאײנסיק, אָן אַ חילוק, אָן אַן אונ־טערשיד צו שטערן די אָריענטאַציע, אין דער שטיל דיך פאַרטומלען, עס זאָל דיר נישט גרינג זיין צו געפינען אַן אויסוועג...

דער האָטעל־באַלעבאָס מיט אַ פּנים, וואָס איז נישט קיין אויסדרוק פון זיין שכל און געשמאַק; מיט אַ בן־יחיד אַן אַנטיק; מיט אַ שפּאַניש, וואָס קלינגט איטאַליעניש האָט אַפּנים זיך געעלטערט, זאַמלענדיק אין פאַרלויף פון יאָרן און ווער ווייסט וואו אַלץ — אַנטיקוואַרן, זעלטנהייטן, פאַרשידנ־הייטן, מערקווירדיקייטן אין אָריגינאַל און אין קינסטלערישער קאָפּיע, אַלץ אין סטיל אָבער נישט איין סטיל; ער האָט אויפגעזאַמלט די זאַכן מיט אַזוי פיל סטילן וויפל ער האָט געקענט אויפזאַמלען און זיי צעשטעלט אין פּאַרק, אין די גערטענער, אין זוניקע און אין שאָטנדיקע ווינקלען; אויף די זייטן פון די אינעוויניקסטע געדרייטע וועגן פונעם גוט; אין פּרעכטיקן אַלגע־מיינעם עס־זאַל פונעם האָטעל, אין די שלאָפצימערן און אין די באָדצימערן;

אין די גאַלעריעס און אויף די וועראַנדעס און אַזוי אַלץ אין סטיל, אָבער נישט אין איין סטיל האָט מען דאָ אויך געבויט די געביידעס און איינגע־שטעלט די איינשטעלונגען צום געניסן.

אין גריכישן סטיל איז די געביידע באַלד ביים אַריינגאַנג פון דער באַרגיקער גאַס; אין איר איז אַ פּערפומען־האַנדלונג און אַ שיינקייט־אינ־סטיטוט באַדינט פון אַ פלאַמיקער בלאָנדינקע און אַ פלאַמיקע שאַטינקע, וואָס אין דער פרייער צייט שפּילט זיך מיט זיי אַ פּעך־שוואַרצער, קודלע־וואַטער הונט, בעת אַ טונקל אינדיאַניש מיידל פון די בערג סערווירט מאַטע מיט דער אַראָמאַטישער פּעפּערינע, וואָס וואַקסט אויפן באַרג.

אַ קינסטלעריש אויסגעשמידעטער שוואַרץ־אייזערנער טויער, ווי פון אַ פּאַרצייטיק רוימישן שלאָס איז צווישן דער גריכישער געביידע מיט אַ קולט פאַר שיינקייט און דעם פּאַרביקן, אָריענטאַלישן „מעטשעט״, לויט זיין סטיל, מיט קופּאָלן אויפן דאַך, מיט קאָלירטע, האַלב קיילעכדיקע טיר און פענצטער און מיט אַ מאַכמעדאַנישן שמש, אין אַ טורבאַן אויפן קאָפּ, ביים אַריינ־גאַנג. דער „מעטשעט עפנט זיך צום „דאַוועגען״ פאַר האַלבער נאַכט. דער „חזן״ איז אַ פראַנצויזישער קאַבאַרעט־מייסטער און אַ פּאָר פלאַמיקע שאַנ־שאָנעטקעס זענען די „משוררים״.

אין שפּאַניש־קאָלאָניאַלן סטיל, באַשיינט מיט מאַלוון און זשעראַניעס זענען אין דער האָטעל־ווילע צעשטעלט באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף הייזער, אַנדערע רעפּרעזענטירן קאַליפאָרנישן סטיל, נאָך אַנדערע שטעלן מיט זיך פאָר אַ פאַרבאַנד פון סטילן.

משה רבינו, די וועגנוס פון מילאָ, סאָקראַטעס, קלעאָפּאַטראַ; געטער פון לעבן און געטער פון טויט; געטער פון ליבע און געטער פון האַס — סקולפּ־טוריש אויסגעדריקט אין מאַרמאָר; מענטשלעך דענקען, פילן, צילן, שטרעבן, טרוימען, ליבן, האַסן דורך דעם גייסט און דער נשמה פונעם סקולפּטאָר און שטיינערנע און מעטאַלישע אויסדרוקן פון געגנוס און פון פּאַרדרוס; פון לייד און פון פרייד; פון שולד און פון אומשולד און בילדער פון קינדער און פון זקנים, פון יוגנטלעכקייט און פון רייפקייט — זענען צעשטעלט אויף די וועגן און אויף די שטעגן פונעם אָפּרו־באַרג.

עס גייען עקסקורסיעס, זיי קומען פון די נאָענט־שטייענדע באַוואַק־סענע בערג און פון די גרינע טאָלן; זיי קומען יעדן טאָג, ווען די זון שטייט הויך און באַשיינט דעם גאַנצן באַרג און זיי קומען אויך ווען די זון גייט איר באַרג־אַראָפּ און אַ פאַרפלאַמטע און אַ פּורפּור־רויטע מאַכט זי נאַכט דאָרט הינטערן באַרג.

דער שטראָם פון דער נייגיריקער מענטשן־מאַסע צעגיסט זיך אויפן באַרג אין אַלע זיינע רייצנדיקע שפּאַלטן און אין זיינע צויבער־ווינקלען און

פאר דער באפעלקערונג פונעם בארגיקן האטעל איז ער א שטראם, אויף וועלכן מען קוקט זיך קוים אום.

די האטעל־מענטשן בילדן אן אייגן פאלק מיט אן אייגענעם רעזשים, אייגענע געזעצן, רעגלאמענטן און אייגענע געמיינזאמע פירונגען — פרייע און אנגענעמע, כאטש יעדער איינער פון די האטעלטשיקעס איז זיך א וועלטל פאר זיך מיט א פריוואט־אייגענעם רעזשים, פריוואט־אייגענע געזעצן און פריוואט־אייגענע פירונגען.

אט ווי עס פירט זיך מיין דעפארטאמענט־שכן, לאמיר אים רופן גאמעז, א שפאניער מיט א שיינע קרעפטיקע פיגור, מיט א פנים, וואס ער אליין ראזירט עס, אין אונדזער שותפישן באד־צימער, צוויי מאל יעדן טאג, מיט א שווארצן קאפ־האר — צוגעקלעפטע און גלאנצנדיקע מיט גאמינע, וואס ער געברויכט א סך און מיט וואס ער פארפאטשקעט כסדר דעם שותפישן באדצימער, נישט ווילנדיק, מחמת קאוואליר און די העפלעכקייט אליין. ער האט איינגעפירט אין די פרימארגנס נישט צו גיין טרינקען קאפע, נאר די קאפע זאל קומען צו אים. האט דאס קאמערמיידל אן ארבעט יעדן פרימארגן צו טראגן פון דער קיך אויבן ב א ר ג ־ א ר ו י ף צו אונדזער דעפארטאמענט אראפ א שווערע טאץ מיט א קריגל מילך, א קריגל קאפע, א פושקע צוקער, א טעלער „האלבע לבנות”, פוטער, איינגעמאכץ און ציינ־שטעכעלעך, דאס אנידערשטעלן אין דער גאלעריע, וואס איז האלב אינדרויסן און האלב אינעווייניק און אנקלאפן אין דער טיר:

— סעניאר! די קאפע איז סערווירט.

— גראסיאס, סעניאריטא — רופט זיך אפ אינעווייניק א פארשלאפן קול, נאך וועלכן גאמעז קומט ארויס אין שלאפראק, טרינקט אויס די קאפע און גייט צוריק אריין שלאפן.

גאמעז איז פארליבט אין שלאף. דאס ראזירן זיך צוויי מאל אין טאג, דאס שמירן זיך דריי מאל אין טאג מיט גאמינע, דאס עסן און דאס טרינקען פיר מאל אין טאג און דער טעלעפאן פון א לאנגער דיסטאנץ, וואס רופט אים פינף מאל אין טאג, מאכט אים אייפערזיכטיק צום שלאף.

גאמעז האט נישט ליב צו זיין אליין, אוודאי נישט צו גיין אליין אויף די שפיצן פונעם אוריטארקא, צו וואס ער איז געגוויגט און צוליב וואס ער זאמלט אויף מיטגייער. דאס איז דא זיין סאציאלע טעטיקייט.

אן אנדער וועלטל איז מיין שכן אין עסזאל, ער איז א איטאליענער, א איינגעצערטער. די גרעסטע טייל פון די מאכלים עסט ער נישט. עס איז אים געגוג איין טעלער. טרינקען טרינקט ער ביים עסן ריינע וואסער. ער קומט צום עסן דער לעצטער און גייט אוועק פון עסן דער ערשטער, גריסט זיך מיט קיינעם נישט. ער האט ליב די איינזאמקייט און זוכט צו פאר־

ברענגען מיט זיך אַליין אין ערטער וואו מען זאָל אים די איינזאַמקייט נישט שטערן. ער גייט אַרויף אויפן טורעם, וואו עס איז קיינער נישטאָ און שטייט אויבן שעהן־לאַנג און קוקט דורך זיין איינזאַמקייט אויף דער באַרג־פּאַנאָראַמע, אָדער ער גייט אַראָפּ אין וואַלדיקן טאָל, פאַרקריכט אין דער נעץ פון די צווייגן, זעצט זיך אויף אַ איבערגעבראָכענעם שטאַם פון אַ בוים. זיצט אַזוי אַליין שעהן־לאַנג, קוקט אינעם געפלעכט פון די צווייגן און הערט זיך איין אין דעם מעקען פון אַ קו אין דער נאָענטער מילך־ווירטשאַפט פונעם האָטעל און אין דעם קרעכצן פון אַ אייזל.

די האָטעל־באַפעלקערונג איז אַ קאָסמאָפּאָליטישע. קיינער איז נישט קיין גרינער. די גרעסטע טייל זענען אַרגענטינער פון געבורט: זין, טעכטער און אייניקלעך; די אויסלענדער פון געבורט זענען אויך אַרגענטינער דורך דעם לעבן שוין יאָרן און יאָרן אין לאַנד און דורך נאַטוראַליזאַציע, אָבער די אַרגענטינישע אייניקייט איז אַ קאָסמאָפּאָליטישע, וואָס שטאַמט פון מענטשן פון פאַרשידענע פעלקער, ראַסן, לענדער און קאָנטינענטן, וואָס עקספּאַנירן זיך דאָ אין מיניאַטור.

די אַלגעמיינע און געמיינזאַמע שפּראַך דאָ איז די שפּאַניש־אַרגענטינישע לאַנדשפּראַך, אָבער עס וואַרפן זיך אַדורך די קלאַנגען פון פאַרשידענע שפּראַכן.

עס איז אַ צוזאַמענלעבן אין שלום, הלוואי אויף דער גאַנצער וועלט געזאָגט געוואָרן!

ייִדן זענען נישט אויך דאָ, נאָר זיי זענען דאָ — זיי זאָלן זיך נאָר פּרוכפּערן און מערן!

אין ערשטן טאָג, אויב דו טרעפסט נישט קיין באַקאַנטן ייד, טראַכסטו: זאָל דאָס מעגלעך זיין? בין איך דאָ דער איינציקער?

די פּנימער זענען נאָר אינדיווידועל פאַרשידן, אָבער נישט נאַציאָנאַל. עס זענען דאָ גרויסע נעזער און הויקערדיקע, אָבער זיי מוזן נישט זיין קיין יידישע, פּונקט ווי עס מוז נישט זיין קיין גויאישע. אַלע קליינע און גלייכע נעזער.

די צינגער זענען אַלע גלייך. דאָס געריידי אויף דער אַלגעמיינער שפּראַך זאָגט נישט, אַז עס זענען שפּאַניער די וואָס ריידן שפּאַניש; זיי קענען זיין יידן פּונקט ווי עס קענען זיין יידן די וואָס ריידן דאָ דייטש, אָדער רוסיש, ווי די וואָס ריידן איטאַליעניש, אָדער אַראַביש; עס קען אַמאָל זיין עס זאָל נישט זיין קיין ייד איינער, וואָס רעדט יידיש, אָבער דאָס איז אַ זעלטנהייט.

מען איז דאָ נישט פאַנאַטיש: קיינעמס גלויבן איז דאָ נישט בעסער, נישט ערגער. די פרייהייט ווי די וועלטלעכקייט גלייכט אויס און פאַרברידערט.

מען דערקענט נישט קיין יידן אַנגעטון (פאַרן עס־זאַל, פאַרן שפּאַציר און פאַרן קאָרטנשפּיל נאָכן נאַכט־עסן — אַלע שפּילן אין „קוישל" —) און מען דערקענט נישט אים, נישט איר אויסגעטון (אין שווים־באַסיין, אין דער זון־באָד, אין דער לופטבאָד און אינעם פרימאָרגן ביים טענים).

אָבער אין גאַנג פון די טעג הייבט מען זיך אָן צו דערקענען און זיך באַקענען.

קודם־כל דערקענסטו די יידן אין די פרויען, וואָס זענען דאָ אַליין און מיט זייערע קינדער און מיט זייערע דינסטן פאַר די קינדער, נאָר אָן די מענער.

די מענער פון די יידישע פרויען זענען קאָמערציאַנטן, פאַבריקאַנטן, פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס היטן אָפּ זייערע געשעפטן, זייערע אינטערעסן אין בוענאָס־איירעס, אין סאַנטאַ פע; זיי האָבן געבראַכט אהער זייערע פרויען און זייערע משפחות מיט די דינסטן אויף זייערע אייגענע אויטאָס, וואָס זיי פירן אַליין, דאָ געלאָזן זייערע פרויען מיט די קינדער, מיט די דינסטן, אויפן זומער און צוריקגעפאָרן מיט זייערע אויטאָס קיין בוענאָס־איירעס, קיין סאַנטאַ פע און אין אַנדערע פּלאַצע געגנטן פון דער רעפּובליק צו זייערע פאַבריקן, געוועלבער און קאָנסולטאָריעס. זיי קומען אָבער אויף אַ טאָג־צוויי איין מאָל אין וואָך.

אינעם האָטעל זענען דעריבער דאָ דריי פרויען אויף יעדן מאַן און די גרויסע מערהייט זענען יידישע פרויען; זיי זענען דאָ פון איין יאָר אַלט ביז איין און זיבעציק.

און מען דערקענט זייער גוט די יידן ביי אַ יידיש וואָרט, וואָס כאַפּט זיך אַרויס ביי דעם קריאָזשע־מאַן, וואָס ערשט ביי דער שיין פון יידישן וואָרט, מעג עס אַרויסקומען פון זיין מויל מיט אַ שפּאַנישן קלאַנג, דערזעסטו ביי אים נאָך יידישע סימנים. דאָס יידישע וואָרט, וואָס כאַפּט זיך אויך אַרויס ביי דער יונגער און שיין געמאַכטער פרוי אַניטאַ, אָדער ראָסיטאַ, אַזוי ווי ביי דער „טשיקאַ" דיאַנאַ מיט צאַרט־ווייכע קאָנסאָנאַנטן, ווי ליאַמעד און די „ה" וואָס מ'הערט קוים, איז האַרציק, אינטים, נשמהדיק און נאָר ביי יידן געפינט עס זיך. און עס איז פול מיט חן און אַ געגנוס צו הערן, ווען אַ בערטיטאַ, אַזוי ווי סוסאַניטאַ; פּעדריטאָ ווי לואיסיטאַ — קינדער צווישן זעקס און אַכט יאָר אַלט, וואָס חוץ אין דער גאַנצער שפּאַניש־מלוכהשער שול, גייט אַזאַ קינד אין דער יידישער „צוגאָב"־שול, וואו מען באַצווינגט עס אויך מיט העברעאיש — גיבן אַ רעד „יידיש", ווען דאָס בעט דער קריאָזשע־טאַטע אין נחת פון שיקן זיין קינד אין אַ יידישער שול און אין פרייד צו ווייזן זיין פריינט, דעם יידישן שרייבער, ווי זיין קינד

קען יידיש, כאָטש עס איז זיך צו האַלטן ביי די זייטן פון דעם לשון, וואָס דאָס קינד גיט אַ רעד און וואָס דאַרף זיין יידיש.

אַט האָט זיך ווי געוויינלעך נאָכן נאַכטעסן דער עולם אַרויסגעלאָזן אין פּאַרק צו אָטעמען מיט דער גוטער באַרג־לופט די פּערפומירטע פון די טויזנט און איין מינים פלאַנצן און בלומען.

די נאַכט איז געווען אַ שיינע, אַ ים־בלויע, אַ לבנהדיקע און אַ באַזעצטע מיט שטערן פון בריליאַנטן.

אויף דער רונדיקער ווערענדע, אונטערן פרייען הימל, מיט אַ מאָזאישן באָדן, מיט לאָמפּן אַרום אין די בראָנזענע הענט פון אַלעגאָרישע פיגורן, מיט ווייסע און געלע עלעקטרישע ליכטער, וואָס לייכטן אַרויס דורך די לאָמפּן — שיינען און באַלייכטן מילד דאָס פּלאַץ מיט מאַרמאָרנע גאָרטן־טישלעך און לופטיק־געפלאָכטענע שטולן — האָט זיך פאַרזאַמלט אַן עולם פון פרויען און אייניקע מענער צווישן די פרויען אָפּצורוען נאָכן עסן און אין רו פאַרווײלן אין אַ פרייען געמיטלעכן שמועס, ביז עס וועלן זיך פאַר־מירן „טישלעך" פאַר „קוישלעך", ד. ה. גרופּעס צו פיר פאַר שפּילן אין „קאַנאַסטאַ".

דער שמועס, די „טשאַרלאַ" און די „טשיסטעס" — איז געגאַנגען אויף קאַסטיזשאַניש — נישט מוטער־שפּראַך, נאָר לאַנדשפּראַך, וואָס איז די לעבנס־שפּראַך פונעם עולם דאָ אויף דער ווערענדע און דו האָסט נישט געהאַט קיין ספק אין דער גויאישקייט פונעם עולם, ס'איז אָבער גענוג געווען, אַז די און יענע מיטשמועסערנס זאָלן אַ זאָג־טון אַ יידיש וואָרט, אַ ווערטל און דו דערקענסט באַלד דעם עולם פאַר אַ יידישן. עס זענען דאָ יידנס קינדער ביי וועמען עס כאַפּט זיך נישט אַרויס קיין יידיש וואָרט און פאַר־שטייען אפילו נישט דאָס יידישע וואָרט, וואָס כאַפּט זיך אַרויס ביי אַנדערע; זיי קענען נישט ריידן און נישט הערן; זיי זענען טויב־שטומע פאַר יידיש, אָבער דאָ האָט זיך ביי יעדערער אַרויסגעכאַפּט אַ יידיש וואָרט, עלטערע אביסל, יונגע באָבעס האָבן צוליב אינטימיטעט פשוט גערעדט יידיש און אַלע האָבן זייער גוט געהערט דאָס יידישע וואָרט, וואָס פאַמיליאַריזירט, וואָס מאַכט נאָענט איינעם מיט דער אַנדערער און וואָס רופט אַרויס היי־טערקייט, צווישן דעם דאָזיקן יידישן עולם דאָ אין דער ים־בלויער נאַכט, אויפן גן־עדן־באַרג פון די קאָרדאָבער, פערצן הונדערט מעטער הויך אונ־טערן האַרץ פונעם אוריטאָרקאָ.

קיינע איז דאָ נישט קיין גרינע. אַלע זענען אַרגענטינער. דאָ איז דאָס איינקל, וואָס גייט אין אַ יידישער שול און וואָס איז דאָס קינד פון דער מאַמע, וועלכע איז געבוירן געוואָרן דאָ אין אַרגענטינע, איז מיין חברס אַ שוועגערן, כאָטש מ'קאָן מיינען, אַז זי שטאַמט פון די קיטשוער פון דער

אינקאישער אימפעריע און איז די טאָכטער פון איר קינדס באַבע, וועלכע איז געקומען פון יידישן פוילן א יונג מיידל און האָט דאָ אין ארגענטינע חתונה געהאַט.

צוויי טעג פאַר מיין אוועקפאָרן, בעת איבער דער ווילע אויפן באַרג האָט זיך געטראָגן דער גלאָקן־קלאַנג, וואָס רופט צום מיטיק־עסן און איך בין געגאַנגען צום עס־סאַלאָן, הער איך ווי מ׳רופט מיין נאָמען. איך קוק זיך איין פון וואַנעט עס קומט דער קול — יאָ־ עס איז מיין יונגער פריינט, דער דאָ געבוירענער זון פון מיין פריינט, וועלכער געפינט זיך שוין לאַנג אויפן ארגענטינישן יידישן, זייער באַפעלקערטן, עולם־האמת און ער, דער זון — א יידישיסט פון דער „העבראיקא״, — וואָס שטאַמט פון דער „כור־וועגטוד איזראעליטאַ״, אויף וועמענס פאַרוואַלטונג־זיצונגען, מיטגלידער־פאַרזאַמלונגען און עפנטלעכע קאָנפערענצן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מילחמה עס האָט זיך געלאָזט הערן דאָס יידישע וואָרט — איז גע־קומען אויפן אַפּרו־באַרג צו זיין פרוי און קינדער צו זיין דאָ מיט זיי א פּאָר טעג און צוריקפאָרן קיין בוענאָס־איירעס, וואו ער שטייט מיט א גרוים גע־שעפט אויף קאָריענטעס.

מיין יונגער פריינט — א שוואַרץ־אויגיקער, מיט שוואַרצע (נישט קיין געפאַרבטע) האָר, אין א ברוינער „קאַמפּערא״, מיט א געבלומלט זיידן טיכל אויפן האַלדז, לויז אויסגעבונדן אונטער דער גאָמבע און ארייגעלאָזט די עקן אין אויפגעקנעפּלטן ווייכן קאָלנער פון העמד א לאַ קריאָזשאַ אויסערן שטאָט — האָט אויסגעזען אַן עכטער ארגענטינישער ארגענטינער.

מיר האָבן זיך דערזען און דערפרייט — אויף יידיש, וואָס ער האָט גערעדט ווייך מיט א קאַסטיזשאַנישן אַקצענט, וואַרעם און באַחנט.

1953

# ביכער פון פ. וואַלד

## דערשינען:

### בלעטלעך
(געשטאַלטן פון יידישן אַרגענטינע). אַרויסגעגעבן פון יידישן ליטעראַטן־פאַראיין. בוענאָס־איירעס. 1929.

### קאַשמאַר
(פון דער טראַגישער וואָך). אַרויסגעגעבן פון מחבר. בוענאָס איירעס. 1929.

### אין גאַנג פון ציַיטן
(מענטשנרעכט און סאָציאַליזם אין אַרגענטינע). אַרויסגעגעבן פון מחבר. בוענאָס איירעס. 1955.

### אויף היסטאָרישע וועגן
(ביאָגראַפיעס פון אַרגענטינער פּאַרגייער, העלדן און וועטערראַנער). אַרויסגעגעבן פון מחבר. בוענאָס איירעס. 1959.

### געשטאַלטן פון יידישן וועלט־פאָלק
(20 מאָנאָגראַפיעס פון יידישע סאָציאַליסטישע פּערזענלעכקייטן). אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „יידבוך". ב. איירעס. 1964.

### אַרגענטינע
(יידן אין דער רעפּובליק — פון מיינע רייזעס). באַנד 1. אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „יידבוך". ב. איירעס. 1966.

## צום דערשיינען:

### אורוגוואַי, טשילע
(רייזע־באַשרייבונגען): געשיכטלעך, לאַנדשאַפטלעך און געזעלשאַפטלעך.

### אַ רייזע אין איראָפּע פון 1932

### אַ רייזע אין דער וועלט פון 1956

Maipú 863 - 9º A Buenos Aires
T. E. 32 - 1953

